# עטינגערס כתבים אין צוויי חלקים

אַרויסגעגעבן לויט די מאַנוסקריפּטן מיט
אַ ביאָגראַפּישן און ביבליאָגראַפּישן
אַריינפיר און מיט הערות פון
ד"ר מאַקס ווײַנרייך





# אלע כּתבים פון ד״ר
# שלמה עטינגער

## דאָס ערשטע חלק

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין / 1925

הונדערט יאָר האָט ד״ר שלמה עטינגער געמוזט וואַרטן, אַז זיינע ווערק זאָלן אַרויסגעריסן ווערן פון פאַרגעסעניש; דאָס איז אַ ביטערער סימן פאַר דער מדרגה פון אונזער קולטורעלער אַנטוויקלטקייט. אָבער סוף־כּל־סוף האָט ער זיך יאָ דערוואַרט אַ תּיקון; דאָס איז אַ פרייליכער סימן. מיר גייען פאָרט באַרג־אַרויף.

דער פּלאַן פון דער דאָזיקער אויסגאַבע איז תּחילת געווען זייער אַ באַשיידענער: עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געבן אַ קאָרעקטן אָפּדרוק פון „סערקעלע" לויט דעם מחברס מאַנוסקריפּט. אָבער ווען עס האָט מיר אָפּגעגאָלטן צו געפינען ביי עטינגערס אייניקל, ה' נתן שפּיראָ, אַ גרויס פּעקל מיט פּאַפּירן וואָס זיינען שייך צו עטינגערן, האָב איך דערזען, אַז מען קען זיך פאַרמעסטן אויף עפּעס גרעסערס. ס'האָט זיך מיר פאַרוואָלט געבן אַ פולקומע זאַמלונג פון עטינגערס כּתבים, און ניט סתם אַן אָפּדרוק, נאָר אַ ק ר י ט י ש ע אויסגאַבע, מיט אַן אָנווייז פון וואַריאַנטן, מקורים אאַז״וו. פאַראיינס האָב איך זיך אויך נעענטער פאַראינטערעסירט מיט דעם מחברס לעבנסגאַנג; איך האָב אויסגעפונען מענטשן פון עטינגערס משפּחה, באַקענט זיך מיט דער פריאָדישער ליטעראַטור, אַ זוך געטאָן אין די אַרכיוון, געפלייסט זיך צו פאַרשטיין אַלע אָנווייזן און אָנצוהערענישן פון די בריוו. די רעזולטאַטן פון דער טעקסטפאָרשטונג געפינט דער לייענער הינטערן טעקסט, אין די הערות; די ביאָ־ביבליאָגראַפישע געפינסן האָב איך אַריינגעפלאָכטן אין דעם אַריינפיר. דאָ גייט דער גאַנצער מאַטעריאַל אויף אַ נייעם שטייגער באַאַרבעט, ווי ווייט מעגלעך דורכגעקאָנטראָלירט לויט דאָקומענטן; די אָנמערקונגען גיבן יעטווידן לייענער אַ געלעגנהייט איבערצופרווון מיינע אויספירן.

צוניפּפרעסן שטייבעלעך אין ציגל און פון די ציגל אויפשטעלן אַ בנין — ערטערווייז זיינען טאַקע געבליבן בלויזן — איז געווען ניט גרינג. טיילמאָל האָט זיך מיר אַליין אָפּגעדוכט, אַז דער רעזולטאַט פון דער אַרבעט איז אפשר ניט ווערט די מי. נאָר איצטער, ווען די צוויי בענד זיינען פאַרטיק, זע איך, אַז דער קווענקל

איז געווען אומזיסט. יידישע שרייבער האָבן אַזוי ווינציק נחת אויף דער וועלט, אַז זיי זיינען ווערט כאָטש אַ שיינע מצבה; און ווער איז נאָך אַזוי אָפּגעקומען ביים לעבן, ווי עטינגער? אָבער דאָס איז נישט דער עיקר. אונזער אַכטונג צו אונזער ליטעראַטור, דאָס הייסט צו זיך אַליין, פאָדערט, מיר זאָלן זי ניט בלויז אַדורכפליען מיטן אויג, נאָר מיר זאָלן זי שטודירן; און עטינגער איז נאָך היינט ווערט אַ גרונטיק שטודיום, דאָס וועט דערשפּירן יעדערער וואָס וועט זיך אריינלייענען אין זיינע ווערק. עס איז פאַר מיר אַ האַרציקע פרייד, וואָס איך האָב זוכה געווען אָפּצוטאָן אַן אַרבעט, וועלכע וועט מיט־העלפן צו פאַרטיפערן די קענטעניש פון אונזער ליטעראַרישן אייגנס און פון אונזער געזעלשאַפטלעכן עבר.

צום סוף גיב איך אָפּ דעם שענסטן דאַנק אַלע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען וואָס האָבן מיר אַזוי אָדער אַנדעריש מיטגעהאָלפן: דעם רעקטאָראַט פון יאַן־קאַזשימיעזש־אוניווערסיטעט, ל'עמבערג; דעם „אַרכיוואום אָשוויעצעניאַ פּובליטשנעגאָ" און דעם „אַרכיוואום אַקט דאַווניך", וואַרשע; דעם באַפולמעכטיקטן פון אויבערן־קאָמיסאַריאַט, קראָקאָוו; ה' נתן שפירא, לאָדז, פאַר איבערגעבן אין מיין רשות אויף אַ לענגערער צייט אַלע כתבֿ־ידן און פאַפּירן פון זיין זיידן; ה' נחמן מייזיל, וואַרשע, פאַר זיין שטענדיקער פריינדלעכער מיטהילף; ה' מאַרקוס קאַגאַן, לאָדז; ה' נח פּרילוצקי, וואַרשע; ד"ר יעקב שאַצקי, ניו־יאָרק; פרוי מאַריע גאָלדמאַן, וואַרשע; ה' שלמה מענ־דעלסאָן, וואַרשע; ה' ערנסט ליסויער, ווין; פּראָפ' פערדינאַנד גרעגאָרי, בערלין; ה' אַדוואָקאַט סאַלאָמאָן עטינגער, וואַרשע; ה' לעוויטע, וואַרשע. איך וויל נאָך צוגעבן, אַז פון אַלע אינלענדישע אינסטי־טוציעס און אַפילו פון קראָקאָוו האָב איך באַקומען פריינדלעכע תשובות. בלויז איין איינריכטונג האָט ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו ענטפערן אויף מיין אָנפרעג: דאָס איז די זאַמאָשטשער יידישע קהילה. זאָל דאָס אויך בלייבן פאַרצייכנט.

ווילנע, 20 יולי 1925. מ. וויינרייך

ע"ש. הוספות, תיקונים, באַמערקונגען, פאַר וועלכע איך דאַנק אָפּריער, בעט איך צושיקן אויף מיין אַדרעס: ווילנע, גרויס־פּאָהו־לאַנקע 14.

# אינהאַלט פון ערשטן חלק:



## לירישע און עפּישע לידער



## משלים

## קליינע מעשהלעך און קאַטאָוועסלעך

ווערטער-זוכצעטל — צום סוף פון צווייטן חלק

# שלמה עטינגער, זיין לעבן און זיין פערזענלעכקייט

## א

שלמה עטינגער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין די ערשטע יאָרן פון 19־טן י״ה; מעגלעך, אַז מען מעג זאָגן נאָך באַשטימטער: 1803[1]. ער איז געוואַקסן פון אַ יחוסדיקער משפחה, אין וועלכער ס׳איז געווען היימיש אי תורה, אי סחורה. דער זיידע, ר׳ איטשע, וואָס רעכנט זיך פאַרן שטאַמפאָטער פון דער גאַנצער פאַמיליע, זאָל זיין געווען רב אין כעלעם[2], און וועגן ע׳ס פאָטער, ר׳ יאָסקע, האָט מיר איבערגעגעבן עטינגערס יינגסטע טאָכטער, פרוי מאַריע גאָלדמאַן, אַז ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות און מען האָט אים געוואָלט צונעמען פאַר אַ רב אין פראַנקפורט־מאַין, נאָר ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן פוילן.

דעם טאַטן האָט שלמה פרי פאַרלוירן, דער זיידע, ביי וועלכן ער איז געווען אַ ליבלינג, האָט שוין אויך ניט געלעבט — איז ער אַריבער צום פעטער, דעם פאָטערס אַ יינגערן ברודער, ר׳ מענדל עטינגער, וואָס איז געווען רב אין לענטשנע (לובלינער געגנט).

1) פגל׳ דעם עקסקורס: „וועגן עטינגערס געבוירן־יאָר״ אין די הערות צום סוף פון צווייטן באַנד.

2) לויט אַ יחוס־בריוו וואָס איז איפגעשטעלט דורך עטינגערס אין 1914 געשטאָרבענער טאָכטער דישע שפּיראָ האָט זיין זיידע געהייסן ר׳ איטשע. צעדערבוים: „היה בן טובים, נכד הרב מחעלם, גדול בתורה ועשיר״. לויט מילנער, לקורות היהודים בחעלם, אין המאסף, 1902, ז׳ 159, כא, איז אין כעלעם אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה טאַקע געווען אַ רב ר׳יצחק, דער מחבר פונעם ספר „זכרון יצחק״; שפּעטער איז ער אַריבער קיין זאַמאָשץ. מען דאַרף משער זיין, אַז צעדערבוים וואָס האָט גוט געקענט עטינגערן האָט ניט צעפלאָנטערט דעם זיידן מיט דעם פעטער ר׳ מענדל לענטשנער; אויב אַזוי, איז דער זכרון־יצחק טאַקע עטינגערס זיידע: אָבער ס׳איז מערניט ווי אַן אומזיכערע סברא. — די וויי־טערדיקע ידיעות וועגן ע׳ס פאַמיליע זיינען גענומען טייל פון דעם יחוס־בריוו אין אַנדערע נאָטיצן וואָס איך האָב געפונען צווישן ע׳ס כתבים, טייל פון צעדערבוימס דערמאָנטן אַרטיקל.

דאָ האָט ער געלערנט אונטער דעם פעטערס השגחה, און ווי מען גיט איבער, האָט עטינגער פון אים באַקומען ניט בלויז תורה, נאָר חכמה אויך: ר׳ מענדל זאָל האָבן געקענט דייטש, און וועלטלעכע ספרים זיינען ביי אים ניט געווען טרייף־פסול. דאָ, אין דער טאָלעראַנ־טער שטוב פונעם פעטער, האָט דער יונגער שלמה געזען, אַז תורה און חכמה זיינען ניט דווקא קעמפנדיקע עלעמענטן, און דאָ איז געלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין פאַר זיין שפעטערדיקן גאַנג: אַז מען קען זיין אַ געבילדעטער, אַן אויפגעקלערטער מענטש און פונדעסטוועגן ניט אָפּרייסן זיך פון דעם טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגער לעבן.

דער יונגער בחור, וואָס איז נאָך דערצו געווען אַ וואויל־לער־נער מיט אַ פלינק קעפל, האָט זייער אויסגענומען ביי די שדכנים. אָבער ר׳ מענדל האָט ניט געוואָלט אַוועקגעבן דעם ברודערנזון פאַר אַבי־וועמען. ער האָט זיך געמעגט פאַרגינען צו זיין אַן איבערקלייבער, ביז וואַנען עס האָט אים ענדלעך אָפּגעגאָלטן צו געפינען אַ פּאַסיקן זיווג: ער האָט „געטון" מיט דעם זאַמאָשצער גביר יהודה־לייב וואָלף, וועלכער האָט געוואָלט האָבן דעם מושלם פאַר זיין יינגסטער טאָכ־טער גאָלדען. שלמה האָט צו מזל חתונה־געהאַט און איז אַריבער פון לענטשנע קיין זאַמאָשטש, צום שווער אויף קעסט[3].

יעדער איינער האָט אים מקנא געווען אויף דעם גליק וואָס האָט אים געטראָפן. אַז ער זאָל פאַרדינען, האָט קיינער ניט געפאָ־דערט. ער האָט פאַרבראַכט גאַנצענע טעג אין בית־מדרש, מעיין געווען אין אַ ספר; אַמאָל פלעגט מען גיין הערן, ווי עס שפילט דער שיינער אָרקעסטער פון זאַמאָשצער גאַרניזאָן. ווען דער שווער דער פאַרנעם איז געשטאָרבן, איז שלמה אויך ניט געוואָרן קיין בעל־פרנסה; וועגן חיונה האָט געקלערט זי, גאָלדע. איר עלטסטער ברודער, יענקל, האָט געהאַט אַ הוט (אַ גלאָזפאַבריק) אין אַ וואַלד לעבן שטעטל יאַנעווע, ניט ווייט פון זאַמאָשטש; האָט זי זיך געמאַכט

3) לויט י. שאַצקי (אין „טעקאַ זאַמאָיסקאַ") האָט ע׳ חתונה געהאַט צו 15 יאָר.

אַ קראָם פֿון גלעזערנע כּלים און שויבן, געזעסן בײַם טאָמבּאַנק, און איר מאַן איז געבליבן אַ „לערנער", אַ בּית־מדרש־ייִד [4].

זאַמאָשטש איז אין יענער צייט געווען אַ צענטער פֿון השכּלה. דאָ האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן ר' שמשון בּלאָך, דעם רנ"קס אַ נאָענטער חבר, זיין בּרודער שלמה וואָלף, יעקב אייכענבּוים און נאָך אַנ־דערע. די ווירקונג פֿון די משכּילים איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַפֿילו אין בּית־מדרש האָבן זיך געפֿונען השכּלה־ספֿרים און מען פֿלעגט דאָרט שמועסן וועגן וועלטלעכע ענינים. אַ זאַמלפּונקט איז געווען אין שטאָט, וואו ס'פֿלעגן זיך בּאַגעגענען די משכּילים און די תּלמידי־חכמים — קיין שאַרפֿער גרענעץ צווישן זיי איז ניט גע־ווען: — דאָס איז די שטוב פֿון ר' יוסף צעדערבּוימען, אַלכּסנדר צעדערבּוימס פֿאָטער. דאָ פֿלעגט מען זיך אָפּט אײַפּטרעפֿן, חקירהן זיך וועגן אַ האַרבּער גמרא און וועגן וועלטזאַכן, דערציילן אַ גלייכ־ווערטל. אויך עטינגער, אָדער, ווי מען האָט אים גערופֿן אין שטעטל נאָך זיין שווער, שלמה ר' יהודה־לייבּס, איז געווען אַן אָפּ־טער גאַסט בּיי די צעדערבּוימס.

מען האָט דאָ עטינגערן זייער ליב געהאַט. ער איז געווען אַ קע־נער אויך; אָבּער לומדים זיינען געווען גרעסערע פֿאַר אים. נאָר ער איז נאָך דערצו געווען אַ לעבּעדיקער יונג, תּמיד פֿריילעך, גע־שאָטן מיט וויצן, ניט פֿויל געווען אויף אַ גראַם. עס איז ניט געווען קיין שמחה אָדער קיין אַסיפֿה אין שטעטל, וואָס מען זאָל אים אַהין ניט פֿאַרבּעטן, כּדי זיך צו קוויקן מיט זיינע לידלעך און גלייכווערטלעך.

ב.

אַזוי זיינען זיך עטינגערס טעג געפֿלאָסן גאַנץ רואיק און פֿיין, און ער וואָלט אפֿשר אָפּגעלעבּט זיין לעבּן אין בּית־מדרש בּיים לערנען און גלייכווערטלען זיך, ווען ניט דער עקאָנאָמישער קרי־זיס וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער שטאָט און ניט אויסגעמיטן אויך די גאָלדס. און די הוצאה איז גראָד געוואָרן גרעסער: עס איז געבּוירן געוואָרן אַ קינד. שלמה האָט צו בּיסלעך גענומען שפּירן,

4) צעדערבּוים: — שאַצקים אָנווייז: „אַ שפּייז־קראָם" איז שייך צו אַ שפּע־טערדיקער צייט.

אַז ער איז ניט אויפֿן געהעריקן וועג: צי שטייט דאָס אָן אַ דער־וואַקסענעם מאַנספּאַרשוין, ער זאָל אומגיין שלינג און שלאַנג און אויסקוקן אויפֿן ביסל לייזונג וואָס דאָס ווייב וועט ברענגען פֿון קראָם? ניין, מען מוז זוכן אַ תּכלית!

אָבער וואָס קען ער טון? קיין פּראָפֿעסיע קיין באַשטימטע האָט ער דאָך ניט געהאַט; שטעלן זיך אין קראָם לוינט ניט, ווייל דאָס ווייב אַליין האָט דאָרט אויך ניט וואָס צו טון. עטלעכע עלטערע גוטע פֿריינד פֿון די שטאָט־באַלעבאַטים, צווישן זיי אויך ר' יוסף צעדערבוים, האָבן אים געגעבן אַן עצה, ער זאָל פֿאָרן קיין בערלין שטודירן אויף דאָקטער. דער פּלאַן וואָלט אים גראָד געווען צום האַרצן: אָבער וואו נעמט מען די מיטלען? איז אים אַריין אין זינען: ער וועט פֿאָרן קיין אָדעס. דאָרט האָט ער געהאַט אַן אָנשפּאַר.

מיט אָדעס האָט יעמאָלט געקלונגען די וועלט. צום אָנהייב 19־טן י"ה האָט זיך די שטאָט צעבליט ניט צו דערקענען, און ס'האָבן זיך געצויגן אַהין אַ סך יידן וואָס זיינען געווען באַשעפֿטיקט אין מסחר, איבערהויפּט פֿון מזרח־גאַליציע. די גאַליציאַנער זיינען געווען די מער אויפֿגעקלערטע לגבי די „פּוילישע" יידן, אַזוי אַז „בראָדער" איז אין אָדעס — פּונקט ווי אין ווילנע „דער בערלינער" — געוואָרן אַ סינאָנים פֿון משכּיל. איינער פֿון עטינגערס שוואָגערס, ר' וואָלף, וואָס האָט אַגב געהאַט אַ בראָדערין פֿאַר אַ ווייב, האָט אויך געהאַט אויסגעוואַנדערט קיין אָדעס, געוואָרן אַ מעקלער אויף דער בערזע און מצליח געווען אין זיינע געשעפֿטן. האָט זיך אויס־געדוכט גאַנץ גלייך, אַז עטינגער זאָל אויך אַראָפּפֿאָרן אַהין און זען מיטן שוואָגערס הילף צו דערשלאָגן זיך צו עפּעס. אָדעס איז געווען רוסלאַנד, זאַמאָשטש פּוילן, נאָר די אָפּיציעלע שפּראַך אין די יידישע בעסערע קרייזן איז אי דאָ אי דאָרט געווען דייטש; און דייטש האָט עטינגער געקענט — לפּחות האָט זיך אים געדוכט אַזוי לויט זיין געניטקייט אין דייטשער מליצה. דער שוואָגער אַליין איז אויך באַ־שטאַנען, אַז שלמה זאָל קומען.

אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט זיך דער יונגערמאַן געזעצט אויף דער פֿור. די רייזע איז געווען ניט קיין קלייניקייט; זי האָט גע־דאַרפֿט געדויערן אַ פּאָר וואָכן. דאָס ווייב איז געווען ברוגז — זי איז

אַלעמאָל געווען אָנגעשטויסן, און אין אַ סך ווערק עטינגערס רייסט זיך שפּעטער דורך די בענקשאַפט נאָך אַ ביסעלע פאַמיליען־גליק — נאָר עטינגער איז געווען פריילעך: ער האָט געהאָפט. אין זיין קלוי־מעקל האָט ער מיטגעפּירט מיט זיך ניט נאָר דאָס ביסל וועש און די שבתדיקע קאַפּאָטע וואָס דאָס ווייב האָט אים מיטגעגעבן, נאָר אויך עטלעכע בילדער; מסתּמא באַהאַלטענערהייט פון זיין פּראַק־טישער גאָלדען, וואָס וואָלט דאָס געהאַלטן פאַר אַ נאַרישקייט. ער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט שיידן מיט זיין אַרבעט. נאָך פון קינדווייז אָן האָט ער ליב געהאַט צו מאָלן „מענטשעלעך"[5], און אין זאַמאָשץ האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן צייכענער.

ג

פון די אַדעסער גליקן האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם. צווישן דעם מאָמענט, ווען ר' וואָלף גאָלד האָט איינגעשטימט אויף דעם שוואָגערס קומען, און זיין באַווייזן־זיך אין אַדעס איז אַריבער אַ היפּשע ווילע, און פאַר דער צייט האָט זיך דאָס רעדל אַ דריי געטאָן. אין אַדעס איז אויך געוואָרן אַ קריזיס, אַ סך מענטשן זיינען אַרומ־געגאַנגען אָן אַרבעט.

גאָלדן פּערזענלעך איז גראָד געגאַנגען נישקשה. אי ער, אי זיין פרוי האָבן דעם קליינשטעטלדיקן יונגנמאַן גאַנץ פיין צוגענומען, און ער האָט זיך אָנגעהויבן צוקוקן. די שיינע אַדעס איז אים זייער געפעלן געוואָרן. אָבער וואָס וועט זיין ווייטער? נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער היים לשם פּרנסה, איז שוין פאַר אים קיין עסק ניט געווען צו זיצן ביים שוואָגער אויף קעסט און הנאה האָבן פון די דרומדיקע פּרוכטן וואָס ער האָט אין זאַ־מאָשץ ניט געהאַט. ר' וואָלף האָט זיך געפלייסט צוצווען פאַר עטינ־גערן אַ שטעלע, אָבער אומזיסט. ער האָט פאָרגעלייגט שלמהן, אַז ער וועט אים געבן פירהונדערט קערבלעך, און זאָל ער אָנהייבן האַנדלען. אָבער שלמה האָט פאַרשטאַנען, אַז דערפון וועט גאָר־

5) פגל' „דאָס קאַטשקעלע", ז' 150.

נישט אַרויסקומען. „גאָלד גייט נאָר צו גאָלד", האָט ער זיך גע־חכמעט, און איך וועל פּטרן דאָס געלט און ווייטער בלייבן ביי גאָרנישט. אַזוי האָט ער פאַרבראַכט אין אָדעס איבער פיר חדשים.

איינמאָל איז ביי ר' וואָלפן געזעסן אַ געזעלשאַפט פון גוטע־פריינד, און מען האָט געשמועסט. דער באַלעבאָס האָט גערימט דעם יונגן שוואָגער און זיך געקלאָגט וואָס עס לאָזט זיך קיין זאַך ניט טאָן פאַר אים. ער האָט געוויזן די געסט עטינגערס בילדער, און מען האָט אָנערקענט, אַז ער האָט טאַלענט. האָט איינער פון דער געזעלשאַפט, ר' יעקב נאַטאַנזאָהן, אַ גרויסער גביר און אַ יחסן, אַ־יך אַ פּוילישער ייד, זיך אָפּגערופן:

איך וואָלט געהאַט פאַר אים אַ פיינעם פּלאַן, אויב ער זאָל נאָר קענען האָבן שטיצע.

שטיצע, האָט איבערגעריסן ר' וואָלף: דאָס וועט ניט פעלן. שטיצע האָט ער פון מיר, און איך וועל זיין זייער צופרידן, אויב איך וועל אים קענען שטיצן אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל זיין באַזאָרגט אויף תמיד און קענען מפרנס זיין ווייב און קינדער.

אויב אַזוי, האָט געזאָגט ר' יעקב, לייג איך פאָר, אַז דער יונגערמאַן זאָל פאָרן קיין לעמבערג שטודירן אַפּטייקעריי. איך שיק ערשט מיין זון אויך אַהין, קענען זיי פאָרן צוזאַמען.

איר זייט גערעכט, ר' יעקב, האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדע־רער, נאָר אַפּטייקעריי פאָדערט זייער אַ סך געלט; בעסער זאָל ער שטודירן אויף דאָקטער.

אַ דריטער האָט צוגעגעבן: און פאַראיינס וועט ער זיך קענען אויסבילדן אין מאָלעריי. מען האָט דאָך געזען גענוג פאַלן, ווען מענטשן האָבן פון די צוויי פאַכן געהאַט גאַנץ שיין חיונה.

עטינגער אַליין איז געזעסן די גאַנצע צייט פאַרצערט און שווייגנדיק צוגעהערט דעם שמועס. ער האָט זיך געפילט געדריקט וואָס אַלע קלערן ווי אַזוי צו העלפן אים, דעם לא־יוצלח. אַצינד האָט דער שוואָגער זיך געווענדט צו אים און געפרעגט, ווי האַלט ער אַליין. ער איז געווען צו שטאַרק צעטומלט אויף צו געבן תיכף אַן ענט־פער. ער האָט געבעטן, מען זאָל אים לאָזן דריי טעג צייט אויף

אַ קלער צו טון; דאָס איז דאָך אַ זאַך וואָס דאַרף באַשליסן זיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן.

דערמיט איז זיך די געזעלשאַפט פונאַנדערגעגאַנגען, און עטינגער איז געבליבן אַליין מיט זיינע געדאַנקען.

## ד

דער באַשלוס איז געווען ניט קיין גרינגער. ווען ער האָט זיך אויסגעמאָלט, אַז אָט קערט ער זיך אום קיין זאַמאָשץ און אַלע גאַפן, ווי אַזוי פון אים, דעם איידעם אויף קעסט, איז געוואָרן אַ דאָקטער־מעדיצין, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז קיין שענערס קען גאָרניט זיין. אָבער באַלד האָט ער דערזען פאַר זיינע אויגן די בייזע פרוי און דערהערט אין די אויערן איר געשריי; איידער איבערצוטראָגן אירע קולות, איז שוין בעסער אָפּזאָגן זיך פון אַלע טרוימען. נאָר צוריק גערעדט: וואָס דען זאָל ער טון? אומקערן זיך אַהיים, אומגיין ליידיק און וואַרטן, ביז וואַנען מען וועט איפּעסן דאָס לעצטע קערבל? און צוזען, ווי זיין ליב קינד וועט הונגערן? ניין, איידער דאָס, איז שוין בעסער נעמען אויף זיך דער פרויס צאָרן! נאָר ווידער דאָס אייגענע: פאָרן קיין לעמבערג הייסט אויסטון די יידישע בגדים, פאַרבייטן דעם שוואַרצן ראַצעמאָרענעם קאַפּטן מיט סטראָקעס אויף אַ טוכענעם ראָק און דאָס כשרע יידישע שטריימל אויף אַ הוט. וואָס וועלן זאָגן אויף דעם אַלע זאַמאָשצער יידן? צי וועט מען אים ניט האַלטן פאַר אַן עוכר־ישראל, צי וועט מען אים נאָך אַריינלאָזן אין אַ יידישער שטוב? און צי וועט זיין גאָלדע אַליין נאָך וועלן מיט אים הויזן?

עטלעכע טעג האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ביז וואַנען ער האָט באַשלאָסן אויף יאָ. מכריע געווען האָט אַזאַ אַרגומענט: איידער צוזען, ווי די פאַמיליע גייט אויס פון נויט, איז שוין בעסער צו נעמען אויף זיך דער פרויס קולות און שילטענישן. אַלע באַקאַנטע מיט וועמען ער האָט זיך מישב געווען האָבן אים אויך געעצהט דאָס אייגענע. איינער ר' שמואל לאַנדוי, אַ שוועסטערקינד פון זיינעם

אַ מחותּן, האָט אים פאַרבּעטן צו זיך, און דאָרט האָט ר׳ שמואל צוזאַמען מיט זיין שוועסטער, זייער אַ סימפּאַטישער און געבּילדעטער דאַמע, איינגעטענהט מיט עטינגערן. שרעקט זיך ניט, האָבּן זיי געזאָגט צו אים, אייער ווייבּ וועט פאַרשטיין, אַז מידות־טובות קען מען בּאַווייזן ניט נאָר אין אַ ראַצעמאָרענעם קאַפּטן; אַ לייבּ, אַפילו ער טוט אָן אויף זיך אַן אייזלשע פעל, פאַרלירט ער אויך ניט זיין כּוח.

אויף מאָרגן האָט זיך שוין שלמה עטינגער פאַרוואַנדלט אין אַ „דייטש“, און אין אַ וואָך אַרום איז ער געווען אויפן וועג קיין לעמבּערג [6]. נאָך פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער אָנגעשריבּן אַ בּריוו צו זיין גוטן פריינד צעדערבּוימען [7] אין זאַמאָשץ, ער זאָל בּאַרויקן זיין גאָלדען און זאָל איר זאָגן, אַז שטודירן מעדיצין איז ניט קיין בּזיון: אָט שטודירט ר׳ יעקב נאַטאַנזאָהנס זון אויך אין דער זון פון אַ בּראָדער גביר אויך.

6) ע׳ם וואַקלען זיך צווישן יאָ און ניין ווערט אין קאַפּעלס אַרטיקל (פּנקס I 40 — 41) פאָרגעשטעלט אַ בּיסל אַנדערש. די מעשה איז, וואָס קאַפּעל האָט געהאַט געזען בּלויז איין בּריוו, נומ׳ 2 (זע בּ׳ II), אין דער צייט וואָס פאַקטיש איז נאָך פאַראַן אויך בּריוו נומ׳ 1. בּיידע זיינען זיך אַ בּיסל סותר, און מען דאַרף בּאַשליסן, וועלכער איז נעענטער צום אמת. בּיי מיר איז קיין ספק ניט, אַז נומ׳ 1. ערשטנס איז ער געשריבּן נאָך פאַר דעם אָפּפאָר פון אַדעם; 2 איז געשריבּן אין מער ווי אַ האַלבּ־יאָר אַרום. צווייטנס איז 1 געשריבּן צו אַ גוטן פריינד און איז ניט בּאַשטימט פאַר דער פרוי; פאַרקערט, נומ׳ 2 איז געשריבּן אין זאַמאָשץ, און מיר דוכט זיך, אַז ע׳ האָט דאָ אַ בּיסל „געזאָגט דער טאָכטער און געמיינט די שנור“: ווענדן ווענדט ער זיך מיטן בּריוו צו אַ בּאַקאַנטער דאַמע (לויט מיין השערה—צו זיין שוועסטערקינד חנה־רויזע, ר׳ מענדל לענטשנערס טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר ר׳ יענקל לאַנדוי), נאָר געמיינט האָט ער מסתּמא, אַז אויך זיין גאָלדע זאָל איבּערלייענען דעם בּריוו און שטילן אַ בּיסל איר שטענדיקן כּעס. קאַפּעל האָט אַגב ציטירט ניט איבּעריקס גענוי.

7) „טהיי: צ״בּ“ קען מאַכן בּלויז: „טייערער צעדערבּוים“; פון דער ווענדונג „שעצונגסווירדיגער און טהייערסטער פריינד“ מעג מען דרינגען, אַז דער אַדרעסאַט איז טאַקע אלכּסנדר צעדערבּוימס פאָטער, בּפרט נאָך אַז אַלכּסנדר צעד׳ איז געווען אַ בּן־יחיד און האָט, הייסט עס, קיין עלטערע בּרידער ניט געהאַט.

קיין לעמבערג איז עטינגער אָנגעקומען בערך 1825 און באַלד אָנגעקלאַפּט אין די טירן פון דעם מעדיצינישן אינסטיטוט. (-Medicinisch Chyrurgische Lehranstalt zu Lemberg איז געווען דער אָפיציעלער נאָמען). מען האָט אים צוגענומען — קיין שום באַגרענעצונגען האָבן ניט עקסיסטירט — נאָר ס'איז געווען אַ פּאַקטישע שוועריקייט: דער באַיאָרנטער סטודענט איז ניט געווען צוגעגרייט צום שטודיום. ער האָט זיך געהאַט אָנגעלייענט מיט השכלה־ספרים, אָבער אָן שום סיסטעם. פון לאַטיין האָט ער ניט געקענט קיין צורת־אַלף, און זיינע דייטשע קענטענישן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן אויך ניט געקלעקט. אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן און גענומען לערנען מיט התמדה. ווען ער איז אין אַ האַלב יאָר אַרום געפאָרן אויף אַ מאָנאַט וואַקאַציעס אַהיים, האָט ער זיך געקענט באַרימען, אַז ער איז שוין דורכגעגאַנגען דריי קלאַסן דייטש און דעם ערשטן קלאַס לאַטיין; גלייכצייטיק האָט מען אים שוין דערלאָזן צו די מעדיצינישע לימודים אויך.

אין לעמבערג האָט עטינגער זיך גוט איינגעלעבט. מיט געלט איז אַפילו געווען קנאַפּלעך, אָבער דערפאַר איז געווען אינטערעסאַנט. צווישן זיינע אוניווערסיטעטישע חברים איז אויך געווען אַרנאָלד זשעלינסקי, שפּעטערדיקער לייב־מעדיקער אין ווין. עטינגער האָט זיך מיט אים צונויפגעטראָפן נאָך אויף אַן אַנדער באַזיס: זש' איז געווען אַ טאַלענטירטער מאָלער. אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס איינציקע בילד וואָס איז איבערגעבליבן פון עטינגערן[8].

דער „לוסטיגע זאַלאָמאָ“, ווי עטינגער האָט געהייסן צווישן

8) איבעריקנס איז דאָס בילד גופא, וואָס איז געווען געמאָלט אין פאַרבן (פרוי מאַריע גאָלדמאַן געדענקט נאָך, ווי עס האָט געבלישטשעט די בריליאַנטענע נאָדל אין שניפּס), פאַרפאַלן געוואָרן ביי איינעם פון עטינגערס יורשים. איבערגעבליבן זיינען בלויז עטלעכע קאָפּיעס פון אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם ראָזיקן בילד.

זיינע קאָלעגן, איז געווען אַן אָפטער גאַסט בײַ אַ סך לעמבערגער משכּילים און גבירים. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין געזעלשאַפט, און פון אים פלעגט מען אויך הנאה האָבן, כאָטש מען האָט מסתמא אַ ביסל מורא געהאַט פאַר זיין שאַרפער צונג.

אָנהייב 1830 האָט עטינגער געענדיקט זיין שטודיום אין אינסטיטוט[9] און אַוועק צוריק אַהיים. ער האָט דערגרייכט זיין ציל און געמעגט זיין צופרידן. נאָר איין זאַך האָט אים געוויס ווי געטאָן: עס איז ניט מקוים געוואָרן זיין האָפענונג, אַז עס וועט זיך אים איינגעבן אויסצובילדן זיך אין מאָלעריי. אמת, אינגאַנצן האָט ער דאָס ניט אַוועקגעוואָרפן, און נאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן הערן מיר, אַז ער האָט ע״פּ זכרון אָנגעצייכנט אַזאַ בילד פון יעקב אייכענבוימען, אַז אַלע זיינען נתפּעל געוואָרן פון דער ענלעכקייט[10]; אָבער ס׳איז שוין געווען בלויז אַ ליבהאָבעריי, אָן שום אַמביציעס.

9) אויף מיין אָנפרעג האָב איך פונעם סעקרעטאַריאַט פון לעמבערגער אוניווערסיטעט באַקומען דעם פריינדלעכן ענטפער, אַז מען האָט צוויי מאָל איבערגעקוקט דעם «Album immatriculatorum Juristarum, Philosophorum, Theologorum, Chirurgorum ab $a^{o}$ 1818 ad $a^{m}$ 1836», און מען האָט דאָרטן עטינגערן ניט געפונען. דאָס איז זייער מערקווערדיק, נאָר פונדעסטוועגן קען ניט זיין קיין שום ספק, אַז עטינגער האָט אין לעמבערג יאָ שטודירט; ראיות: א) די טראַדיציע פון דער פאַמיליע; ב) יאָזעף שולבוימס בריוו צו אים פון ווין, דאַטירט דעם 13 דעצעמבער 1829, וואָס איך האָב געפונען צווישן די פּאַפּירן. דער בריוו איז אַדרעסירט: «Herrn Salomon Ettinger, Candi. der Med. Chirurgie in Lemberg» און האָט אַזאַ זאַץ: «Bereitest Du Dich noch immer zu Deinem Rigorosum [vor]?» ג) צעדערבוים: „בשובו מלבוב מוכתר בשם רופא בשנת השלשים למאה זו..“.

10) פון אַ בריוו פון ע׳ס ברודערנזון לעאָן גאָלד פון אַדעס, דאַטירט דעם 14 נאָוועמבער 1849:

«...Beim Tode meines geliebten Vaters waren wir so glücklich, ein Daguerotyp - Porträt von ihm zu besitzen, das seiner ausserordentlichen Aehnlichkeit halber den Schmerz den sein Verlust uns verursacht hatte einigermassen linderte. Kurze Zeit darauf wurde aber dieses Bild durch die Unvorsichtigkeit

דערפאַר האָט ער אָבער פאַר דער צייט פון זיין נע=ונד=זיין אויפגעדעקט אין זיך אַ נייעם טאַלענט, אויף וועלכן ער האָט זיך פריער אַליין ניט געריכט. פריער פלעגט ער זאָגן גלייכווערטלעך, שרייבן עפּיגראַמעס און שפּעט=לידלעך און אַליין ניט חושד געווען, אַז דאָס האָט עפּעס אַ ווערדע. אין לעמבערג האָט ער געפונען אין זיך דעם שרייבער. דאָ האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיינע משלים, דאָ איז שוין מסתמא געשאַפן געוואָרן „סערקעלע“ אויך.

ו

דאָס וואָס דער לעמבערגער אינסטיטוט האָט בלויז געגעבן דעם טיטול „מעדיקער“, ניט „דאָקטער“, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. זאַמאָשצער יידן האָבן צוגענומען זייער אויסגעשטודירטן בן=עיר זייער פריינדלעך און אים באַלד געקרוינט מיטן נאָמען „דאָקטער עטינגער“; זיי וואָלטן געהאַט צו אים דעם פולן צוטרוי.

שלעכט איז אָבער געווען, וואָס לויט אַ געזעץ וועלכער האָט שוין יעמאָלט אויך געגאָלטן האָט אַן אַבסאָלווענט פון אַן אויסלענדישער הויכשול ניט געטאָרט זיך תיכף נעמען צו פּראַקטיק אין פּוילן: ער האָט פריער געמוזט האַלטן מלוכה=עקזאַמענעס ביים וואַרשעווער אוניווערסיטעט. עטינגער האָט זיך גענומען גרייטן. אָבער איידער

unseres Bedienten verdorben. Ich gab es einem Maler, um aus diesen Resten ein Ganzes zusammenzustellen, allein er hat darin nicht reussiert. Da der Maler meinen Vater nicht gekannt hat, so war es ihm schwer, aus diesen Umrissen ein vollendet ähnliches Bild zu schaffen. Unsere einzige Hoffnung blieb diese, sich an Sie zu wenden, um uns diesen Verlust zu ersetzen. Die Mutter sagt, dass Sie das Bild von Herrn Eichenbaum aus dem Gedächtnisse so frappant ähnlich gezeichnet haben, dass alle Welt darüber erstaunt war. Sollten Sie uns ein Gleiches bei meinem seligen Vater machen können, so würden Sie uns ungemein verbinden und auf unsere ewige Dankbarkeit Anspruch machen...» — זע דאָס בייגעלייגטע געמעל.

ער האָט באַוויזן דורכצוגיין דעם קורס וואָס מען האָט געפאָדערט, האָט אויסגעבראָכן דער נאָוועמבער־אויפשטאַנד. ווער האָט ערשט געקענט קלערן וועגן לערנען? זאַמאָשטש איז געווען אַ פעסטונג מיט אַ היפשן גאַרניזאָן, און מען האָט זיך געקענט ריכטן, אַז זי וועט באַלעגערט ווערן; האָט עטינגער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיט זיין פאַמיליע די שטאָט און צו באַזעצן זיך אין דעם שוואָגער יעקלס הויף לעבן יאַנעווע. די השערה זיינע איז טאַקע געווען אַ ריכטיקע: זאַמאָשטש איז געוואָרן אַ מיטלפונקט פון די קריגס־אָפּעראַציעס.

זומער 1831 האָט אין פוילן אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע כאָלערע; דאָס איז געווען די ערשטע עפּידעמיע אין לאַנד, אַ מתּנה וואָס דאָס רוסישע מיליטער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. אין יאַנעווע און אין די אַרומיקע דערפער האָט אויך געבושעוועט די מגפה, און די שררות האָבן זיך ניט געקענט קיין עצה געבן: די צאָל דאָקטוירים איז געווען קליין, און ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג זיינען זיי ניט געווען בכּוח צו באַדינען אַלע קראַנקע. דאָ איז די מאַכט געוואויר געוואָרן, אַז אין גאָלדס הויף זיצט אַ מעדיצינער וואָס האָט נאָך אמת ניט קיין פאָרמעלן וואַרשעווער דיפּלאָם, נאָר ער האָט געענדיקט דעם פולן קורס. האָט מען עטינגערן געלאָזט רופן און אים געהייסן נעמען באַהאַנדלען די כאָלערע־קראַנקע.

עטינגער האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. ער האָט ניט געקוקט אויף דער סכּנה אין וועלכער ער האָט זיך אַליין געשטעלט, ער האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, ניט צו מאַכן קיין אונטערשייד צווישן ייד און פּאָליאַק, צווישן אָרעם און רייך. אַ סך מענטשן האָבן אים טאַקע געהאַט צו דאַנקען פאַר זייער לעבן.

ז

די רוסיש־פּוילישע מלחמה האָט זיך געענדיקט — זאַמאָשטש האָט זיך געהאַלטן לענגער ווי אַלע אַנדערע פונקטן און האָט זיך אונטערגעגעבן ערשט צום סאַמע סוף 1831 — און עטינגער האָט זיך אומגעקערט מיט זיין פאַמיליע אין דער היימשטאָט. עס האָבן



יעקב אייכענבוים

געמאָלט פון עטינגערן ע״פ זכרון

גענומען גיין צו אים קראַנקע. ווידעראַמאָל האָט זיך געשטעלט פאַר אים די פראַגע: וואָס ווייטער? ע״פּ דין וואָלט ער געמוזט איצטער האַלטן דעם עקזאַמען אין וואַרשע; אָבער דאָס איז געווען אַ לאַנגער עסק, און איידער וואָס ווען איז ניט געווען פון וואָס צו לעבן. האָט ער אָבער געהאַט אַ שטיקל מזל; אפשר דאָס איינציקע מאָל אין לעבן. די מאַכט האָט אים אַפּנים געקענט פון זיין מסירת־נפשדיקער אַרבעט אין יאַנעווע. ד״ר בזשענסקי, דער פיזיקוס (מעדיצינאַלער אינספּעקטאָר) פון לובלינער גובערניע, האָט זייער געהאַלטן פון אים און געקוקט דורך די פינגער אויף דעם וואָס עטינגער האָט זיך ניט נאָסטריפיצירט. בזשענסקי האָט געגעבן אַ פאַראָרדענונג דעם אַפּטייקער פון שטעטל, ער זאָל אַרויסגעבן רפואות לויט עטינגערס רעצעפּטן, און דערמיט איז אים מעגלעך געוואָרן צו פירן אַ פּריוואַטע פּראַקטיק. מיט די מיליטערישע דאָקטוירים — קיין אַנדערע זיינען אין זאַמאָשטש דאַן ניט געווען — איז עטינגער געווען אין גוטע באַציאונגען [11]; זיי פלעגן קומען אַפילו אויף קאָנסיליומס, ווען ער פלעגט זיי רופן. אינגיכן האָט מען עטינגערן באַשטימט פאַר אַן אָרדינאַטאָר אין דעם שטאָטישן שפּיטאָל, אין דער אָפּטיילונג פאַר ווענערישע קראַנקהייטן. ער האָט זיך אויך גענומען ענערגיש צום יידישן הקדש וואָס אַן אָרטיקער גביר האָט געהאַט געגרינדעט. עטינגער האָט דאָרטן איינגעפירט אַ גוטע אָרדענונג, זיך מתחייב געווען צו קומען אַהין אַלע טאָג אַרומצוקוקן די קראַנקע, געמאַכט אַליין די רפואות, כדי איינצושפּאָרן דעם הקדש אַ פאַרמאַצעווט.

11) צווישן עטינגערס פּאַפּירענער ירושה געפינט זיך אַ דאַנק־בריוו, געשריבן פון ע׳ם האַנט, וואָס די „פאָרשטעהער דער היזיגען איזראַעליטישען געמיינדע...״ אים נאהמען אַללער היזיגען איינוואָהנער״ שיקן צום „מיליטעראַרצטע העררן פּאַטערניצקי״ וועלכער האָט אין משך פון זיין זעקס־יאָריקן זיין אין זאַמאָשטש, און ספּעציעל אין דער צייט פון דער כאָלערע, אויפן שענסטן אופן געהאָלפן דער גאַנצער באַפעלקערונג. — פאַר די קולטורפאַרהעלטענישן פון יענער צייט איז כאַראַקטעריסטיש: א) אַז דער בריוו פון דער י י ד י ש ע ר קהילה צו אַ פּ ו י ל י ש ן מיליטערדאָקטאָר אין דער ר ו ס י ש־פּוילישער דינסט אין פּ ו י ל ן איז געשריבן אויף דייטש, און ב) אַז די פירשריפט (שוואַרצשריפט) פון דעם בריוו האָט עטינגער אָנגעשריבן, פונקט ווי דעם ווייטגרעסטן טייל פון זיינע דייטשע געשריפטן, דווקא מיט י י ד י ש ע אותיות:

אינגיכן האָט דער ד"ר עטינגער — אַליין האָט ער זיך אױ־
בעריקנס קיינמאָל אַזוי ניט געװופן און ניט אונטערגעשריבן; ניט
געװאָלט ניצן אַ טיטול װאָס זיין אינסטיטוט האָט אים ניט געגעבן —
געהאַט אַ גרױסע פּראַקטיק. אָבער מאַטעריעל איז ער װייטער געװען
געענגט. די פּאַציענטן האָבן געצאָלט װינציק: מען האָט געװאוסט,
אַז דער דאָקטער איז אַ מסתּפּק במועט, האָבן אים די אָרעמערע
גאָרניט געגעבן, און אַפילו די רייכע האָבן זיך געפּוילט אַרױסצונעמען
פון קעשענע מער װי איין, העכסטנס צװיי פּוילישע גילדן[12]. קוים
מיט צרות האָט ער פּאַרדינט אויף חיונה פאַר זיין פּאַמיליע װאָס
איז קיין עין־הרע אַלץ געװאַקסן.

בינו־לבינו האָט ער זיך אײך געגרייט צום מלוכה־עקזאַמען.
אין דער מינוט האָט ער דאָס ניט געדאַרפט, אָבער זיין פּאָזיציע
איז פּאָרט געװען אַן אומזיכערע: עס איז געװען געװען, דער פיזיקוס
אָדער דער אַפּטייקער זאָל אָפּטון פון אים זיין חסד, אָדער אַ ליאַדע
שונא זאָל אים פּאַרמסרן, װאָלט ער שוין געבראָכן געװאָרן פונעם
ברויט. איז ער אין יאָר 1833 אָדער 1834 אַװעקגעפּאָרן קיין װאַרשע
(דער רייכער שװאָגער זיינער, הערץ קראַסנאָפּאָלסקי, האָט אים אויס־
געהאָלפן אויף הוצאות). אָבער דאָס אומגליק האָט אים ניט אָפּ־
געלאָזן: ער איז אין װאַרשע אַזוי געפערלעך קראַנק געװאָרן, אַז
מען האָט אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, און אין זאַמאָשץ האָט מען
אים שוין באַװיינט. ער איז געזונט געװאָרן, אָבער די קרענק האָט
אויפגעגעסן דאָס געלט װאָס ער האָט מיטגעבראַכט, און כּדי ניט
אומצוקערן זיך אַהיים צום װייב מיט גאָרנישט, איז ער אַװעק זיך
עקזאַמינירן, איידער ער איז געװען צוגעגרייט װי ס'געהער צו זיין.
די קאָמיסיע האָט אים געגעבן דעם טיטול: „מעדיצינער (lekarz)
פון דער צװייטער מדרגה", װאָס דאָס האָט באַטייט אַ מין פעלדשער,
מיטן רעכט צו היילן בלויז דרויסנדיקע קראַנקהייטן, ניט קיין אינע־
װייניקסטע[13]. אָט מיט אַזאַ נעבעכדיקן פּאַפּירל איז עטינגער צוריק־
געפּאָרן אַהיים, אין די אַלטע צרות און דאגות אַריין.

12) צעדערבוים.

13) דאָרט גופא. — פגל' דאָס ליד „זייטס געזונט!" אויף ז' 523.

ער האָט פּראַקטיקירט ווייטער ווי געווען, ווייל דער אַפּטייקער האָט אָנגענומען זיינע רעצעפּטן; נאָר די מורא איז געבליבן הענגען איבער זיין קאָפּ.

## ח

דאָס איינציקע ביסל נחת האָט ער געהאַט פון שרייבעריי. קיין פּרוטה האָט ער חלילה דערפון ניט פאַרדינט; פאַרקערט, דאָס וואָס ער האָט אויסגעבראַכט אויף פּאַפּיר און טינט אויף איבערצושרייבן פיר און פינף קאָפּיעס פון יעדער ווערק איז אפשר געווען פאַר אים אַ גאַנץ קאָנטיקע הוצאה. אָבער עס איז פאַר אים ניט געווען קיין גרעסער פאַרגעניגן, ווי אַוועקצוזעצן זיך לייענען זיינס אַ זאַך, און גאָטלאָבער, וואָס איז 1837 פאַרוואָגלט געוואָרן קיין זאַמאָשטש און דאָרט קראַנק געוואָרן אויף כאָלערע, איז געווים ניט געהיטן דער איינ-ציקער פּאַציענט צו וועלכן עטינגער האָט געזאָגט:

„וואָס טויג אייך כאָלערע? איך וועל אייך בעסער פאָרלעזן מיין סערקעלע“.

„ער האָט מיר פאָרגעלעזן און איך בין געזונט געוואָרן“, גיט צו גאָטלאָבער[14]. אַנדערע האָבן ניט אַזוי הנאה געהאַט פון זיינע שטעכווערטער. היפּש פון זיינע קאַטאָוועסלעך און משלים זיינען געשריבן ניט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר אויף לעבעדיקע פּער-זאָנען[15], און זיינס אַן אָנצוהערעניש האָט מען געדענקט.

דער מאָמענט אין די מאָטיוון פון עטינגערס קומען צו יידי-שער שריפטשטעלעריי איז פאַרפיקסירט אין אַ דאָקומענט, געשריבן מיט זיין אייגענער האַנט, וועלכער איז אַזוי טשעקאַווע, אַז עס לוינט צו ברענגען אים אות באות:

14) ייד׳ פ״ב I 253.

15) מיטטיילונג פון פרוי מאַריע גאָלדמאַן: „די שער“ איז געווען גע-שריבן אויף יעקב רייפמאַנען.—פרץ, מיינע זכרונות, יודישע וועלט 1913, № 6, ז׳ 6: «אַ קאַלטע מוהמען האָב איך געהאַט, מיין חבר יחזקאל׳ס מוטער. אַ הויכע, מאָגערע יודענע, אַ בלאַסע, אַ קרענקליכע. פון איהר האָט ד״ר עטינגער זיין סער-קאַלע געמאַכט. שרייט שטענדיג: „אוי מיינע כוחות“...»

«פאַר עטלעכע יאָהר האָב איך געקריגען צו לייגען אין לעמבערג צוויא ביכלעך. איינס האָט געהייסען „דיא גענאַרטע וועלט“ און דאָס אַנדערע „אַלטעלי“.ביידע ביכלעך זענין איבער געזעצט און גאָר איבערגעארבעט געוואָרען פין דאטש אויף יידיש. דאָס ערשטע הייסט אויף דאַטש „דער טארטיף“ אין דאָס אנדערע „ראבינזאהן“. — עך האָב צי געזעהן, אז דיא ביכלעך זענין זייער אסך מענשין געפעללין, דהיינו אזעלכע וואָס זענין גרוסע קענערס אין אזעלכע וואָס זענין פראָסטאַקעס. דיא ערשטע, בין עך מיר משער, האָט עס געמיזט געפעללין, וואָל זייא האָבען געזעהען אזו עפּעס וואָס זייא האָבין נאָך ביז אהער נישט געזעהן אויף יידיש לשון געשריבען, אין דיא אנדערע, וויל זייא האָבען עפּעס געליינט אַמעשה ביך.— אוב דיא ביכלעך זענין יא אדער נישט גיט געמאכט געוואָרען, ווילל עך מחמת כמה טעמים נישט זאָגין, נאָר דאָס וועט איטלעכער אלליין שון אנזעהן, אַז וויינגסטענס האָט מיר דער פּלאַן צו שראַבען אין פּראָסטע יידישען לשון געמיזט געפעללין, ווארין עך האָב מיך תיכף געפּריפט אוב עס איז אין מאָכּח אויך עפּעס אין דעם שטייגער און אין דעם לשון צי שראַבען. דאָס ערשטע וואָס עך האָב געשריבען איז געוועהן איינציגע משלים און כּתָבותלעך (אויף דאטש הייסט דאָס עפּיגראמע). עך האָב געזעהן, אז זייא זענין דעם עולם זייער שטאַרק גע־פעללין, מען האָט בא מיר ציחאַפּט אלס וואָס עך האָב נאָר געשריבען, און איטלעכער האָט זעך עס איבערגעשריבען, נאָר, וויא דער שטייגער איז, מיט סאַמע פעהלערס אין גראַזען. וויא עך האָב דאָס געזעהן, האָב עך מיך מישב געוועזין אין האָב מיר אלליין אויסגעטראַכט אסך משלים אין כתבותלעך (עפּיגראַמע) אין צים סוף גאָר אגאַנץ טהעאטערשטיק. עך האָב מעך אָבער אויף מיר אלליין נישט געוואָלט פאַרלאָזין אין האָב דאָס געשריבענע געגעבין צי לייגין זעלכע מענשין וואָס זענין זייער געשיקט אין האָבען שון געליינט זייער אסך בי־כער אויף אנדערע לשונות, אין ווידער זעלכע מענשין וואָס זענין גאָר פּראָסטאַקעס אין קענין נישט מעהר נאָר דאָס יידי־

№ ..................

# פרענאָממעראַציאָנסשיין

דאַס פֿאָרציינגער ריזעס בייא מיר אויף איין עקסעמפּלאַר מיינער שריפֿטען

אין יידישער שפּראַכֿע אַלס:

1 סערקעלע אָדר דיא יאָרצאַט נאָך אַ ברידער.

2 משלים, קאַטאָוועסלעך, אונד געדיכֿטע.

פרענאָממערירט אונד דען בעטראַג בערייטס בעצאַהלט האַט

בעציגט הימיט.

[signature]

אדעססא דען

א פרענומעריר=קוויטל מיט עטינגערס אייגנהענטיקער חתימה

(גרייס פון אָריגינאַל 9×10½ צ״מ)

שע לשון, כדי עך זאל פין איטלעכען הערען וואס ער וועט דערצו זאגען. דיא געשיקטע מענשין האבען עס געלובט נאך זייער שטייגער אין דיא פראסטאקעס נאך זייער שטייגער. ביידע אבער האבען מעך אנגעהויבין צו בעטין, אין בעטין מעך נאך איצינד זייער, אז עך זאל דאס וואס עך האב געשריבען לאזין דרוקען. עך האב מעך אבער אזוי מישב געוועזין: עך וויל מיר פארלייגען אזוי א פלאן, אז עך זאל קענין — חוץ דעם וואס עך האב שון גרייט געשריבענס — נאך אללע מאהל נאיס צו ליווערן, דהיינו טהעאטערשטיקעס, מעשות, משלים, כתבות־לעך (עפיגראמע) אין נאך אנדערע זאכען פין דעם שטייגער.— עך בין פין מאן זאט מיט דעם פלאן פארטיג אין בין אים שטאנד אללע מאהל נאיס צו צו ליווערן, נאר דעם עולם וויל עך בעטין, אז אויף דעם ערשטען ביכעל וואס עך וויל איצינד דריקען זאללען זאן געחתמט עטלעכע פין דיא מענשין וואס וויללען האבען אז דאס ביכעל זאל זאן געדריקט. און עך בין זייא מבטיח, אז זייא וועלין צו פרידען זאן, ווארען עך האב שון אזוי א פארשווארצטע טבע, אז עך גיב מיר תמיד גרוס מיה, אז מען זאל פין מיר ציפרידען זאן. איצט וועט געדריקט ווערין א טהעאטערשטיק אין פינף אויפציהעס, עס הייסט „סערקעלע אדער דיא יארצאט נאך א ברידער“ אין משלים אין כתבותלעך (עפיגראמע). עך וועל זעהן אז עס זאל געדריקט ווערין אויף שיין פאפיר אין מיט זעלכע אותיות וואס עס זאל איטלעכען גאניץ לאכט זאן צום לייענען, אין דיא נעהמען פין דיא מענשין וואס וועלין זעך דא אויף דעם חתימה־בוגין חתמנין וועלין זאן געדריקט אין דעם ביכעל».

ט

מעגלעך, אז דעם דאזיקן פראספעקט צו זיינע ווערק האט עטינגער געשריבן א ביסל שפעטער, אין די פערציקער יארן, בשעת ער האט ארויסגעלאזן אין אדעם זיינע פרענומעריר־קוויטלעך (זע

דאָס בייגעלייגטע געמעל). אָבער עס איז קיין ספק ניט, אַז שוין 1836 — 1837 האָט ער זיך געטראָגן מיטן געדאַנק וועגן דרוקן זיינע ווערק. „איך מוז אייך באַלד זאָגן, שרייבט ער אָנהייב 1837 צו אַן אומבאַקענטן אַדרעסאַט, אַז איך וויל זען געדרוקט סיי „סערקעלע“, סיי די „משלים“. דאָס וואָלט געווען עפּעס פאַר מיין קעשענע... לויטן צוזאָג פון ה' טוגענדהאָלד פאַרהאָף איך צו באַקומען אין וואַרשע דעם דערלויב פון דער צענזור“[16].

גלייכצייטיק האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט ברייטערע ליטעראַרישע פּלענער. ער, וואָס האָט כסדר איבערגעשריבן פאַר זיך דייטשע לידער און שפּריכווערטער, וואָס האָט זיך געלערנט איטאַליעניש[17], וואָס האָט אַפילו דעם ווייטגרעסטן טייל פון זיינע פּריוואַטע בריוו געשריבן אויף דייטש, האָט פונדעסטוועגן קיין איין מינוט נישט געקלערט וועגן בייטן די יידישע פּען אויף אַן אַנדערער. דאָס „פּראָסטע יידישע לשון“ איז געווען זיין שפּראַך, די איינציקע וואָס ער האָט באַהערשט מיט אַלע קליפּערלעך און די איינציקע שפּראַך פון זיין האַרצן. אמת, זיין העלד רעדלעך רעדט דייטש, אָבער ניט אומזיסט זאָגט אויף אים די כלה הינדע מיט אַן אומפּרייוויליקער איראָניע, אַז „ער רעדט דאָך ווי אַ בוך“, און אַ השכלה-בוך מוז ריידן דייטש; דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס אויך ר' דוד צערעדט זיך אויף דייטש אין געהייבענע מאָמענטן. ווייטער ריידן אַלע העלדן אין „סערקעלע“, אַחוץ דער קאָמישער פרידעריקען, מאַמע-לשון, און ר' דוד פרעגט ביי איר בפירוש: „פאַרוואָס רעדסטו נישט ליבער יידיש?“ דעם גרעסטן חילוק צווישן עטינגערן און אַזאַ השכלה-שרייבער ווי אַהרון וואָלפסזאָהן זעען מיר אַרויס, ווען מיר פאַרגלייכן זייערע ביידנס קאָמעדיעס. אין „לייכטזין

16) זע בריוו נומ' 3; — יעקב טוגענדהאָלד (1794 — 1871), באַקאַנטער טוער פון דער פּוילישער השכלה; פון 1820 איינער פון די יידישע צענזאָרס אין וואַרשע; געווען עטינגערס אַ גוטער פריינד.

17) רייזענס מיטטיילונג (אין לעקסיקאָן 1), אַז ע' האָט איבערגעלאָזן איטאַליענישע „ווערק“, איז שטאַרק נישט פּינקטלעך. ס'זיינען איבערגעבליבן פון זיין האַנט אַ פּאָר זייטלעך עלעמענטאַרע איטאַליענישע געניטונגען („איבונגען“ בלע"ז).

אונד פּראַממעלייא" זיינען אַלע רעמאַרקעס אין דייטש, אַפּילו בײַ יענע העלדן וואָס ריידן יידיש; דאָס הייסט, אַז דעם מחברס שפּראַך איז דייטש, און יידיש האָט בײַ אים די ווערדע פון אַן עטנאָגראַפישן קוריאָז. אין „סערקעלע", פּאַרקערט, זיינען אַפּילו בײַ רעדלעכס רעפּליקעס די רעמאַרקעס געשריבן אין יידיש.

אָבער עטינגער האָט געשפּירט, געמוזט שפּירן, אַז אַ יידישער שרייבער, זאָל זיין דער בעסטער, איז אַ ביסל געגליכן צום פליגל־פיש אין זיין אייגענעם משל; הויך קען ער ניט פליען, ווייל דאָס לשון איז אָרעם, און ווען דער מחבר זאָל זיך שוין אַפּילו געבן אַן עצה, האָט ער צו טון מיט אַן עולם, וואָס עס פעלן אים די עלעמענטאַרסטע ידיעות. עטינגער האָט דעריבער געוואָלט שאַפן אין יידיש אַ „מיטאָ־לאָגיע, וועלט־און נאַטורגעשיכטע", ווי ער דריקט זיך אויס, און ער האָט געמיינט, אַז במשך אַ פּאָר יאָר וועט ער די אַרבעט אָפּטון. ער איז אָבער ניט געגאַנגען מיט דעם קרומען וועג פון אַסך שפּע־טערדיקע וואָס פלעגן זיך אויסהעלפן גאַנץ גרינג מיט אַ דייטשן וואָרט אָדער מיט אַ פרעמדן באַגריף. גראָד די איבערגעזעצטע צווישן עטינגערס משלים (ניט פאַבלען!) און קאַטאָוועסלעך (ניט עפּיגראַמען!) גיבן אַ השגה וועגן דעם, ווי ציטעריק ער האָט אָפּגעהיט די ריינקייט פון זיין אויסדרוק. זיין טעאַטערשטיק (ניט דראַמע!) באַשטייט פון אויפציען (ניט אַקטן און אַפּילו ניט אויפצוגן!), און יעדער אויפצי פון עטלעכע אַריינקומען (ניט סצענעס און ניט אויפטריטן). אָנשטאָט „אינהאַלט־באַרצייכעניש" אָדער „תוכן" געפינען מיר אין זיין משלים־מאַנוסקריפּט (1M) דאָס וואָרט משלים־ווייזער. שפּעטער האָט ער צוגעקלערט אַן אויסדרוק: זוכצעטל; בײַ אים גייט ניט אָן, אַז „די האַנדלונג קומט פאָר", נאָר די מעשה איז אין לעמבערג.

מיר ווייסן ניט, ווי ווייט האָט עטינגער שוין געהאַט דערלאַנגט אין דער פאַרווירקלעכונג פון זיין פּלאַן צו שאַפן אַמין פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור אויף יידיש. איפּגעהיט האָט זיך בלויז אַ קליין פראַגמענטל וואָס מיר גיבן אין די הוספות; נאָר די כוונה אַליין איז שוין אויך גענוג כאַראַקטעריסטיש.

י

דעם 24 מאַי 1843 האָט דער באַוואוסטער אַנטאָני אייזענבוים, אַמאָל רעדאַקטאָר פון „בעאָבאַכטער אַן דער ווייכסעל“ און שפּעטער דירעקטאָר פון דער וואַרשעווער ראַבינערשול, עטינגערס אַ גוטער=פריינד, אָנגעגעבן אַ בקשה צום קוראַטאָר פון וואַרשעווער לערנקרייז, מען זאָל ערלויבן דרוקן „סערקעלע“ און די „משלים“. „אַזוינע ווערק, האָט ער געשריבן, זיינען צוטריטלעך פאַר אַלע קלאַסן יידן, זיי שטעלן אַרויס אין לעבעדיקע פאַרבן די חסרונות אין לעבערלעכקייטן, זיי מאָלן טרעפיק און קאָמיש דעם גאַנצן יידישן שטייגער ריידן, און דעריבער קענען זיי האָבן אַ דערלייזנדיקע (bardzo zbawienny) השפעה אויף די מוחות“ [18]. — עטינגער האָט דערביי געהאָפט אויף טוגענדהאָלדס פּראָטעקציע. ער האָט זיך אָבער שטאַרק אָפּגענאַרט; די שטרענגע צענזור האָט געפונען טרייף=פּסולס אין זיינע שטילינקע חיבורים. דעם 10 אויגוסט פונעם זעלבן יאָר איז „דעם יידן אייזענבוים“ אָנגעקומען אַ תשובה פון קוראַטאָר, אַז נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער העברעאישער צענזור גיט ער אַן ערלויבעניש צו דרוקן די דערמאָנטע צוויי כתב=ידן, נאָר בתנאַי, עס זאָלן אַריינגעטראָגן ווערן אַלע שינוים וואָס דער ראַפּאָרט פון צענזור=קאָמיטעט פאָדערט.

די צענזאָרן טוגענדהאָלד און טשערסקער האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט אויסמעקן איינציקע ערטער; זיי האָבן געהייסן בייטן גאַנצע זאַצן און שטיקער. דער צענזור=עקזעמפּלאַר פון די „משלים“ וואָס האָט זיך אויפגעהיט על=פּי טראַף [19], זאָגט עדות אויף דער נאַרישקליינלעכער מעטאָדע, מיט וועלכער די צענזאָרן האָבן געלאָזט אין גאַנג דעם רויטן בלייער.

אין די משלים טאָר ניט דערמאָנט ווערן דאָס וואָרט „מלך“ אַלס עפּיטעט פון לייב; וואָרים טאָמער איז דער לייב פאָרגעשטעלט

18) פגל׳ דעם עקסקורס: „אייזענבוימס השתדלות פון יאָר 1843“ אין די הערות צום סוף פון צווייטן באַנד.

19) 1M.

ניט אין די שענסטע פאַרבן, קען דאָך דער אונטערטאַן אַקלער טון, אַז מלכים זיינען אויך ניט קיין מלאכים, און פון דאַנען איז בלויז איין טריט צו מאַיעסטעט־באַליידיקונג און צו רעפּובּליקאַנישע אידעען. „ווען עך זעה, אַז אַסך גרויסע לייט שמיסען, אין ווייסען נישט פין וואָס אין פין וועמען" (דאָס פאַרזעעניש), טויג דאָס ניט: זאָג נאָר דעם אונטער־טאַן, אַז גרויסע לייט פלוידערן אויך אַמאָל, וועט ער מאָרגן מאַכן אַ רעוואָלוציע; בעסער אויסמעקן דאָס וואָרט „גרויסע", איז רואי־קער. אויך אויף יידישע פראַגעס האָט זיך דער צענזאָר זיין קוק: אַז צו שטאַרקע אָנפאַלן פון די השכלה־שרייבער אויף די חסידים זיינען שעדלעך. דעריבער איז בעסער, אַז אין דעם משל „די פליג" זאָל ניט שטיין דער אויסדרוק „גיטע יידעלעך", און אין דער „אַסיפה" דאַרף געווים ניט שטיין: „דער צדיק האָט זעך מיט אינץ אָנגעקערט", ווייל כאָטש דאָ רעדט זיך וועגן גאָר אַן אַנדער זאַך, קען דער עולם זיך אָנשטויסן, אַז דאָס מיינט מען דווקא אַ חסידישן רבין.

ווייטער דאַגעט דער צענזאָר גלאַט וועגן מאָראַל. וועגן „גליטשי־קע" טעמעס איז דאָך ניט שייך; דאָ האָט ער גאָרניט וואָס איבער־צוקלערן. אָבער ער קען אויך ניט פאַרטראָגן דעם זאַץ, אַז „אינ־לעכער קען שראַבען אויף יענעם אַ פּאַשקעוויל" (די שרייבערס); דער לייענער טאָר גאָרניט געוואויר ווערן, אַז עס קען געמאָלט זיין, אַ פאָטער זאָל שלאָגן זיין דערוואַקסן קינד (דער פאַרענטפער). און וואָס איז דאָס פאַר אַלשון: פאַרשאָלטן מעגן ווערן רכילות־טרייבער (דאָס פאַרזעעניש) אָדער: „פאַרברען... בעסער וויטעלע דיא צנועה אַלליין". (וויטעלע)? פאַרברענען, פאַרשעלטן? אָסור, דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן! און אַזוי מעקט זיך דער רויטער בלייער אויס גאַנצע שטיקער פון „אסותא" און אינגאַנצן אַזוינע עפּיגראַמען ווי „דיא נקמה", „דער דאָקטער גרינד"[20].

20) נאָך אין 20 יאָר אַרום, ווען אַ (פאַרברייטערטער) עקזעמפּלאַר פון די משלים און קאַטאָוועסלעך איז אָנגעקומען.איבעראַניים אין וואַרשעווער צענזור־קאָמיטעט, האָט דער צענזאָר טשערסקער געפּסקנט, אַז דאָרטן זיינען פאַראַן ערטער, „וואו די איראָניע און דאָס אָפּשפּעטן גייען צו ווייט אָדער וואָס זיינען אויפרייצנדיק פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט" (זע דעם עקסקורס: „די השתדלות פון מיכל און יעקב עטינגער פון יאָר 1843" אין די הערות צום סוף פון צווייטן באַנד).

דאָס האָט מען אָפּגעטאָן אין די משלים און קאַטאָווועסלעך; „סערקעלע" האָט מען צעקאַרדאַשעט נאָך ערגער[21].

באַלד די ערשטע שורות פונעם „וואָרט פריִ'ר" הייסט דער צענזאָר אויסמעקן: מען טאָר ניט זאָגן — על תפתח פה לשטן! — כאַמע גוטס נאָר אַליין טאָר אין דער וועלט ניט באַשטיין; און בכדי די ווײַטערדיקע פערזן זאָלן האָבן אַ זינען, הייסט ער אין דער דריטער שורה אויסמעקן וואָרן און בייטן עס אויף „עפּעס". די אויסדריקן ריינישׁ מינץ, קרייצער הייסט ער איבערבייטן אויף „קערבלעך", „גראָשן", „טאָלער", „גילדן", מסתּמא כּדי אַרײַנצופירן די היימישע באַצייכענונגען אָנשטאָט די אויסלענדישע (הגם „די מעשה איז אין לעמבערג"). פון די אַנדערע פאָדערונגען פון דער צענזור (אין „סערקעלע" זיינען געמאַכט געוואָרן, ווי ס'ווײַזט דער ראַפּאָרט פון טוגענדהאָלדן און טשערסקערן צום קוראַטאָר פון לערן־קרייז, בײַ הונדערט „אויסבעסערונגען", אין די משלים און קאַטאָוועסלעך „בלויז" אַ פערציק) זיינען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן: א) פאַרטיידיקונג פון דער קריסטלעכער אמונה: משומד, שמדשטיקלעך, גוים הייסט מען פאַרבייטן אויף „פּושע־ישראל" אָדער „הולטייִ", „גנבישע שטיקלעך", „קריסטן" אָדער גאָר אַרויסוואַרפן;

21) «...już raz była cenzurowana i dozwolona do druku z pewnemi modyfikacjami», דריקט זיך אויס זייער צאַרט דער פּראָטאָקאָל פון וואַרשעווער צענזור־קאָמיטעט פון 18/30 יולי 1862.—דער צענזור־עקזעמפּלאַר פון „סערקעלע" פון 1843 האָט זיך ניט אויפגעהיט, ניט אין עטינגערס ירושה און ניט אין אַרכיוו פון צענזור־קאָמיטעט; נאָר דערפאַר איז אין אַרכיוו פון קוראַטאָריום פאַראַן אַן אויספירלעכער ראַפּאָרט פון די צענזאָרן טוגענדהאָלד און טשערסקער, און דאָרט הייסט מען בייטן ניט בלויז ווערטער, נאָך אויך גאַנצע זאַצן און אַבזאַצן. צום באַדויערן האָב איך דעם ראַפּאָרט באַקומען פון אַרכיוו פון בילדונגס־מיניסטעריום אין וואַרשע, בשעת דער גאַנצער טעקסט פון „סערקעלע" איז שוין געווען אויסגעזעצט; איך מוז דעריבער אָפּלייגן ביז אַ צווייטער אויפלאַגע דעם פּרווו אויפצושטעלן אויפן סמך פון די צענזור־באַמערקונגען דעם לכתחילהדיקן טעקסט עטינגערס. דאָ וויל איך נאָר באַמערקן, אַז לויט אַלע סימנים איז דער טעקסט 2MS עלטער פאַר 3MS; אין 3MS זיינען שוין אַרײַנגעטראָגן, לויטן פאַרלאַנג פון צענזאָר, געוויסע שינויים.

ב) פֿאַרטיידיקונג פֿון דער הערשנדיקער פּאָליטישער אָ־דענונג: מאָנאַרכע דאַרף פֿאַרביטן ווערן אויף „גביר“, פֿרייהייט אויף „וואָננע“ און אַפֿילו די קאָמישע פּאָגעלפֿרייהייט אין פֿרידעריקעס מאָנאָלאָג אין לעצטן אַקט אויף „ערפֿרייאונג“. ג) פֿאַרטיידיקונג פֿון דער מאָראַל: אין דעם זאַץ „ווער עס טוט מיט דעם שווער, שלאָפֿט מיט דעם בער“ ווערט אָנשטאָט שלאָפֿט אַריינגעשטעלט „זיצט“; אָנשטאָט מלכּה גרין געפֿעלט דעם צענזאָר „טויז גרין“; אָנשטאָט אַ קוש — „אַגלעט“; אָנשטאָט שיקסעהויז — „שלעכט הויז“, אַהער בּאַלאַנגט אויך דעם צענזאָרס איסור אויפֿן וואָרט פּריץ, וואָס הייסט דאָך אייגנטלעך געוואַלט־טוער; אָנשטאָט דעם הייסט ער אומעטום אַריינשטעלן: „שררה“, „הער“.

עטינגער איז געווען אויסער זיך אויף אַזאַ פּסק פֿון צענזור־קאָמיטעט. ער, דער מחבר, האָט געקעכלט יעדער וואָרט, איבערגעאַרבעט יעדער שורה, געשריבן די קעפּלעך און די נעמען פֿון די פּערזאָנען דווקא מיט געכּתיבהטע אותיות, די רעמאַרקעס דווקא מיט רויטע טינט — און דאָ קומט אַ בּאַרבּאַרישע האַנט און צעשאַטקעוועט זיינע ווערק, ניט צו רעכענען זיך אַבסאָלוט מיטן מחבר! זיין ביטער האַרץ האָט ער אויסגעגאָסן אין אַ העבּרעאישן מליצה־בּריוו צו אַ גוטן פֿריינד [22]:

„.... אָבער דיינע ווערטער: שיק מיר צו דיין בּוך מיט פֿערציק רובל, וועט דיין בּוך געדרוקט ווערן“, פֿאַרשטיי איך נישט; ווייל אָפּדרוקן דאָס בּוך אָן געלט מיט די אויסבעסערונגען, וואָס די צענזור־לייט האָבּן אויסגעבעסערט, וויל איך נישט. צי רעדן דאָרטן מיינע לעפּצן בּייז אויף גאָט, אויף זיין משיח, אויף די מלכים פֿון דער ערד, אויף זייערע האַרן, אויף זייערע ריכטער אָדער אויף זייערע אויפֿזעער, חלילה? צי רעדט מיין צונג שלעכטס אַנטקעגן די וועגן פֿון דער זיטלעכקייט, וואָס די לייט האָבּן אויסגעצייכנט מיין העפֿט מיט אַ רויטן צייכן, געמעקט, און צעקאַליעטשעט פֿון אָנהייבּ בּיזן סוף, און האָבּן זיין שיינקייט פֿאַרדאָרבּן, געלאָזט מיקעכיץ אָנשטאָט שיינקייט? און נאָך: איך קען דאָך די מענטשן,

22) בּריוו נומ׳ 4.

אַז זיי זענען געבילדעטע לייט, מענטשן וואָס זוכן וויסן, און גוטהערציקע זענען זיי און זענען איך שלום מיט מיר פון שטענדיק אָן. פרעג איך, וואָס האָבן זיי איינגעזען מיר אַזאַ בייז צו טון? מיין בוך איז ריין פון יעדער אומרעכט, און אויב עס געפינט זיך דאָרט עפּעס אַ זינד, זאָלן זיי מיר געבן צו פאַרשטיין אין וואָס איך האָב געשולדיקט, און איך וועל עס אָדער אויסמעקן פון בוך, אָדער פאַרריכטן דאָס ניט ריכטיקע, אָבער קיין אויסרייד לאָזן זיי נישט זוכן! — דו האָסט מיר אויך נישט צו וויסן געגעבן, ווי גרויס ס'וועט זיין די צאָל עקזעמפּלאַרן פאַר די פערציק רובל, וואָס דו האָסט מיר געשריבן איך זאָל דיר שיקן".

## יא

די באַמערקונגען וועגן די פערציק רובל ווייזן, אַז עטינגער האָט נאָך געהאָפט אָפּצושרייען די גזירה פון דער צענזור און אַז ער האָט שוין געזען פאַר די אויגן זיין ציל — אָפּצודרוקן זיינע ווערק — פונקט ווי דערגרייכט. געענדיקט האָט זיך דאָס אָבער ווידעראַמאָל מיט גאָרנישט. גענויער וועגן די סיבות ווייסן מיר נישט; מעגלעך, אַז די נייע דאגות וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויף עטינגערן האָבן אים געצוואונגען צו פאַרגעסן וועגן דעם לוקסוס פון שרייבעריי.

עס איז אָנגעקומען דער מאָמענט פאַר וועלכן עטינגער האָט אַזוי לאַנג מורא געהאַט: דער פּראָוויזאָר אין דער זאַמאָשצער אַפּטייק האָט זיך געביטן, און ממילא איז אונטערגעהאַקט געוואָרן דער צווייג, אויף וועלכן דער האַלבלעגאַלער דאָקטער האָט זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט. דאָס איז געווען בערך 1845 [23]. אַ ייד אַ פערציקער, אַ מטופל מיט קינדער — גאַנצע זיבן האָט ער געהאַט — האָט

23) צעדערבוים: «ובכל זאת רפא חולים מכל מיני מחלות הבטן והריאה והלב, והרוקח קבל את כתובותיו ויתן סמי מרפא לחוליו, כל הימים אשר היה שם מנהל (פּראָוויזאָר) יודע להוקיר חין ערך הד"ר הנ"ל! אך בבוא חדש אשר לא ידע אותו ולא אבה לעשות לפנים משורת הדין, חדל מתת רפאות תעלה ע"פ כתובותיו וממילא נכרת ענף עץ חייו...»

איצטער, נאָך פּופּצן יאָר פּראַקטיק, געדאַרפט איבעראַנייס נעמען זיך צום ביכל. דאָ איז געגאַנגען ניט נאָר וועגן דער עצם מי פון לערנען: די עקזאַמענעס זיינען געווען שווערע און די צוגרייטונג האָט געמוזט קאָסטן היפּש צייט, ממילא געלט; און קיין פרייע קאַפּיטאַלן האָבן זיך אין שטוב ניט געוואַלגערט.

בלית־ברירה האָט מען ווידער געמוזט אָנקומען צום אָדעסער שוואָגער. עטינגער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַדעס; אונטערוועגנס, ווייסן מיר, האָט ער באַזוכט גאָטלאָבערן אין קרעמענעץ. וואָלף גאָלד האָט אויך דאָסמאָל ניט אָפּגעזאָגט, און עס איז געבליבן בהסכם, עטינגער זאָל פאָרן קיין כאַרקאָוו האַלטן מלוכה־עקזאַמענעס[24].

אין כאַרקאָוו האָט זיך ע' געווענדט צום דעקאַן פון מעדי־צינישן פאַקולטעט און באַקומען אַ קאַלטן אָפיציעלן ענטפער. נאָך ערגער ווי ער האָט זיך געריכט: היות ער האָט ניט אין זיינע לעמבערגער פּאַפּירן קיין צייגענישן וועגן פיזיק און כעמיע, קען מען אים צום עקזאַמען ניט דערלאָזן; ער מוז איבעראַנייס דורכהערן די קורסן. אמת, ווען דער דעקאַן, אַ ליידנשאַפטלעכער שאָכשפּילער, איז געוואויר געוואָרן, אַז מען קען מיט עטינגערן אַ שפּיל טון אַ פּאַרטיע, איז ער ווייכער געוואָרן; אָבער די בעסטע עצה וואָס ער האָט געקאָנט געבן, איז פאָרט געווען בלויז אַ שוואַכע: אַז עטינגער זאָל זיך ווענדן מיט אַ בקשה צום מיניסטער, אָנווייזן, אַז ער האָט די לעמבערגער צייגענישן אָנגעוואוירן, פאַררופן זיך אויף זיין אַר־בעט אין די זאַמאָשצער שפּיטאָלן און בעטן אים באַפרייען פון די עקזאַמענעס אין די דערמאָנטע לימודים[25].

דער פּראָפעסאָר האָט געטרייסט עטינגערן, אַז דער מיניסטער וועט געוויס באַוויליקן זיין בקשה. אָבער פּעטערבורג האָט זיך ניט

24) עטינגערס מאַרשרוט שטעלט זיך צונויף אַזוי: קרעמענעץ (אב״גס זכרונות, יוד׳ פ״ב I 253) — יעליסאַוועטגראַד (אין זיין בריוו צו גאָלדן פון כאַרקאָוו קיין אַדעס: „גאַנץ אַנדערס... האָט מיך דער אַרמע גאָלדשטיין אין יאַליסעוויעטגראַד אויפגענאָממען״) — אַדעס — פּאָלטאַווע (אַ בריוו פון ה. הערצענשטיין, דאַטירט פון פּט״ב 17 יאַנואַר 1847, צו עטינגערן קיין פּאָלטאַווע) — כאַרקאָוו (פון דאָרט אַרויסגעפאָרן מיטן אָקטאָבער 1847)—בערדיטשעוו—זאַמאָשץ.

25) בריוו נומ׳ 7;

געאיילט מיטן ענטפער. עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ מאָנאַט נאָך אַ מאָנאַט. וויפיל מאָל האָט שוין עטינגער אין זיין פאַרצווייפלונג געקלערט וועגן וואַרפן אַלצדינג און פאָרן אַהיים. נאָר דאָס וואָלט געווען מעגלעך, ווען ער זאָל געווען פאָרן צו אַ פאַמיליע, וואָס זי פילט מיט מיט אים; ביי אים איז אָבער געווען פאַרקערט, ער איז געווען זיכער, אַז מען וועט אים נאָך שיטן זאַלץ אויף די וואונדן. די פרוי האָט אים די גאַנצע צייט קיין וואָרט ניט געשריבן, דער עלטסטער פון די גאָלדס אין זאַמאָשץ, זיינוויל, האָט אויך כסדר געקוקט קרום אויפן מאָדנעם מענטשן, וואָס אים גייט אַלץ מיט דער פוטער אַראָפּ; די איינציקע פון דער גאַנצער משפחה וואָס האָט אים פון צייט צו צייט געשריבן און אויך געשטיצט אַ ביסל די שטוב, איז געווען איינע פון זיינע פלימעניצעס.

ענדלעך האָט ער זיך אָבער פאָרט געמוזט באַשליסן אויף דעם יאושדיקן שריט. עלף חדשים איז ער שוין געווען פון דער היים, געלעבט האָט ער אין דחקות, און עס האָט זיך ניט געזען קיין האָפענונג אויף אַ גיכן ענטפער. פון דער היים האָט ער געהאַט ידיעות, אַז זיין דישע־לעבן, זיין ליבסט טעכטערל, איז ניט געזונט. דער שוואָגער וואָלף האָט אַפילו געהאַט אַ ברייטע האַנט, אָבער יעטווידער נדבנות האָט דאָך אַ שיעור, און עטינגער האָט אַרויסגעשפירט פון זיינע בריוו, אַז ער ווערט אומגעדולדיק. האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף דעם גאַנצן פלאַן און אין מיטן אָקטאָבער 1847 אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים. אין בערדיטשעוו, אויפן האַלבן וועג, האָט אים ווידעראַמאָל פאַרפעלט געלט, און ער האָט נאָך אַמאָל געמוזט אָנקומען צום שוואָגערס הילף. דעם 25 נאָוועמבער איז ער נאָך אַ נסיעה פון פינף וואָכן אָנגעקומען צוריק אין זאַמאָשץ — געקומען מיט גאָרנישט[26].

26) ביי קאַפעלן אין פנקס ווערט מיטגעטיילט, אַז ע׳ האָט יאָ אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען; די כאַרקאָווער בריוו און איבערהויפּט דער בריוו נומ׳ 7 פון זאַמאָשץ זאָגן אָבער עדות, אַז גערעכט איז אונזער שילדערונג פון די פאַקטן. אַן אומדירעקטע ראיה דערויף איז דאָס, וואָס צעדערבוים דערמאָנט ניט מיט קיין איין וואָרט דעם כאַרקאָווער עקזאַמען; ער, דער נאָענטער פריינד, וואָלט געוויס וועגן דעם געוואוסט. איך האָב זיך אָנגעפרעגט ביים כאַרקאָווער אוניווער־

לויטן גאַסט איז געווען דער בּרוך=הבּא. ווי נאָר זיין גאָלדע איז געוואויר געוואָרן, אַז איר מאַן איז אַריינגעפאָרן אין שטאָט, איז זי אַוועק פון שטוב צו איר בּרודער זיינוויל. דאָס איז שוין פאַר זיינוולען אויך געווען צו שאַרף; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווייניקער ווי אַלץ איז דער שוואָגער דאָסמאָל שולדיק אין דעם ניטערפאָלג פון זיין רייזע, און אַגב האָט נאָך דער אַדעסער בּרודער אויך געהאַט געשריבּן פון עטינגערס וועגן אַ וואַרימען בּריוו. זיינוויל האָט געהייסן זיין שוועסטער, זי זאָל גיין אַהיים. זי האָט ניט געפאָלגט און איז אַוועק צו אירער אַ פריינדין; דריי טעג האָט געדויערט, בּיז וואַנען מען האָט איר איינגערעדט, זי זאָל זיך אומקערן צום מאַן און צו די קינדער.

די שפיכת=דמים וואָס עטינגער האָט דערפון געהאַט — דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוויס געקלונגען מיט דער פּיקאַנטער מעשה — זעט מען אַרויס אַפילו פון דעם איינגעהאַלטענעם, זעלבּסטבּאַהערשטן בּריוו, וואָס ער האָט געשריבּן צו וואָלף גאָלדן קיין אַדעס[27]. נאָר אַראָפּגערעכנט דאָס, האָט זיך אַלץ אַרויסגעוויזן פאַר גאַנץ נישקשה. ער האָט געמיינט, אַז ער פאָרט אַריין אין אַ שטוב אַ קבּצנישער, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר דער צייט פון זיין ניטאָ=זיין האָט די פאַמיליע אַוועקגעשענקט גאָלדען אַ שטיינערנע הויז אין זאַמאָשץ און נאָך אַ פּאָר הונדערט טאָלער דערצו. די בּשמים=קראָם וואָס די פרוי האָט געהאַט געעפנט איז אויך געגאַנגען נישקשה.

סימעט; נאָר עס איז מיר אָנגעקומען אַן ענטפער פונעם בּאַפּולמעכטיקטן פון פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר אויסווייניקסטע ענינים אין דער או. ס. ס. ר., אַז דער אַרכיוו פון כאַרקאָווער מעדיצינישן אינסטיטוט פאַר די יאָרן 1846 — 1847 האָט זיך ניט אויפגעהיט, און ממילא איז אוממעגלעך צו געבּן אַן ענטפער אין תוך.—אַן ענדגילטיקע תשובה וואָלט אפשר געקענט געבּן דער אַרכיוו פון בּילדונגס-מיניסטעריום אין פּעטערבּורג.

27) בּריוו נומ׳ 7;

ער האָט געפּרוּווט פּראַקטיקירן ווייטער, און דער אַפּטייקער האָט (עטינגערן אַליין איז דאָס געווען אַ ביסל אַוואונדער) אַרויסגעגעבן רפואות לויט זיינע רעצעפּטן. אָבער דאָס האָט זיך קענטיק גיך איבערגעהאַקט, ווייל אינגיכן האָט ער געקויפט אַ שטיק ערד, 65 מאָרג די גרייס[28], אין זשדאַנאָוו, בײַ פיר קילאָמעטער פון זאַמאָשטש, און זיך דאָרט באַזעצט מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

ערד־אַרבעט איז פאַר עטינגערן געווען אַן אידעאַל פון לאַנג אָן, און ער איז געווען צופרידן וואָס ער קען אַליין איצטער ווערן אַ קאָלאָניסט. אגב איז נאָך געווען דערפון אַ ממשותדיקע טובה אויך: זין פון קאָלאָניסטן זיינען געווען פריי פון מיליטערדינסט, און דאָס איז געווען אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן ניט קיין קלייניקייט, הגם עטינגער אַליין האָט אין די „שמאַטעס" געריפן יידן לוסטיק און פריילעך צו דינען דעם מלך און צו גיין „אַפילו אין פייער אַראַן אויסצופירן דעם מלכס פלאַן".

אָט אַזוי איז זיך עטינגער געזעסן אַ צייט אויף דער ערד און פאַרנומען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט[29].

נאָך איין מאָמענט איז געקומען, בשעת די מאַכט האָט זיך ווידער געווענדט צו עטינגערן און אַפּעלירט צו זיינע מעדיצינישע קענטעניש ן, פאַרבייגנדיק די פראַגע וועגן דיפּלאָם: דאָס איז געווען, ווען אין זאַמאָשטש האָט אין יולי 1855 פונדאָסניי אויסגעבראָכן

28) מיטט' פון פרוי גאָלדמאַן.

29) ד"ר יעקב שאַצקי שרייבט מיר פון ניו־יאָרק: «איך האָב געזוכט די אַקטן וועגן דער קאָלאָניע זשדאַנאָוו אין „אַרכיוואום אַקט דאַווניך" אונטערן נאָמען: „אַקטן וועגן דער קאָלאָניזאַציע פון יידן אין קעניגרייך פוילן". אין די אַקטן איז אויך פאַראַן אַ כאַראַקטעריסטיק פון ד"ר עטינגערן פון „קאַזיאַנעס", אָפיציעלן שטאַנדפונקט, און איך געדענק, אַז אַ פּאָר פונקטן זיינען באמת געווען טרעפלעך.» — אויף מיין אָנפרעג אין דערמאָנטן אַרכיוו איז מיר אָנגעקומען דער פריינדלעכער ענטפער, אַז מען האָט די אַקטן געזוכט, אָבער אומזיסט. היות איך האָב ניט געוואָלט צוליב דעם פאַרהאַלטן דאָס בוך, האָב איך באַשלאָסן צו באַנוגענען זיך מיט דער דאָזיקער קירצער הערה.

צווישן די פאַפּירן האָט זיך אויפגעהיט אַ חשבון פון הוצאות, געשריבן פון

די כאַלערע[30]. ער האָט קיין איין מינוט זיך ניט געקווענקלט און ניט געשפּילט קיין ברוגז־טאַנץ; די פאַמיליע איז איבערגעבליבן אין דאָרף, און ער איז אַריבערגעפאָרן צוריק אין שטאָט, אין די צוויי צימערן וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך איבערגעלאָזן אין דעם איי־גענעם הויז. נאָכדעם האָט ער זיך ווידער אומגעקערט אין דער קאָלאָניע.

## יג

די לעצטע יאָרן פון עטינגערס לעבן זיינען אַריבער שטיל. וועגן ליטעראַרישער אַרבעט האָט ער שוין מער ניט געקלערט. בשעת ער איז געווען דעם לעצטן מאָל אין אַדעס, האָט ער נאָך געפּרוווט שאַפן פּרענומעראַנטן אויף זיינע ווערק — אפשר האָט ער געהאָפט, אַז דורך דעם וועט ער האָבן אַ ביסל צושטייער אויף די גרויסע הוצאות — נאָר דערפון איז אויך גאָרנישט געוואָרן. נאָך דעם דאָזיקן דורכפאַל האָט ער שוין פאַרלוירן דעם חשק צו זיין, ווי ער שרייבט, אַ „מוזענזאָהן אָן מזון“.

עטינגערס אייגענער האַנט, פון וועלכן מען זעט, אַז ער איז אַליין געווען אַריינ־געטאָן אין באַלעבאַטישקייט:

| | |
|---|---|
| קאססאוויצע, שניט ומליצען . . . . . . | 353.27 |
| פאראבעק ומיכאל . . . . . . . . . | 49.29 |
| געקויפט זאכען . . . . . . . . . . . | 11. 7 |
| געצאהלט לזווערזיניעץ עם הוצאות . . | 335.27 |
| הוצאות פערשידענע . . . . . . . . | 5. 6 |
| טיטין ציקער ונדבות וזאכען עבורי . . | 35. 2 |
| | 791. 8 |

אין אַ צווייטן, אויך אייגנהענטיקן חשבון געפינען מיר אַזוינע רובריקן: לאָנקעס, שניטער, אָקאָוויט, זוויערזיניעץ, פאַרבקעס [!], כלים, גלעזער, מאַלי־נאָווסקי ופאַסטעך, טיטין וטאַבעק, הענטשקעלעך.

30) ווען מיר פאַרגלייכן די דאַטירונג פון די כאָלערע־עפּידעמיעס אין פּרצעס: „ווער עס ווילל נישט, שטאַרבט נישט אויף חלי־רע“ (וואַרשע 1892 מיט די אומשטענדן וואָס זיינען באַשריבן אין עטינגערס בריוו נומ׳ 15, קומען מיר צו דער דאָזיקער צייט־באַשטימונג.

די אויסוויינקסטע אומשטענדן פון אויפהאַלט אין זשדאַנאָוו זיינען גראָד געווען ניט קיין שלעכטע. פּרנסה איז געווען אַ ביסל פון דער לאַנדווירטשאַפט, אַ ביסל פון מעדיצינישער פּראַקטיק, אַ ביסל פון דירה־געלט פאַרן זאַמאָשצער הויז. אין זשדאַנאָוו גופא האָבן עטינגערס געהאַט פינף פיינע צימערן. טיילמאָל פלעגן קומען צו זיי געסט, און חשובע: געווען אַמאָל אַ גענעראַל, אַן אינזשענער, איינמאָל אַפילו דער גובערנאַטאָר אַליין. אַן אַנדערש מאָל זיינען אַריינגעפאָרן צו זיי פיר רבנים, צווישן זיי דער טישעוויצער, דער זאַמאָשצער און דער ניי־שטעטישער [31].

די געסט זיינען געווים געווען ביי עטינגערן זייער אָנגעלייגט, ווייל זיי פלעגן צעטרייבן אַ ביסל די שווערלעכע שטימונג אין שטוב. גאָלדע איז אַלץ געווען אָנגעשטויסן. נאָר זעלטן־ווען האָט זי באַוויזן אַ פריי מוט [32]; דאָס רוב איז זי געווען ברוגז [33]. איך שטעל דאָך ניט קיין גרויסע פאָדערונגען צום לעבן, רייסט זיך אַמאָל ביי עטינגערן אַרויס אַ זיפץ; איך וויל דאָך נאָר אַ ביסל פאַמיליע־גליק, און גראָד דאָס האָט דאָס מזל מיר ניט געגעבן. איך בין אַ מאַן, אַ פאָטער, אַ בעל־בית פון אַ הויז, אַ לאַנד־באַאַרבעטער; אָבער מיר איז באַשערט נאָר דער צער פון דעם אַלעם [34]. אַ שטיקל נחת האָט ער געהאַט, ווען עס האָט זיך אים איינגעגעבן גוט חתונה צו מאַכן זיין זון איזאַק [35].

31) מיטט׳ פון פרוי גאָלדמאַן.

32) איינמאָל האָט עטינגער אויסגעהאָפטן אַ ברוסטטוך; די פרוי איז נתפעל געוואָרן און געפרעגט: „פון וואַנען קענסטו דאָס?״ האָט ער געענטפערט: „דו ווייסט דען ניט, אַז מיין טאַטע איז געווען אַ שניידער?״ (מיטט׳ פון פרוי גאָלדמאַן).

33) «אַמאָל איז ער אַהיימגעקומען אום ווינטער אַ דערפרוירענער.. דערעסט אים זיין ווייב די יאָרן. „עס מיך ניט קאַלטערהייט, גאָלדעלע, זאָגט ער צו איר, וועסט דיר נאָר קאַליע מאַכן דעם מאָגן״».—„ליטער. בלעטער״ 1924, № 15.

34) בריוו נומ׳ 12.

35) אין דער פאַמיליע האָט ער שפעטער געהייסן איגנאַצי; דער פאָטער דערמאָנט אים אָבער אַלע מאָל בלויז אַלס איזאַק. ער האָט חתונה געהאַט אין לובלין און האָט זיך דאָרטן אין 1863 באַטייליקט אין אויפשטאַנד; ווי ס׳גיט איבער זיין שוועסטער פרוי גאָלדמאַן, איז ער דערפאַר אָפּגעווען 11 יאָר אין

דאָס געזונט איז אויך געווען ניט צום בעסטן; די צרות האָבן אים קראַנק געמאַכט פאַר דער צייט, און צו פופציק יאָר רופט ער זיך שוין אַליין אָן „שוואַכער, אַלטער מאַן". ער נעמט שוין קלערן וועגן טויט; אַ סימן, אַז ער האָט זיך אַליין אָנגעגרייט אַן עפּיטאַפּיע וואָס איז טאַקע דערנאָך אויסגעקריצט געוואָרן אויף זיין מצבה:

מות
את חרבך עלי שלפת
אכזר האלן גוי טרפת
אבל נפשי נצח תלעג עליו
כי פינת תחיה לעומת עיניו [36].

ד' טבת תרט"ז איז ער געשטאָרבן. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן „ראַפּטאָוונע"; אַלע האָבן געזען, ווי זיין גייסט איז נאָך פריש, האָט מען זיך ניט געריכט, אַז ער שטייט אַזוי נאָענט צום קבר. ווען מען האָט אים געבראַכט פון זשדאַנאָוו אין שטאָט אַריין, איז דאָס בית=דין אים אַרויס אַנטקעגן און געטראָגן דעם אָרון ביזן בית=עולם [37]. דאָס איז געווען אַ גוואַלדיקער כבוד, אַ ראיה אויף דעם, ווי שטאַרק דאָס שטעטל האָט פון אים געהאַלטן. גאַנץ שטאָט האָט אים באַגלייט אין דער לעצטער רו אַריין.

עטינגער איז טאַקע ניט געווען קיין פורץ גדר, קיין שטורעמער פון דער יידישער טראַדיציע. איזאַק איז גאָטספאָרכטיק און רעליגיעז, ווייל ער איז מיין זון, שרייבט ער צו אַ גוטן פריינד; און שטאָט האָט אויך געהאַט וועגן אים אַזאַ מיינונג. ניט נאָר וואָס רבנים פלעגן

סיביר. דער שווער האָט אים אָפּגעגט; שפּעטער, ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל. געשטאָרבן אין 1896; — „עטינגער, זון פון אַ דאָקטאָר אין זאַמאָשץ", ווערט דערמאָנט צווישן די קיין סיביר פאַרשיקטע איינטיילנעמער פון אויפשטאַנד אויך אין דער בראָשור פון בערטאָלד מערווין: „Żydzi w powstaniu 1863 roku", לעמבערג 1913.

36) ליטער' בלעטער 1924, № 15, מיט אַן אָנווייז: „די אויפשריפט... איז שטאַרק אָפּגעריבן. עס האָט זיך איינגעגעבן אויפצושטעלן איייניקע אָפּגעריסענע ווערטער וואָס בינדן זיך ניט ערטערווייז".

37) מיטט' פון פרוי גאָלדמאַן;

קומען צו אים צו גאַסט אויף אַ ווײַלע; ס׳איז אויך באַוואוסט אַ פּאַל, אַז דער איזביצער רבּי איז געקומען מיט זײַן מוטער קיין זאַמאָשטש צום דאָקטער זיך קורירן, זײַנען זיי אײַנגעשטאַנען בײַ עטינגערן אין הויז [38]. דאָס וואָלט געווען אוממעגלעך, אויב בײַם עולם וואָלט געווען כאָטש דער מינדסטער ספק וועגן דער ייִדישלעכער פירונג פון דעם דאָקטערס שטוב.

אַ סך פּרטים און דאַטעס פון עטינגערס לעבן זײַנען נאָך פאַר אונז ניט אויפגעקלערט, אָבער דאָס בילד פון אָט דעם רײַנעם, ציכטיקן, פּשוטן ייִדן שטייט פאָרט קלאָר פאַר אונזערע אויגן. ווײַניקער ווי אַלץ איז ער געווען אַ צוימענבּרעכער. יעדן בריוו וואָס ער האָט געשיקט האָט ער געשריבן פריער אויף שוואַרץ און געפײַלט און געשלייפט די מליצה, ביז וואַנען עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זי איז שוין גענוג געהויבן. לאַנגווײַליקע באַגריס-שירים אין ייִדיש און אין דײַטש האָט ער געשריבן, אויב עס איז געווען נייטיק, און טאָמער שרייבט דער זון פון לובלין אין אַ בריוו: „פריידעלען מיט איהר ליבען מאַן אונד קינדערליך גריסע איך הערצליכסט״, האָט ער פאַראיבל: „וואַרום גריסט דוא מיין זאהן! אונזערע פריינדין הגבירה הצנועה המושלמת מ׳ פריידעלע כהן תי׳ זא גלאַטוועג... גאַניץ אהנע טיטעל, דאס וואר איין ווענינג ניכט שעהן פאַן דיר״.

אָבער ער איז געווען אַ קלוגער מענטש. די מליצה איז דאָך סוף-כל-סוף געווען אַזאַ סטיל פון דער צײַט, ווי דער הויכער קאָלנער. און אַ ליבער מענטש איז ער אויך געווען. ווען ער פלעגט שמעכן, פלעגט דאָס ווײ טון, אָבער ס׳איז פאָרט געווען אָן בײז.

## יד

עטינגערס גרעסטע טראַגעדיע איז געווען, וואָס ער האָט ניט דערלעבט צו זען קיין איין שורה זײַנע אַ געדרוקטע, הגם געשטרעבט האָט ער דערצו אַלע זײַנע יאָרן. אָבער אַפילו נאָך זײַן טויט האָבן

38) דאָס אייגענע.

זיינע כתבים קיין מזל ניט געהאַט. 1861 האָט איינער א. גאָנשאָראָווסקי אָפּגעדרוקט אינם פּרייסישן שטעטל יאָהאַניסבורג[39] „קאָמעדיאַ אין 5 אַקטן פאָן סערקעלע אָדער דיא פאַלשע יאָהרצייט געשעהן אין לעמבערג שנת תקצה". דער טעקסט פונעם ביכל איז פאַרדרייט און פאַרגרייזט; קענטיק, מען האָט געדרוקט פון אַן עקזעמפּלאַר וואָס איז געווען איבערגעשריבן דורך אַ דריטער האַנט. אינגיכן, אין 1862, האָט זיך געפונען אַ מוכר־ספרימניק אין וואַרשע וואָס האָט געוואָלט איבערדרוקן סערקעלע. שטיינגערס צוויי זין מיכל און יעקב[40], תלמידים פון דער וואַרשעווער ראַבינערשול, זיינען אָבער וועגן דעם געוואויר געוואָרן און האָבן זיך געווענדט צום וואַרשעווער צענזור־קאָמיטעט מיט אַ בקשה, מען זאָל קיינעם ניט געבן קיין ערלויבעניש צו דרוקן זייער פאָטערס ווערק, איידער עס וועט זיין פאַרענדיקט זייער תביעה צו די איבערדרוקער; דער קאָמיטעט האָט באַוויליקט זייער פאַרלאַנג. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך די ביידע זין נאָך אַמאָל געווענדט אין צענזור, דאָסמאָל שוין מיט אַ האַנטעקזעמפּלאַר פון זייער פאָטער, און אַליין געבעטן אַן ערלויבעניש דאָס ווערק צו דרוקן. די בקשה זייערע איז ווידער באַוויליקט געוואָרן. סוף 1862 איז אין צענזור־קאָמיטעט צוגעשטעלט געוואָרן אויך אַן עקזעמפּלאַר פון די משלים און קאַטאָוועסלעך, און אויך דערויף האָט דער צענזור־קאָמיטעט, אַריינטראָגנדיק געוויסע שינויים, געגעבן אַן ערלויבעניש צו דרוקן[41].

פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז אָבער אויך גאָרניט געוואָרן. טאָמער איז „סערקעלע" יאָ אָפּגעדרוקט געוואָרן אין וואַרשע, איז אין דעם פאַרגרייזטן יאָהאַניסבורגער נוסח[42]; אויך אין לעמבערג

39) דאָס איז די זעלבע דרוק, אין וועלכער ס'האָט זיך געדרוקט דער „המגיד" די ערשטע יאָרן, איידער ער איז אַריבער קיין ליק.

40) יעקב האָט זיך שפּעטער געשמדט. באַקענט אונטערן נאָמען ווילהעלם ע' אַלס אַרויסגעבער פון רוסישער מעדיצינישער ליטעראַטור אין פּעטערבורג.

41) פגל' דעם עקסקורס: „די השתדלות פון מיכל און יעקב שטיינגער פון יאָר 1862" אין די הערות הינטערן טעקסט אין צווייטן באַנד.

42) וואַרשע, 1875; דער צענזור־קאָמיטעט האָט שוין משמעות דאַן געהאַט פאַרגעסן זיין אייגענעם איסור (פון 1862) אויף דער יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע.

איז אַרויס אַזאַ אויסגאַבע[43]. די משלים און קאַטאָוועסלעך האָט אַלכסנדר צעדערבוים אָנגעהויבן דרוקן אין קול מבשר 1863, דערנאָך האָבן זיי זיך געדרוקט אויך אין דער „וואַרשעווער יידישער צייטונג" און אין „יידישן פאָלקסבלאַט" אין פעטערבורג. געזאַמלטערהייט זיינען זיי אַרויס ערשט 1889 — אין אַ צווייטער אויפלאַגע 1890 — בהשתדלות פון עטינגערס זון ווילהעלם (יעקב) אין פעטערבורג.

„סערקעלע" ווערט אין דער איצטיקער אויסגאַבע אונזערער געדרוקט בשלמות צום ערשטן מאָל. אָבער מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלן, אַז דער עולם האָט די פיעסע ניט געקענט. עטינגערן אַליין האָט זיך אַזוי געוואָלט, מען זאָל קענען זיינע ווערק, אַז ער האָט אָפּגעגעבן היפש פרייע צייט אויף צו שרייבן קאָפּיעס מיט זיין געטאָקטן, פינקטלעכן כתב. פון „סערקעלע" זיינען אונז נאָך היינט באַוואוסט פינף עקזעמפּלאַרן[44]; און וויפיל זיינען פאַרפאַלן געוואָרן?

די משכילים זיינען געווען באַגייסטערט פון עטינגערס פיעסע, און מיר ווייסן אויך, אַז זי איז ניט איינמאָל געשפּילט געוואָרן אויף דער בינע. וועגן איינער אַזאַ אויפפירונג אין 1863, וואו די ראָלע פון סערקעלען האָט געשפּילט ניט קיין אַנדערער, ווי אברהם גאָלדפאַדען, דערציילט אונז פאַפירנאָ אין זיינע זכרונות[45]; צע-

43) מיטט׳ פון דעם בוכהענדלער ה׳ ל. מאָרגענשטערן אין וואַרשע.

44) איינער, פון אַדוו׳ לודוויק עטינגערן, ביי נח פרילוצקין; אַ צווייטער אין וואַרשע ביי ה׳ לעוויטען, דעם מאַן פון עטינגערס אַן איניקל; אַ דריטער אין לאָדז ביי ה׳ שפּיראָ; אַ פערטער אין דער „נאַציאָנאַלביבליאָטעק" אין ירושלים (מיטט׳ פון ה׳ נחמן מייזיל); אַ פינפטער אין ניו-יאָרק («דאָ אין פּאָבליק לייברערי, אין דער יידישער אָפּטיילונג, געפינט זיך אַ כתב-יד פון „סערקעלע", וואַרשיינלעך אַן אַקטיאָרישער, אַן ערך 50 יאָר אַלט; דער טעקסט אָפטמאָל אַנדערש ווי אין אַלע געדרוקטע אויסגאַבן, אַפילו שטאַרק אַנדערש. פון וואַנען קומט אַהין דער כתב-יד? לויט מיינע אויספאָרשונגען האָט מען אים געקויפט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, און קומען קומט ער אַהין פון אַ ק ט י אָ ר י ש ע הענט; אַ באַווייז, אַז פּראָפעסיאָנעלע טרופּן האָבן געשפּילט סערקעלע»; פּריוואַטע מיטטיילונג פון ד״ר י. שאַצקי, ניו-יאָרק). זאָגן עפּעס אויף געוויס, ניט זעענדיק דעם כ״י, איז אוממעגלעך, נאָר מיר לייגט זיך אויפן שכל, אַז אויך ניו-יאָרק זאָל האָבן עטינגערס אַן א י י ג נ ה ע נ ט י ק ן עקזעמפּלאַר. לויט אינזער איצטיקער אויסגאַבע וועט זיך דאָס לאָזן פעסטשטעלן אויף געוויס.

45) פנקס I 189.

דערבוים בריינגט אַ צווייטן פֿאַקט, אַז אין טערקיש-מאָהלעוו (ביים דניעסטר) האָט אַ גרופּע משׂכּילים אויפגעפירט דאָס טעאַטערשטיק, אין דאָרטן האָט די ראָליע פון יוחנן שדכן געשפּילט ר' יעקב אייכענבוים [46]. ס'זיינען געווען נאָך פיל פאַלן אַזעלכע, און פון עט-לעכע ווייסן מיר בפירוש [47].

אָבער נאָך אַלעמען איז עטינגערס ווירקונג פּאָרט געווען אַ קנאַפּע, באַגרענעצט מיט ענגע קרייזן. וואָלט ער פאַרמאָגט דעם טעמפּעראַמענט פון אַן איבערקערער, וואָלט ער אפשר געוואָרן דער זיידע פון אונזער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע מסוגלקייט דערצו האָט ער פאַרמאָגט. אויב ער איז הינטערשטעליק אַנטקעגן מענדעלען אין טאַלענט, שטייט ער געוויס העכער פון אים אין פּרט פון פאָרם-געפיל, כאָטש ער האָט געשריבן מיט דרייסיק יאָר פריער. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אין זיין כאַראַקטער, האָט ער ניט געקענט צעברעכן; איז ער געבליבן דער עלטערזיידע פון דער יידישער ליטעראַטור, דער ווייניק-געקענטער, האַלב-פאַרגעסע-

46) «וכה נתפרסם שמו וחבוריו ברוסיא ופולין בלי מכבש הדפוס ויקראום במסבת משכילים אשר התענגו לשמע אזנם וגם נסו להעלות את סער-קעלע על במת ישחק בכמה מקומות, והכסף הנקבץ מהבאים לראות נקדש לצדקה, והמשחקים היו מבני עליה. כה עשו במאָהילוב על נהר דניעסטר ובין יתר המשחקים יצא המשורר המפואר ר' יעקב אייכענבוים ז"ל בתור ר' יוחנן שדכן, נקל להבין כי גם יתר המשחקים היו אנשים נכבדים בני גילו». (צעדער-בוים).

47) פגל' די פריערדיקע ציטאַטע און נאָך אַזוינע ווערטער צעדער-בוימס: „כבר נסו במקומות רבים אנשים משכילים מתנדבים לשחוק על הבמה את ההזיון „סערקעלע", ויתמהו כל הרואים והשומעים, כי הוא נעשה על פי חוקי הדראמא בשפות חיות ומסודרות אשר להן ספרות רחבה". — פריינד ש. מענדעלסאָן, וואַרשע, האָב איך נאָך צו פאַרדאַנקען אַזוינע צוויי מיטטיילונגען: א) די קוילער רביצין, איצט אַ יידענע פון אַ יאָר 70, געדענקט, אַז ביי זיי אין קויל (Koło, לעבן קוטנע, אַמאָליקע קאָלישער גובערניע) האָט מען, בשעת זי איז געווען יונג, אויפגעפירט אים פּורים „סערקעלע"; ב) דאָס אייגענע דער-ציילט פרוי באָראָדינאָ אין טאָמאַשאָוו, אויך וועגן דער צייט מיט 30 — 40 יאָר צוריק. — פגל' צו דעם די הערה 44. — אפשר וועלן עלטערע לייט וואָס געדענקען סערקעלע-אויפפירונגען, ספּעציעל די וועטעראַנען פון יידישן טעאַטער, אַן עפן טון פאַר אונז זייערע זכרונות?

נער עלטערזיידע, וועלכן מען מוז אויפֿן וועג פֿון פֿאָרשונג פֿאָרשטעלן פֿאַר אונזער היינטיקן לייענער.

עטינגער איז אַוועקגעשטאָרבן אָן דעם באַוואוסטזיין, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן פֿאַר יידישע שרייבער. אָבער ווען ער איז אַוועק פֿון דער וועלט, איז שוין אומגעגאַנגען לעבן אים זיין ווערדיקער, גרויסער יורש. 1856 איז אין זאַמאָשץ געשטאָרבן שלמה עטינגער, 1851 איז אין זאַמאָשץ געבוירן געוואָרן יצחק־לייבוש פּרץ.



עטינגערס מצבה איפן זאַמאָשצער בית=עולם.

# אונזער איצטיקע אויסגאַבע.

## א

די משלים, לידלעך, קליינע מעשהלעך און קאַ־טאָוועסלעך האָבן זיך געדרוקט איינציקווייז אין פאַרשיידענע פּע־ריאָדישע אויסגאַבן (קול מבשר, וואַרשויער יודישע צייטונג, דאָס יודישע פאָלקסבלאַטט אאַז"וו) און זיינען אין 1889 — צווייטע אויפ־לאַגע 1890 — אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך עטינגערס זון ווילהעלם. אָט אין דעם אָפּדרוק זיינען עטינגערס זאַכן באַוואוסט געוואָרן אַ ברייטערן עולם, פון דאָרטן זיינען זיי אויך איבערגעדרוקט געוואָרן לעצטנס (אַ שטייגער, די משלים־אויסגאַבע פון „נייעם פערלאַג", וואַרשע 1920 אָדער די אויסצוגן אין זלמן רייזענס „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע").

אונזער איצטיקע אויסגאַבע איז אויפגעבויט אויף אַן אויספירלעכן פאַרגלייך צווישן דער דאָזיקער פּעטערבורגער אויסגאַבע (P) און די כתב־ידן וואָס איך האָב געפונען צווישן עטינגערס כתבים. דאָס זיינען:

1) אַ העפט פון 101 זייטן — מיין קיצורדיקע באַצייכענונג 1M — אונטערן נאָמען: „משלים, קליינע מעשהלעך און כתבותלעך. דאָס ערשטע חלק פון שלמה עטטינגער". אין דעם העפט זיינען פאַראַן 45 משלים (אַריינגערעכנט אויך „וויטעלע" און „דיא שדים"; עס פעלן: דער פוקס מיט דעם אָדלער; די שמאַטעס; דער בעל־הלוואה; דער גילדן; פילאַקס; די חתונה; די פרומע בערן, די סטאַמבולקע; דער וועווריק; דער אינדיק; דאָס חזיר, די שאָף און די ציג; די בין מיט דער הון; די צוויי הענער; די שער; די ציגאַרן). די 45 נומערן פאַרנעמען ז' 5—85 פונעם העפט. אויף ז"ז 87—101 גייען די קאַטאָוועסלעך, דהיינו די וואָס זיינען געבראַכט אין אונזער איצטיקער אויסגאַבע אויף ז' 259—274.

2) אַ העפט פון 8 זייטלעך — מיין באַצייכענונג 2M — געשריבן פון עטינגערס האַנט, וואָס האַלט אין זיך „די שמאַטעס“.

3) אַ העפט פון 72 זייטן, — מיין באַצייכענונג 3M — געשריבן פון עטינגערס האַנט[48], האַלט אין זיך: א) די משלים: דאָס חזיר, די שאָף און די ציג; די בין מיט דער הון; די צווייהענער; די שער; די ציגאַרן; ב) דעם גרעסטן טייל פון די קאַטאָווועסלעך; ג) נאמנה-ווידוי; דער וואַלד; וויגן-לידל; קלאָגליד; אויף מיין פריינד זוסמאַן-בער ע"ה; דאָס שפּאַצירן-גיין; יונג-אַלט; צום נייעם יאָר; לאַכן וויינען; רחל ביי איר קינדס קבר; אשת חיל; דאָס לויב פון דעם עצלות; מיין אומגליק; משמח (!) בחלקו; דער זכרון; די עצה; דער הולך רכיל; דער שיכור; דאָס פּאַנעלע, דער ערב; דאָס מיידעלע; שיפער-לידל.

4) אַ העפט פון 16 זייטן (דערין בלויז 11 באַשריבענע), — מיין באַצייכענונג 4M — געשריבן פון עטינגערס האַנט, מיט אַזאַ אינהאַלט: דאָס פּאַנעלע; דער וואַלד; וויגן-לידל; די פּויערן.

5) אַ העפט פון 24 זייטן, געשריבן, ווייזט אויס, פון אַ פרעמדער האַנט, וואו ס'געפינען זיך פאַרשיידענע לידער; מיין באַצייכענונג 5M.

6) נאָך אַ סך איינציקע בלעטלעך פון ע' האַנט.

ב

אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז דער ווייטגרעסטער טייל פון די לידער וואָס גייען אַריין אין אונזערע ערשטע דריי אָפּטיילונגען (לירישע און עפּישע לידער, משלים, קליינע מעשהלעך און קאַטאָווועסלעך) זיינען פאַראַן אויך אין די דאָזיקע כתב-ידן. אַפילו אַן אויבנאויפיקער פאַרגלייך פון די כתב-יד-טעקסטן מיט דער אויסגאַבע פון פּט"ב 1889 (P) ווייזט, אַז ס'זיינען פאַראַן צווישן זיי היפּשע אונטערשיידן, און ניט לטובת P. די אָפּטרעטונגען אין P לאָזן זיך

48) דער אונטערשייד אין כתב צווישן 2M און 3M לאָזט זיך אפשר ערקלערן דערמיט, וואָס 2M איז געשריבן מיט אַ נעַנצענער און 3M מיט אַ שטאָלענער פעדער.

צונויפנעמען אין עטלעכע קאַטעגאָריעס:

א) דרוקפעלערן. „האָט" אָנשטאָט העט, „קיקען" אָנ־שטאָט קוילען, „דיר" אָנשטאָט דער, „אַזוי" אָנשטאָט אַזש (בײַ עטינגערן געשריבן: אַז׳ע), „אַגרויסער וואונדער" אָנשטאָט אַ גרעסער וואונדער, „עס פאַרמעהרט מיך" אָנשטאָט עס פאַר־מערט זיך.

ב) תּיקונים פון צענזור. אין דעם עקזעמפּלאַר וואָס ע׳ האָט צוגעשטעלט אין צענזור (1M) זײַנען פאַראַן היפּש ערטער וואָס זענען אויסגעמעקט מיט אַ רויטן בלײַער (זע ז׳ XXXII). עס איז קלאָר, אַז אונז איז אָט דער רויטער בלײַער נוגע נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מיר אינטערעסירן זיך מיט דער טפשות פון דער אַמאָליקער צענזור; ע׳ אַליין האָט פון דעם דאָזיקן מבינות־זאָגן געהאַט גרויס עגמת־נפש, און אונזער חוב איז צו געבן זײַן ריינעם, ניט געפעלשטן טעקסט. P איז לײַדער געדרוקט פון אַ (ניט אויפ־געהיטן) אָריגינאַל, וואו ס׳זײַנען צום גרעסטן טייל געבליבן די „פאַר־ערגערונגען" פון דער צענזור. אָט זײַנען עטלעכע אַזעלכע שינוים, וואָס זײַנען אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אין P:

| 1M | P |
|---|---|
| זועסטו דעך אויך אַ הנאה האָבען,<br>אַז ער וועט זעך גאָר אַלליין באַגראָבען | וועסטו דאָך אויך קיין גרויס<br>צער האָבען<br>(דער וואָלף מיט דעם פוקס). |
| האָט געטאַנצט פאַר דעם קייסער<br>אין ווין | ... פאַר די גרעסטע לייט<br>אין ווין<br>(דאָס פיקסל מיט דעם בער). |
| גוטע יידעלעך! לאָזט מעך געמאַך! | גוטע ברידערלעך! לאָזט מיך געמאַך!<br>(די פליג). |

ג) גראַמאַטישע איבעראַנדערשונגען. ע׳ האָט גע־שריבן אין אַ צײַט, בשעת די אַלטע דײַטשמערישע שריפטשפּראַך האָט שוין געהאַט אָפּגעלעבט אירע יאָרן און קיין נײַע איבערדיאַלעק־

טישע יידישע ליטעראַטורשפּראַך איז נאָך ניט געווען. ע' האָט גע־
האַט אַ גוטן געפיל פאַר דיאַלעקטישע אונטערשיידן (פגל' די רייד
פונעם ליטוואַק אין „סערקעלע"), נאָר ער האָט ניט געשטרעבט זיי
צו פאַרגלעטן און אויסצוגלייכן. ע'ס שפּראַך איז אַ טיפּיש דיאַלעק־
טישע.

P איז אַרויס מיט אַ יאָר 50 נאָך דעם ווי די זאַכן זיינען גע־
ווען אָנגעשריבן. פאַר דער צייט האָט זיך שוין ביי יידן געהאַט
אויסגעפורעמט לפּחות אַ שטרעבונג צו אַן איינהייטלעך ליטע־
ראַרישע לשון, און בנוגע צו אַזוינע פאָרמען ווי עך, מעך, זאַן
[=זיין], געקימען, אינק, האָמער אד"ג איז שוין געווען אַ
בפירושער געפיל, אַז דאָס זיינען פּראָווינציאַליזמען, פון וועלכע מען
מוז ווייכן. האָט דער אַרויסגעבער (דער רעדאַקטאָר, דער קאָרעק־
טאָר?) גענומען „פאַרריכטן" און אָנשטאָט די אויבנגעדאַכטע פאָר־
מען אַריינגעשטעלט „ליטעראַרישע": „איך", „מיך", „זיין", „גע־
קומען", „מיר האָבן". און דאָ זיינען אויסגעמישט געוואָרן צוויי פאַר־
שיידענע זאַכן: אויסלייג און קלאַנג. אויב „זיין" אָנשטאָט זאַן,
„מיך" אָנשטאָט מעך, „געקומען" אָנשטאָט געקימען איז אַ גאַנץ
אָנגעלייגטער שינוי, וואָרים דעם ליטווישן ייד ווערט דורכדעם פאַר־
גרינגערט דאָס לייענען און דער פּוילישער וועט סיי־ווי אַרויס־
רעדן די ווערטער אויף זיין שטייגער gekimen, mech, zān,
איז שוין ערגער מיט אַזוינע שרייבונגען ווי „זיינען" אָנשטאָט זענען,
„אַזעלכע" אָנשטאָט זעלכע, „ביי איהם" אָנשטאָט באַנעם. גאָר
שלעכט אָבער ווערט אויפן האַרצן, ווען מען געפינט אין P „מיר
האָבן" אָנשטאָט דעם מחבר'ס אינק האָמער, „איהר" אָנשטאָט
עטך, „מיר וועלן" אָנשטאָט מעוועלמער, אָדער אויב זעך,
וואָס האָט ביי ע' די טייטש אי פון „זיך" אי פון „דאָך", ווערט
על־פּי־טעות אויסגעלייגט „זיך", בשעת עס מיינט גאָר „דאָך".

ג

מיר האָבן דעריבער אין דער איצטיקער אויסגאַבע אָנגענומען
פאַר אַ יסוד ניט P, נאָר די כתב־ידן 1M, 2M, 3M, 4M, 5M:

נאָר אין געצײלטע פֿאַלן װאָס זײנען דערמאָנט אין די הערות צו די אײנציקע לידער האָבן מיר זיך סומך געװען אויף P. עס איז אונז אָבער ניט געגאַנגען אין אָפּדרוקן פּשוט עטינגערס כּתב־יד אות באות, אונז איז געגאַנגען אין שאַפֿן אַ עטינגער־אויסגאַבע פֿאַרן ברײטערן לײען־עולם, און זי זאָל פֿונדעסטװעגן זײן אויפֿגעבױט אויף אַ קריטיש־װיסנשאַפֿטלעכן באַזיס. האָבן מיר זיך געלאָזט פֿירן פֿון אַזױנע פּרינציפּן:

ע׳ס אויסלײג איז זײער שטאַרק פֿאַרעלטערט און װאָלט ניט געװען פֿאַרשטענדלעך פֿאַרן הײנטיקן לײענער. ער שרײבט אַ שטײגער הוך, נוט, באַלונט, און דער ו מײנט דאָ ניט קײן u, װי הײנט, און ניט קײן o, װי אין דער אַלט־ײדישער אָרטאָ־גראַפֿיע, נאָר oj. פֿאַר אונז איז ניטאָ קײן גרונט צו שרײבן אויף זײן שטײגער גװאָינט: באַלונט; מיר מעגן אויסלײגן אויף אונזער הײנטיקן שטײגער „געװאוינט: באַלוינט“, און דאָס װעט בעסער אָפּשפּיגלען דעם מחברס כּוונה, אײדער זײן אײגענע שרײ־בונג.

עס װאָלט געװען איבעריק נאָכצוגײן עטינגערן אין אַזאַ אויס־לײג װי דיא, װיא, אַמאָהל, שראַיען, ביללען, שלאָ־גען, ניטצען, אָבטרעטען; מיר האָבן אין די אַלע פֿאַלן אָנגעװענדט אונזער הײנטיקע אָרטאָגראַפֿיע, מחמת די אָדער יענע שרײבונג בײט ניט איבער די אויסשפּראַך.

שװערער איז געװען צו פּסקענען, װי אַזױ מיר זאָלן האַנדלען בנוגע יענע פֿאַלן, װאו עטינגערס שרײבונג גיט איבער אַ ניואַנס פֿון זײן אויסשפּראַך. ער שרײבט סיסטעמאַטיש פּין, אין [=און], אַרגעין [=ער־עין], מעך [=מיך], אַראַן [=אַרײן] אאַז״װ. עס איז גרויס געװען דער נסיון איבערצולאָזן די דאָזיקע אײגנטימלעכקײטן; סוף־כּל־סוף האָבן מיר זיך אָבער אָפּגעזאָגט פֿון דעם געדאַנק. ע׳ס שרײבונג שפּיגלט אָפּ די אויסשפּראַך פֿון זײן דיאַלעקט בלויז אין פּרט פֿון u/i; די אַלטערנאַציע o/u װערט נישט אַרויסגעבראַכט: האָט (אין אַלע דיאַלעקטן hot) און האָבן (לויט עטינגערס אויסשפּראַך hubm, ליטװיש hobm) װערן בײדע בײ אים געשריבן מיט אָ. מיט אַנדערע װערטער: בכדי צו געבן אַ פּאָנעטיש בילד פֿון עטינגערס

שריפטן, וואָלטן מיר געמוזט אַריינפירן נאָך אַ נייעם צייכן אויף אָפּ־צוטיילן דעם אוניווערסאַלן o פון o/u, און דאָס וואָלט נאָך מער פאַרשווערט דאָס לייענען. האָבן מיר בעסער אויסגעקליבן דעם וועג פון אונזער היינטיקן אַלגעמיין־אָנגענומענעם אויסלייג. פאַרשטייט זיך, דעם אמתן ריטם, די אמתע מוזיק פון עטינגערס לידער קען מען אַרויסהערן נאָר ווען מען לייענט אים אין זיין אייגענעם דיאַלעקט; אָבער דער פּוילישער ייד וועט סיי ווי סיי אַרויסרעדן mān און git, בשעת ער וועט זען אויפן פּאַפּיר „מיין" און „גוט"; פאַרקערט, אַ גראַפיש בילד ווי „מאַן", „גיט" וואָלט היינט געווירקט ממש אויס־טערליש. און דער ליטווישער ייד וועט דאָך געוויס זיין צופרידן וואָס מען רוימט אָפּ פון זיין וועג אַזעלכע שטרויכלשטיינער ווי: אין באַקיקט מעך פין אַללע זאַטען.

ד

צוויי גרענעצן זיינען פאַראַן פאַר אַזאַ נאָכגיביקייט, וואָס ווייטער טאָרן מיר בשום אופן ניט גיין. איין נאָרם איז דער גראַם. עטינ־גער גראַמט אָן שום ספקות שפּרינגען: גזינגען [=געזונגען], גיט [=גוט]: ניט אר"ג, און ער איז פון זיין שטאַנדפּונקט גערעכט. עס זיינען פאַר אונז געשטאַנען צוויי מעגלעכקייטן: אָדער דאָ אויך אויספאָלגן די אַלגעמיינע כללים פון אונזער אָרטאָגראַפיע און שרייבן „שפּרינגען:געזונגען", „גוט: ניט", אָדער איבערלאָזן עטינגערס שריי־בונג. מיר האָבן אויסגעקליבן דאָס צווייטע: דאָס שריפטבילד איז טאַקע וויכטיק, אָבער עס איז פאָרט ניט מער ווי אַ מיטל, אַ וועג צום קלאַנגענבילד, און אַזוי ווי ס'איז פאַראַן אַ סכנה, אַז דער ליטוואַק וועט שלעכט לייענען דעם גראַם, האָבן מיר בעסער מוותר געווען אויפן אויסלייג. אַז אין אַזוינע פאַלן מוז מכריע זיין די אויסשפּראַך, ווייזן אונז די פּויליש־אוקראַאינער פאָלקסלידער אונ־זערע אין מויל פון ליטוואַק; ער זינגט אויך: ווי עס איז בי־טער,/ מיין ליבע מיטער,/ אַ פייגעלע אָן אַ נעסט..."; אין גראַם פאַסט ער זיך צו, הייסט עס, צום קלאַנג פון דעם אָפּשטאַם־געגנט און זאָגט miter אָנשטאָט muter.

שנית האָבן מיר אָפּגעטראָטן פון דער אָנגענומענער ליטעראַרישער שרייבונג וואו עס גייט וועגן די אייגנטימלעכקייטן פון עטינגערס שפּראַך. אין „זענען" און „ויינען" האָבן מיר ניט בלויז גראַפישע נייערט אויך קלאַנגיקע אונטערשיידן; מוזן מיר אָפּהיטן עטינגערס זענען, זיין קייגן, דאָקטער, חרבן[49]. וועגן גראַמאַטישע פאָרמען איז שוין אָפּגערעדט: מיר האָבן כסדר איבערגעלאָזן זיין ע ך, זיין פרעגטס, נעמטס, היטס; אויך וואו ער שרייבט ענק (דאָס גרעסטע רוב ניצט ער: אַך), איז דאָס אין אונזער אָפּדרוק געבליבן.

ה

פון „סערקעלע" זיינען באַוואוסט 5 כתב־ידן וואָס איך באַצייכן אַזוי:

1MS געפינט זיך ביי נ. פרילוצקין.
2MS אין באַזיץ פון ה' שפּירא, לאָדז;
3MS " " ה' לעוויטע, וואַרשע;
4MS אין דער „נאַציאָנאַלביבליאָטעק" אין ירושלים;
5MS " " „פּאָבליק לייבערערי" " ניו־יאָרק.

די דריי געדרוקטע אויסגאַבעס האָב איך אינגאַנצן נישט גענומען אין אַכט, מחמת זיי האָבן צו עטינגערס שאַפן קיין שייכות ניט; דעם יאָהאַניסבורגער דרוק האָב איך אַגב אין ערגעץ ניט געפונען אויך, און איך ווייס פון אים בלויז לויט שטיינשניידערס נאָטיץ אין „Hebräische Bibliographie" 1862, ז' 85 און לויט דעם

49) בלויז „אַזש" האָבן מיר געשריבן אויפן ליטעראַרישן שטייגער אָנשטאָט ע'ם „אַזשע" (אַז'ע), בכדי צו בלייבן פאַרשטענדלעך. עטינגערס „ז'" האָבן מיר דעשיפרירט אין „זש", אַחוץ אין דעם וואָרט רז'יקע, וואו מיר האָבן ניט געוואָלט שטעלן אויף זיך צו זאָגן מיטן פולן מויל, אַז ע' פלעגט דאָס אַרויסריידן „זשיקע", כאָטש דאָס איז זייער וואַרשיינלעך.—ביי ע' שטייט מזיסט, מעזיסט; פון פאַרשטענדלעכקייט וועגן האָבן מיר דאָס אויסגעלייגט „אומזיסט".—עטלעכע מאָל טרעפן זיך איבעריקנס ביי ע' גופא אויך: „קענן" און אַנדערע ניט ריין דיאַלעקטישע פאָרמען.

פּראָטאָקאָל פון וואַרשעווער צענזור־קאָמיטעט פון 18 יוני 1862[50].

אונזער טעקסט איז געגעבן לויט 3MS; די וואַריאַנטן אין די הערות — לויט 2MS. אין אַלגעמיין זיינען די חילוקים צווישן די דאָזיקע דריי טעקסטן, וואָס שטאַמען אַלע פון עטינגערס אייגענער האַנט, מינימאַלע און זיינען אַרויסגערופן צום גרעסטן טייל דורך די פאָדערונגען פון דער צענזור.

בנוגע דעם אויסלייג און בכלל די פּרינציפּן פון אָפּדרוקן איז שייך צו „סערקעלע“ דאָס אַלץ וואָס איז אָקאָרשט געזאָגט געוואָרן וועגן די פּאָעטישע ווערק.

ו

אין דער אויסגאַבע געפינט דער לייענער אַלע פאַרענדיקטע זאַכן עטינגערס; ווייטער פראַגמענטן וואָס האָבן זיך אויפגעהיט אין זיינע כתבֿ־ידן, אויב זיי האָבן נאָר אַ זעלבשטענדיקן אינטערעס. אויסגעבליבן זיינען, הייסט עס, בלויז ברעקלעך.

בלויז אַ פּאָר לידער האָבן מיר אויסגעמיטן צוליב זייער גליטשיקן אינהאַלט. אַ כתבֿים־זאַמלונג פון אַ טאַלענטירטן שרייבער, און נאָך דערצו פון אַזוינעם וואָס האָט געשריבן מיט הונדערט יאָר צוריק, קען ניט זיין אָנגעמאָסטן אויף די השגות פון שול־קינדער; האָבן מיר דעריבער אָפּגעדרוקט עטלעכע זאַכן וואָס זיינען פאַרן געברויך פון דער שול בשום־אופן ניט צוגעפּאַסט. אָבער אַ געוויסער גרענעץ, האָבן מיר געהאַלטן, מוז פאָרט זיין, ווארים עס האַנדלט זיך דאָך וועגן אַן אויסגאַבע וואָס איז באַשטימט פאַרן ברייטערן עולם. צוליב דעם האָבן מיר פון דעם קאַטאָוועסל „דער עזות־פּנים“ אויסגעקליבן ניט דעם וואַריאַנט וואָס איז פאַראַן אין 1M (ער איז פאַרבראַקירט דורך דער צענזור), נאָר דעם צווייטן וואָס איז פאַראַן אין P; דאָס ליד „דיא שדים“ פון 5M (6 סטראָפעס מיט אַ הערה: „מיט דעם אייגענעם ניגון פון דעם ליד: אַך! יינגלינג זייא זאָ רוכלאָז ניכט / אונד לייגנע דיא געשפּענסטער“) און אַ צווייט ליד, אַ גרעסערס, האָבן מיר אינגאַנצן ניט געגעבן,

50) פגל׳ דעם עקסקורס: „די השתדלות פון מיכל און יעקב עטינגער“.

בפרט אַז בײדע זײנען געשריבן ניט מיט עטינגערס האַנט און בײם צװײטן איז ניט זיכער, צי ס'איז טאַקע זײנס.

צום ערשטן מאָל באַװײזן זיך דאָ אין דרוק:

א) פון די קאַטאָװעסלעך: דער אומזיסטער שמ״רע; די חברים; דער פרומער; די שרײַבערס; צו מײן ביכל.

ב) פון דער אָפּטײלונג „דראַמעס": „דער פעטער פון אַמעריקע" און „די פרײלעכע יונגעלײט" (בײדע טיטולן זײנען צוגעגעבן פון אונז; בײ עטינגערן האָבן די פראַגמענטן נאָך ניט קײן שום נאָמען).

ג) אַלץ װאָס עס גײט אין דער אָפּטײלונג „הוספות".

פון טײל זאַכן װאָס זײנען אַרײן אויך אין P גיבן מיר דאָ אַנדערע װאַריאַנטן. מיר האָבן ניט געפונען פאַר נײטיק אָנצװײזן יעדער קוצו של יוד אין װעלכן בײדע טעקסטן גײען זיך פונאַנדער. װאו די חילוקים זײנען געװען מער ערנסטע, איז דאָס פאַרצײכנט אין אונזערע הערות. דאָרטן דאַרף מען אויך זוכן דעם ליטעראַריש־היסטאָרישן מאַטעריאַל: צי איז די טעמע גענומען פון ערגעץ אד"ג.

די װערטער־פּירושים זײנען אַריבערגעטראָגן צום סוף פון בוך אין אַ באַזונדער װערטער־זוכצעטל. דער װעג איז מיר אויסגעקומען גלײכער, װאָרים טײל אומפאַרשטענדלעכע װערטער חזרן זיך איבער עטלעכע מאָל, װאָלטן מיר אויך די פּירושים געמוזט ברענגען עטלעכע מאָל. אַגב גיט דער אַלפאַבעטישער סדר פון די װערטער בכלל אַ מעגלעכקײט צו אָריענטירן זיך גרינגער. אַחוץ דעם װאָלטן די כסדרדיקע פּירושים אין טעקסט געשטערט דעם קינסטלערישן אײנדרוק.

ז

גרײטנדיק זײנע װערק צום דרוק, האָט שלמה עטינגער באַשלאָסן אײנצוטײלן זי אין דרײ חלקים. דאָס ערשטע חלק האָט געדאַרפט זײן „סערקעלע", װי ס'איז צו זען פון זײן אײגנהענטיק געשריבענעם שער־בלאַט; דאָס צװײטע און דאָס דריטע — צװײ סעריעס פון די „משלים, קלײנע מעשהלעך און קאַטאָװעסלעך".

אין פלוג קען זיך אויסדוכטן, אַז דאָס גלײכסטע װאָלט געװען אָפּצוהיטן אין אונזער איצטיקער אויסגאַבע דעם מחברס אײגענעם

פלאַן. מיר האָבן זיך אָבער סוף־כל־סוף פּאָרט באַשלאָסן אויף אַן אַנדער סדר, און אָט זיינען די טעמים:

אין זיין פּראָספּעקט (זע אין דעם דאָזיקן אַריינפיר ז' XXVIII) שרייבט דער מחבר, ווענדנדיק זיך צו די פּרענומעראַנטן: „איך האָב מיך... אַזוי מישב געווען, איך וועל מיר פאַרלייגן אַזוי אַ פּלאַן, אַז איך זאָל קענען חוץ דעם וואָס איך האָב שוין גרייט געשריבנס נאָך אַלעמאָל נייס צו ליווערן, דהיינו: טעאַטערשטיקעס, מעשיות, משלים, קאַטאָווועסלעך (עפּיגראַמע) און נאָך אַנדערע זאַכן פון דעם שטיי־גער... איצט וועט געדרוקט ווערן אַ טעאַטערשטיק אין פינף אויפ־ציעס, ער הייסט, „סערקעלע אָדער די יאָרצייט נאָך אַ ברודער" און משלים און קאַטאָווועסלעך".

אָט דער פּראָספּעקט שטאַמט פון סוף פון די 30־ער, אפשר פון אַ ביסל שפּעטער, פון די 40־ער יאָרן. צוליב עפּעס אַ טעם איז די אויסגאַבע יעמאָלט נישט צושטאַנד געקומען, און עטינגער האָט געשריבן ווייטער. פאַרגלייכן מיר זיין מאַנוסקריפּט 1M מיט יענע משלים און קאַטאָווועסלעך, וואָס זיינען געדרוקט אין פּעטערבורג, זעען מיר, אַז עס איז צוגעקומען זייער פיל. אויך צוויי פראַגמענטן פון דראַמעס געפינען זיך צווישן עטינגערס ליטעראַרישער ירושה, וואָס ביי דער ערשטער אויסגאַבע האָט זיי דער מחבר ניט גענומען אין אַכט.

ביי היינטיקן טאָג האָבן מיר שוין פאַר זיך ניט קיין שריפטן, וואָס דאַרפן פאַרטגעזעצט ווערן, נאָר אַ פאַרענדיקטן סכום ווערק. פאַר געקליבענע כתבים האָט די אַרויסגעבערשע טעכניק אויסגע־אַרבעט אַ באַשטימטן קאַנאָן, האָבן מיר אים אָנגענומען דאָ אויך און אויפגעבויט דאָס בוך לויט אַזאַ מין פּלאַן: לירִיק; עפּאָס; דראַמעס; קלענערע פראַגמענטן; ביאָגראַפישער מאַטעריאַל. דאָס דאָ־זיקע לעבנסווערק עטינגערס איז איינגעפּאַסט אין צוויי קאַפּיטלעך — אַריינפיר און הערות — וואָס שטאַמען פון רעדאַקטאָר.

די משלים זיינען אויסגעטיילט געוואָרן אין אַ באַזונדער אָפּטייל פון בוך, מחמת זיי פאַרנעמען אַ צו וויכטיק אָרט אין עטינגערס שאַפן, אַז מען זאָל זיי קענען אויסמישן מיט די אַנדערע עפּישע ווערק; פאַרקערט, צוליב אַזאַ עפּיש־לירישער פאָעמע, ווי „דאָס ליכט",

זיינען די איבעריקע עפּישע און לירישע שאַפונגען צונויפגענומען אין איין אָפּטייל.

אין די איינציקע אָפּטיילן איז ווי ווייט מעגלעך איבערגעלאָזט געוואָרן דער סדר וואָס מיר האָבן געפונען אין עטינגערס כתב־ידן. עטלעכע אָפּווייכונגען זאָלן דאָ באַרעכטיקט ווערן. צוליב דעם, וואָס עטינגער שרייבט ערגעץ אין אַ פּריוואַטן בריוו[51]: «Das allerbeste Gedicht welches ich geschrieben habe ist „דאָס לעכט"» — האָב איך די דאָזיקע פּאָעמע אַוועקגעשטעלט אויפן ערשטן אָרט אין גאַנצן בוך. די משלים זיינען געגעבן אין אַלגעמיין לויט דעם סדר פון כתב־יד, מיטן אויסנאַם פון „וויטעלע" און „די שדים" וואָס זיינען על־פּי טעות אַהער אַריינגעפאַלן און קערן זיך אָן גיכער מיט די קליינע מעשהלעך און קאַטאָוועסלעך[52].

51) בריוו נומ׳ 12.

52) בנוגע „וויטעלע" איז דאָס שוין געווען באַמערקט אין דער רעצענזיע אין וואָסכאָד (VI ,1890).

# ביבליאָגראַפיע

עטינגער האָט בײַ זײַן לעבן ניט געזען קײן אײן שורה זײַנע אַ געדרוקטע; װאָס עס איז דערנאָכדעם געדרוקט געװאָרן, איז גענומען פֿון אָ פּ ש ר י פֿ ט ן, אײגענע און פֿרעמדע, װעלכע האָבן צירקולירט אין אַ היפּשער צאָל. ממילא איז דער ס ד ר, אין װעלכן די זאַכן זײַנען אָפּגעדרוקט געװאָרן, ניט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר עטינגערן, און ער גיט אונז קײן שום אָנצוהערעניש ניט װעגן דער כראָנאָלאָגיע פֿון ע׳ס שאַפֿן. דאָס איז דער טעם, פֿאַרװאָס מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר איבעריק צו ברענגען דאָ אַ רשימה, װען און װאו די אײנציקע װערק ע׳ס זײַנען געװען געדרוקט.

ס׳איז אָבער יאָ כדאַי צו געבן אַ ביבליאָגראַפֿיע דערפֿון, װאָס עס איז געשריבן געװאָרן װ ע ג ן עטינגערן. ס׳איז געװיס ניט קײן פֿולער רײסטער, אָבער זאָל כאָטש געמאַכט װערן אַ התחלה:

1. **א. צעדערבוים, יודישע ביבליאָגראַפיע**, קול מבשר 1869, נומ׳ 23.

צעדערבוים רעדט דאָ װעגן אב״גם „דער סעים פֿין דיא חיות“, נאָר אַגב אורחא גיט ער אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון עטינגערן און זײַנע װערק. מיר געפֿינען פֿאַר נײטיק צו געבן דאָ דעם פֿראַגמענט אינגאַנצן, איבערהיפּנדיק בלויז דעם א י נ ה אַ ל ט פֿון עטלעכע זאַכן װאָס צעד׳ דערצײלט איבער. די דורכגעלאָזענע ערטער זײַנען באַצײכנט מיט [....].

«מיר האַלטען עס פֿאַר אונזער פֿפליכט בײא דער געלעגענהײט צו דערמאנען אײנעם פֿון דיא אויסגעצײכענטסטע יודישע דיכטער װאָס האָט נעבוך ניט דערלעבט צו זעהען דען זשארגאָן איופּטרעטען פֿאַר א שליח מיוחד פֿון דער בילדונג, אונ זײַנע גײסטעספּראָדוקטע ליעגען ביז נון אין אַ װינקעל. מיר מײנען אונזער יוגענדפֿרײַנד דעם ד״ר ש. עטטינגער אויס זאַמושטש, דעם מחבר פֿון „סערקעלי“ (אַ

שאַד דאָס טהעאַטער־שטיק, דאָס ערשטע אים זשאַרגאָן, איז בגניבה אָפּגעדרוקט געוואָרין אין פּרייסען פון אַ שפּעקולאַנט, אָהן ערלויבניס פין דיא יורשים, ניט פונים רעכטען אָרגינאַל, נאָר פון אַ פעלער־האפטער קאָפּיע אונ פילל מיט גרייזען אז מען קענן פיעל זעטצע גאָר ניט פערשטעהן. מיר, וואָס האָבען דאָס אָריגינאַל גוט גע־קעננט, איז אונז ניט מעגליך געוועזען עס צו ערקעננען). פין איהם איז געבליבען אַ גאַנצע זאמלונג געדיכטע, אָרגינאלע אונ איבערזעטצונגען; אונטער זייא עראיננערן מיר זיך בעזאָנדערס: „ווי־טעלע דיא צנועה" [.....] ענדליך „דאָס לעכט", דאָס איז נאָכגע־מאַכט אויף דעם שטייגער פין שיללער'ס גלאָקע. דאָס לעכט שפּיעלט בייא יודען אזא ראָללע וויא דער גלאָק בייא קריסטען בייא אַללע געלעגענהייטען פון דער געבורט ביז צום טוידט. דערבייא איז פאָר־געשטעללט אויסגעצייכענט דאָס גאַנצע יודישע לעבען מיט דער ער־ציהונג, דאָס געשעפטס־ אונ געמיינדע לעבען. אזא געדיכט איז שוין געדרוקט אים יודישען „דער קיטעל" אויך זעהר גוט, נאָר „דאָס לעכט" איז נאָך בעססער. שוין דארום וואָס דער קיטעל קוממט ניט פאָר בייא דער געבורט, ובכלל דיא לעבהאַפטע שילדערונג איז אויסגעצייכענט אין עטטינגער'ס „דאָס לעכט". — עס איז אויך פון איהם דאָ „דעם לייב'ס טוידט" אונ „דיא אסיפה".

[...] עס וואָלט זעהר רעכט געוועזען דיא יורשים פונ'ם ד"ר עטטינגער זאָללען זעהן דאָס אנדענקען פון זייער פאטער צו בע־עהרען מיט דעם וואָס זייא וועלין דיא מאנוסקריפּטע לאָזען פער־אָפפענטליכען, אללע געדיכטע, עפּיגראמע (מיט אויסנאהמע דיא ניט פאססענדע וואס ער האָט בייא מאנכע געלעגענהייטען געשריעבען צום שפּאס, צו צייגען אז מען קענן אללעס ארויסברענגען אים יודי־שען מיט געשמאַק, דיא זענין פאר זיך מייסטערשטיקע, נאָר ניט פאר דער אָפפענטליכקייט), זעלבסט „סערקעלי" נאך דער לעצטען פערבעססערטען בעארבייטונג פונ'ם פּערפאססער, יעצט וועט עס ערשט פוראָר מאַכען ».

2. **א. ב. גאָטלאָבער, זכרונות איבער זשאַרגאָ־נישע שרייבער**, יודישע פאָלקסביבליאָטהעק I, 1888, ז' 253—254.

זייער וויכטיקע — הגם ניט אומעטום פאַרלאָזלעכע — ביאָגראַפי־
שע פּרטים.

3. הנק, בראש הומיות, הצפירה 1888, נומ׳ 14.

„אולם עוד יותר [איידער גאָלדפאַדענען] נאוה תהלה להשיר
„פרומע בערען״ של המנוח הד״ר עטינגער מזאמאשטש בחוברת הנ״ל
[„פאַט ליענפריינד״.] כי לשונו לשון צחה, והבקורת עמוקה היא ורחבה״.

4. הנק, וידוי הגדול, הצפירה 1888, נומ׳ 19.

אַ פרייע איבערזעצונג פון ע׳ס „פרומע בערן״, מיט אַ הערה
וואָס לויבט שטאַרק דעם מחבר. אָט זיינען אַ פּאָר זאַצן פון דאָרטן:
„הרופא הנ״ל היה אחד הראשונים אשר הפיחו רוח חים בשפה
הבלולה אשר לנו. הוא השכין יפיפותו של יפת באהלי שם, בכתבו
שירים נחמדים מחיי היהודים בשפה הנשחתה הזאת, ויצוק עליה
רוח חן, להפיג טעם מרירותה, וילבש את הערומה הזאת מלבושי
כבוד, עד כי כל קורא יעמיד משתאה לראות כי הוציא יקר מזולל
ומעז יצא מתוק... כתב לרעהו כמדומה לי להד״ר אפרים ע, בהודע
לו כי שנה את שמו ויקרא בשם „פראנץ״: „דיין טאַטע האָט דיר
אַ נאָמען געגעבן אפרים / רופסטו דיך גאָר פראַנץ! / אַזוי זאָלן הייסן
אַלע גוים, / און דו טאַנץ נישט נאָך דעם טאַנץ״. ויש אומרים, כי
השורה האחרונה היא: „און דו זיי נישט קיין...״

5. K. ד״ר ש. עטטינגערס משלים, „דאָס יודישע
פאָלקסבלאַט״ 1889, נומ׳ 7, ביילאַגע.

אַ קורצע רעצענזיע; לויבנדיק, אָבער ווייניק זאַכלעך.

6. ארז [אַלכסנדר צעדערבוים], דר. שלמה עטטינ־
גער (תולדות יוצר ספרות יהודית מדוברת), המליץ 1889,
נומ׳ 86 און נומ׳ 110.

צוויי גרויסע זייער אינטערעסאַנטע און וויכטיקע אַרטיקלען מיט
אַ סך — ניט אין אַלע פּרטים פאַרלאָזלעכן — ביאָגראַפישן מאַטעריאַל;
אַרויסגערופן דורך דעם ערשיינען פון דער פּט״בגער אויסגאַבע פון
ע׳ס ווערק. „אחשוב לחובה עלי לכתוב על ספר חיי האיש הגדול
מרבים זה, לעשות מזכרת לידיד אבי המנוח וידידי מנוער, כי ציור
תולדות איש כזה הוא תכנית יחידי סגולה בתקופת המעברה, אשר

בנו גשר מחוף ים הדעת בתורה ובתלמוד ופוסקים וחיי עם בודד במועדיו, אל חוף החכמה והמדעים וחיי עולם המעשה"...

7. С. M. [ש. דובנאָוו]: **משלים אונד ליעדלעך,** Басни, пѣсни и эпиграммы д-ра С. Эттингера. Изданіе В. С. Эттингера. С.-Петербургъ, 1889 (254 стр. in 16⁰), Восходъ 1890, VI, p. 52—53.

אַ רעצענזיע (אין אַלגעמיין אַ פּאָזיטיווע) אויפֿן ביכל, מיט אַ באַדויערן, וואָס עס זיינען ניט אַריין „די סאַטירישע פּאָעמע (!) סערקעלע" און „אַנדערע קליינע זאַכן, וועגן וועלכע ס'דערמאָנען די בני־דור".

8. **ד"ר מ. פינעס, די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור,** I, וואַרשע, 1911, ז' 95—98.

גרייזיק אין פּרט פון פאַקטן, ווי אַלצדינג ביי פינעסן, אָבער ניט קיין שלעכטע, הגם אויבנאויפיקע כאַראַקטעריסטיק.

9. **ד"ר אַ. קאַפּעל, ד"ר שלמה עטינגער (זיין לעבן און זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט),** דער פּנקס, ווילנע 1913, ז' 37—48.

די ערשטע גרונטיקע אַרבעט וועגן עטינגערן; אויסגענוצט אויך אַ טייל פון דער האַנטשריפטיקער ירושה.

10. **י. ל. פרץ, מיינע זכרונות,** „יודישע וועלט" 1913—1914 און דערנאָך אין אַ באַזונדער אויסגאַבע, ווילנע 1920, אין אַ סך ערטער.

11. **ז. רייזען, לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פּרעסע,** וואַרשע 1914, ז' 440—446.

אין פּרט פון ביאָגראַפיע אַן ערך דער מאַטעריאַל וואָס אין נומ' 9 (פונעם זעלביקן מקור — פון עט' טאָכטער דישע שפּיראָ); ליטעראַרישע אָפּשאַצונג אַ סך געניער.

12. **ב. גאָרין, די געשיכטע פון אידישען טהעאַטער** I, ניו־יאָרק 1918, ז' 90—100.

איבערהויפּט וועגן „סערקעלע"; גיט אויך אַ פּאַראַלליך צווישן דעם כתב־יד וואָס געפינט זיך אין ניו־יאָרק (5MS) און דער אויסגאַבע וואַרשע 1875.

13. ש. מ[ענדעלסאָן], נאָכוואָרט צו דער אויסגאַבע פון די „משלים“, וואַרשע 1920, ז' 129—145.

כאַראַקטעריסטיק פון דער תקופה; קורצע ביאָגראַפיע (לויט קאַפּעלן); משלים אין יידיש; עט' ווערק אַחוץ די „משלים“.

14. **Szacki, Jakób, Znakomici żydzi rodem z Zamościa** «Teka Zamojska» 1921, Nr. 1—2, p. 23.

15. **ז. רייזען, פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע** I, וואַרשע 1923, ז' 269—352.

גיט, אַחוץ היפּשע אויסצוגן פון ע' ווערק (ז' 287—352), אויך אַ ביאָגראַפישע סקיצע (דאָס רוב לויט קאַפּעלן) און אַ ליטעראַרישע אָפּשאַצונג.

16. **[מלך ראַוויטש], אויף ד"ר שלמה עטינגערס קבר,** ליטעראַרישע בלעטער 1924, נומ' 15.

גיט אַ בילד פון ע'ס מצבה און עטלעכע אַנעקדאָטן וועגן אים.

17. **ש. אַשכּנזי, עטינגער-אַנעקדאָטן (דערציילט פון אַ בן-עיר),** ליטער' בלעטער 1924, נומ' 23.

געבראַכט אייניקע פאַקטן און אַנעקדאָטן פון ע'ס לעבן, צווישן זיי אויך אַ וואַריאַנט פון דעם זעלבן עפּיגראַם וואָס הנ"ך דערמאָנט (זע 4). דאָ ווערט אָנגעוויזן אַלס אַדרעסאַט איינער אַ זאַמאָשצער פּאַצעט אפרים זייגערמאַכער.

# דאָס ליכט

ווי צוגעמויערט צום קוימען שטייט
דער קעסל, מיט חלב ביז צום ראַנד;
נאָך היינט מוזן די ליכט זיין גרייט.
ריירט איך, יונגען! זייטס אַלע ביינאַנד.
פון דעם פנים היים
קאַפּען מוז דער שוויים,
ווען די מלאכה זאָל דעם מייסטער לויבן:
אָבער די ברכה קומט נאָר פון אויבן.

צו דער מלאָכה, וואָס מיר מאַכן אַצינד,
שיקט זיך עפּעס אַן ערנסטער שמועס;
וואָרן נאָר די אַרבעט מאַכט זיך געשווינד,
וואָס מען רעדט הערביי אַ וואָרט אַ זיס.
לאָמיר זשע מיט פליים איצט איבערקלערן,
וואָס מיט אונזער אַרבעט קען אַלץ גיין פיר:
פאַר דעם שוטה מעג מען זיך פאַרשווערן,
וואָס מאַכט פאַרטיק און קלערט נישט נאָך פריער.
דאָס איז דאָך ביים מענטש ערשט דאָס שיינע,
צו דעם האָט ער אין חכמה אַ כוח,
ער זאָל אַפילו אַ מלאכה אַ קליינע
פריער איבערקלערן ביי זיך אין מוח.

טרוקענע קוילן ברענגטס נאָך אַהער,
דאָס פייער זאָל זיין אַ סך גרעסער;
וואָרן וואָס די היץ איז אַלץ מער,
קאָכט זיך תמיד דער קעסל בעסער.
דעם חלב צעשטאָכן!
ער זאָל גוט אויסקאָכן,
עס זאָל אויס דעם פעטן געקעכטס
טאַקע ווערן אַ גוט געריכטס. —

דאָס וואָס מיר ווילן האָ מאַכן
און מיר צעשמעלצן איצט אין פייער,
וועט אַמאָל דערקלערן זאַכן,
וואָס זענען ביי אונז גאַנץ טייער.
צי וועט זיין אַ שמחה צי אַ לייד,
וועט עס געבן צו דערקענען,
און נישט מיט ווערטער, נישט מיט רייד,
נאָר אַז מען וועט עס זען ברענען;
פון דער צייט וואָס מען ווערט געבוירן,
צי גייט עס גוט, צי גייט עס שלעכט,
ביז מען ווערט פון דער וועלט פארלוירן.
וועט אַלץ דערקלערן אונזער ליכט. —

ווייסע בלעזלעך זע איך שווימען,
דער חלב הייבט אָן צו צעגיין,
פאָטאַש דאַרף דערצו צוקומען,
וועט ער ווערן פון פסולת ריין.
נאָר גיך! נישט געזוימט!
געשווינד נאָר געשוימט!

ריין און קלאָר מוז דער הלבֿ זיין,
אַז ער זאָל געבן אַ קלאָרן שיין.

באַלד ווי דאָס קינד קומט פֿון דער מיטער,
ווייס ער נישט וואָס איז זיס, וואָס ביטער,
אין דער צייט ליגן נאָך פֿאַרבאָרגן
זיינע אַלע שמחות און זאָרגן. —
איצט קומט ער אויף דער וועלט אַרויס,
ווי פֿון אַ פֿינסטער, אַ טונקל הויז.
דאָס ערשטע איז די ליכטיקע שיין,
וואָס פֿאַלט אים אין די אויגן אַריין;
ער קען זיך מיט איר נישט דערקוויקן.
ער קען אין איר נישט אַריינקיקן.
מיט דעם גרויסן לאַרים און געוויין
קומט ער אויף דער וועלט אַרויסצוגיין.
די מאַמע די קימפּעטאָרן
צוזאַמען מיט דער וואַרטאָרן
גיבן זיך נעבעך אַלע מי
און דעקן אים די אייגעלעך צי.
נאָר אַ ליכט צינדט מען אָן אין ווינקל,
עס מעג זיין ליכטיק, מעג זיין טינקל;
ווייל די אַלטע באָבע דבֿורה
ציטערט זייער, די האָט מורא,
די שדים זאָלן נישט קימען
פֿון איך ווייס נישט וואו צו שווימען
אָדער אויף קאָטשערעס צו רייטן,
דאָס זיסע קינד־לעבּ צו פֿאַרבייטן.
און די שדים אַוועקצוטרייבן,

דאָס קינד זאָל האָבּ אייגענע בּלייבּן,
קען נאָר דערהיטן אונזער לעבּט,
אַלבּט גאַנצע טעג און גאַנצע נעכּט;
וואָרן עס הייערט אַזוי לאַנג דער שטית*,
בּיז עס קומט דער טאָג פֿון בּרית.

נאָך הלבּ לאָז מען גיך צושיטן,
דער קעסל איז אַ סך נישט פֿיל**;
ער האָט איינגעקאָכט בּיז אין מיטן,
כאָטש ער קאָכט זיך אַזוי גאָר שטיל.
לאָז מען די טישן
גאַנץ ריין אָפּווישן!
כסדר די פֿאָרמעס גלייך געשטעלט,
ליכט וועלן מיר מאַכן פֿאַר דער וועלט.

אין אַ גוטער מזלדיקער שעה!
דער טאָג פֿון בּרית איז למזל דאָ.
אַ שמחה איז אין דעם גאַנצן הויז,
די קימפּעטאָרן פֿון בּעט אַרויס,
עס שטייט שוין פֿאַרבּעט ווי אַ געצעלט,
דער טיש איז מיט לייכטער בּאַשטעלט;
און איינגעמאַכטס, לעקעך, נאַשעריי
מעג איטלעכער נעמען פֿראַנק און פריי. —

אין גילדנגעשטריקענע קליידער
און גאָר מאָדנע געשלייערט כסדר,
אָנגעלענט בּיים טיש איבּנאָן,
זיצט די קימפּעטאָרן אָנגעטאָן.

* = שטות. ** = פֿול.

מיט נחת האָט איר גאָט פֿאַרגאָלטן
די קללה וואָס ער האָט זי געשאָלטן. —
די ווייבער קומען, אָנגעטאָן שיין,
מזל־טוב ביטן צו איר צו גיין.
איטלעכע ווינטשט איר גאָר באַזונדער,
זי זאָל דערלעבן ביי קינדס־קינדער!
איצט ווערט געשמועסט, געשמייכלט, געלאַכט,
פֿון יונגע ווייבלעך חוזק געמאַכט,
ווייל דער מנהג איז אַזוי אין לאַנד.
איטלעכע נעמט דאָס קינד אויף דער האַנט.
נאָר דער נעבעך גיט מען נישט דאָס קינד,
וואָס טראָגט איינס ביי זיך אַליין אַצינד. —
און דאָס ווייבל, שיין ווי אַ פּאַווע,
טרינקט דערווייל איר שעלעכל קאַווע,
רויט ווי פֿייער ווערט איר בעקעלע,
זי פֿאַרדעקט נעבעך איר פּעקעלע. —
אַ גרויס געדרודער ווי אין אַ מיל
איז איצט דאָרט אין דער הייליקער שיל.
אויף איטלעכן לייכטער גאַנץ געדיכט
ברענען זיך גאָר איין אוצר מיט ליכט.
מען זעט נישט לידיק אַפֿילו איין רער;
שמשים לויפֿן אַהין און אַהער,
דער בעל־ברית אין דעם נייעם קאַפּטן
מיט זיינע קרובים און קונדשאַפֿטן
אין טליתים מיט ברייטע עטרות
הערן זינגען דעם שיינעם „וכרות“,
און דער חזן מאַכט אַ געלענק,
מען שטעלט זיך אַזש אויף די בענק. —

איצט איז דאָס דאַוונען שוין פאַרביי.
„קוואַטער!" גיט דער שמש אַ געשריי;
פון דער זיסער כלה, די שיינע,
נעמט דער חתן דאָס קינד דאָס קליינע,
פון אים נעמט דער רב, אין צדקות גרויס,
און ליגט זיך אַנידער אויף דער שויס,
און ווי אברהם, אונזער זיידע,
האָט געבראַכט זיין זון אויף דער עקדה,
שטייט גאָר פרום דער פאָטער ביי זיין קינד
אים צו לאָזן מל זיין אצינד. —

עס קומען פון צווישן דעם עולם
דריי גאַנץ געשיקטע פרימע מוהלים,
איינער איז היתוך, איינער פריעה,
איינער מציצה, צום בלוט אַ רפיאה*. —
איצט מאַכט דער פאָטער הויך די ברכה,
מען ווינטשט „מזל־טוב" דער משפחה,
דעם קינד ווערט אַ נאָמען געגעבן,
און אַזוי הייסט ער ביי זיין לעבן;
דער גאַנצער עולם ווערט פאַרבעטן,
דער שמש וויל קיינעם אָפּטרעטן,
קיינער טאָר ניט זאָגן דאָס וואָרט „ניין",
איטלעכער מוז אויף דעם ברית מיטגיין.
דאָרט ווערט געטרונקען און געגעסן,
און אָן אָרימעלייט ניט פאַרגעסן;
דער חזן באַווייזט אויך זיין כוח
און זינגט די „מי־שברכס" גאַנץ הויך;
זיי זיצן, שמועסן און דערציילן,

* = רפואה.

און לאַכן בײם רעשינקע־טײלן,
דערנאָך בענטשן זײ און ליבן
אונזער הײליקן גאָט דאָרט אויבן;
װינטשן גרוים גליק דער מאַמען און טאַטן.
און גײען צום משא־ומתן. —

די ליכט זאָלן בעסער ניצן,
טוט אַ ביסעלע מעל אַרײן,
װעלן זײ שוין נישט מער שפריצן
און װעלן אַסך קלערער זײן.
נעמט אַרויס די צויטן!
גלײך געשטעלט די קנויטן!
װעט נאָר די קנויט אין דער מיט שטײן,
װעט זי ברענען גאַנץ קלאָר און שײן. —

װי דימענטן און בריליאַנטן קלאָר
זענען בײ די מענטשן די קינדער־יאָר:
זײ זײנען גאָר נישט צו דערצאָלן,
זײ זענען גאָר נישט צו דערמאָנען.
מיט גרויסער שמחה, מיט גרויסער לוסט
זויגט די מוטער איר קינד בײ איר ברוסט;
איר לעבן פאַר זיך הערט אויף אַצינד,
זי לעבט פון איצט אָן נאָר פאַר איר קינד,
זי פאַרגעסט שוין גאָר אין דעם שפיגל,
זי זיצט ליבער בײ איר קינדס װיגל
און קלערט און טראַכט, ער זאָל אַלץ האָבן
מיט װאָס אַ קינד קען זיך דערלאָבן.
באָדן, װיקלען, נײען און העפטן
זענען בײטאָג אירע געשעפטן;

און ביינאַכט זינגט זי זיך אַ ניגון,
דאָס זיסע קינד-לעב איינצוויגן.
און ווער איז אין שטאַנד צו דערציילן,
ווי זי מוז זיך נעבעך ערשט קוויילן,
ווען דעם קינד קומען אַרויס די ציין,
ווען ער הייבט אָן אַ ביסעלע צו גיין?
דאָ האָט ער זיך דערגליט איין פּאָקן,
דאָ לאַפּט ער אָן איבעריקן בראָקן,
דאָ האָט דער מלמד שטאַרק געשלאָגן,
שפּעט דער באַהעלפער מיטאָגס געטראָגן,
דאָ איז ווידער אַ לייד, אַ צרה,
ער קען נישט שבת די גמרא...
אַזוי גייט אַוועק אַ לאַנגע צייט,
ביז דאָס קינד-לעב ווערט טאַקע אַ לייט. —

דאָס בהורל האָט אַ שם געקריגן,
פאַר אַ גרויסן עילוי אַ קליגן.
עס יאָגן זיך שוין די שדכנים,
זאָגן צו אַ גאַנץ סך מזומנים,
שווינדלען, מאַכן כל הפּסלנות,
זאָגן צו מער קעסט און מתנות,
און שווערן זיך כּפל-כּפלים,
אַז דער שידוך איז משמים.
חתן-כלה מוזן אויך ווערן,
ווייל עס איז די מאַמעס געפעלן.
איצט גייט שוין אַלץ צו גאָר ווי געשמירט,
דער שידוך איז למזל אויסגעפירט. —
איצט טוט זיך ערשט ווי אויף אַ יריד;

שניידערס און קרוזנערס נייען זיך מיד:
מען קאָכט, מען בראָט, מען פּרעגלט און פּרעכט;
מען ריכט זיך אויף אַן אוצר מיט געסט.
דער חתן חזרט זיך דאָס פּשטל
און דער מחותן מאַכט דאָס גאַסט־צעטל,
און שבחות־צו־נאַכטס פון שבת נחמו
שפּילן די כלי־זמר זמירות צו. —

דינסטאָג, דעם טאָג דעם טאָפּלט גיטן,
הייבן זיך אָן די געסט צו שיטן.
אַ גרויס געהודער, אַ גרויס געזום,
בחורים זעצט מען ביים טיש אַרום,
דער חתן זיצט אין יום־טוב־קליידער,
לעבן אים די חברים פון חדר.
זיי פּלוידערן, שמועסן ווי קינדער
פון קאָמעדיעס, קונצן און וווּנדער,
און באַהעלפער שטייען אַרום און האַרן,
ביי ווי דאָס שאַצגעלט אויסצונאַרן.
אויף דעם טיש שטייט אַ זילבערנע טאַץ,
מען פאַרקויפט דעם חתנס ערשטן פּלאַץ.
און ווער עס באַצאָלט פאַר דעם פּלאַץ מיין,
דער זיצט נעבן דעם חתן אַליין. —
איצט קומען צום קבלת־פּנים
די מחותנתטעס און מחותנים,
דער שטאָט־רב מיט די דיינים,
אַלע קרובים, פריינד און למדנים,
אַלע מיט גרויסע יום־שטעקנס,
פון דאַנען צו גיין צו באַדעקנס.

אין אַ באַזונדער הויז דאָרט דערנעבן
טאַנצן מיידלעך, שפּרינגען און שוועבן.
איטלעכע באַזונדער פון גרויס ביז קליין
אין זיידנצייג אָנגעטון גאַנץ שיין,
און די כּלי-זמרים שפּילן זיי צו
שוין תּיכּף זייגער צען אינדערפרי.
די שענסטע פון די מיידלעך אַלע
איז אונזער ליבלנדיקע כּלה.
שיין צום לעצטן מאָל פאַרקעמט דעם קאָפּ,
צום לעצטן מאָל פאַרפלאָכטן דעם צאָפּ.
האָט ווי די זון איר פּנים געשיינט
אָן איר הייליקן חופּה-טאָג הײנט;
נעבן אירע צוויי רויטע בעקעלעך
הענגען זיך אַראָפּ צוויי בינט לעקעלעך
גאָר אַזוי ווי צוויי בינט ווייַנטרויבן,
און האָט אייגעלעך ווי די טויבן.
איר גוף איז שיין צונאַנד געשנירט,
איר ווייס העלדזל מיט צירונג געציִרט;
קורץ, אַלץ וואָס זי גייט הײנט אָנגעטאָן,
שטייט צו איר פּנימל גאַנץ שיין אָן.
זי טאַנצט און שמועסט מיט זיסע ריידעלעך,
מיט אירע חבֿרטעס די מיידעלעך.
ווייבער קומען פון אַלע עקן,
די כּלה וועט מען באַלד באַדעקן.
מען זעצט זי אַנידער אויף אַ שטול,
דער קלעזמער גיט ווייַנענדיק אַ שפּיל.
דער מאַרשעליק הייבט אָן גראַמען צו זאָגן,
די ווייבער יאָמערן און קלאָגן,

די כלה פאַרלירט שיר איר געזינט,
זי וויינט, קלאָגט ווי אַ פּיצעלע קינד.
פּליצלונג גיט דער מאַרשעליק אַ געשריי:
„אין אַ מזלדיקער שעה, טראַלאַליי!“
עס עפענען זיך אויף ביידע טירן,
און דעם חתן ברענגען צו פירן
דער רבֿ, די קרובֿים און מחותנים,
און באַדעקן דער כּלהס פּנים.
איצט איז דער לאַרעם אָן אַ שיעור,
„מזל־טובֿ!“, ווינטשט מען נאָך מער ווי פיר,
און די כּלה מוז נאָך דעם געוויין
מיט איטלעכער יידענע טאַנצן גיין, —
דאָס פּנים מיט דעם דעקטוך פאַרדעקט.
מיט דעם איז דאָס באַדעקנס געעקט. —
אין אַ שעה אַרום ווערט שוין ווידער
אַ גרויס געראַש, אַ גרויס גערידער:
אַ כך לאַמפּערטעס, גאַסניונגען,
שרייען, לאַכן, לויפן און שפרינגען,
דער מאַרשעליק מאַכט גרויס לצנות
ער טראָגט דער כּלה די מתנות.
אין דעם שטערנטיכל אָנגעטאָן,
טראָגט ער אַ שפּיגל נאָר אויף אַ צאָן;
אַ פאַרטוך, אַ שפּיץ, אַ געשלידער,
אַ שיינעם קרבן־מנחה־סידור,
זיידענע זעקלעך, שיך מיט קלעצל,
טראָגט ער אויף אַ זילבערן טעצל;
די מייחלעך הייבן אָן צו לאַכן
ווי מען ברענגט דער כּלה די זאַכן,

און די כלה, בלייך פון תענית,
פרייט זיך כאָטש מיט אירע מתנות.

אין שטוב הייבט אָן ליכטיק צו ווערן,
ליכט צינדט מען אָן אין אַלע רערן;
אַלע גלעזערנע לייכטער פינקלען,
עס איז ליכטיק אין אַלע ווינקלען;
ליכט ברענען אין עסעס אויף די ווענט,
די אויגן ווערן שיר ניט פאַרבלענדט;
לאָמפּן שטייען אויף אַלע טישן,
און זילבערנע לייכטער דערצווישן.
גאָר באַזונדער פון די ליכט אַלע
צינדט אַליין אָן פיר ליכט די כלה,
וויינט און פאַרגיסט טרערן אָן אַ צאָל,
לויבט גאָט און בענטשט ליכט צום ערשטן מאָל. —

איצט קומען ווייבער גאַנצע קופּעס,
שיין אָנגעטאָן אין ווייסע יופּעס,
דער מאַרשעליק, אויפגעהערט צו לֵצן
שרייט, מען זאָל די כלה באַזעצן.
ער זאָגט איצט ווערטער טאַקע גאַנץ פרום,
ווייבער שטייען ביי דער כלה אַרום,
דעם מאַרשעליקס רייד צוצוהערן,
און פאַרגיסן אַ באַך מיט טרערן.
ער זאָגט איר, אַז ביי אָרים און רייך
איז אַ חופה-טאָג דעם יום-כּיפּור גלייך;
און אַז זי וועט שטאַרק וויינען אַצינד,
וועט איר גאָט מוחל זיין אירע זינד.
און די כלה פאָלגט אים וואָס ער זאָגט,

וויינט גאָר יאָמערליך, העשעט אין קלאָגט,
איר פּנים ווערט אַלע מאָל בלאַסער,
די פּאַרגיסט טרערן גאָר ווי וואַסער.
די ווייבער שטופּן זיך קעפּ איף קעפּ
צו פּלעכטן דער כּלהס שיינע צעפּ
און שמירן מיט האָניק אירע האָר,
גאָט זאָל איר פּאַרזיסן אירע יאָר.
מיט דעם האָט דאָס באַזינגען איין עק,
די קלעזמער גייען צום חתן אַוועק.

אַזוי ווי ביי שיף אָן אַ רודער,
איז איצט ביים חתן אַ גערודער.
מען שטייט אויף בענק און אויף טישן,
דאָ וויינט מען, דאָרט לאַכט מען דערצווישן;
קרובים, יידן, ווייבער און יינגען
הערן צו דעם חתן באַזינגען.
דער מאַרשעליק שרייט אַלע מאָל: „שטיל!“
און מען מאַכט לאַרעם וויפיל מען וויל.
די שטוב איז אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן,
מען רופט שוין אויס דעם חתן בענטשן,
די מחותנים בענטשן מיט געוויין,
און די ווייבער יאָמערן נאָך מיין.
צוויי גאַנץ גרויסע לייט, צוויי רעגירערס,
זענען דעם חתנס אונטערפירערס,
זיי העלפן אים אָנטון דעם קיטל
אין די שיינע יום־כּיפּור היטל.
צוויי הבדלות גאַנץ שיין געבונדן
ווערן פון זיי איצט אָנגעצונדן;

נעמען דעם חתן אונטערן אָרים,
אַ מאַרש שפּילן אויף די כלי־זמרים,
די קעסלפּויקן און טראָמפּייטן,
מיט פידלען, צימבלען און מיט פלייטן,
און מיט מענטשן אַ גאַנצע קופּע
פירט מען דעם חתן צו דער חופּה,
צו דער הייליקער שול פראַנק און פריי,
גאָר איבער דעם גאַנצן מאַרק פאַרביי,
איטלעכער לויפט איבער שטאָק און שטיין, —
אַ מצווה צו אַ חופּה צו גיין
אונטער דער חופּה ווי אַ געצעלט
האָט מען דעם חתן אַהינגעשטעלט,
און גיך לויפן די קלעזמער אַצינד,
צו ברענגען די כלה גאַנץ געשווינד;
מען בענטשט זי אויך ווי דעם חתן פריער,
דאָס וויינען האָט איצט גאָר קיין שיעור.
די זיסע כלה, בלייך ווי די וואַנט,
פירן אונטערפירערקעס ביי דער האַנט;
דער שיין פון זייערע צוויי הבדלות
איז ווי פון הימל צוויי מזלות.
ווייבער שיטן זיך נאָך גאָר גוזמאות,
פלוידערן אַ סך פון זייערע ניין מאָס.
מיט דער כלה קיין שהיות געמאַכט,
האָט מען זי גיך צום חתן געבראַכט.
די אונטערפירערקעס דרייען זיך פרום
דריי מאָל מיט איר אום דעם חתן אַרום;
„מי אַדיר“ גיט דער חתן אַ זונג,
און דער באַס האַלט אונטער ווי אַ יונג.

אַ שיינער ייִד פֿון דער משפּחה
מאַכט איצט הויך די ערשטע ברכה,
און דער חתן, כאָטש פֿון תענית מאַט,
זאָגט נאָך וואָרט פֿאַר וואָרט דעם „הרי את“,
און טוט אין איין וועגס אָן גאַנץ סמיאַלע
דאָס פֿינגערל דער שיינער כלה.
דער רבֿ איז מסדר־קדושין שיין
און גיט די כּתובה געשווינד אַליין,
דערנאָך צעטרעט דער חתן אַ גלאָז;
די אַנדערע ברכה זאָגט אַ בעל־בית.
די קלעזמער שפּילן לוסטיק, געשמאַק,
און די ווייבער פּאַטשן צו צום טאַק
חתן־כּלה גייען ביידע ביינאַנד,
פֿירן זיך ביידע אונטער דער האַנט;
איטלעכער ווינטשט „מזל־טובֿ“ און גליק,
און מען גייט לוסטיק אַהיים צוריק. —
נעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען
זעצט מען חתן־כּלה צוזאַמען;
און מען דערלאַנגט זיי שוין נעבעך אויך
די פֿעטע, זיסע, גילדענע יויך.
איצט איז ערשט אַ גרויס נחת, אַ פֿרייד,
אומעטום ווערט איצט צו טיש געגרייט;
די געסט קומען צונאַנד בייצייטן,
זיצן ביים טיש פֿון אַלע זייטן.
מען הייבט אָן צו געבן צו עסן,
עס ווערט אָן קיינעם נישט פֿאַרגעסן;
מע גיט אַלע מאָל אויף אַ ניי געקעכטס,
און ווידער אַ ניי־מאָדיש געבעקטס;

און מען דאַרף נאָר צו געבן אַוואונק,
דערלאַנגט מען תּיכּף דעם בעסטן טרונק.
דער פּאָרטער איז גוט, דער מעד איז פֿיין,
מען טרינקט צו „לחיים" ביי גוטן ווײַן,
עס ווערט אַ ביסל געשמועסט, געלאַכט,
פֿון הזן מי־שברכים געמאַכט,
דער מאַרשעליק שטעלט זיך אויף אַ באַנק
און רופֿט אויס הויך דאָס דרשה־געשאַנק;
די קלעזמער שפּילן אַ שטיק אַ שיינס,
דער בדחן מאַכט אַן אָנשטעל אַ קליינס,
און נאָך שבע־ברכות ביים בענטשן
גייען אַוועק עטלעכע מענטשן;
נאָר יענע גייען נאָך נישט אַוועק,
וואָס ווילן בלײַבן גאָר ביז צום עק,
עס בלײַבן איבער וואוילע יונגען,
וואָס ווילן טאַנצן, אַ ביסל זינגען,
מען רופֿט אויף דעם עולם אינגאַנצן
איטלעכן מיט דער כּלה טאַנצן,
דער בדחן באַווייזט איצט זיין קונצשטיק
און זאָגט גראַמען אַהין און צוריק,
ער מאַכט אין פּסוקים גרויסע גרייזן,
ער זאָל נאָר קענען זיינס באַווייזן,
אַז פֿון דעם פּסוק איז געדרונגען,
אַז ער מוז דעם חתן באַזונגען. —

דער עולם ווערט לוסטיק אָן אַ מאָס,
איטלעכער שרייט, ער וויל ווײַן אַ גלאָז.
דעם חתן צווישן זיך גענומען,

לאָזט מען צו דער כּלה נישט קומען;
זיי ווערן גאָר אַלע ווי פֿאַרמישט,
וואָס איינער וויל, וויל דער אַנדערער נישט,
דער שרייט: „קלעזמער! שפּיל מיר איין אינגער!“
דער: „ניין, איך צעבּרעך דיר די פֿינגער!“
דער שרייט ווידער: „שפּיל מיר אַוואָלעך!“
דער: „ניין, שפּיל בּעסער „אַדוני מלך!“
דער שרייט, מען זאָל שפּילן אַקייגן,
און דער שרייט, מען זאָל שוין פֿירן לייגן;
דאָרט רירט שוין איינער קיים מיט דער צונג,
און שרייט, מען זאָל בּאַלד שטעלן אַ טרונק.
„גוואַלד, קינדער, עס איז שוין נאָך דריי!“
מאַכט די מחותנתטע אַ געשריי.
דער עולם הערט נישט אויף משוגע צו זיין,
מען שרייט: „גיט תּיכּף ווין! גיט נאָך וויין!“,
דער קלעזמער שטייט שלעפֿעריק און ריפּעט,
און דער עולם האַצקעט און טיפּעט*.
און דעם חתן צו בּאַפֿרייען,
און דעם עולם נישט מער צו הייען,
שטעלט מען טאַקע דעם טרונק דעם גרויכן. —
דאָס איבּעריקע מעג מען זיך שטויכן.

מיר מוזן זיך אַ ביסל איילן,
הייבּט אָן אָנצוגיסן די רערן!
מיר טאָר'מיר זיך נישט מער פֿאַרווײַלן,
מען מוז פֿאַר שבּת פֿאַרטיק ווערן.
נישט ליידיק געשטאַנען!

* = טופּעט.

דערלאַנגט מיר די פֿאַנען!
דער מוז אינדערוואָכן גוט שוויצן,
דער וואָס וויל שבת לײדיק זיצן.

אַלע באַשעפֿענישן וואָס לעבן
אויף דער ווייטער, גרויסער, שײנער וועלט,
האָט גאָט אַ גוט אײנהײל געגעבן,
וואָס זאָל זײ פֿאַרהיטן פֿאַר דער קעלט.
מיט שופּן האָט ער די פֿיש באַדעקט,
מיט פֿעדערן די פֿײגל באַשטעקט,
חיות, בהמות האָט ער פֿעל געשענקט,
אַפֿילו אָן בײמער האָט ער געדענקט;
נאָר פֿאַר דעם אײנציקן מענטש אַלײן,
האָט זיך אים געדאַכט, עס איז צו פֿיל,
אים האָט ער געלאָזט גאָר נאַקעט גײן,
אים האָט ער געלאָזט אָן אײן אײנהיל.
דערקעגן איז דאָס געווען זײן פּלאַן,
אַז דער מענטש וועט אַוודאי כּסדר
אַלײן שוין אַ בעל־מלאכה זײן
און זיך אַלײן מאַכן די קלײדער.
אויף דעם מענטשנס בײדע הענט באַוויזן,
אַז אַרבעט געהער צו אים, דעם קלוגן:
פֿיר פֿיס האָבן חיות צום שפּרײזן,
און ער לאָזט זיך מיט צוויי באַגנוגן.
און עס אַרבעט דער מענטש טאָג און נאַכט,
גאָר פֿליסיק, אָן געראַש, אָן גערידער,
רוט נישט ביז ער האָט פֿאַרטיק געמאַכט,
זײ העלפֿן זיך אַזוי ווי ברידער.

דער איז אַ גאַרבער, דער אַ בעקער,
דער גיט זיך אָפּ מיט קליידער נייען,
דער איז אַ פֿאַרבער, דער אַ העקער,
דעם זעט מען אַקערן און זייען,
דער איז אַ טרעגער, דער איז אַ בלעכער.
דער אַ קירזשנער, יענער אַ שוסטער,
דער איז אַ זעגער, דער אַ שטעכער,
דער אַ קאָוואַל אין איינגערוסטער.
צו אַלע מלאכות נעמט זיך דער ייד,
פֿאַר אים איז קיין שום זאַך נישט מיאוס,
און אַרבעט פֿלייסיק, און ווערט נישט מיד,
וואָרן נאָך דער אַרבעט איז ברויט זיס.
אויך ווייבער, נישט לײדיק צו זיצן,
פֿאַרזאָרגן אינדערהיים דאָס הויזראָט,
זיי וואַשן, נייען, קאָכן און פּוצן,
און קויפֿן אַלצדינג איין אין דער שטאָט.
זי זאָרגט פֿאַר איטלעכן באַזונדער,
זי פּאָרעט זיך אין הויז דרינגען,
זי דערציט און לערנט די קינדער,
און זעצט זיך דערנאָך פּאָדים שפּינען.
זיי אָבער נישט שטאַרק צו דאָקוטשען
מיט אַ סך אַרבעטן און טוען,
האָט גאָט, נאָך דעם אָפּמוטשען,
זיי געהייסן שבת אָפּרוען.
אַרבעט זעקס טאָג פֿלייסיק, גאָך און נאָך,
לאָז דיר אַריינקומען די ברכה!
נאָר דער זיבעטער טאָג אין דער וואָך
זאָל זיין שבת, טו קיין שום מלאכה!"

און אויף שבת זיך שוין צו רעכטן
הייבט זי אָן דאָנערשטאָג ביינאַכט;
דעם קוילטש זעט זי שיין צו פלעכטן,
רויט גישט, ביז ער איז פאַרטיק געמאַכט.
פרייטאָג, ערב-שבת אינדערפרי,
זעט מען דעם בעל-בית לויפן,
ער זשאַלעוועט נישט קיין געלט, קיין מי,
די פיש לכבוד שבת צו קויפן.
אינדערהיים אַלצדינג צו פאַרזאָרגן
זעט זיך די בעל-ביתטע צו פלייסן,
צי ביים עסן פון היינט און מאָרגן,
צי אַפילו ביים קוימען אָפּוויישן.
און קוים איז דאָס טשאָלנט נאָך פאַרריקט,
טוט זי זיך אָן אַנדערע קליידער
און פאַרעט זיך געשווינד אין געשיקט,
צינדט אָן ליכט אין איטלעכן חדר
דער הענגלייכטער, שווער פון געוויכט,
שפיגלט מיט זיינע צוועלף רערן,
און עס ברענען צוועלף שבת-ליכט,
איטלעכע לייכט גאָר ווי אַ שטערן.
פון אַלע ליכט די שענסטע זיבן
צינדט די בעל-ביתטע מיט איר האַנט אַן —
בענטשט ליכט, ווי עס שטייט געשריבן,
אין די שבת-קליידער אָנגעטאָן.
אין מיטן שטוב שטייט דער גרויסער טיש,
באַדעקט מיט אַ טישטוך, ווייס ווי שניי,
אויף אים שטייט דער פאָלומישעק מיט פיש
און ליגן צוגעדעקט חלות צוויי.

זיינע עסקים געפּטרט פֿון קאָפּ,
קומט דער מאַן צייטלעך אַהיים צו גיין;
ער לייענט די סדרה מיט דעם טראָפּ,
צוואָגט און וואַשט זיך דערנאָך אָפּ גאַנץ שיין;
זיינע קליידער צו איבערבייטן
גימט ער זיך גאַנץ געשווינד אַ פּאָרע,
טוט זיך אָן דאָס שטריימל בייציטן
און דעם קאַפּטן פֿון ראַצעמאָרע;
גיך כאַפּט ער אויף זיך זיין איינהיל
און אונטער דעם אָרים זיין סידור,
לויפֿט אַריין אין דער הייליקער שיל
און זעצט זיך אויף זיין שטאָט אַנידער.
די לייכטער זענען מיט ליכט געצירט,
קיין איינציקער איז ליידיק דרינען,
די שול איננאַנצן ווי לומעגירט,
גלייך עס העטן געשיינט צען זינען.
דער חזן מיט זיין קול דעם זיסן
איז מקבל-שבת שיין, וואָרט פֿאַר וואָרט,
דעם עולם הערט מען קיין וואָרט שמיסן,
איטלעכער דאַוונט שטיל אויף זיין אָרט.
דעם זילבערנעם בעכער, ביז צום ראַנד
פֿול מיט גוטן וויין גאָר אַ חידוש,
נעמט דער חזן אין דער רעכטער האַנט
און מאַכט שיין מיט דעם ניגון קידוש.
„גוט שבת!" איז אַ געווינטשעריי
צווישן מאַנען, ווייבער און קינדער,
און גייען אַהיים פֿון דאגות גאָר פריי
אויס דער שול איטלעכער באַזונדער.

דער בעל־בית קומט נאָר אין שטוב אַריין,
זאָגט ער דעם „שלום עליכם“ געשווינד,
דערנאָך נעמט ער דעם בעכער מיט ווייַן
און מאַכט דעם הייליקן קידוש אַצינד.
טעלער, שיסל און גלעזער קלינגען,
מען עסט, מען טרינקט גאַנץ גוט דערנעבן,
און זמירות הערט מען צו דעם זינגען,
וואָס האָט אונז דעם שבת געגעבן.
שבת־טאָג טיילט מען אין צוויי העלפטן,
האַלב איז צו גאָט, און האַלב איז צו לייט.
גאָט לויבט מען ביז דער שעה דער עלפטן,
און תענוג לעבט מען די איבריקע צייט.
גוטע פריינד קומען נאָך דעם עסן
איינער צום אַנדערן זיך צונאַנד,
שמועסן, רעדן פון אינטערעסן
איטלעכער באַזונדער נאָך זיין שטאַנד.
די וואָס קענען עפּעס אין ספרים,
קוקן פון דער סדרה די רש״י,
פאַרהערן די קינדער פון חדרים,
און זיי טרעפן דעם מהרש״אָס קשיה.
די פרומע באָבע פון זעכציק יאָר,
פון שלאָף ערשט אויפגעשטאַנען גאַנץ שטיל,
לייענט טייטש־חומש, מנורת המאור,
פאַר אירע חברטעס אויף דער בריל.
מיט קליידער, פערל און בריליאַנטן
זעט מען מיידלעך, ווייבלעך זיך צירן,
און ניי־מאָדישע עלעגאַנטן
זעט מען זיך צו יאָגן שפּאַצירן.

לוסטיק ווײַל מען שבת באַלײַטן,
וואָרן ער טוט אונז גאָר פֿיל עבן באַנג;
נאָך אַמאָל מוז מען צו טיש גרייטן,
שלש סעודות עסט מען מיט געזאַנג.
די זון הייבט שוין אָן אונטערצוגיין,
טרויעריק ווערט אין איטלעכן ווינקל,
פֿון מענטשן ווערן די גאַסן ריין.
אין שטוב ווערט פֿינסטער און טונקל.
דער שבת הייבט אָן אויפֿצוהערן,
מע העט שוין גערן געזען אַלעכט;
„ניין, מען זעט נאָך נישט גוט די שטערן,
מען טאָר נישט, עס איז נאָך נישט רעכט“.
פֿינסטער און שטיל איז איצט אומעטום,
מען קען הערן פֿליען די פֿליגן,
נאָר די אַלטע באָבע זאָגט גאַנץ פֿרום
„גאָט פֿון אברהם“ מיט דעם ניגון.
און קוים זעט מען אַ ליכט פֿון ווייטן,
איז באַלד „גוט וואָך!“ אַ געשרייערײַ,
מען ווינטשט זיך גליק און גוטע צייטן,
אַצינד איז דער שבת שוין פֿאַרבײַ.
פֿון גוטן ווײַן דעם פֿולן בעכער
אָנגעגאָסן ביז איבער דעם ראַנד,
דעם בשמים־ביקס מיט סאַמע לעכער
נעמט איצט דער בעל־בית אין האַנט,
די הבדלה האַלט דאָס קלענסטע קינד.
דער בעל־בית מאַכט די ברכה און שמעקט;
די לעצטע זמירות זינגט ער אַצינד, —
און מיט דעם איז דער שבת געענדיקט.

זעט, אויב דאָס וואַקס איז שוין צעגאַנגען,
אויב עס וועט ניט זיין צום גיסן שלעכט.
גרויס וועלן מיר מאַכן ווי די שטאַנגען
גרויסע, גראָבע יום־כיפור ליכט.
אַז זיי זאָלן קענען
אַ גאַנץ מעת־לעת ברענען,
מוזן זיי זיין גאַנץ לאַנג און דיק;
דאָס געהער אויך צו אונזער פאַבריק. —

דער זומער איז אַוועקגעגאַנגען,
די תבואה איז אַראָפּגענומען,
דאָס פעלד איז ליידיק פון זאַנגען,
ראש־חודש אלול איז געקומען.
דער עולם הייבט אָן פרום צו ווערן,
עס קומען די ימים־נוראים,
איטליכער הייבט אָן נאָכצוקלערן
איבער זיין פעקעלע מיט הטאים.
וואָרן דאָס איז איין מאָל שוין פאַרביי,
דאָס ליגט שוין ביים מענטש אין דער נאַטור:
ער קען נישט בלייבן פון זינד גאָר פריי,
מעג ער גאָר פרום זיין אָן אַ שיעור.
יוצא צו זיין פאַר גאָט און פאַר לייט
איז ביי אונז מענטשן די גרעסטע קונץ;
דעם מענטש מוזטו זוכן ברייט און ווייט,
ניין, דו געפינסט אים נישט צווישן אונז;
נאָר דאָס ווידער בעסער צו מאַכן
וואָס מען טוט אַליין שלעכט אין זיין לעבן
איז איינס פון די גאַנץ טייערע זאַכן,

װאָס אונז מענטשן האָט גאָט געגעבן.
איינער לאָזט זיך אַליין נישט באַגניגן
מיט זיין שוין בּיסעלע פאַרמעגן,
מיט זיין חבר מוז ער זיך קריגן
פון דעם משא־ומתן װעגן.
צװישן זיי הערט גאָר אויף דער בּטחון,
אימלעכער טראַכט נאָר אויף אַ נקמה,
עס גייט נאָר שוין אום נצחון,
דאָך געשעפט ליגט שוין אין דער אדמה.
צום סוף, אַז זיי קריגן זיך שוין לאַנג,
װילן זיי פון דער קריג אָפּטרעטן,
עס טוט זיי אַליין שוין זייער באַנג, —
נאָר װער זאָל גיין פריער איבערבעטן?
זיינען זיי זיך מישב אינמיטן —
עס איז דאָך ערב־יום־כּיפּור היינט —
און האָבן דעם תּירוץ דעם גיטן,
װידער צוריק צו װערן גוט־פריינד. —
איידער דער מענטש װערט אַלט און גרייזגראָ,
טרעפט זיך אַמאָל, מען האָט קיין ברירה;
עס קומט עפּעס אָן אַ בייזע שעה,
און מען טוט זיך טאַקע אַן עבֿרה.
עס לאָזט גאָר אָבער פאָרט נישט רוּ,
מען װערט דערנאָך טאַקע מטה;
מען העט גערן תּשובֿה געטאָן,
מען האָט אין האַרץ גאַנץ שטאַרק חרטה,
נאָר שעמט מען זיך אָבער פאַר דער װעלט,
מע האָט דעם בּזיון דעם גרויסן;
מע העט זיך נאָך גערן אַליין פאַרשטעלט,

דער עולם זאָל זיך גאָר נישט שטויסן.
פלוצלינג רוקט ערב-יום-כיפור אָן,
אַלע טוען תשובה מיט אַמאָל,
אַצינד איז צייט אויך תשובה צו טאָן,
און מען טוט תשובה מיט כל-ישראל. —
נאָר אויב אייער תשובה איז גוט און שיין,
וועל איך אויף מיין דעה ניט שטעלן;
איך וויל, איר זאָלט איינזען אַליין,
אויב זי קען אייך אַליין געפעלן.
דער וואָס זאָגט רכילות אַ גאַנצע צייט
זאָגט איצט תהלים פּופציק קאַפּיטל;
און דער וואָס איז מבזה אַלטע לייט,
באַליגט זיך מיט שפּאַניע דעם קיטל.
דער וואָס מאַכט אומגליקלעך אַ נקבה
צוזאָגט זיך יום-כיפור ניט די לאָקן;
און דער וואָס טוט פּשוט אַ גנבה
שיט זיך אָן אַרבעס אין די זאָקן.
דער וואָס וויל בעל-מלאָכות ניט צאָלן
שלאָגט זיך שטאַרק „אָשמנו“ פאַר דער זינד;
און דער וואָס וועגט אויף פאַלשע שאָלן
מאַכט אַ וועקסן ליכט פון אַ געריכט פונט.
דער וואָס האָט מענטשן בדלות געשטעלט
דאַווענט פרום אין טלית דעם האַרן;
דער האָט שוין אָפּגענאַרט גאָר די וועלט,
וויל ער אַצינד גאָט אויך אָפּנאַרן.
אויס דעם שווינדלער דעם רוחים-רייסער
ווערט פלוצלונג גאָר אַ בעל-תוקע,
און גאָר אַ פרומער מלקות-שמייסער

אויס דעם גראָבן יונג דעם פּושע.
דער וואָס פֿאַרלאָזט פֿאָטער און מוטער
לאָזט זיך פֿאַר דאָס גוט מלקות שמייסן;
און דער גרויסער ליגנער דער גוטער
שלאָגט כפּרה מיט אַ האָן אַ ווייסן. —
שלאָגט כפּרה מיט דער כפּרה!
שוין צייט דער מנהג זאָל אונטערגיין.
„וואָס!, שרייט די גבאיטע שרה,
וואָס גייט דיך אָן? קוק פֿאַר דיר אַליין!“
און מען טאָר שוין קיין וואָרט ניט זאָגן,
נאָר מען מוז די אַלטע צוהערן;
מען מוז אַזוי לאַנג כפּרה שלאָגן,
ביז די אַלטע וועט אַ כפּרה ווערן. —
מיט אַ גרויס געוויין און אַ גוט וואָרט
האָבן שוין ווייבער געמאָסטן פֿריי'ר
מיט אַ פֿאָדעם דאָס הייליקע אָרט,
טאַקע ווי די גוטע אינזעניר.
איצט ליגן זיי דעם פֿאָדעם צורעכט,
אַזוי ווי מען לעגט צו אויף קנויטן,
און מאַכן פֿון דעם יום־כּיפּור־ליכט
פֿאַר דעם לעבעדיקן און דעם טויטן. —
פֿאַר וועלכן הויז מען גייט פֿאַרביי,
מוז מען דאָרט אַריינגיין אָפּטרעטן
און מיט גרויס געוויין און גרויס געשריי
איטלעכן מענטש איבערבעטן. —
איצט, אַז מען איז מיט אַלע שוין גיט,
גייט מען אַריין אין דער הייליקער שול,
מע נעמט דאָס גרויסע נשמה־ליכט מיט

און אַ בענקל אָדער גאָר אַ שטול,
און ווי פּאַר שניט אויפן פעלד די זאַנגען
— גאָר גאַנצע קופּעס און גאַנץ געדיכט —
שטייען גרויס און גראָב ווי די שטאַנגען
אָנגעשטעלט אין זאַמד די יום־כיפור־ליכט.
דער חזן זינגט שוין דעם „כל־נדרי“,
און דער שמש קלאַפּט אין שטענדער אַריין,
דער עולם מאַכט לאַרעם און געשריי,
קיין איינציקער וויל אַצינד שטיל ניט זיין.
דעם הערט מען וויינען און דעם קלאָגן,
מען זעט קיינעם אַ ביסל רו'ן,
דעם הערט מען הויך די ווידוי זאָגן,
זאָגט — וואָס? ער האָט גאָר נישט געטון —
די ליכט ברענען זיך ווי די שטערן,
איטלעכער גיט אַכטונג אויף זיין לעכט,
חלילה עס זאָל פאַרלאָשן ווערן,
נישט קיין גוטער סימן, דאָס איז שלעכט;
זיי האָבן דעם נאַרישן גלויבן,
אַז איצט איז דאָס ליכט זייער נשמה,
און מען פאַרלעשט עס פון דאָרט אויבן,
נו, ליגט ער דאָס יאָר אין דער אדמה. —
דעם גאַנצן טאָג זיצט ער אין דער שיל,
טייל זיצן נישט, נאָר שטייען אויף איין אָרט.
פיוטים זאָגט מען אַ סך און פיל,
כאָטש מען פאַרשטייט פון זיי נישט אַ וואָרט.
מיט די ווייבער איז גאָר קיין ממשות,
גאָט זאָל זיך טאַקע נאָר דערבאַרמען:
אַלע מינוט פאַלט איינע אין חלשות,

די איבעריקע שרייען און לאַרמען;
איינע הלשט זיך גאָר אָן אַ גראַם,
זי ווייזט ווי זי מוז זיך נעבעך קווילן,
די האָט ווידער אַן אַנדערן טעם:
זי זאָל האָבן עפּעס צו דערציילן.
איין יידענע פאַלט חלשות גאָר,
ווייל זי איז אַ חברטע מקנא;
און איינע חלשט שוין עטלעכע יאָר,
ווייל זי דאָס יאָר נישט זיין משנה. —
אַזוי זאָגן ווייבער און מאַנען,
ביז זיי גייען ביינאַכט פון שול אַרויס,
כאָטש זיי האָבן קיין וואָרט פאַרשטאַנען —
אַ גאַנצן טאָג אַ גאַנץ מהוור אויס. —
וואָס איז אָבער אַרויסגעקומען,
ווילסטו אפשר אַ ביסל קלערן?
האָט זיך איינער צום האַרץ גענומען
ער זאָל פון היינט אָן בעסער ווערן?
האָט איינער אמת תשובה געטאָן,
טאַקע אַזוי ווי עס געהער צו זיין?
ניין, ניין, טשעפּע דיך ניט אומזיסט אָן,
רעד דיר גאָר נישט אומזיסט אַזוינס איין.
איז מען דאָ אין שול געזעסן,
אַ גאַנצן טאָג געוויינט און געקלאָגט,
האָט מען פאָרט שוין מאָרגן פאַרגעסן
וואָס מען האָט נעכטן גאָט צוגעזאָגט.
נעכטן האָט מען אויסגעשטרעקט די הענט
געבעטן גאָט זאָל האָבן רחמנות;
און היינט רייסט מען ווייטער די פראָצענט.

ווי אַ רוצה און ישרנות.
פון שנאה האָט מען נישט אָפּגעטראָטן,
מען האָט זיך פֿיינט גאָר שנאת־מות,
און דאָס וויינענדיקע איבערבעטן
איז נאָר געווען אויף קאַטאָוועס.
די פֿאַלשע מאָס און די פֿאַלשע וואָג
נעמט מען ווידער אַפֿיר פֿאַמעליעך,
ביז עס קומט ווידער צוריק דער טאָג,
וואָס דער הון שרייט ווידער „המלך!“

עפּעס האָב איך געהערט אַ קלונג!
האָט זיך נישט די פֿורעם צעבראָכן?
מיר דאַכט, עס איז געווען אַ שפּרונג,
דער הלבֿ האָט געמוזט שטאַרק קאָכן.
שלעכט, דער הלבֿ דרינען
וועט געשווינד אויסרינען;
עס קען ווערן אַ גאַנצער חרבן,
די גאַנצע אַרבעט ווערט פֿאַרדאָרבן.

יאָרן זע איך קומען, יאָרן פֿליען,
די וועלט בלייבט זיך תמיד גלייך,
מענטשן מוטשען זיך, מענטשן ריען*,
קיין חילוק צווישן אָרעם און רייך.
דער האָט זיך געלעבט אין גרויס עשירות —
ער ווערט צעבראָכן ווי אַ שאַרבן;
דער האָט באַוויזן זיינע גבֿירות** —
ער לעבט ניט אייביק, ער מוז שטאַרבן.
אָפּגעאַרבעט און אָפּגעמוטשעט

* = רוען. ** = גבורות.

ווי אַ קרעמער נאָך אַ גרויסן יריד,
פֿאַלט ער, פֿון צרות שטאַרק דאָקוטשעט,
נעבעך אַנידער קראַנק און מיד.
רבּים פֿאַרשפּרעכן, מאַכן סגולות,
דאָקטוירים לויפֿן און פֿאַרשרייבּן,
רופֿאים פּאָכן זיך, טוען פּעולות,
אַפּטייקערס צעשטויסן און רייבּן,
קינדערלעך וויינען, ווייבּער שרייען,
עס יאָגן זיך אַלע גוטע פֿריינד,
ווילן העלפֿן, ווילן נאַרייען;
ניין, עס העלפֿט נישט, וויל מאָרגן וויל היינט!
גאָט האָט איינמאָל אָנגעשריבּן,
עס קען שוין גאָר אַנדערש ניט ווערן,
עס איז איין מאָל פֿאַרבּליבּן,
דער מענטש מוז צו לעבּן אויפֿהערן.
דער טויט איז פֿון דעם מענטשנס צייטן
ווי אונטער אַ סיהרס חשבּון דער שטריך.
מען דערקענט ערשט דעם גלאַנץ פֿון ווייטן,
צי ער איז געווען פֿון גאָלד צי פֿון שיך.
ווען מען ליגט מיט דעם פּנים קאַפּויר
אויף גלייך שטרוי, מיט די פֿיס צו דער טיר,
ווערט מען ערשט רעכט דעם אמת געוואויר,
ווי דער מענטש האָט זיך אויפֿגעפֿירט פֿרייר.
נישט איינער טרעפֿט אַ שעת-הכּושר,
ער ווייסט נישט פֿון וואו אין פֿון וואַנען:
פּלוצלינג ווערט ער אַ גרויסער עושר,
כאָטש ער איז ערשט גאַנץ שמאָל געשטאַנען ·
מען הערט אים שוין אומעטום שאַצן,

אַז ער איז אַ נגיד פֿאַר דער וועלט,
קליידער, צירונג, זילבערנע טאַצן
און אַ קאַסע־קאַסטן פֿול מיט געלט;
ער קויפֿט זיך שוין דאָס קינצלעכע הויז,
טוט מיט קינדער גרויסע שידוכים*;
גייט אים נאָר אָבער די נשמה אויס,
מוז מען אים נאָך שענקען תּכריכים. —
אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן
גייט יענער ווידער אין קליידער גאָר,
ער באַרעכנט איטלעכן ביסן
וואָס ער קען פֿאַרצערן אַ גאַנץ יאָר.
ער לעבט אין צרות, אין גרויסער לייד,
מיט אַ שטיקל דאַר פֿאַרשימלט ברויט;
ער ווייסט אין זיין לעבן פֿון קיין פֿרייד,
נאָר קלאָגט טאָג און נאַכט איבער זיין נויט:
קומען נאָר אָבער די קברנים,
מיט די פֿינסטערע טהרה־קענדלעך,
שלאָגן זיך יורשים ווי גזלנים
איבער זיין קאַפּאָטל מיט רענדלעך. —

דאָרט דערציילט מען ווידער פֿון איינעם,
אַז ער איז אַ בעל־צדקה אָן אַ שיעור,
גאָר שטיל, גאָר בסוד שווערן זיך די שכנים,
אַז פֿרייטאָג רוט ניט ביי אים די טיר.
האָט ער אָבער נאָר איין אויג פֿאַרמאַכט,
געפֿינט מען ביי אים ערשט משכנות
וואָס ער האָט אַזוי טאָג און נאַכט
געריסן רווחים ביי אַלמנות. —

* = שידוכים.

פֿון דער גרויסער גאַס אָפּגעלעגן
וואוינט זיך אַ יידל פֿון מיטעלן שטאַנד,
מען קען זיך צו אים קוים דערפֿרעגן,
ער איז גאַנץ ווייניק אין שטאָט באַקאַנט.
מען רעכנט אים נישט צווישן נגידים,
מען האַלט אים נאָר נישט פֿאַר קיין שלעכטן;
נישט פֿון מתנגדים, נישט פֿון חסידים
הערט מען אים ערגעץ אָפּרעכטן.
זיין טויט גיט ערשט איטלעכן אַ ראַיה,
ווי אַ פֿרומער מענטש דאַרף צו לעבן;
מען הערט ערשט שמועסן ביז זיין לוויה:
די גרעסטע צדקה פֿלעגט ער צו געבן. —

פֿינסטער, שטאָק־פֿינסטער ווערט ווייב און קינד,
נאָך פֿינסטערער ווי דיווינטערנעכט,
אַז מען זאָגט: „לאָז מען נאָר גאַנץ געשווינד
גיין אָנצינדן און ברענגען אַ לעכט“.
דאָס ליכט וואָס האָט אונז תמיד דערקוויקט
ברענגט איצט אַריין טרויעריקייט אין הויז,
איטלעכער זיצט גאַנץ טרויעריק און קיקט,
ווי די נשמה פֿליט פֿון אַ מענטש אַרויס.
מען האָט דאָס ליכט איצט אָנגעצונדן,
ווייל מען וויל זען מיט די אויגן,
אויב די נשמה איז שוין פֿאַרשוואונדן,
אויב זי איז שוין אַרויסגעפֿלויגן.
מען האַלט עס דעם מענטש שטיל פֿאַר דער נאָז
און מען קוקט גאַנץ גוט אויף דעם פֿייער,
אויב מען זעט נאָך אַ ריר, נאָך אַ בלאָז;

וואָרן איטלעכער הויך איז טייער.
צינדט אָבער איצט כאָטש טויזנט ליכט אָן
וועט איר אייך גאָר אומזיסט באַמיען;
קוקט איצט מיט אויגן כאָטש אַ מיליאָן,
וועט איר נישט זען קיין נשמה פליען.
נאָר אַ גוף, זעט איר, ליגט אויסגעשטרעקט
וואָס קען מיט קיין אבר נישט רירן;
זיין קורצע צייט האָט זיך שוין געענדיקט
וואָס ער האָט געוואָלט לענגער פירן.
קוקט אָן דעם מענטש אַפילו דעם רייכן,
קוקט איצט אָן זיין לויכנדיקן סוף;
צו אַ מלאך וויל ער זיך פאַרגלייכן,
און שטאַרבט — ווי אַ בהמה, ווי אַן עוף.
אדרבא, קוק דיך אָן וואָס דו ביזט!
דו ווערסט געבוירן מיט אַ געוויין,
מוטשעסט דיך אָן אַ צייט אומזיסט,
און דיין סוף איז ערגער ווי האָלץ, ווי שטיין.
ווען אַ שיינער בוים פאַרדאַרט שוין גאָר,
זעט מען אויס אים עפּעס צו שניצן;
ער בלייבט דער וועלט נאָך עטלעכע יאָר
און קען דער וועלט נאָך אַ סך ניצן.
ווען אַ שטיין ווערט טאַקע צעבראָכן,
באַווייזט אַ בעל־מלאכה זיין גבורה,
זיצט איבער אים עטלעכע וואָכן
און מאַכט אויס אים אַ שיינע צורה.
ער קומט אַריין צווישן גרויסע לייט,
מען פאַרצירט מיט אים די שיינע שטוב,
דויערט אַוועק אַ לאַנגע צייט,

כאָטש זיין מייסטער פוילט שוין לאַנג אין גרוב,
איז אָבער נאָר אַ מענטש געשטאָרבן,
טראָגט מען אים נאָר פון שטוב אַרויס,
— ווי געשריגן איבער דעם חרבן! —
לאָזט ער זיך שוין אינגאַנצן אויס.
זיבן טאָג אַ לאָמפּ אָנגעצונדן,
אַ גלאָז וואַסער געשטעלט דערנעבן,
און אַ ווייס טיכל אָנגעבונדן
זענען דער זכר נאָך דיין לעבן.
און דערצו פאַרט ביזטו גרויס ביי דיר?
אַליין נאָר וויל דו האָסט אַ קלוג מוחל!
נו, טראַכט-זשע אָבער אַ ביסל פריער,
לאָז עפּעס בלייבן פון דיין שכל. —
קום דער וועלט איך נאָך דיין טויט צו-ניץ,
זע צו אַרבעטן, לערנען, שרייבן,
טו ביי דיין לעבן אַ סך גוטס,
ועסטו אויף דער וועלט אייביק בלייבן. —

אַצינד ליגט אַוועק אַלע זאַכן,
מיר האָבן עפּעס נייטיקס צו טוען:
אַ יאָרצייט-ליכט מוזן מיר נאָך מאַכן,
די אַנדערע אַרבעט מעג רוען.
וואָרן איר מוזט וויסן,
אַז זיבן טאָג אין ניסן
איז דעמס פּאָטער אַוועק פון דער וועלט
וואָס האָט ביי אונז אַ יאָרצייט-ליכט באַשטעלט. —
און אונזער זיסער תורה-קדושה
האָט אונז גאָט געזאָגט דורך משה:

„האַלטסטו טאַטע־מאַמע אין ע־ן,
וועסטו לאַנג אויף דער וועלט געווערן“.
און דערצו פֿאָרט איז אַוואונדער ביי לייט,
פֿאַר וואָס מענטשן שטאַרבן פֿאַר דער צייט?
מיר איז אַגרויס וואונדער, גאָר פֿאַרקערט,
וואָס איך זע מענטשן מיט גרויע בערד;
וואָס עס איז אַמאָל מיט אייך געשען,
ווען איר זענט נאָך קליינע קינדער געווען,
וואָס מען איז מיט אייך אויסגעשטאַנען,
קענט איר אייך אמת ניט דערמאַנען.
דערקענען פֿון די שפּעטערע יאָר
וואָס איר געדענקט שוין גאַנץ גוט און קלאָר,
ווי מען האָט אייך געשוצט און געקליידט,
אָפּגעהיטן פֿאַר צרות, פֿאַר לייד;
און אַפֿילו גאָר אין דער גרעסטער נויט
פֿון זיך אָפּגעשפּאָרט דאָס שטיקל ברויט,
איר זאָלט נאָר נישט ליידן קיין הונגער; —
אויף דעם קוקט איר ווי הורך די פֿינגער?
ווער האָט פֿאַר דיר ביז אַהער געטראַכט?
זאָג, ווער האָט דיך צו אַלייט געמאַכט?
און זאָג מיר אויך אין איין וועגס, מיין קרוין!
וואָס האָבן זיי פֿון דיר פֿאַר אַלוין
פֿאַר דעם גאַנץ גרויסן קריעה שניידן,
וואָס זיי האָבן פֿון דיר געמוזט ליידן?
ווי אַזאַך וואָס דו האָסט געדאַרפֿט פֿריער
זענען איצט טאַטע־מאַמע ביי דיר,
דהיינו ווי אַן אַלטע קאַמאָדע,
ווי נאָך פּסח די הגדה.

זיי בלאָנקען זיך דאָרט ערגעץ־וואו אַרום,
עס קוקט זיך קיינער אויף זיי נישט אום;
ווי זאָלן פרעמדע זיי טובות טין,
אַז דו ווילסט נישט, וואָס דו ביזט אַזוין?
האָבן זיי יאָ אַמאָל פון דיר אַ נוץ,
מיינסטו גאָר, דו האָסט געטאָן גרויס גוטס.
מיינסטו, האָסט דיך גאָר איבערגעהייבן
און ווילסטו, מען זאָל דיך דערפאַר לויבן?
עס זעט דאָך אָבער איטלעכער איין,
אַז דו טוסט דאָס נאָר יוצא צו זיין.
נאָר גוטער ברודער! נאַ דיר די האַנט.
זיי מיר מוחל! איך האָב מיך דערמאַנט.
איך האָב גערעדט, אָבער גאָר ניט קלוג;
יאָ, דו טוסט אַן זיי זייער גענוג.
איך האָב געזינדיקט, און דו ביסט גערעכט
די צינדסט דאָך אָן אַ גרויס יאָרצייטלעכט.

איצט נעמט דעם קעסל שוין גאָר אַוועק.
שטעלט עס אַנידער דאָרט אָן אַ זייט;
מיט אונזער אַרבעט איז איצט אַן עק,
ביז עס וועט ווידער קומען די צייט.
דעם הלב פון דער פרעס
שענקט ר׳ מאיר בעל־נס,
גאָט זאָל אונז תמיד נסים טוען,
איטלעכער זאָל אין שלום רוען

# דאָס שפּאַצירן-גיין

שטייטס אויף, זייטס נישט פויל:
ווערט עץ זען די קויל
ווי פייער אויף מזרח-זייט,
ווען מיט דעם באַגין
עס גייט אויף די זון,
דאָרט הינטער די בערג גאָר ווייט.

איי! זעטס נאָר ווי שיין
עס איז דאָרט צו גיין,
שפּאַצירן אויף די פעלדער;
צווישן די זאַנגען
ווייטער געגאַנגען,
קומט מען אין גרינע וועלדער.

איי! איי! ווי הימלעך
צווישן די ביימלעך
די פייגעלעך שיין זינגען;
העט געמעגט שווערן,
אַז מען קען הערן,
זיי רירן מיט די צינגען. —

דאָרט רייסן קערשן
די שיינע הערשן

פון די ביימעלעך רויט ווי בליט;
און דער וועווערקע שפרינגט,
קנאַקט ניסלעך און שלינגט,
מאַכט קאָוועלקעס אין דער מיט.
ביים טייכל גלאַנצן,
היפּן און טאַנצן
ווי זילבער שיינע פּאַליעס;
דאָרטן געזעסן,
מעג מען פאַרגעסן
די שטעט מיט זייערע סאַליעס.

גייט מען נאָך ווייטער,
צופּט מען אָפּ קרייטער,
בלימעלעך רויטע און בלאָע;
אַזעלכע בלימל
שיין ווי דער הימל,
פון דעם האָט מען הנאה.

און ווערט עס גאָר היים,
פאַכט מען אָפּ דעם שווייס
מיט אַ פרישן גרינעם צווייגל;
איך דאַרף נישט די שטאָט
מיט דעם גרויסן סאָה —
דאָרט זיץ איך ווי אין אַ שטייגל.

דער פּאַסטוך גאַנץ פרי
טרייבט 'אַרויס די קי,
אויך שעפּעלעך און ציגן;

ווי פון אַ פידל
הערט מען זיין לידל,
דער וואַלד הילכט פונעם ניגון.

אויף דעם ווייכן גראָז
מיט רויזן און שלאָז
פּאַשען זיך שאָף און רינדער,
און לעבן דיי ריט,
דער פּאַסטוך און היט
אַלע ווי זיינע קינדער.

שיין נאָך דער זריעה
וואַקסט דאָרט די תּבֿיאה *,
ביז עס קומט די צייט פון שניט.
מיט אַ שיינעם קראַנץ
מאַכן זיי אַ טאַנץ
אַלע שניטערס שיין און גיט.

וואָס האָב איך דערפון,
ווען אין שטאָט די זון
באַלייכט די גאַנצע וועלט?
ווען דאָס גרויסע רויז
קריכט גאָר הויך אַרויס
און מיר איר שיינקייט פאַרשטעלט?

זייטס אָבער נישט פויל,
און זעט דאָרט די קויל

* = תבואה.

ווי פֿײַער אויף מערבֿ־זײַט;
ווי קינצלעך און שײַן
די וויל אונטערגײַן
דאָרט הינטער די בערג גאָר ווײַט.

לעבן איך פֿרײַען
מעגט עך נאַראַיען
אויסלעבן פֿרײַנד באַזונדער;
נאָר זאָל דערנעבן
אַרום אים לעבן
זײַן ווײַב מיט זײַנע קינדער.

## דער שיכור

דער ווײַן
איז מײַן
לעבן,
כּלעבן!
ער פֿרײט
אין לייד;
אין שאַפֿט
מיר קראַפֿט,
מיר ברויט
אין נויט,
און רו
דערצו.
ווען נאָגט
און פּלאָגט
אַ שמאַרץ
מײַן האַרץ,
נו ליף
און קויף
איך איין
אַ ווײַן,
און בין
דערפֿין
געזינט
געשווינד.
אַ נאַך
האָט צער,
און פּלאָג
בײַטאָג,
ער באָרגט
און זאָרגט;

ער טראַכט
ביינאַכט
פאַר קינד,
פאַר רינד;
האַנדלט,
וואַנדלט;
איך וויין
אַליין,
ווען מיין
פּאַפּ ווין
מיר רינט
ביים שפּינט
און ווערט
פאַרקערט
צו קוואַס
אין פאַס.
ווען דיינט
אַ פיינד
פאַרגליסט
אומזיסט
און טוט
נישט גוט,
נישט רעכט,
מיר שלעכט,
און בייסט
און רייסט

מיט לופט
מיין ברוסט,
מאַך עך*
אַ שוועך,
און שליאַג
גאָר גריאַג
מיין מאָס –
פּיר גלאָז:
אַן עק!
אַוועק!
ווי ווינט
פאַרשווינדט
מיין זין
הערפּין.
זאָגט, ווער
איז דער,
מיר גלייך
פון אייך?
אַ יאָלד
מיט גאָלד,
די וועלט
מיט געלט
איז שיר
ביי מיר,
ווי בלעך,
ווי שעך.

* = איך.

איך שטיי
און גיי
גאַנץ ווייט
פֿון לייט,
איך מאַך
מיין זאַך
אַליין
גאַנץ שיין;
איך קריך
און זיך
מיט מי
גאַנץ פֿרי
דאָס אָרט,
וואו דאָרט
מען מעסט
פֿאַר געסט
גאָר פֿיין
מיין ווין,
און דין,
און שווין,
און גים,
און שמים
מיר דאָרט
אַ וואָרט
ביז אַלט
בייגאַלט,
און זינג

דעם יינג
דערנאָך
מיין שפּראַך:
„פּאַרדאָן!
גים אָן,
איך בעט,
גלאָז מעד
קאָטש דריי,
אויפֿסגיי".
ווער טרינקט
און שלינגט,
ווער זינגט
און שפּרינגט,
דער האָט
פֿון גאָט
אַ כּוח
אין מוח;
זיין בלוט
איז גוט,
גאַנץ ריין
און שיין,
ווי פֿיש
גאָר פֿריש;
און ווייסט,
וואָס הייסט
זיין קלוג
גענוג.

* = זוך.

# צום נייעם יאָר

## צו מיינע פריינד

פֿאַרשוואונדן איז שוין דאָס אַלטע יאָר,
ווי דער שאָטן פֿאַרשווינדט ביי דער נאַכט.
די שמחות און צרות אַלע גאָר;
דערמאַנטס איך וואָס עס האָט אונז געבראַכט.
דאָס אַלטע יאָר איז שוין געפֿאָרן
אַוועק גאָר צו די לענגסטע יאָרן;
עס האָט פֿאַר אונז געבראַכט נחת און פּאַן*,
און די מענטשן נעענטער צו זייער פּלאַן.

עס דרייט זיך גאָר ווי אַ רינגעלע
דעם מענטשנס לעבן אין צרות און גליק;
אַלט און גרויזגראָ ווערט דאָס יינגעלע
און גייט ווידער צו דער ערד צוריק.
שיינקייט, כּבֿוד, עשירות גאַנצע פּעק
פֿאַרשווינדט מיט דער צייט גאָר גלייך אַוועק.
מיט דער צייט ווערט פֿאַרשוואונדן פֿון דער וועלט
די מצבֿות אַפֿילו וואָס מען שטעלט.

זענען מיר נאָך דאָ אַלע אַצינד,
ווי מיר זענ'מיר פֿאַראַיאָרן געווען?
אַלע ביינאַנד פֿריש און געזונט,

* = פּיין.

ווי מיר האָמיר זיך דעמאָלט געזען?
אוי! ניִשט איינער איז אונז געווען ליב,
וואָס ער ליגט איצט שוין און פֿילט אין גריב;
זיין לעבן האָט געעקט ווי אַ חלום,
מען זאָגט איצט אויף אים „עליו השלום".

און ווער ווייסט פֿון אונז אָטאָדאָ,
ווער איבעראַיאָר וועט דאָרט רוען?
דער טויט זאָגט דאָך נישט אָן די שעה,
ווען ער וויל דעם מענטש עפּעס טוען;
אָפּט פאַלן ביי דעם שענסטן וועטער
אַראָפּ פֿון בוים די גרינסטע בלעטער;
און דער מענטש וואָס אויף דער וועלט איבערבלייבט
קלאָגט, ווען ער זיין פֿריינד די מצבֿה שרייבט.

נאָר דער גוטער פֿרומער מענטש פֿאַרשליסט
שטיל און רואיק זיינע אויגן צו;
זיין בטחון האָט אים דעם טויט פֿאַרזיסט,
שטאַרבן הייסט ביי אים צו גיין אין רו.
עס איז ביי אים אַ נחת, ער קוועלט,
ער ווערט פּטור די זאָרג פֿון דער וועלט.
אַצינד ערשט קומט ער דאָס אויף אין פֿריידן,
ער פֿילט ערשט דעם תענוג פֿון גן־עדן.

איצט, גוטע פֿריינד, נאָר גאָר נישט זאָרגן!
פֿאַרגעסט אַלע צרות, אַלע נויט,
מע גיט טראַשען אַפֿילו ביז מאָרגן
דער מלאך־המות מיט זיין טויט.

די גוטע און די ליבע ברידער
זעען זיך אויף יענער וועלט ווידער.
נאָר גוט זאָל, קיינעם קיין שלעכטס טון אויף אַ האָר —
דאָס מוזן מיר זיך ווינטשן צום נייעם יאָר.

## דער וואַלד

מעג די רויִקע לויפֿן פֿאַרביי,
דער וואַלד בלייבט שטיין, ער גייט נישט אַוועק;
מעגן פֿאַליעס קומען אויפֿסניי,
דער וואַלד שטייט, ער רירט זיך ניט פֿון פלעק.

אַזוי מעגן יאָרן פֿאַרגיין,
די צייט מעג זיי גיך פֿאַרטרייבן,
אונזער בטחון צו גאָט אַליין
מוז ביי אונז תמיד אין האַרץ בלייבן.

## קלאָגליד

וואָס גייט דאָס האָרט פֿאַר אַ שוואַרצע כמאַרע?
וואָס מאַכט זיך דאָס האָרט אַזוי אַ וואַרע?
עס פֿאַרמערט זיך פֿון אַלע זייטן!
וואָס גייט דאָס האָרט אַזוי לאַנג און ברייט
איבער דעם גאַנצן וועג אַזוי צעשפּרייט?
איך ווייס נישט וואָס דאָס קען באַטייטן!

נענטער קומט עס אַלע מאָל אַהער.
זאָל דאָס אפֿשר גייִן האָרט מיליטער?
מען לויפֿט אַרויס פֿון אַלע טירן.

אָדער פֿון דאָס מענטשן אַזוי אַ קאָפּ,
אַ רייכן חתן אונטער דער חופּה?
זאָל מען דאָס מחותּנים איינפֿירן?

ניין, פֿון זינגערס הער איך קיין געזאַנג,
און פֿון כּלי־זמרים קיין שום געקלאַנג.
אַזוי פֿירט מען קיין חתן נישט איין.
ניין, איך זע קיין ביקס, איך זע קיין שווערד,
איך זע קיין פּאַנצער, איך זע קיין פֿערד.
ניין, דאָס קען קיין מיליטער נישט זיין.

עס גייט נאָך נענטער אַהער צו מיר,
טראָגן זע איך עפּעס פֿאָרנט פֿריער,
און פֿון אויבן ליגט גאָר עפּעס שוואַרץ.
יידן גייען דאָס נאָך טריט ביי טריט,
עס איז אַ צרה, זע איך שוין גיט,
און אין מיר שרעקט זיך זייער מיין האַרץ.

ניין, עס לאָזט מיך שוין נישט מער איינשטיין.
אַקעגן מוז איך דעם עולם שוין גיין
און מיך נעמען פֿון זיי אַ ראַיה;
איצט הער איך ערשט דעם גרויסן חורבן —
דער רבּ דער צדיק איז געשטאָרבן,
און איצט איז דאָס נעבעך זיין לוויה. —
דעם רבּס קינצלעכע צוויי חיבירים*
טראָגן פֿאַר דער מיטה צוויי גבֿירים;
הערנאָך טראָגן דעם מחבר אַליין

* = חיבורים.

פיר רבנים — זיינע תלמידים,
גרויסע לומדים און גרויסע חסידים,
און בלייבן מיט אים אלעמאָל שטיין.

נאָך דער מנחה גייען די חברות כסדר,
און נאָך זיי די קינדער פון הדר,
צום לעצט שיט זיך אן עולם אָן שיעור;
פון די שטעטלעך צונאַנדגענומען,
זענען אַ גאַנץ סך מענטשן געקומען,
ווי די כמאַרע וואָס איך האָב געזען פריער.

איטלעכער טרויעריק איינגעבויגן,
גייט און ווישט זיך די נאַסע אויגן,
גאָר קיין חילוק צי אָרים צי רייך;
דערקענען שטראָמווייז ווי פון רערן
רינען אויפסניי גאָר פרישע טרערן,
עס יאָמערן אַצינד אַלע גלייך.

טרויעריק די קעפּ אַראָפּגעהאַנגען,
איז דער עולם ווייטער געגאַנגען,
ביז מען איז געקומען צו דעם קבר;
איצט גייט צו דער מורה־הוראה
מיט זיין שיינער באָרד די גרייזגראָע,
עס וויינט אין אים איטלעכעס אבר.

אַ פּאָר מינוטן איז ער געשטאַנען
און האָט זיך קוים געקענט דערמאַנען;
ער קען פאַר עלטער נאָר שוין קוים שטיין;

דערנאָך הויבט ער אָן גאָר צוקערזיס
פאַר דעם עולם מיט זיין שיינעם שמיס
צו זאָגן דעם הספד גאָר טרויעריק שיין.

„שטאַרק קלאָגן ביי אַ לוויה, צו הערן
און צו שרייען מיט הייסע טרערן
פּאַסט גאָר נישט ביים טויט פון אַ פרומען;
דאָס מוזמיר אונז גאָר יענע שענקען,
וואָס מען הערט אויף זיי צו געדענקען
באַלד ווי זיי זיינען גרוב אַריינקומען.

דעם צדיק אָבער, דעם גרויסן לייט,
וואָס האָט אָפּגעלעבט פרום גאָר זיין צייט
אַזוי ווי גאָט הייסט, ווי גאָט האָט ליב —
נאָך דעם דאַרף מען אין האַרץ צו בענקען
און זיין גוטקייט אייביק געדענקען,
כאָטש ער וועט שוין ליגן לאַנג אין גריב.

ווייל זיין נשמה וועט אַרומשוועבן
און דאָרט אין הימל אייביק לעבן,
פאַר אונז בעטן אין דער צייט פון נויט,
און דעם אויבערשטן דאָרטן גאָר אויבן
וועט ער ווייטער דאַנקען און לויבן,
ווי ער האָט אים געלויבט פאַר זיין טויט.

„כאָטש אונז וועלמיר אים ניט פאַרגעסן,
„דאַרף אונזער האַרץ קיין ווייטיק פרעסן,
„וואָרן וואָס קומט אַרויס פון קווילן?

ווי ער פלעגט נישט צו קענען רוען —
און גאר דער וועלט טובות צו טוען,
דאס מוזן מיר איצט מיט דאנק דערציילן.

גוטס צו טון האט ער אונז געלערנט,
קיין מאל האט ער קיין מענטש דערצערנט,
ער איז געווען א שונא מתנות,
ער פלעגט ארימע צו דערנערן,
אליין מיט זיין חכמה צו דערקלערן,
צו זארגן פאר יתומים און אלמנות.

קיין גאוה האט מען אן אים געזען,
אטלעכן האט ער מקרב געווען,
ער האט גאר קיין שום חילוק געמאכט.
דעם גוטן פלעגט ער צו באלוינען,
דעם שלעכטן פלעגט ער צו פארשייגען
און אים ווידער צום גוטן געבראכט.

ווינטער פלעגט ער אליין צו לויפן
פאר זיין אייגן געלט האלץ צו קויפן
און ארימע לייט צו צעטיילן;
עניים, אביונים האט ער געקליידט,
אטלעכן געטרייכט מיט זיינע רייד,
און קראנקע האט ער געלאזט היילן.

מיר מענטשן אבער פון דער ערד און שטויב
קענ׳מיר נישט אפגעבן אים זיין לויב,
ווארן אונז זענ׳מיר דאס נישט אומשטאנד;
נאר דארט אויבן, וואו דער אמת וואוינט,

דאָרט װערן זײַנע מעשים באַלױנט,
פֿון גאָט ברוך־הוא׳ס אײגענער האַנט.

פֿאַר אונז מענטשן איז נאָר דאָס אײנע —
עס איז אַ זאַך טאַקע אַ שײנע —
נאָך דעם צדיק איבערגעבליבן:
מיר זאָלן זײַנע ספֿרים לײענען
און זיך זען דאָס צו געװײנען
צו טון װי ער האָט געשריבן".

און דער גאַנצער עולם גאָר כּסדר
האָט איצט געטון דעם גרױסן נדר
דעם מורה־הוראה צוצוהערן;
װאָרן גוטס טון איז תּמיד בעסער
און דער לױן הערפֿאַר איז אַסך גרעסער,
װי פֿאַר קלאָגן מיט הײסע טרערן.

## דאָס לױב פֿון דעם עצלות

עצלות, דו שטילער רואיקער יונג!
הער צו, דיך װיל איך אַצינד לױבן;
— דאָס הױסט, איך װיל אױך פּרוּװן אַ שפּרונג
גאַנץ הױך פֿון דעם העכסטן דאַך אױבן —
נאָר... די... אױגן... פֿאַלן... מיר... שױן... צו...
װאַרט... אַ ביסל... לאָז... מיך... איצט... צו... רו...
עצלות! דעם מענטשס גוטע, בעסטע קרױן,
עצלות! נאָר דו מאַכסט אָן מיאוס אָן צאָל —
נאָר... שטיל... בין מיד... עס... שלעפֿערט...
מיך... שױן...

איך... בעט... דיך... איבער... גאָר... טויזנט... מאָל,
איך וויל דיך ליבן און קענ'ס נישט טאָן,
עצלות: די אַלײן ביזט שולדיק דראָן.

## שָׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ

גוטע ברידער! פֿאָלגטס מײנע רײד,
פֿאַרגעסטס אָן דאגות, אָן לײד!
געפֿינטס מיר אײנעם,
— איך זע נישט קײנעם —
וואָס זאָל תּמיד לעבן אין פֿרײד.
צו וואָס טויג דאָס זיצן פֿאַרטראַכט?
צו דעם וועגמיר נישט געמאַכט
נאָר אַלץ צו זאָרגן
וואָס וועט זײן מאָרגן
און זיך צו קוײלן טאָג און נאַכט!

צו וואָס זאָל איך מיט זאָרג און פּאַן*
אַלץ פֿאַרמָרהשחורהט זאַן**?
הויבט דאָס אַ לעבן
פֿון גאָט געגעבן?
איז זשע דאָס געווען זײן פּלאַן?
איך, אַז עס וויל מיר נישט גוט גײן,
גיב מיר מי דאָס צו פֿאַרשטײן:
איך בין נישט שולדיק
און בין געדולדיק
און האָב אַ הנאה פֿון מיר אַלײן.

* = פּײן. ** = זײן.

איך בין מסופק אויב איינער ווייסט
צווישן צען וואָס שמחה הייסט,
איך האָב זי געפונען
אין מיין הארץ דרינען
און האָב פון דעם די גרעסטע טרייסט.
מיין קאָפּ מאַך איך מיר גאָר נישט דיל;
איך ווינטש נישט וואָס איז צו פיל,
אַן אוצר, אַכך
לאָז איך גאָר געמאַך —
אָבער דאָס האָב איך וואָס איך וויל.

איך קום מיר אויס געדולדיק גאָר
מיט אַלע גלייך אויף אַ האָר;
איינער באַקלאָגט זיך,
איינער פאַרפלאָגט זיך,
פאַרביטערט זיך נאָך מיין די יאָר.
נאָר פון מיר נעם אַ ראַיה דיר:
איך לאַך אויס אַלעם וואָס קומט פיר,
און אַז עס פעלט אַ זאַך
דרויף צו געבן אַ לאַך,
גיב איך אַ לאַך אליין פון מיר.

## וואַלהייד

דאָרט וואו יענע אַלטע מויערן שטיין
און די זון הויך אַלע שפּאַרעס שיינט
איז געשטאַנען אַמאָל אַ שלאָס שיין,
אַ פוסטקע וועט מען דערפון נאָר היינט.
איצט פייפט דאָרט דער שטורעם

דורך די פּאַליעס אין טורעם;
און עס טאַנצן אויף אַלע ביידעם
נאָר שדים.

דאָרט אין יענעם שלאָס דרינען
האָט לאַנג פּאַרצײַטנס אַ גראַף געוואוינט;
מלחמות פלעגט ער צו געווינען,
אויך ביי זיך דערהיים קיין מענטש פאַרשוינט.
אָבער ווי די זון גאָר
שײַנט זיין טעכטערל קלאָר.
שיין און צימטיק, אַ נחת אַ פרייד,
איז וואַלדהייד.

זי פלעגט זיך צו פּאָרעק שטיל אין שטיב.
און ערגעץ נישט צו לויפן, צו גיין;
אַ רוצעריש האָט זי געהאַט גאַנץ ליב,
נאָר די האָט ער ליב געהאַט אַליין;
פון זיין שלאָס דערנעבן
פלעגט קומען צו שוועבן
צו איר רודאָלף, דער שיינער גבור,
אַריבער.

און נאָך אײדער די זון אונטערגייט,
וואַרט ער שוין אויף אַ שטיל אָרט אין האַרט;
און ווי אַ לופטל האָט שטילערהייט
דורך דער פאָרטקע וואַלדהייד זיך געשאַרט,
און אָן זיין ברוסט
מיט גרויכער לוסט

האַלט ער זי מיט ביידע הענט אַרום,
אָבער פרום.

זיי האָבן ווי אין חלום געמיינט
אַ פּאָר מינוטן צו זיין גליקלעך;
ער גייט אָבער אַוועק שטאַרק פאַרוויינט,
ער ווערט שוין שפּעט, עס איז ניט שיקלעך;
אַ גלעט, אַ וויש,
אַ האַלדז, אַ קוש,
און טרערן פליען ביים געזעגענען
צו רעגענען.

ווי זיי זעען, דער זומער גייט אַוועק,
הייבן זיין אָן ביידע צו בענקען;
רודאָלף גייט צום גראַף מאַכן אַן עק:
„האַר! איצט מוז דער סוד שוין פענקען!
גיב דו מיר פאַר אַ ווייב,
איך האָב ליב ווי מיין לייב,
די שענסטע גאָר פון אַלע מיידן,
וואַלהוידן".

דעם גראַפס פינסטער פּנים ווערט פאַרמישט,
ער הויבט אָן מיט כעס צו זאָגן:
„ניין, רודאָלף! מיין טאָכטער קריגסטו נישט,
דאָס מוזטו דיר אויס דעם קאָפּ שלאָגן;
איינער מיט אַ קרוין,
נעמט מיין טעכטערל שוין,
איר מוז ער, כאָטש זי וועט נישט וועלן,
געפעלן".

רודאָלפֿ האַרץ האָט דאָס שטאַרק געטראָפֿן:
אויף זיין ווילד פֿערד חיות צו שיסן
איז ער אין וואַלד אַרומגעלאָפֿן,
קיין מרער קען זיין בלייך איז פֿאַרגיסן.
זיין צעריסן האַרץ
האָט געפֿילט אַ שמאַרץ,
ער האָט זיך שוין געווינטשן דעם טויט
אין דער נויט.

באַלד צלינג פֿאַלט אים איין אַ גוטער פּלאַן,
און ער פֿילט זיך ווי ניי געבוירן;
יאָ, טראַכט ער זיך, עס וועט אַזוי זאַן*
ניין, עס איז נאָך נישט אַלץ פֿאַרלוירן.
„איך בין דאָך נאָך פֿריי,
וואַלהיד מיר געטריי,
ביי גאָט איז צו צערייסן קייטן
קליניקייטן".

און נאָך איידער די זון אונטערגייט,
וואַרט ער שוין אויף אַ שטיל אָרט און האַרט.
און ווי אַ לופֿטל האָט שטילערהייט
דורך דער פֿאָרטקע וואַלהיד זיך געשאַרט,
און אָן זיין ברוסט
מיט גרויסער לוסט
האַלט ער זיך מיט ביידע הענט אַרום,
אָבער פֿרום.

צום סוף זאָגט רודאָלף: „ווען האַלבערנאַכט
אַלע אין שלאָס שלאָפֿן אין ריען,
דער שומר שוין זיין אויג פֿאַרמאַכט,
קום איך אָן אויף מיין פֿערד צו פֿליען;
דו גיסט גאַר גרינג
אַרויף אַ שפּרינג,
און איך אַנטלויף מיט דיר, מיין בריליאַנט,
ביינאַנד".

זי האָט אים איצט אַרומגענומען,
געקושט, געגלעט אַסך מער ווי פֿריער.
פּלוצלינג איז זי צו זיך געקומען.
ווי קומט מען אָבער דורך דער טיר?
ביי מיין דירה
אויף דער שמירה
שטייען טאָג און נאַכט משרתים אויף דעם דאַך
אויף דער וואַך.

נאָר וואַרט! — גאָט קען שיקן הצלחה — —
איך וועל שוין גיין דורך אַלע טירן.
עס איז פֿאַר אַ מיידל אַ מלאָכה, —
מיין ליבשאַפֿ: וועט מיך אָבער פֿירן.
צו איר דער בטחון,
פֿירט אויס אַ נצחון,
מען זיין אויס אַ תּפֿיסה נאָך אַזוי שווער:
הער־זשע, הער!

ווען נאָך מיין עלטער־עלטער־זיידע,
האָט פֿאַרציטנס אין דעם שלאָס רעגירט,

האָט ער געהאַט אַ טאָלטער וואַלהיידע;
איר שיינקייט האָט גאָר דאָס שלאָס פאַרצירט.
ווי איך, האָט געהאַט זי
אַ ליבהאָבער, ווי די,
געפינען אין אַ גליקלעכער שעה
אָטאָדאָ,

אים וויל זי געטריי בלייבן אַליין
ווי אין פריידן אַזוי אין ליידן,
כאָטש דער בייזער פאָטער זאָגט איר „ניין",
זי וויל אָבער פון אים נישט שיידן,
און אין מיטן דער נאַכט,
האָבן זיי אָפּגעמאַכט,
זיי זאָלן די קייטן צוטראַטעווען,
און ראַטעווען.

אַ מסור איז אָבער געלאָפן,
דעם גראַף דערציילט די מעשה גאָר בולט;
דעם התן אויף דעם וועג געטראָפן,
האָט אַ גזלן נעבעך געקוילעט;
נישט ווייט פון דאַנען
איז זי געשטאַנען —
זי שעלט דער פאָטער ווי קרבנות
אָן רחמנות!

איצט בלאָנקעט זיך איר נשמה אַרום,
זייט מען האָט זי אַוועקגענומען;
זי האַרט ביי דער טיר און קוקט זיך אום,

אויב דער חתן וועט צו איר קומען.
נאָר אים קוקט זי אויס,
ביז טאָג קומט אַרויס,
דער חתן וועט קומען, מיינען לייט,
אין אַ צייט.

און זי שוועבט אין איטלעכן ווינקל
אין אַ פּאַרבלוטיקטן קליידל אַ ווייס,
גאָר פריינדלעך, ווען עס ווערט נאָר טינקל,
טוט קיינעם קיין שאָדן, גאָר אָן כּעס;
גאַנץ שטיל גייט זי פריִער
צו דער הינטערטיר,
ושומרים לאָזן זי פאַרביירוקן,
און קוקן.

און ווי ביים לעבן געווען גאַנץ גוט,
וועט זי נאָך איר טויט אויך גאַנץ גוט זיין.
מיר לייט זי היינט דאָס קליידל מיט בלוט,
פריי וועל איך גיין אַהיים און אַריין;
וואָרן שדים גיין
לאָזן גרויס און קליין,
פאַר די וואַכן וועל איך גיין פאַרביי
פראַנק און פריי.

וואַרט־זשע ביי דער טיר! ווען צוועלף שלאָגט,
קומט שטיל צו דיר וואַלדהייד געגאַנגען
אין אַ בלוטיק קלייד, פון ווינט געיאָגט,
אַזוי ווי דער שד גייט פאַרהאַנגען;

וואַרעם וועט ערשט מיר,
ווען איך בין ביי דיר;
דערנאָך לויף מיט מיר געשווינד, און רייט
אַוועק וויִיט".

„גוט, שלאָגט איר רודאָלף איבער איר וואָרט,
איצט מעג איך מיינע זאָרג פאַרטרייבן;
לאָמיר נאָר זיין אויף אַן אַנדער אָרט,
„וועט אונזער ליבשאַפט זיכער בלייבן;
מיין כלה ביזטי*
תיכף אינדערפרי;
גוט נאַכט, מלין הארץ! לאָמיר זיך שיידן,
צו פרייידן".

אויף דער באַק האָט נאָך דער קוש געגליט,
און ער לויפט שוין איבער באַרג און טאָל;
זי ווינקט אים נאָך ווי ער באַרג־אָפּ פליט,
זי געזעגנט זיך צום לעצטן מאָל:
„רודאָלף לעבּ! ביזט מיין,
רודאָלף לעב! בין דיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן־עדן
צעשיידן".

און ווי עס הייבט אָן נאַכט צו ווערן,
זיצט דער ריצערש אין פאַנצער אויפן פערד;
בליך בלישטשעט דאָרט אין הימל אַ שטערן,

* ביזטי = ביזט.

גאַנץ טונקל ווערט אויף דער גאַנצער ערד.
הינטן און פאָרנט
דאָס פערד געשפּאָרנט,
שטייט ער און וואַרט אויף דער כּלהס וואָרט
אויף זיין אָרט.

און ווי דער זייגער צוועלף שלאָגט,
קומט שטיל יענע וואַלהייד געגאַנגען,
אין אַ בלוטיק קלייד, פון ווינט געיאָגט,
גייט דער שד אינגאַנצן פאַרהאַנגען;
ער גיט זי אַ כאַפּ
און דעם פערד אַ קלאַפּ,
און אַנטלויפט מיט איר געשווינד, און רייט
אַוועק ווייט.

און רייט לאַנג — זי זיצט שטיל דערנעבן.
ער וויגט די כּלה אויף די קני:
מאַכט דעם רייטער קיין אַרבעט, קיין מי".
„ביזט לייכט ווי אַ פעדער, מיין לעבן!
ווייל מיין ווייס קליידל
איז דייער איידל,
עס איז ווי נעפל דין און ליפּטיק, *
נאָר טיפּטיק".

זי נעמט אים אַרום מיט גאַנצער געוואַלט,
אַ שווידער לויפט אים דורך די גלידער.
„ביזט, מיין לעבן, ווי אַוּשטיק איז קאַלט,

* = לופטיק.

דערוואַרעמט דיך מיין ליבשאַפט נישט ווידער?"
„אין אָרעם ביי דיר
איז גאַנץ וואַרעם מיר,
אין מיין בעט פירט איטליכעס אָבר
ווי אין קבר".

זיי רייטן גיך דורך לאַנקעס און וואַלד,
בלייך בלישטשען די שטערן צוזאַמען.
„אין כאָטש דו ביזט פון דרויסן אייזקאַלט,
אָבער דיין האַרץ אין דיר מוז פלאַמען".
„רודאָלף לעב! ביזט מיין!
רודאָלף לעב! בין דיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן־עדן,
צעשיידן".

און די פליען נאָך געשווינדער צו,
עס פליען אויך אַוועק די שעה:
„איך בין דערלייזט, איך גיי אין מיין רו,
איך האָב מיין חתן, ער איז שוין דאָ.
דו ביזט אייביק מיין,
איך בין אייביק דיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן־עדן,
צעשיידן".

צו בלאָען הייבט אָן אויף מזרח־זייט,
און זיי לויפן איבער שטאָק און שטיין,
ושטיל ווערט די כלה פון צייט צו צייט,

און קעלטער און קעלטער, מיין און מיין.
פלוצלונג קרייט א האָן —
זי גיט אים א כאַפּ אָן
און שלעפּט דעם חתן אַראָפּ פון פערד
צו דער ערד.

שאַ! שאַ! ווער פון זיי שטאַרקער ווייעט,
האָט זיך די לופט מיט דעם ווינט געוועט;
עס ווערט טאָג, דער האָן האָט געקרייעט.
„חתן-לעבן! די כלה וויל איר בעט!
קום אַריין, קום אַריין,
ביזט שוין מיין, ביזט שוין מיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן-עדן,
צעשיידן".

מיט אייזקאַלטע ליפּן, ווי פגרים,
האָט זי זיין ציטערדיקע באַק געקישט.
ער פילט אַ ריח ווי פון קברים,
ער ווערט גאָר איינגאַנצן ווי פאַרמישט;
צו דער ערד געצויגן,
מיט פאַרגלייזטע אויגן,
האָט די כלה דעם חתן געפינען
דאָרט דרינען.

# דער ערב

צו דעם אַכזר, דעם שלעכטן שלמנאָסר,
גייט זיך יואָב, אין בוזעם מיט אַ מעסער;
עס כאַפּט אים די וואַך און שליסט אים אין אַ קייט.

„וואָס ווילסטו מיט דעם מעסער? זאָג באַלד, רייד!"
הייבט אָן דער אכזר צו שפּייען.
„דאָס לאַנד וויל איך פֿון דיר, אַכזר, באַפֿרייען!"
„אויף דער תּליה וועסטו שוין „הרטה" שרייען!"

„איך בין—זאָגט זיך יענער—אָנגעברייט צום טויט,
צו בעטן פֿאַר מיין לעבן איז מיר קיין נויט,
נאָר דאָס בעט איך—עס איז אַ חֶסד פֿון דיר—
אײנציקע דריי טאָג שענק דו מיין לעבן מיר,
ביז מיין שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט גליק,
פֿאַר אַן עָרב לאָז איך דיר מיין פֿריינד צוריק;
אים צייסטו, אַנטלויף איך, אַרויף אויף דעם שטריק".

דער אכזר גייט זיך אָן דער זייט אַ שמייכל,
און זאָגט זיך אַזוי מיט אַ רשעת־שׂכל:
„נו, איך וועל דיר טאַקע שענקען אַ טאָג דריי;
דערקוקן, אַז די צייט וועט שוין זיין פֿאַרביי
און דו וועסט פֿאַר מיר דאָ אויף דעם אָרט ניט שטיין,
הענגט מען אויף דער תּליה דיין חבֿרס געביין,
און דו וועסט זיין גאָר פֿריי, מעגסט וואו דו ווילסט גיין".

ער גייט צום פֿריינד: „דער מלך הייסט מיך הענגען
פֿאַר דעם, ווייל איך האָב אים געוואָלט אומברענגען;
נאָר שענקט ער מיר נאָך אויף דריי טאָג מיין לעבן,
ביז איך וועל מיין ליבע שוועסטער אויסגעבן;
בעט איך אַצינד נאָר דאָס איינציקע פֿון דיר:
בלייב דו דאָ פֿאַר אַן ערב איבער פֿאַר מיר,
ביז איך קום עפּענען פֿון דיין תּפֿיסה די טיר".

און שטיל נעמט אים דער חבֿר אַרום אַצינד,
און גיט זיך איבער־צו דעם אלזור געשווינד;
דער אַנדערער גייט זיך אַוועק אין זיין וועג.
און איידער עס פֿאַרלויפֿן נאָך די דריי טעג,
האָט ער געשווינד דער שוועסטער התונה געמאַכט,
און איילט זיך אַהיים מיט דער דאגה פֿאַרטראַכט,
ער זאָל צייטלעך קומען, איידער עס ווערט נאַכט.

פּלוצלינג הייבט אָן צו רעגענען, צו גיכן,
די קוואַלן פֿון די בערג שטראָמווייז צו פֿליסן,
די רזיקעס, די טייכן גייען איבער פֿון לאַנד.
ער קומט צום באָרטן, דעם שטעקן אין דער האַנט,
און די בריק גיט עס אַרײס, פֿון עק ביז עק,
די פֿאַליעס טראָגן די געהילצן אַוועק,
פֿון דער גאַנצער בריק בלייבט נישט איבער אַ פּלעק.

און אָן אַטרייסט לויפֿט ער אַרום ביים באָרטן,
זוכט און קוקט אַהער, אַהין, דאָ און דאָרטן;
ער שרייט מיט אַ קול, ווי דער גרעסטער גבור,
קיין שיפֿל וויל אָבער נישט קומען אַריבער
וואָס זאָל אים אַהין פֿירן אויף יענער זייט;
קיינער וויל זיך שיפֿן אין אַזוי אַ צייט;
דערווייל נעמט דער שטראָם צו, ווערט ווי אַ ים ווייט.

ער פֿאַלט אַנידער אויף דער ערד, וויינט און קלאָגט
מיט ביידע הענט אַרויף צו גאָט, בעט און זאָגט:
„גאָט! האַלט איין דעם שטראָם, לאָז שטיל ווערן דער
ווינט;

די צייט לױפֿט, די זון װײַזט אויף מיטאָג אַצינד,
און אַזױ באַלד זי איז אונטערגעגאַנגען
און איך װעל נישט קענען די שטאָט דערלאַנגען,
װעלן זיי זאָבן מיין חבר געהאַנגען״. —

אױפֿסניי קומען אָן פּאַליעס נאָך מיין און מיין,
אײנע שטופּט די אַנדערע, זי זאָל גיך גיין,
און שָעה אויף שָעה יאָגט זיך אויך אַװעק...
איצט מאַכט ער זיך אַ דאַריך פֿאַר גרױס אַנגסט און
שרעק,
װאַרפֿט זיך אין דעם שטראָם אַריין נאַקעט און בלױז,
גיט די פּאַליעס מיט געװאַלד אַ רוק, אַ שטױס,
און אָן אַ שיעור איז איצט גאָטס רחמנות גרױס.

ער איז אַריבער, לױפֿט װי אַ פֿײל פֿון בױגן,
דאַנקט און לױבט גאָט מיט טרערן אין די אױגן;
און אַ באַנדע רוצחים, געװוינטע יונגען,
קומען פּלוצלינג פֿון װאַלד צו אים צו שפּרינגען,
װײַטער צו גיין איז ער שױן נישט מער אימשטאַנד:
זיי שטייען אַלע אױסגעשטעלט גאָר װי אַ װאַנט
און איטלעכער מיט אַ פּאַלקע אין דער האַנט.

„װאָס װילט איר? שרייט ער דערבלעכן װי אַ שטיין,
איך פֿאַרמאָג גאָרנישט, נאָר דאָס לעבן אַליין,
דאָס בין איך דעם מלך שולדיק, עס איז זיין״;
און כאַפּט ביי זיי אַ שװערד אין דער האַנט אַריין:
„האָבט רחמנות! מיין פֿריינד האָט איר צעבראָכן!״
און תּיכּף האָט ער דריי רוצחים דערשטאָכן,
די אַנדערע זענען אין װאַלד פֿאַרקראָכן.

אין די זון הייבט אָן צו ברענען, צו בראָטן,
ער איז מיד און זעט שוין אויס ווי אַ שאָטן,
פאַרשלאָפט פאַלט ער אַנידער אויף זיין פּנים:
„גאָט! האָסט מיר געהאָלפן פון די גזלנים,
מיך באַשערעמט פון דעם וואַסער דעם ברייטן,
כּדי אַז דו זאָלסט מיר דאָ דעם טויט אָנגרייטן
אין מיין ליבן חבר זאָל מען דאָרט טייטן?"

נאָר הער, עפּעס איז אַ געראַש, אַ געזשים;
גאַנץ נאָנט הערט מען עפּעס אַזוי ווי אַ שווים;
און ער בלייבט גאַנץ שטיל שטיין און הערט און האָרכט,
און קוק! פון אַן אַשטיין אַרויס פליסט און שאָרכט
אַ קוואַל, ווי דימעט קלאָר, מיט אַ געריידער.
מיט גרויסער שמחה לייגט ער זיך אַנידער,
טרינקט און דערפרישט זיך זיינע מידע גלידער.

פון צווישן די גרינע צווייגן די שיינע
קוקט די זון איצט דורך, די קלאָרע, די ריינע,
און מאַכט דעם שאָטן פון די ביימער גאַנץ לאַנג;
פון צוויי בוסגייער דערהערט ער איצט דעם גאַנג,
זיי איילן זיך אַוועק צו גיין פון דעם אָרט,
און ער הערט פון ווייטן, זיי שמיסן דאָס וואָרט:
„אָ! אַצינד הענגט מען שוין אויף דעם ערב דאָרט".

און פאַר גרויסע צרות ליפט ער ווי אַ ריז,
גלייך ער העט געהאַט צוויי פליגל אויף די פיס.
ער זעט שוין פונווייטן די דעכער גלאַנצן;
אין תּיכף זעט ער שוין די שטאָט אינגאַנצן.

זיין ערלעכער משרת קומט אים אנטקעגן,
וואס היט אים גאר געטריי זיין גאנץ פארמעגן;
אים וויל ער אנהייבן עפעס צו פרעגן.

„אנטלויף! דו ראטעוועסט דיין פריינד שוין נישט מיין;
אנטלויף, און ראטעווע דיין לעבן אליין!
אט אין דער מינוט ציט מען אים אויף דער שנור.
ער האט נעכטן געהארט און געהאפט אויף דיר,
די זאלסט צו דער באשטעלטער צייט אנקומען;
אפילו דעם אכזרס חוזק מאכן און ברימען
האט אים דעם בטחון נישט אוועקגענומען“.

„אין קום איך שוין שפעט, קען אים נישט מציל זיין,
זאל מען מיך לייגן צו אים אין גרוב אריין,
לאז אפילו דער טויט אונז נישט טרענען;
לאז זיך דער אכזר נישט באריימען קענען,
אז פריינד האבן געהאנדלט אן ישרנות;
לאז ער קוילען ביידע ווי צוויי קרבנות
און שוין גלייבן אן פריינדשאפט און רחמנות“.

די זון גייט אונטער — אצינד איז ער ביים טויער
און זעט שוין די תליה אויפגעשטעלט קאפויער,
און אוצרות מענטשן שטייען ארום און קוקן:
דעם פריינד נעבעך הייבט מען אן צו הערשטיקן.
און ער שטויסט זיך דורך אלע מענטשן אפיר:
„מיך, תלין, שרייט ער, הענג אויף, איך בין ביי דיר!
ער איז נאר געוועזן אן ערב פאר מיר!“

דער עולם בלייבט שטיין פארוואונדערט און פארמישט,
די פריינד האלזן זיך, איינס דאס אנדערע קושט,

פֿאַר לייד און פֿרייד גיבן זיך זייערע טרערן,
אויך ביים עולם רינען זיי ווי פֿון רערן.
די מעשׂה קומט ביז צו דעם מלכּס טירן;
זיין אייזערן האַרץ הייבט זיך אָן צו רירן,
און ער הייסט זיי ברענגען פֿאַר זיך צו פֿירן.

און ער קוקט זיי אָן אַזוי אַ מאָל הונדערט
און זאָגט צו זיי, אַלץ אינאיינעם פֿאַרוואונדערט:
„אַגליק! עס האָט מיין האַרץ גובֿר געווען!
פֿריינדשאַפֿט, זע איך, איז פֿאָרט עפּעס אַ וועזן.
איצט בעט איך, טוט מיר דעם חסד דעם גיטן:
לאָזט מיך אויך אַריין צווישן אייך אינמיטן,
און נעמט מיך צו פֿאַר אייער פֿריינד דעם דריטן".

## אֵשֶׁת חַיִל

**א** ווייב גאַנץ פֿרום ווי גאָט געפֿעלט
געפֿינט מען זעלטן אין דער וועלט.
זי איז פֿון פּערל נאָך מיין ווערט;
גאַנץ שטיל, גאָר אָן געשריי,
איז איר מאַן איר געטריי,
דורך איר ווערט אַלדאָס גוטס פֿאַרמערט.

זי זוכט תּמיד ביי איר לעבן
דעם מאַן נאָר נחת צו געבן,
זי טוט אים קיינמאָל נישט קיין שלעכטס;
זי זוכט צו געפֿינען
פֿלאַקס און וואָל צו שפּינען
און מאַכט דרויס תּיכּף עפּעס רעכטס.

ווי אַ שיף אויף דעם ים לויפֿן
יאָגט זי זיך, אַלץ איינצוקויפֿן,
עס זאָל זיין אין הויז צו עסן;
און באַגיין אין דעם הויז
טיילט זי איטלעכעס אויס,
די דינסט זאָל גאָרנישט פֿאַרגעסן.

אויפֿן פֿעלד ביים ווייץ, ביים גערשטן
פּאָרעט זי זיך באַלד צום ערשטן,
אין גאָרטן טוט זי אַלץ אַליין;
זי קוועלט דערפֿון, זי קוועלט,
און ווייל איר דאָס געפֿעלט,
קען זי קיין מינוט לידיק שטיין.

דאָס ליכט פֿאַרלעשט זי נישט ביינאַכט,
קלערט וואָס זי האָט ביי טאָג געמאַכט,
אויב איר האַנדל האָט געווינען;
און פֿאַר אַ צייט=פֿאַרטרייב,
נעמט זיך דאָס גוטע ווייב
אַצינד נאָך פֿאָדעם צו שפּינען.

אָרעמעלייט צו געבן
גאָר מיט ביידע הענט כּלעבן
האָט זי נאָך קיין מאָל ניט פֿאַרזוימט;
זי פֿרעגט נישט אין דער וועלט
נאָך רעגן, שניי און קעלט,
זי באַוואָרנט איר הויז און רוימט.

איטלעכע זאַך אין דעם הויז
קומט פֿון אירע הענט אַרויס,
זי וואַשט, זי פּרעסט, זי נייט, זי העפֿט;
אירע קליידערלעך גאַנץ שיין
נייט זי זיך גאָר אַליין,
עס איז ביי איר קיין גרויס געשעפֿט.

זי מאַכט איר מאַן אויך צו לייט,
באַרימט ווערט ער ברייט און ווייט,
ער איז אין שטאָט רעגירער,
ער זיצט גאָר אויבנאָן,
וואָס ער טוט איז געטאָן,
ער איז גאָר דער רעדלפֿירער.

מיט זייער אַסך זאַכן
וואָס אירע הענטלעך מאַכן
האַנדלט זי, פֿאַרטוישט און בייט;
און מיט אַ סך קליידער
גאָר שיין און שטאַרק כּסדר
איז זי פֿאַרזאָרגט אויף לאַנגע צייט.

זי לערנט גאָר צוקערזיס
אַלע מיט איר שיינעם שמיס,
נאָר חכמה גייט איר אַרויס פֿון מויל;
און הויז ציכטיק און פֿרום
קוקט זי זיך אויף אַלץ אום,
אַלץ זאָל מען טון און נישט זיין פֿויל.

אירע קינדער לויבן זי,
דער מאַן אָבער ליגט נאָך צו.
די זאָגן זייער אָפט צו איר:
„עס זענען דאָ געניג
וויבער וואָס זענען קלוג,
נאָר וואָס! ווי קומען זיי צו דיר!“ —

וואָס ניצט דאָס וואָס מען איז שיין?
צו וואָס טויג דער גאַנצער חן?
אַ ווייבל, וואָס איז באמת פרום
און ווייסט ווי צו לויבן,
אונזער האַר גאָט פון אויבן,
די לויבט מען טאַקע אומעטום.

פאַר איר אַרבעט, פאַר איר מי
און די דאגות נאָך דערצו,
לאָזט די לעבען כאָטש געניסן;
און שפּעטער אין אַ צייט
זאָלן גאַנץ קלוגע לייט
נאָך פון אירע מעשים שמייסן.

## יונג—אַלט

ווען מען איז נאָך יינג,
דאַכט זיך, עס איז גרינג
אַלץ צו דערקלערן
און קלוג צו ווערן;
אין די אַלטע יאָר
ווערט מען ערשט געוואָר,
אַז גאָר דאָס לעבן,

פֿון גאָט געגעבן,
איז אַלץ נישט גענוג,
צו ווערן גאַנץ קלוג.

# נאמנה-ווידוי

## פֿון איינעם וואָס זוכט דעם אמת

עס פֿירן אַרום די מענטשן צוויי כּוחות,
זיי פֿירן זיי באַלד אַהער און באַלד אַהין;
רעכט צו קלערן, צו דעם האָבן זיי מוחות,
און אַ האַרץ, זיי זאָלן דאָס וואָס רעכט איז טאָן*.

מיט צוויי שלאַפֿע כּוחות צו ווערן איניק
איז פֿאַר דעם מענטש נעבעך אַ גאַנץ שווערע זאַך!
אַי, דער שׂכל ווייסט אויף דער וועלט גאָר ווייניק,
און דאָס האַרץ ווידער ווינטשט, האָפֿט און גלייבט אַ סך.

אָפֿט מיינט מען גאָר דעם אמת נאָכצופֿליען,
און דער שׂכל האָט גאָר נאָכגעיאָגט אַ ווינט;
אָפֿט מיינט דאָס האַרץ די גרעסטע מצווה צו טאָן, 1
און עס פֿאַרקריכט זיך גאָר צו דער ערגסטער זינד.

ווענען נישט די צוויי פֿירערס בײַ דער הצלחה
אָפֿט מיט זיך אַליין ווי אין דער בּגלה?
זאָגט נישט אָפֿט דער שׂכל: דאָס איז אַ בּרכה,
אויף דעם וואָס דאָס האַרץ פֿילט, עס איז אַ קללה?

* = סאָן (טון).

זעט נישט אָפּט איין דער שׂכל אין דעם אַטעות,
אין דעם, וואָס דאָס האַרץ מיינט, עס איז וואויל און
רעכט?

באַווייזט נישט אָפּט דער שׂכל מיט המציאות,
אַז דאָס איז גוט, וואָס דאָס האַרץ פֿילט, עס איז
שלעכט?

קען אַ שיין, וואָס ווערט פֿון אַ קליינקייט טריב,
אונז לייכטן צו דעם אמת, דעם גאַנץ קלאָרן?
קען אונז אַ געפֿיל וואָס האָט צו בלאָנדזשען ליב
פֿירן צו דעם ריינעם פֿרומקייט, דעם וואָרן? —

איבער דעם האָבן זיך אַ סך פֿירגענומען,
מען זאָל נאָר נאָך פֿרעמדע עצות נאָכיאָגן:
דאָרט וואו מען קען אויף דעם אמת שווער קומען,
זאָל מען נאָר גלאַט גלייבן וואָס פֿרעמדע זאָגן.

נאָר זאָל דשע גלויבן בעסער פֿון וויסן זיין?
פֿאָלגן בעסער זיין, ווי זיין אייגן געפֿיל?
און פֿירט אַ געליגן ליכט וואָס איז נישט מיין
מיך זיכערער ווי מיין אייגן ליכט צום ציל?

איז דען נישט ביי אַלע מענטשן איבגעגלייכט
די פֿינף שׂכל, וואָס גיט אין אַ מענטש אַ שיין?
און זאָל די זון וואָס אין אונזער מדינה לייכט
ערגעץ אַנדערש גאָר ריין און אָן פֿלעקן זיין?

איז בעסער מיינע אייגן צו פֿאַרבינדן,
און ביי אַ פֿרעמדנס שטעקן אַרומצוגיין?
גיט מיר די נאַטור אויגן ווי אַ בלינדן,
און פֿיס, וואָס איך אַליין זאָל אויף זיי ניט שטיין!

און ביז אַנסיון זעען מיר פֿאָרט, אַז דאָס האַרץ
ליפֿט צו צו דער אמונה ווילק און גערן,
און אַז עס האָט אָפֿט פֿון דעם אמת אַ שמאַרץ,
קען ער נאָר דורך דער אמונה פֿאַרהיילט ווערן.

יאָ, אַ גרענעץ האָט די אמונה דאָ אין האָרט,
אַ גרענעץ גאָר אַזוי גוט ווי דער פֿאַרשטאַנד;
דערקענען ווער קען מיר אָנווייזן דאָס אָרט,
וועלכעס זיי ביידע גאָר אָפּשיידט פֿונאַנאַנד?

נאָר דאָ וואו דער שכל קען שוין נישט קומען,
דאָ זאָל מען מיט דער אמונה ערשט אָנהייבן;
ווער האָט אָבער פֿון שכל אַ מאָס גענומען,
ווי ווייט ער גרייכט, מען זאָל ווייטער נאָר גלייבן?

מוז גיכשט דער שכל, ווען ער בלייבט נאַקעט שטיין,
זיך ערשט זען מיט דער אמונה צו פֿאַרדעקן?
אין טאָר זיך דער מענטש צו קלערן אונטערשטיין,
ווייטער ווי ער מעג מיט זיין שכל שטרעקן?

דו, וואָס האָסט מיר קלוגן חשק צו וואָרהייט
און אַ גאַנץ וויך האַרץ צום גלייבן געגעבן,
לאָז פֿאַר דיין הייליקן שטול און דיין קלאָרהייט,
לאָז אַצינד מיין נאמנה-ווידוי שוועבן!

נאָר פֿאַר דיר, אייביקער! ווייל דו נאָר אַליין
קאָנסט זען אין מיין אָפֿענער נשמה אַריין,
פֿאַר דיר, ווייל דו, אַז איך וועל אַ פֿעלער באַגיין,
וועסט אַליין, און נישט דער מענטש, מיין דין זיין.

פֿאַר דעם, ווייל דו שטראָפֿסט נישט ווי מענטשן מיט פּיין,
נישט ווי מענטשן לאַנגע צייטן צערנען קאָנסט,
און דעם שׂכל וואָס האָסט באַשאַפֿן פֿריי צו זיין
נישט ווי זיי אין דער אמונה־אָרעמע איינשפּאַנסט.

און קען דען מיין שׂכל אָן דיין ליכט שיינען?
ווער האָט אים דען אָפּגעטיילט אַ שיין מער ווי די?*
און וויל די זון מיט דער לבֿנה איינטענהן,
פֿאַר וואָס זי שיינט ביינאַכט נישט גאַנץ העל ווי זי?

איצט הער מיין געבעט און באַלייכט מיין פֿאַרשטאַנד
מיט דיין קלאָרן ליכט צו אַ דעה ישרה,
נאָר מיט דיין שיין ליכט פֿון דיין אייגענער האַנט
און נישט מיט יענעם ליכט פֿון סאַנדע־גאָרע.

איך גלייב, אַז קענסט דעם וואָס איז נימאס זיין לעבן
אים מיט גלייבן אָן יענער וועלט דערהויבן;
איך ווייס אָבער, אַז האָסט מיר שׂכל געגעבן,
ניט בלויז צו דעם, איך זאָל פּשוט אַלץ גלייבן.

איך גלייב, אַז די אמונה האָט פֿון יאָר און טאָג
דעם מענטשנס שׂכל אַ שטאַרקן כּוח צוגעשיקט
און שטאַרקט אים אַלע מאָל ביי צרות און פּלאָג,
און אים תּמיד מיט זיסער האָפֿנונג דערקוויקט.

איך ווייס אָבער, — די וועלט ווייס עס אויך גאַנץ קלאָר —
אַז די אמונה ביי די לומדים איז דער האַנט

* = דו.

האָט מער קאַליע געמאַכט אין פיר הונדערט יאָר,
ווי אין גאַנצע זעקס טויזנט יאָר דער פאַרשטאַנד.

איך גלייב, דער מענטש קען זיין נענטער צו דער זון,
ווען ער וואוינט דאָרט אין אַן אַנדערער מדינה;
איך ווייס אָבער, אים קומט נאָך קיין שנ"ר דערפון,
ווייל ער וואוינט אין זברון און נישט אין כּינע.

איך ווייס, אַז דו דאַרפסט מיר ניט צו דאַנקען פיל
און איך האָב נאָך נישט פאַרדינט דאָס גן־עדן,
פאַר דאָס וואָס איך טו צו דיר תפילה אין שיל,
וואָס איז באַלד לעבן דעם הויז פון מיין זיידן.

איך גלייב, אַז דיר איז דער מאָדע צו דינען
קען מער ווי אויף דער אַנדערער געפעלן;
איך ווייס אָבער, דו וועסט הבדלות פון בראַמינען
גלייך מיט דעם פרומען יידס פאַר דיר שטעלן.

איך גלייב, אַז דו האָסט געשריבן אויף שטיינער
אַ געזעץ, מענטשן זאָלן זיך ליב האָבן;
איך פיל אָבער, דאָס העט ניט געפאָלגט קיינער,
העטסטו אונז דאָס נישט אין האַרץ איינגעגראָבן.

איך גלייב, אַז דו האָסט אונז אַ בוך געגעבן,
מען זעט, עס איז פון דיין הייליקן נאָמען;
האָסט דריגען אַפילו פאַר אונזער לעבן
געזייט אַ גאַנץ גוט ביסעלע זאָמען.

איך קען אָבער אַ בוך וואָס דו האָסט געשריבן,
וואָס אַלע לייענען דרינען מיט גרויס באַגיר,

אַ בוך וואָס איז אייביק אָן פאַלשקייט געבליבן,
איך מיין — דאָס הייליקע בוך פון דער נאַטיר*.

איך גלייב, אַז דו האָסט מענטשן אָן רחמנות
מיט אַ גלייכער מאָס אַליין געוואָרנט, גאָט!
מיין האַרץ הערט אָבער פון בידנע אַלמנות
אַ סך שטאַרקער און נייטיקער דיין געבאָט.

איך גלייב, אַז סודות דיין גרויסקייט פאַרמערן,
וואָס נאָר דו קענסט זיי פאַרשטיין מיט דיין כח;
איך ווייס אָבער, אַז אונז זיי צו דערקלערן
האָבטו אונז ניט געשענקט שכל אין מוח.

איך גלייב, אַז אַ הייליק אָרט דיר זייער געפעלט,
און ירושלים איז ביי דיר דאָס בעסטע;
איך ווייס אָבער, אַז דו ביזט אין גאָר דער וועלט,
און מיין האַרץ איז דיין מזבח דאָס גרעסטע.

איך גלייב, אַז דורך וואונדער פון אייביקער צייט
זעט איין דיין גבורה איטלעכער באַזונדער;
איך זע אָבער און עס זעען אַלע לייט,
אַז די קינצלעכע וועלט איז דיין גרעסטע וואונדער.

איך גלייב, אַז די פרומע וואָס זענען שוין טויט,
אונזערע קדושים, ביי דיר אין תשיבות שטיין;
און זענען מיר אַמאָל אין אַ גרויסער נויט,
האָפן מיר, אַז זייער זכות וועט אונז ביישטיין.

* == נאַטור.

איך ווייס אָבער, אַז צו פּרוּוון אַמענטשס ווילן
באַדאַרפסטו גאָרנישט קיין פרעמדן דערנעבן,
און זיינע בקשות אַז דו זאָלסט דערפילן,
דאַרף דיר קיינער קיין עצות נישט צו געבן.

איך גלייב, עס קומט אָפּט אויס, איך האָב קיין ברירה,
און צו הטאים ציט זי מיך צו, מיין נשמה;
און דורך דעם וואָס איך פּאָלג און טו אַן עבירה,
פאַרדין איך טאַקע דיין צאָרן און דיין נקמה.

איך ווייס אָבער, אַז גאָר אַלע מיינע זינד
קענען אַזוי דערצערענען דיין גוט האַרץ,
ווי עס איז מעגלעך, אַז אַקליין ביסל טינט
זאָל קענען דעם גאַנצן גרויסן ים מאַכן שוואַרץ.

איך גלייב, אַז פון גלות צו דערלייזן אונז
איז געווען פון הונדערטער יאָרן אַזאַך;
איך ווייס אָבער, אַז עס איז ביי דיר קיין קונץ,
דו זאָלסט מיט איין וואָרט באַשאַפן וועלטן אַסך.

איך גלייב, אַז דאָרט אויבן האָסטו אָנגעגרייט,
דער שכל זאָל אויביק טראַכטן און קלערן;
נאָר איך ווייס, ווען ער זיך ביי אַגעשעפט דרייט
איין טאָג, מוז ער באַלד מיד און שלעפעריק ווערן.

איך גלייב, אַז דעם רעכטן אמת צו דערקלערן
לאָזטו דעם שכל נאָר אויף איין וועג שפּרייזן;
איך ווייס אָבער, אַז צווישן די סך שטערן
וועגען אַזעלכע פאַרהאַנדן וואָס פאַלש ווייזן.

איך גלייב, אַז דו האָסט מיר חושים געגעבן,
וואָס נאָר אויף זיי דער שכל זיין קלערעכץ בויט;
יאָ, אַפילו מיין שכל און מיין לעבן
האָסטו נאָר די פירערס אַליין געטרויט.

איך וויים אָבער, אַז מיינע בידע אויגן,
וואָס דער שכל, וואו זיי פירן, גערן גייט,
קענען מיר אַפילו צו דעם ניט טויגן,
איך זאָל זען, אויב דיין זון גייט אָדער שטייט.

איך גלייב, אַז מיין האַרץ, כאָטש עס האָט הסרונות,
מוז עס פאָרט די וואוינונג פון דעם צדקית זיין;
נאָר איך וויים, אַז אָפט גייען צדקות און עוונות,
קיים מען דערקענט, איינס אין דעם אַנדערן אַריין.

איך גלייב, אַז ביי דיר איז זייער חשוב העור,
וואָס צרות און לייד אים אויף דער וועלט דריקן;
איך וויים אָבער, און וויים עס פון יאָרן הער,
אַז אַ קינדס לייד קען קיין פאָטער נישט דערקוויקן.

איצט אין זעלכע ספקות זיך איינצושטעלן,
ווייסט מיין נשמה נישט וואָס זי זאָל אָנהייבן:
וואָס זי פאַרשטייט וויל דער אמונה נישט געפעלן,
און דער שכל לאָזט זי נישט, זי זאָל גלייבן.

אוי, ביטער איז מיר אין דעם פינסטערן שטאַנד,
וואו מיין נשמה קען זיך גאָר נישט רירן!
זאָגטס מיר איצט, צי די אמונה צי דער פאַרשטאַנד,
קען מיך צום אמת נענטער אַהינפירן?

זאָל איך דער אמונה אינגאַנצן אָפּזאָגן,
ווייל זי לאָזט דעם שׂכל גאָר נישט קיין מנוחה *?
אָדער זאָל איך דעם שׂכל אַוועקיאָגן,
ווייל ער באַווייזט קעגן דער אמונה אַ רציחה?

איז דאָס אַ זינד, וואָס איך לאָז מיך נישט פירן
פון אַ פרעמדער, וואָס דער שׂכל האָט אים פיינט?
איז דאָס אַ מצווה, איך זאָל מיך נישט רעגירן
מיט דעם ליכט, וואָס דו אַליין האָסט עס באַשיינט?

קען איך נאָר פון דער תורה אַליין דיין וואָרט,
שטיין נאָר אויף צוויי לוחות די מצוות פון דיר?
האָב איך דיינע ווערטער נאָר געהערט פון דאָרט
און אַן אַנדערן העך איך דורך דער נאַטיר?

זאָל דאָס נאָר הייסן אַ מצווה, אַז איך טו
דאָס וואָס די אמונה האָט מיך שוין געלערנט פריער?
און וואָס איך טו, ווייל די נאַטור ווייזט מיר צו,
זאָל גאָר אַפילו נישט ווערט זיין אַ קוק פון דיר?

קען דיר נאָר דאָס גוטע אַליין וואָס אַ ייד טוט
געפעלן פאַר אַ גוטן תּכלית, אַ שורש?
אָבער פון די וואָס זענען קיין יידן ניט
איז דיר גלייך, צו איז ער המן צי כּורש?

אוי! דו וואָס האָסט מיר גרויס חשק צו וואָרהייט
אין דאָס טרייע האַרץ צום גלייבן געגעבן,

* = מנוחה.

אוי! לאָז אַ קליין שטיקל שיין פון דיין קלאָרהייט
אַראָפּ אויף מיין שטיקעלע שׂכל שווענן.

קוק אַראָפּ מיט גרויס רחמנות אויף די קריג
און וואָס מיין שׂכל מיט מיין אמונה זענען;
און לערן מיך אויס, איך זאָל זיין אַזוי קליג,
אמונה מיט שׂכל אויסגלייכן צו קענען.

און ווילסטו דיך צו מיין געבעט נישט קערן,
האָבטו דיר פאַרשטאָפּט דיינע איערן מיט אַוואַנט,
אַזוי נעם — אוי גאָט! איך בעט זאָלסט מיך הערן —
נעם מיר די אמונה... אָדער דעם פאַרשטאַנד.

## דאָס פאַנעלע

אַן אָרימאַן, אָבער ערלעך,
איז געווען נה לערלעך.
צו־פוס אונטערוועגס אַליין
פלעגט ער נעבעך צו מוזן גיין;
אין בלאָטעס אַרומצוקריכן,
זיין פרנסה אָפּצוזוכן.

דערווייל ווי ער גייט זיך אַמאָל
אין דעם גרויסן וואַלד אין אַ טאָל,
כאַפּט אים אַ גזלן ווי אַ ריז,
און ציט אים אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס.
די קעלט איז געווען זייער גרויס,
און דאָ איז ער נאַקעט און בלויז,
קלאַפּט איין צאָן אָן דעם אַנדערן,

און מוז פאָרט ווייטער וואַנדערן.
ער לויפֿט געשווינד גאָר ווי די פֿאָכט
נאַקעט און באָרוועס אין דעם פֿראָסט.
נישט ווייט באַגעגנט אים אַ ייד
וואָס פֿאָרט מיט פעלצן אויף אַ יריד;
אים בעט ער זיך צו דערבאַרמען,
מיטצונעמען און דערוואַרמען.
„איך האָב, זאָגט דער ייד, נישט קיין צייט
איך מוז נאָך פֿאָרן היינט גאַנץ ווייט,
באַדאַרף דאָרט נאָך אויפֿצורוימען
און קען דערווייל דעם יריד פֿאַרזוימען!"

און אַ פֿאַל אַנידער אָן כּוח
גיט נעבעך איצט אונזער נח.
ער וויינט מיט בלוטיקע טרערן,
גאָט זאָל זיין געבעט דערהערן
און אים עפּעס אַ הילף געבן
אָדער אים נעמען זיין לעבן.

און גאָט געדענקט אים צו גוטן.
עס דויערט קוים אַ פּאָר מינוטן,
פֿאָרט אַ יונג פּאַנעלע פֿאַרביי
און הערט זיין יעמערלעך געשריי.
זי הייסט דעם לאָקיי בלייבן שטיין,
הערן, וואָס דאָס איז פֿאַר געוויין.
דער לאָקיי גייט, קומט און זאָגט:
אַן אָרעמער ייד וויינט דאָרט און קלאָגט.
עס זעט אויס, איך העט געשוואוירן,

אַז ער איז שוין האַלב געפרוירן,
דאָס הייבט אָן איר האַרץ צו רירן:
זי הייבט אים ברענגען צו פירן.
נה קומט, ציטערט און פלאַטערט,
פון גרויסער קעלט אָפּגעמאַטערט.
זי הייסט אים באַלד אַ פלאַשטש געבן,
און ער דערפילט ערשט זיין לעבן.
פון איר אויג רינט אַ טרער אַצינד:
„לויף נאָר, זאָגט זי, גאַנץ געשווינד,
ביז דו וועסט זיך גוט דערהיצן,
דערנאָך וועסטו דאָ אויפזיצן“.
ער לויפט און קרעכצט שטאַרק אינמיטן,
און די פאָרט נאָך מיט דעם שליטן;
ער הייבט שוין אָן שטאַרק צו שוויצן —
איצט הייסט זי אים אויפזיצן.

דריי מייל גיבן די פערד אַ לויף,
זיי קומען צו איר פאָטערס הויף.
גאָר אַ שטיקל וועגס פון דאַנען
איז זייער קרעטשמע געשטאַנען.
דאָרטן איז אַ ייד געזעסן.
זי הייסט אים געבן צו עסן,
דאָ עטלעכע טעג פאַרבלייבן
און אויף איר חשבון אויפשרייבן.
„נעם דעם פלאַשטש, זאָגט זי, ער איז דיין
און פאָרט געשווינד אין הויף אַריין.
זי דערציילט ווי עס איז געשען,
זי האָט אַ ייד מציל געווען.

עס ליבט זי דער פּאָטער פאַר דאָס
גאָר אָן אַ שיעור, גאָר אָן אַ מאָס.
אויך די מוטער האָט זי געקישט
און זיך די טרערן אויסגעווישט.
דערנאָך ליגן זיי זיך כּסדר
איטלעכער אין זיין שלאָפחדר.
נה האָט דערציילט גאָטס ווינדער
דעם אַרענדאַר מיט די קינדער;
דערנאָך גיט ער גאָט אָפּ זיין דאַנק
און ליגט זיך שלאָפן אויף אַ באַנק;
צוקאָפּנס ליגט ער זיך אַ זאַק
און ווערט אַנטשלאָפן גאַנץ געשמאַק.

די נאַכט איז געווען גאַנץ טינקל;
פינסטער אין איטלעכן ווינקל;
גאָר שטיל איז אַרום און אַרום,
מען הערט נישט אין ערגעץ אַ שום;
דער הימל איז ווי אַ כמאַרע,
און אַ נעפּל ווי אַ פאַרע;
מען זעט קיין שטערן אין הימל.
פּלוצלינג ווערט אַ גרויס געטימל.
מען הערט שרייען, מען הערט קלינגען
מען זעט ליפן, מען זעט שפּרינגען.
איטלעכער פרעגט: וואו איז עס, וואו?
און מען ליפט נאָר צו איין אָרט צו.
אַלע ליפן דאָרט צוזאַמען,
און מען זעט זייער שטאַרקע פלאַמען.
נח כאַפּט זיך אויף גאַנץ געשווינד,
ליפט אַרויס ווי אַ שטורעם־ווינט.

ער זעט אַ געלאַפּ, אַ געגיי,
ער הערט אַ לאַרעם, אַ געשריי:
„געוואַלד! ראַטעוועטס וואָס עך קענט!
אין הויף, אין הויף פלאַמט און ברענט!“
ער גיט אַ שפּרונג גאָר ווי אַ קאַץ
און איז שוין דאָרט אויף דעם הויפּפּלאַץ.
דאָרט זעט ער אַ גרויסע פלאַם.
דער הימל לייכט זיך ווי ביטאָג,
און איז פלאַמס־רויט אַזוי ווי בלוט;
פונקען פליען ווי פון אַ הוט;
בעלקעס פלאַקערן און קנאַקן,
גלייך מע וויל עפּעס גיך באַקן;
פייערדיקע צונגען לעקן
די דעכער אין אַלע עקן,
פויערן צערייסן מיט שטאַנגען,
מיט לאָפּעטעס, העק און צוואַנגען;
גיסן וואַסער ווי פון רערן
טאַקע גאָר נישט אויפצוהערן,
איטלעכער לויפט און ראַטעוועט,
איינער דעם אַנדערן טראַטעוועט,
דער ווינט אָבער ווי אַ קאָכער
בלאָזט אונטער ווי מיט אַ פאָכער,
און דאָס פייער ווערט אַלץ גרעסער.
אוי! אין דאָ שטייט דער פּאָסעסער,
נעבעך פאַרווייַנט און פאַרביטערט,
לעבן אים זיין ווייב און ציטערט,
בלייך ווי קאַלך און ווי איז קאַלט,
און עטלעכע זעכציק יאָר אַלט.

„אוי!", שרייט זי, ראַטעוועט געשווינד
מיין איינציק לעבן, מיין גוט קינד!

קוים האָט נח דאָס וואָרט דערהערט,
האָט זיך זיין כוח שטאַרק פאַרמערט,
זיין לעבן איז נישט מער טייער;
ער שפּרינגט אַריין אין דעם פייער.
ווי דאָס דערזעען די פויערן,
בלייבן זיי שטיין ווי מויערן;
גאַנץ הויך שרייט אָבער באַלד איינער
„אָט דאָס איז אַ גאַסט אַ שיינער!
וואו האָט זיך דער גענומען?
ווען איז דער גנבֿ געקומען?
לאָמיר אים נאָר געשווינד כאַפּן,
און גוט די ביינער אויסקלאַפּן".
אָבער קיינעם זעט מען וועלן
זיך זיין לעבן גיך איינשטעלן;
קיין איינציקער גיט זיך אַריר,
איטלעכעס אַרבעט ווי פריער.
פּלוצלינג אין אַ פערטל שעה
שרייט מען ווידער: „אָט איז ער דאָ!
אָט טראָגט ער שוין אַ גאַנצן פּאַק!"
איינער לויפט צו אים מיט אַ האַק,
ער בלייבט אָבער ווי דערשטאַנען
און רירט זיך שוין נישט פון דאַנען;
וואָרן שטאָט דער גרויסער גנבֿה,
זעט ער, טראָגט נח אַ נקבֿה.
כוים איז ער אַרויס פון דעם חיך,

שרייט ער: „זי לעבט! זי לעבט!" גאַנץ הויך.
באָרד און פּאות זענען פאַרברענט
און שוואַרץ ווי בּמאָלע זיינע הענט,
זיין פּנים איז צעהאַקט און צעקאַרבט
און מיט פאַרטריקנט בלוט געפאַרבט;
זיין לייב איז מיט לויטער וואונדן,
שמאַרק צעריסן און צעשונדן;
פון קליידער זעט מען נאָר אַ קויל,
און אין האַרץ איז אים אויך נישט וואויל;
ער איז שוין נעבעך שטאַרק פאַרשלאַפט,
ער איז אָן כּוח און אָן קראַפט.
נאָך איין ליף גיט ער אַ שטאַרקן,
דאָרט צו דער מוטער צום פּאַרקן.
„דאָ האָסטו דיין טאָכטער ווידער!"
שרייט ער הויך און פאַלט אַנידער.
פאָטער און מוטער לויפן צי,
האַלזן, גלעטן און קושן זי.
די פרייד איז אָן שיעור אַצינד.
„ראַטעוועטס, שרייט זי, דעם ייד געשווינד!"
דריי לאָקייען אומגעצווינגען
קומען צו אים צוצושפרינגען,
טראָגן אים אין אַ הויז אַריין,
ראַטעווען אים מיט טייערן וויין,
האָבן אים אין בעט גענומען,
און נה איז צו זיך געקומען.

דערווייל לעשט מען דאָרט מיין און מיין,
און דאָס פייער איז שוין גאַנץ קליין.

מען הייבט אָן אַרומצושיקן,
זיך אומעטום אַרומצוקיקן,
און זיי האָבן אַצינד דערזען,
דער היזק איז נישט גרויס געווען.
דער פּאָסעסער מיט ווייב און קינד
לויפן צו נהן גאַנץ געשווינד,
געבן אים אָפּ דעם גרויסן דאַנק
און הונדערט רענדלעך אַ געשאַנק.
נה גיט אויף דעם געלט אַ קוק,
גיט עס אָבער תיכּף צוריק:
„ניין, ניין, ניין, זאָגט ער, נישט פאַר געלט
האָב איך מיין לעבן איינגעשטעלט;
אויס דעם וואָס עך מאַכט אַ ווען.
בין איך צו טון מחויב געוועזן;
האָב געטון וואָס איך האָב געמיוט
און אייער דאַנק איז אויך אומזיסט".
זיי הייבן אָבער אָן איינמאָניי
אים שטאַרק צו בעטן אַלע דריי,
ער זאָל זיי גאָרנישט פאַרשווינען,
נאָר זאָל זיך לאָזן גוט באַלוינען.
„ווילט עך, זאָגט ער, מיך באַשענקען,
איך זאָל אייך תמיד געדענקען,
בעט איך מיר נאָר דאָס איינע אויס:
שענקט מיר אין אייער דאָרף אַ הויז
און אַ שטיקל פעלד דערנעבן,
איך זאָל מיט מיין ווייב און קינד לעבן;
איך וויל אייך דינען גאַנץ געטריי

און שטאַרק אַרבעטן אויך דערביי.
„גוט איז גוט, בעסער איז בעסער,
זאָגט לאַכענדיק דער פּאַסעסער:
„איך שענק דיר אַ הויז און אַ פֿעלד,
נאָר מוזטו צונעמען דאָס געלט,
דו זאָלסט קויפֿן אָקסן און פֿערד,
צו באַאַרבעטן גוט די ערד;
און גאָט וועט שיקן זיין ברכה,
דו זאָלסט האָבן גרויס הצלחה".

דאָס פֿעלד האָט מען באַלד פֿאַרשריבן,
און נח איז שוין דאָ געבליבן;
און ביז דער איצטיקער שעה
זיצן נאָך נחס קינדער דאָ.

## אויף מיין פריינד ווסמאַן-בער, עליו-השלום, צו זיין ברודער

אויבן אויף דעם הימל גלאַנצן
טאַקע אַיין אוצר מיט שטערן,
און צווישן אויך טאַנצן
צוויי גאַנץ לויכטנדיקע בערן.
איך זע אָבער נאָך אַ דריטן;
ווערסט מיך פֿרעגן: „ווער איז ער, ווער?"
דו האָסט אים געקענט דעם גיטן,
איך מיין דיין ברודער ווסמאַן-בער.

# צו דער לבנה

אַ דו שײנע, גוטע לבנה!
פֿון גאָט בײזטו אַ מתּנה
צו אונז מענטשן דאָ געגעבן.
דיך װיל איך איצט לויבן,
דיך, נאָר דיך דאָרט איבן;
גוט נאָונט דיר, לבנה לעבן!

איך פֿאַרגעס אָן צרות, אָן לײד,
איך װער מלא שׂמחה און פֿרײד,
אַז איך קוק אַרױף דאָרט צו דיר.
פֿון דעם גאַנצן הימל,
פֿון זײן גאַנצן רימל,
געפֿעלסטו אַלײן, לבנה, מיר.

איך די זון איז זײער אַ גרױס לײט,
לױפֿט אַרום די װעלט ברײט און װײט;
װאָס דו בײזט אָבער, איז זי נישט.
נאָר אײנס העט איך גערן,
דו זאָלסט מיך אױסהערן:
אײ! איך העט דיך גערן געקושט!

די זון שײנט אױף דער גאַנצער װעלט,
אױף בערג און טעלער, װאַלד און פֿעלד.
דערקוױקן מאַכט זי אָן היצן;
פֿון דעם גאַנצן לײב הײס

קאַפּעט אַראָפּ דער שווייס,
מע ווערט אַזש קראַנק פֿון שוויצן.

דאָס ערגסטע איז אָבער אָן איר —
גרויס איז זי ביי זיך אָן שיעור;
פּרוּוו, קוק איר אין פּנים אַריין,
ברענט זי אויס די אויגן,
זיי זאָלן נישט טויגן
כאָטש פֿאַר זיך צו זען די שיין.

און אַז עס וואַקסט יאָ שוין אַמאָל
אַ שיין בלימעלע דאָרט אין טאָל,
פֿאַרטרייבט זי דערפֿון דעם שאָטן
און וויל אַליין צו טאָן,
די זאָל עס גוט בריען,
ביז עס ווערט אויס ווי געבראָטן.

גאָר אויף אַן אַנדער מאָדע
האָט מען פֿון דיר אַ וויגאָדע.
דו ביזט גאָר פֿאַר קיינעם נישט שלעכט
מע מוז זיך דערקוויקן
דיך נאָר אָנצוקוקן,
עס מעג טאַקע זיין גאַנצע נעכט.

דער מענטש וואָס קוקט אַרויף צו דיר
דער ליובט גאָט, דיך און די נאַטור;
וואָס מער ער שטייט דיר אַקעגן
איז תּענוג אין זיין ברוסט,
און ער פֿאַרלירט די לוסט,
כאָטש ער איז מיד, צו גיין ליגן.

גאָר ווי מיט אַ גילדערנעם זוים
איז אָפּגעלאַמעוועט דער בוים;
די באַשיינסט אים זיינע צווייגן,
זיינע בלעטער גלאַנצן,
שאָקלען זיך און טאַנצן,
די פֿייגלען קוקן און שווייגן.

איטלעכעס בלימל באַזונדער
שלעפֿט שטיל איין, ווי די קינדער
עס זאַמלט כּוח אויף מאָרגן,
די זון זאָל נישט קענען
עס מאָרגן פֿאַרברענען,
פֿאַר דעם מוזטו אַליין זאָרגן.

אין דעם גרויסן שפּיגל, דעם ים,
זעט מען דיין פּנים ווי אַ פֿלאַם.
און ער ווערט אַלע מאָל העכער,
פֿאַליעס זעט מען שפּרינגען,
שיפֿער הערט מען זינגען,
און די שיף גייט זיך גאָר זעכער*.

עס זאָל נאָר זיין ליכטיק די וועלט
און נישט זיין קיין גאַנץ גרויסע קעלט
קען מען די זון גאָר פֿאַרשפּאָרן.
עס העט אַליך געוועזן שיין
פֿון דיר, לבֿנה, אַליין
שוין פֿון לאַנג, פֿון אַלטע יאָרן.

* = זיכער.

דו אָבער העסט געמוזט בלייבן,
דיך טאָרן מיר נישט פֿאַרטרייבן,
וואָרן ווען איך האָב דערציילט
די קלאָג, די ליד, דעם שמאַרץ
וואָס ברענען אין מיין האַרץ,
און ווער מיין נשמה נעבעך קווילט.

וואָס אין מיין האַרץ ליגט פֿאַרבאָרגן,
אַלע סודות, אַלע זאָרגן,
מעגסטו וויסן פֿראַנק און פֿריי;
וואָרן דו זאָגסט נישט אויס,
כאָטש דו גייסט פֿון הויז צו הויז,
דו ביזט, מיין פֿריינד, מיר געטריי.

אַזוי גייסטו, פֿון טיער צו טויער,
ווערסט דיר אומעטום אַליין געוואויר,
מאַכסט קיין לאַרעם, קיין געזודער,
עס בלייבט גאָר שטיל ווי פֿריער,
באַהאַלטסט דעם סוד ביי דיר —
לבנה! ביזט אַ גוטער ברודער!

## וויגן-לידל

מיין שיין זיס פֿיגעלע!
מאַך צו דאָס אייגעלע
און שלאָף דיר רואיק און שטיל;
האָסט היינט גענוג געלאַכט
און מיר נחת געמאַכט,
מיין האַרץ איז מיט תענוג פֿיל*.

* פֿיל = פול.

פֿאַר היינט און פֿאַר מאָרגן
לאָז דיין מאַמען זאָרגן,
דו מעגסט דיר שלאָפֿן געשמאַק;
שיין ווי פֿון אַ פֿידל
זינג איך דיר אַ לידל,
און דו שלאָף מיר צו צום טאַק.

איך ניי אַ לייבעלע
דיר, מיין זיס טייבעלע,
דו זאָלסט דרינען גיין געזינט;
ווערסטו עס צערייסן,
וועל איך מיך שטאַרק פֿלייסן
און מאַכן אַ נייס געשווינד.

איך וועל דיך שוין וויגן,
אָפּיאָגן די פֿליגן,
שלאָף זשע, מיין גילדן קינד!
די בלימעלעך שלאָפֿן אויך,
און אויף זיי פֿאָכט אַ הויך
פֿון דעם קילן נאָוונט-ווינט.

מלאָכים מיט פֿליגל
שטייען אַרום דיין וויגל
אַ גאַנצע נאַכט אויסגעשטעלט;
זיי היטן, זיי שיצן
פֿאַר דונער, פֿאַר בליצן;
וואָס פֿרעגסטו נאָך גאָר דער וועלט!
דיין וויגעלע איז גרוים,

גאָר ווייך ווי אַ שוים,
שלאָף זשע דיר דרינען בשלום;
דיין באָבען און זיידן,
זיצן אין גן־עדן,
זאָלסטו זען אין חלום.

און ווערט דיין וויגל ענג
אין דער ברייט, אין דער לענג,
דאַרפסטו נישט זאָרגן אומזיסט;
וואָרן איך וועל וויגן
מיט פרייד און פאַרגעניגן
דיך, מיין לעבן, ביי מיין בריסט.

דו קענסט נאָך נישט לויבן
אונזער האַר גאָט אויבן
פאַר דעם גוטס וואָס ער טוט דיר;
איך טו עס אָבער שוין
פאַר דיר, מיין שיינע קרוין!
און ער טוט גוטס דיר און מיר.

גאָט נישט צו דערצערנען
וועט מען מיט דיר לערנען,
און דו וועסט שטאַרק באַגערן;
וועסטו גאָר ניט ווערן מיד,
וועסטו זיין אַ פרומער ייד,
ע״ו וועסט גאָר אַ רב ווערן.

וועסט פּסקענען שאלות,
האָבן אַלע מעלות,

זאָגן אַ דרשה אין שול;
און אין דעם גן־עדן
וועלן מיר אין פריידן
זיצן ביידע אויף איין שטול.

איבער דאָס, פייגעלע,
מאַך צו דיין אייגעלע
און שלאָף דיר רואיק, געשמאַק!
הער צו מיין שיין לידל,
שיין ווי פון אַ פידל,
און שלאָף צו רואיק צום טאָג.

## רחל ביי איר קינדס קבר

טרויעריק זיצט רחל ביי אַ קליין קבר
און איר זיפצן פאַרטויבט שיר דעם ווינט;
עס ציטערט אין איר איטלעכעס אבר:
מיט ערד ליגט דאָ פאַרשיט איר איינציק קינד.

אירע פאַרגלייסטע פינסטערע אויגן
גלאָצן איצט פאַרשטאַרט אין דער וועלט אַריין,
זייער שיינער גלאַנץ איז אַוועקגעפלויגן,
ווי שטערן פלעגן זיי ליכטיק צו זיין.
איר פנים בלייך גאָר ווי דער ווייסער שניי,
זיצט זי, גלייך מע העט זי געשניצט אויס שטיין.
אין קלאָגט גאָר שטיל, אָן לאַרעם, אָן געשריי,
אויך זי הערט נישט אירע ווערטער אַליין.

„ווי דאָס בלימל וואָס אויף דיין קבר בליט
איז דיין שיין פנימל מיט חן געווען;

די שכינה האָט דאָך דרויף טאַקע געריט
און דיינע אייגעלעך האָט מען זי געזען.

דו ביזט געווען מיין לעבן, מיין גליק,
נאָר און דיר האָב איך געלעבט אַליין;
פּלוצלונג גיט דער ווינט דאָס בלימל אַ פּליק,
און דאָס צווייגל בלייבט פּאַרוויסט ווי איך שטיין.

עס מעג שוין דונערן, עס מעג שוין בליצן,
די וועלט מעג זיך טאַקע איבערקערן,
ביי דיר, מיין קינד, וויל איך איצט נאָר זיצן
און דיין קבר באַגיסן מיט טרערן.

פינסטער איז איצט מיין לעבן און ביטער,
זאָג מיר, מיין זיסער גילדענער זון!
מיט וועמען זאָל איצט שמיעסן* דיין מוטער?
און וועמען זאָל די איצט עפּעס טון?

עס שטייט דיין וויגעלע לעבן מיין בעט,
אַה, אַה! זינג איך ביינאַכט גאַנצע שעה;
איך כאַפּ מיך אויף, וויל דיר געבן אַ גלעט,
און פינסטער איז מיר... אוי! דו ביזט נישטאָ!

מיין ליב קינד! העלף דיין מאַמען און דער נויט,
דערלייז דיין מוטער פון דיין ביטערן שטאַנד;
גיי לויף גיך און בעט דעם גולן, דעם טויט:
— דו ביזט דאָך, מיין קינד, מיט אים שוין באַקאַנט —

* = שמועסן.

האָט ער דיך יאָ נישט געוואָלט פאַרשווינען,
לאָז ער דיר כאָטש דאָס איינע טון צוליב:
לאָמיך פון איצט אָן לעבן דיר וואוינען,
לאָמיך באַלד לעבן דיר ליגן אין גריב".

און די בקשה האָט דאָס קינד באַלד דערהערט,
ווי די מוטער האָט געוואָלט האָבן;
דעם אַנדערן טאָג האָט מען שוין מיט דער ערד
לעבן איר קינד די מוטער באַגראָבן.

## דאָס מיידעלע

מיידעלע, ווען דו ביזט אויף דער וועלט געקומען,
האָב איך דיר אָנגעטון אַ קליין היטעלע,
דיין פנימל איז געווען שיין ווי די בלומען,
אידל און סאַמע הן ווי אַ טייבעלע.
איך האָב געמיינט, דו וועסט באַלד אַ כלה
גאָר מיט דעם גרעסטן עושר פון אַלע,
איך האָב געמיינט: אָט ביזטו אַ ווייבעלע.

אוי! אַצינד זענען שוין זייער אַסך יאָרן
פון די בעסטע נעבעך אַוועקגעפלויגן;
איטלעכער שידוך האָט געהאַט זיין חסרון,
דאָס הייסט אָבער—נאָר ביי דיר אין די אויגן;
אויף דעם האָסטו געזאָגט: ער איז נישט קלוג,
אויף דעם—ער איז נישט אַ מיוחס גענוג,
אויף יענעם—ער וועט גאָר פאַר דיר נישט טויגן.

אומזיסט וועסטו דיך איצט שוין שמירן און צירן,
צוזאַמענציען דעם בויך מיט דעם רוקן;
גאָר אומזיסט וועסטו שוין איצט אויף אַלע טירן
אַלע געסטע שדכנים אַרומשיקן;
ניין, ניין, נישטאָ שוין די אַלטע צייטן...
אַלע חתנים שטייען איצט פון ווייטן,
קיין איינציקער וויל זיך אויף דיר אומקוקן.

## די עצה

עס קען נישט טויגן,
אונטער די אויגן
אַלץ פון דעם שלעכטן,
נאָר אָפּצורעכטן *.
מוזט אים נאָכיאָגן,
אים אַליין זאָגן:
„דאָס טוסטו נישט רעכט,
אָט דאָ טוסטו שלעכט".
דו מוזט אים ווייזן,
וואו ער מאַכט גרייזן;
וועט ער ערשט הערן,
און בעסער ווערן.

## דער זכרון

גאָר אַ גרויסע מעלה איז דער זכרון;
פאַרגעסן איז אָבער אויך קיין חסרון

* = אפּצוריכטן.

דאָס ערשטע — בײַ שׂמחות און פֿרייד,
דאָס אַנדערע — בײַ צרות און לייד.

## לאַבן—װײנען

ליכט קען מען זיך מאַכן
לאַכן;
צום אמת גאָר מיינט מען —
װיינט מען.

## דאָס גליק

זײַן, דאָס גליק קען נישט דער,
װאָס ער איז דרינען געבוירן.
װער אָבער קען עס, װער?
דער װאָס האָט עס שוין פֿאַרלוירן.

## שיפּער־לידל

### אַלע

הורעטס, ברידער! הורעטס, הורעטס צי*!
שפּאָרטס גאָר קיין כּוח, שפּאָרטס גאָר קיין מי!
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טײַכל
דאָס שיפֿל מיט דעם גלאַטן בײַכל.

### איינער

װאָרן אויף דער זייט איז גאַנץ שלעכט,
מען האָט קיין טעג, מען האָט קיין נעכט,

* צי = צו.

איטלעכער האָט צו דערציילן
פון די דאגות וואָס אים קווילן;
דער איז צייטנלאָנג נישט געזונט,
יענער האָט לייד פון ווייב און קינד,
דער מוטשעט זיך מיט גרויסער נויט,
ער זאָל קריגן אַ שטיקל ברויט,
דעם יאָגט נאָך אַ שונא, אַ פיינד,
און יענעם נאַרט קלאָמערשט אַ פריינד...

אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צי!
שפּאָרטס גאָר קיין כּוח, שפּאָרטס גאָר קיין מי
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טייכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בייכל.

איינער

און האָט איינעם דאָס גליק געניאַרט,
האָט רענדלעך צונאַנדגעשאַרט
און מיינט, עס איז אים געראָטן,
ער האָט געכאַפּט דעם בראָטן,
ער רעדט זיך איין, ער איז גליקלעך;

ווייס ער אָבער שוין אויסדריקלעך,
אַז אים האָט אויף זיין גאַנץ לעבן
דאָס גליק אַ משכּון געגעבן,
אַז עס וועט מיט אים אַזוי זיין
גאָר תּמיד, ביז אין דעם טויט אַריין?

אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צי!
שפּאָרטס גאָר קיין כּוח, שפּאָרטס גאָר קיין מי!

לאָז געשווינד גיין איבער דעם טייכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בייכל.

אײנער

וואָרן דאָרטן אויף יענער זייט,
האָבן מיר געזאָגט אַלטע לייט,
איז אַן אוצר בעסער ווי דאָ;
מע האָט ערשט אַ באַרוטע שעה,
מען הערט ניט פֿון צרות, פֿון לייד,
מען לעבט נאָר אין נחת, אין פֿרייד,
מען ווייסט גאָרנישט פֿון קיין קנאה,
טראָגט קיינעם נישט נאָך קיין שנאה,
גאָר אַלע, צי אָרים צו רייך,
זענען אַלע אין השיבות גלייך.

אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צי!
שפּאָרטס גאָר קיין כּוח, שפּאָרטס גאָר קיין מי!
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טייכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בייכל.

אײנער

און ווען אַפֿילו נאָך קיינער,
פֿון אַלע מענטשן נישט איינער,
איז אַמאָל צוריקגעקומען
אַהער אַריבערצושווימען,
אַהער פֿון יענער זייט באָרטן,
אונז צו דערציילן פֿון דאָרטן, —

איז דאָס ערשט דווקא אַ סימן,
ווײַל קיינער וויל צוריקקומען,
אַז עס איז דאָרט גאָר אַ וואונדער
טאַקע איטלעכן באַזונדער.

אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צו!
שפּאַרטס גאָר קיין כּוח, שפּאַרטס גאָר קיין מי!
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טײַכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בײַכל.

איינער

אַ סך ווילן נישט אָנהייבן
און יענער זייט טײַך צו גלייבן;
פֿון דעם איז נאָך נישט געדרונגען,
אַז די זענען קלוגע יונגען:
וואָרן אַז מען וועט זיי ריפֿן
אַמאָל אַריבערצושיפֿן,
וועלן זיי אַפֿילו נישט האָבן
זיך מיט דער טרייסט צו דערלאָבן,
אַז מען שיפֿט זיי דאָרט צום גיטן,
ווײַל זיי האָבן דאָ געליטן.

אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צו!
שפּאַרטס גאָר קיין כּוח, שפּאַרטס גאָר קיין מי!
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טײַכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בײַכל.

### איינער

איבער דאָס רודערטס גיך, געשווינד,
איידער עס קומט אַ שטורעמווינט;
גאָט האָט מענטשן נישט באַשאַפן
גלייך מיט בהמות, גלייך מיט אַפּן,
וואָס זיי קומען גאָר נישט צו־ניץ,
זיי זאָלן טון עפּעס גיטס.
מענטשן זענען נענטער צו גאָט,
ווי איטלעכע זאַך וואָס ער האָט;
פאַר זייער גוטס־טון וואַרט דאָרט שוין
אויף יענער זייט אַ גרויסער לוין.

### אַלע

רודערטס, ברידער! רודערטס, רודערטס צי!
שפּאָרטס גאָר קיין כּוח, שפּאָרטס גאָר קיין מי!
לאָז געשווינד גיין איבער דעם טייכל
דאָס שיפל מיט דעם גלאַטן בייכל.

# דער האָן

דער האָן, דער פֿיינער יונג מיט שפּאָרן,
איז אויף זיין בעל־בית בייז געוואָרן,
ווייל ער האָט אים איינמאָל פֿאַרגעסן
צו דער צייט צו געבן צו עסן.
„וואַרט נאָר, זאָגט צו זיך דער האָן:
איך וועל אים שוין בעסער אָפּטאָן.
ער דאַרף דאָך מאָרגן פֿרי אויפֿצושטיין
און תּיכּף אין שטאָט אַריין צו גיין —
לאָז אים וועקן ווער עס וויל;
איך וועל מיר זיצן גאָר שטיל,
איך וועל מיך אָסור פֿאַר אים נישט זאָרגן;
לאָז ער שלאָפֿן כאָטש ביז איבערמאָרגן".

פֿאַרטאָג ליגט דאָ דער בעל־בית און קלערט
און העט שוין גאָר זייער גערן דערהערט
פֿון זיין האָן דעם ערשטן קריי
פֿון זיין וועקער דעם גרויסן געשריי
אַט! ער איז שוין מיד געוואָרן צו ליגן,
און דער האָן האָט אַלץ נאָך געשוויגן.

און ער גיט זיך דאָ אַ כאַפּ אויף אַצינד
און לויפֿט, און עפֿנט דאָ אַ לאָדן געשווינד, —

און דער טאָג גיט דאָ אַ שיין
אים פּליצלינג אין זיין פּנים אַריין.
„אָך איז מיר! וואָס איז דאָס?
שרייט גאָר בייז דער בעל־בית:
ווי געפּעלט אייך מיין פאַרשיווער האָן?
ער האָט נאָך היינט קיין קריי געטאָן!
ער איז שוין אָסור נישט ווערט אַ פּריטה*;
איך שיק אים תּיכּף צו דער שחיטה".

דער בעל־בית האָט טאַקע וואָרט געהאַלטן,
און שוין צו מיטאָג איוף צוויי געשפּאַלטן.

*

ווייל נישט פאַר איטלעכן פּיצל
תּיכּף יענעם אָפּטון אַ שפּיצל.
אַז ניט, וועסטו אויך אַזוי אַ סוף האָבן,
ווי אונזער האָן האָט זיך באַגראָבן.

## דער שָליש

אויף אַ סאָסנע און אויף אַ ביק**
זענען געשטאַנען צוויי פייגל:
איינער האָט געהאַלטן קעז אַ שטיק,
און דער אַנדערער אַ בייגל.

דער פוקס איז געשטאַנען אין געאַהרט;
ער העט זייער גערן דאָס אויסגענאַרט.
„פע! זאָגט ער צו דעם פון דער סאָסנע:
ווי קען מען עסן אַ בייגל גאָר פּאָסנע?

* = פרוטה. ** = בוק.

אַ פֿייגל איז טאַקע גוט אינדערפֿרי,
נאָר אַז מען האָט אַ שטיקל קעז דערצי".
דערנאָך האָט ער צום אַנדערן געשמייסט,
און האָט אים ווידער דעם קעז פֿאַרמיסט*:
„קעז, זאָגט ער, איז אַן אומגעזונטע זאַך,
מען טאָר קיינמאָל נישט עסן אַ סך.
קעז איז נאָר גוט, אַז מען עסט אַ ביצל,
און דאָס איז דער עיקר — נאָר דאָס שפּיצל.
ווייסט עך וואָס איך וועל אייך דערציילן?
עך זאָלט אייך ביידע מיט ביידע צעטיילן".

„ע! זאָגט איינער, איך וויל נישט אַזוי,
ער וועט זיך נעמען דאָס גרעסערע".
„ניין, זאָגט דער אַנדערער, אוי, אוי!
ער וועט זיך נעמען דאָס בעסערע".

„ט, הייבט אָן דער פֿוקס צו שמייסן:
איך וויל דערפֿון גאָר נישט געניסן;
איך קען אייך שווערן,
איך וועל אייערס נישט באַגערן;
איך וויל פֿון אייך נישט מיין,
נאָר איר זאָלט אויף דעם באַשטיין:
ליגט איר דאָ ביי מיר אַלץ איין,
און איך וועל אייער טיילער זיין".

די פֿייגל האָבן שוין נישט מער געטראַכט,
נאָר האָבן דעם פֿוקס פֿאַר אַ שליש געמאַכט.

* = פֿאַרמיאוסט.

און ווי עס ליפּט אַ פערד, געשטאָכן מיט אַ שפּאָרן,
אַזוי געשווינד איז זיך מײַן פּיקס אַנטלאָפן געוואָרן
מיט דעם קעז און מיט דעם בייגל
און האָט אויסגעלאַכט די נאַרישע פייגל.

*

צו פאַרלאָזן זיך אויף אַ דריטן
מעג מען תמיד ווייכן;
עס איז בעסער מיט גוטן
צווישן זיך צו פאַרגלייכן.

## דער וואָלף מיט דעם פוקס

געשווינד ווי אַ קויל פון אַ ביקס
קומט אַמאָל דער וואָלף צום פּיקס
און זאָגט אים דעם גרויסן „גוט מאָרגן",
כאָטש ער האָט אים גערן דערוואָרגן.

דער פּיקס ווייסט דאָס אָבער גאַנץ קלאָר
און ענטפערט אים: „גוט מאָרגן, גוט יאָר"!

דער וואָלף גייט גאָך צו און גיט אים אַ קיש:
„זעסטו, אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ פיש!
איך וועל דיר ברענגען אַ פולן זאַק,
אַז דער וועט זיין נאָך דיין געשמאַק;
נאָר העלף מיר דאָ אַ ביסל אַרויס:
זעסטו, דאָרט אין יענעם הויז
ליגט זיך אַ קליין קעלבל
גאַנץ אַליין אין אַ געוועלבל.
מע האַלט דאָך דיך קלאָמערשט פאַר אַ קליגן,
נו זאָג זשע, ווי אַזוי קען מען אים קריגן?

און איך, איך שווער דיר צו ביי מיין לעבן,
איך וועל דיר דיין חלק דערפון געבן".

דער פיקס קוקט דאָ דעם וואָלף אָן.
„וואָס טייטש, וואָס דו האָסט צו טאָן?
וואָס פרעגסטו דאָ פאַר אַן עצות?
נעם דיר די פיס אויף די פּליצעס
און גיב דאָרט איבערן הויף
אַזוי אַ גאַנץ גוטן לויף;
דו ביסט דאָך שטאַרק גענוג;
כאַפּ עס געשווינד, ווי אַ פליג,
און לויף דאָרט דורך דער ליק
אַהער געשווינד צו מיר צוריק".

„ביזטו, זאָגט דער וואָלף, שוין געדעכט?
עס איז דאָך פאָרט זייער שלעכט;
דער פאַסטעך מיט זיינע אויגן
ווייסט דאָך שוין וואו צו טויגן;
ער קוקט אויף מיר אַרויס
ווי אַ קאַץ אויף אַ מויז,
אַפילו גאַנצע נעכט
ברענט ער אַ לעכט,
ער זאָל מיך נאָר דערטאַפּן
און מיך גאַנץ גוט אויסקלאַפּן
און אפשר גאָר טאַקע דערשיסן;
וויל עס מוז אים שטאַרק פאַרדריסן,
וואָס איך בין אַ פּאָר מאָל געקומען
און האָב אים די שעפעלעך גענומען".

„מאַך זשע דיר נישט קאַליע דעם מאָגן,
הייבט אָן דער פוקס צו זאָגן:
אַז דו ביזט מיך יאָ געקומען פרעגן,
זאָג איך דיר, דו זאָלסט דיך נישט דערוועגן
אָן דעם קעלבל צו געדענקען,
וואָרן וועסט עס אויסקרענקען".

און מיט דעם איז געווען אַן עק;
דער פוקס איז זיך געגאַנגען אַוועק.
דער וואָלף בלייבט אָבער שטיין
און שמועסט אַזוי צו זיך אַליין:
„איך דערקען דאָס גלעקל אָן דעם קלאַנג
און דאָס פיקסל אָן דעם גאַנג.
קוקטס נאָר אָן דעם הלם דעם גרויסן,
ער מיינט, איך וועל מיך גאָרנישט שטויסן:
מיר זאָגט ער, מען וועט מיך קלאַפּן,
און ער וויל עס גיין אַליין כאַפּן.
ער מיינט, אַז ער זאָגט ניין,
וועל איך שוין טאַקע נישט גיין.
כ'לעבן, ער מוז נאָך לאַנג האָרן,
ער זאָל מיך קענען אָפּנאַרן".

און געשווינד ווי די פּאָסט
האָט זיך מיין וואָלף צעלאָזט,
און אײדער מען האָט זיך אומגעזען,
איז ער שוין אין דעם האָרף געווען.

דער פּאַסטעך איז אָבער געזעסן
און האָט אַפילו נישט געגעסן,

עס האָט אים אָנגעהויבן שוין צו קוויטשען;
פּלוצלונג הייבט אָן זיין הונט צו רײַשען
און דאָס איז געווען דיין סימן,
אַז דער וואָלף איז אָנגעקומען.
„שטיל, זאָגט דער פּאַסטעך, שטיל“,
און דער הונט טוט שוין נישט אַ ביל.

און מיט גרויסער פרייד
און צום שיסן גרייט,
שטעלט ער זיך הינטער דער וואַנט
מיט דעם ביקסל אין דער האַנט.
און גאָר שטיל, ווי אַ מייזל,
גייט דער וואָלף צו דעם הייזל
און איז שוין ביים געוועלבל
און וויל שוין כאַפּן דאָס קעלבל, —
פּלוצלינג שיסט אונזער פּאַסטעכל: פּוי!
און דער וואָלף ליגט שוין טויט אויפן שטרוי.

*

קומט צו דיר אַ פריינד
אָדער גאָר אַ פיינד
און זאָגט דיר: „זאָלסט מיר לעבן!
קענסטו מיר נישט עפּעס אַן עצה געבן?“ —
נעם זשע אים צו גאַנץ שיין
און ראָט אים, ווי זיך אַליין.
ממה־נפשך, קענסטו נישט האָבן קיין רעה,
סיי ווי סיי וועסטו האָבן אַ הנאה.

וואָרן האָט ער דיך גערן,
וועט ער דיין עצה צוהערן

און פֿאָלגן גאַנץ שיין,
וועט עס אים גוט גיין, —
נו, קענסטו דיר פֿאַרדינען זיין דאַנק
און אפֿשר גאָר נאָך אַמאָל געשאַנק.

האָט ער דיך אָבער פֿײַנט שׂנאת־מוות
און פֿרעגט דיך נאָר ווי אויף קאַטאָוועס,
וועט ער דאָך טון אַוודאַי פֿאַרקערט,
ווייל ער האַלט דיין עצה פֿאַר נישט ווערט, —
וועסטו דאָך אויך אַ הנאה האָבן,
אַז ער וועט זיך גאָר אַליין באַגראָבן.

# דער שלום

דאָס פֿײַער זאָגט צום וואַסער גאַנץ קלוג:
„ווי לאַנג נאָך וועלן מיר אונז לעבן אין קריג?
וואָס האָב איך צו דיר?
וואָס האָסטו צו מיר?
עס העט כ'לעבן געווען שיין און פֿיין,
עס זאָל צווישן אונז שוין תּמיד שלום זיין“.

דאָס וואַסער ענטפֿערט: „דו ביזט טאַקע געגרעכט,
צו לעבן אין שׂנאה איז כ'לעבן גאַנץ שלעכט.
אָט לאָמיר שוין ביידע פֿון היינט
אויף תּמיד בלייבן גוטע פֿריינד“.

און זיי האָבן אָנגעהויבן בשלום צו לעבן
און האָבן זיך תּיכּף אַ קוש געגעבן.

און עס האָט געקאָכט, געזאָטן און געשפּריצט,
גלייך עס העט געווען געדונערט און געבליצט,
און ביידע זענען אַזוי לאַנג געווען אין צאָרן,
ביז עס איז אויס ביידע גאָרנישט געוואָרן.

*

זענען צוויי מענטשן אַזוי נישט קלוג
אין לעבן פֿון אייביק אָן אין קריג,
ני, ליגט זיך אַדריטער אַריין,
עס זאָל שוין שלום צווישן זיי זיין;
ווײַל איך זיי נאָך מיין עצה געבן,
זיי זאָלן תמיד פֿון ווייטן לעבן;
לאָזן זיי זיך ליב האָבן פֿון ווייטן,
וועט דער שלום דויערן לאַנגע צייטן.

## טעמערל מיט דעם האָן

די אַלטע טעמערל
האָט געהאַט אַ קעמערל,
וואו נאָר הענער אַליין
פֿלעגן אַרומצוגיין.

אַמאָל האָט זי געקויפֿט אַ הענדל,
מאָגער און דאַר ווי אַ שפּענדל.
ווי דאָס הענדל איז אַהין געקומען
אין האָט זיך נאָר צום עסן גענומען,
איז צוגעלאָפֿן אַ האָן אַ גרויסער כעסן
און האָט אים אָנגעהויבן אַזוי צו בייסן,
אַז אין איין האַלבע מינוט
איז דאָס הענדל געווען צעבלוט.

טעמערל הייבט אָן מיט גיטן
נאָך אַ ביסל האָבער צו שיטן.
אָט! דער האָן פֿאַלט שוין ווידער צו
און לאָזט דעם הענדל גאָר קיין רו.

איצט איז שוין טעמערל בייז געוואָרן
און שרייט צום האָן מיט גרויסן צאָרן:
„דו וועסט דאָס אַליין נישט געניג האָבן?
וואַרט, איך וועל דיך בעסער באַגראָבן!“
צום שוחט האָט זי דעם האָן געשיקט,
אין אויף אָנבייסן אים אָפּגעפּליקט.

*

האָט דיר גאָט פּרנסה געגעבן,
לאָז זשע דיין חבֿר דיר לעבן;
אַז נישט וועט דיר גאָט אַזוי טאָן,
ווי טעמערל האָט געטון דעם האָן.

## דער הונט מיט דעם פֿלייש

מיט אַ שטיק פֿלייש צווישן די ציין
טוט זיך אַ הונט אַמאָל אַזוי גיין;
און ווי ער גייט אַזוי איבער אַ בריק
און גיט אין וואַסער אַריין אַ קוק,
דערזעט ער דעם שאָטן פֿון זיך אַליין,
ווי ער האַלט אַ שטיק פֿלייש צווישן די ציין.

פֿון אייביק אָן אַ גרויסער פּרעסער
און אַ נישט־פֿאַרגינער דערצו —

דאַכט זיך אים, אַז יענץ איז גרעסער,
און ער גיט אין וואַסער אַריין אַ פאַלי.

און ווי ער מיינט, ער האָט שוין יענץ דערווישט,
דערזעט ער ערשט, אַז ער האָט שוין זיינס אויך נישט.

איצט הייבט ער אָן צו קלאָגן
און צו זיך אַליין צו זאָגן:
„איצט זע איך, אַז דער איז קלוג,
וואָס וויל קיין פרעמדנס באַגערן;
וואָס ער האָט איז פאַר אים גענוג,
טוט אימס נאָר גאָט באַשערן.
וואַרום דעם וואָס ליבט גאָט
פאַר דעם וואָס ער האָט".

## נעפטון מיט זיין איינִיקל

אַ יין פיסק מיט פליש אַ שטיק
גייט אַמאָל איבער אַ בריק
נעפטון דער אַלטער הינט
מיט זיין איינִיקל שפיצל געשווינד.

און ווי זיי גייען אַזוי ביידע,
זאָגט שפיצל: „איי, זע נאָר, זיידע!
אַ שטיק פליש אין וואַסער אַ פיינס,
עס איז אַ סך גרעסער ווי דיינס:
כאַפ עס אים אויס, כ'לעבן,
וועסטו מיר דיין חלק געבן"!

„שווייג נאָר אַצינד,
קום נאָר גיך, קום,
לויף נאָר געשווינד“,
גיט נעפּטון אַ ברום.

און זיי זענען געלאָפן אַהין דאָרטן,
ביז צו דעם עק וואַסער, צום באָרטן.
דאָ דערציילט נעפּטון דעם שפּיצל
די אַלטע מעשה איטלעכס פּיצל,
ווי ער איז דאָ אַמאָל מיט פליישׁ געלאָפן
און די סיבה וואָס אים האָט זיך געטראָפן.

*

פאַר אַ נאַר איז שוין דאָס אויך גענוג,
אַז ער ווערט כאָטש נאָך דעם שאָדן קלוג.

## דאָס פּיקסל מיט דעם בער

א פּיקסל פון די ווילדע יינגען
קומט זיך אַמאָל צו שפּרינגען
און זאָגט זיך אַזוי צום בער:
„זאָג נאָר, וואָס איז דאָס דער מער?
איז זשע דאָס נישט זייער מיאוס* —
ביזט אַ היה, און גייסט אויף צווי פיס?
קוק נאָר אָן דיינע שכנים:
וויז מיר כאָטש איינעם,
זע נאָר אַליין צו,
אויב ווער גייט ווי דו?“

דער בער הייבט אָן זיין תירוץ צו ברומען:
„זאָג נאָר, דו פּיקסל! ביזט אפשר געקומען

* = מיאוס.

מיר צו זאָגן, וועלכעס עס איז שיין?
מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל גיין?
וואו ביזטו דען געווען?
וואָס האָסטו דען געזען?
איך בין געווען אין פּאַריז און אין בערלין,
האָב געטאַנצט פאַר דעם קיסער אין ווין,
און וואָס מיינסטו—אפשר אומזיסט?
עס איז געפאַלן געלט ווי מיסט!
נאָר וואָס האָב איך דאָ מיט דיר צו שמועסן?
איך ווייס דאָך, וואָס דיך מוז פאַרדריסן:
ווייל דו מיט דיין פאַסקודנע שוואַנצל,
קענסט נישט נאָכמאַכן מיין שיין טענצל".

און ווי זיי זיך דאָ אַזוי פּאָרען
און איינס דאָס אַנדערע טאָרען,
דערזעט זיך מיין קלוגער פיקס
אין דעם וואַלד אַ מענטש מיט אַ ביקס:
ער מאַכט זיך אָבער גאָרנישט וויסן
און דרייבט אָן ווייטער צום בער צו שמועסן:

„זעסטו, בער־לעבן! וואַרט דו דאָ
אַזוי קייגן אַ קליינע האַלבע שעה,
ביז איך וועל היפּן צוזאַמען
מיין טאַטן און מיין מאַמען:
זיי האָבן תמיד זייער גערן
צו זען טאַנצן די בערן, —
וועסטו דיר קענען פאַרדינען
כ'לעבן אַן אוצר מיט בינען.

זיי ווייסן, אַז דאָ נישט ווייט
וואוינען די רייכע לייט
וואָס האַנדלען מיט דער סחורה;
האָב נאָר גאָרנישט קיין מורא,
וועסט זיך אָן אַ שום שאָדן
מעגן אַפילו אין האָניק באָדן".

ווי דער בער האָט דאָס נאָר דערהערט,
האָט ער זיך אַזש קאָזשעליק איבערגעקערט;
ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַלעקן
און צו טאַנצן מיט אַ שטעקן —
קורץ, ער האָט זיך אַזוי משמח געווען,
גלייך ער העט דעם האָניק שוין פאַר זיך געזען.

„נו, גוטער ברודער,
גיב זשע אַ רודער
און לויף נאָר געשווינד
ווי אַ שטורעמווינט,
און קום באַלד צו גיין —
נאָר זע, נישט אַליין.
איך וועל טאַנצן אַן אינגער
אויף די שפּיץ־פינגער,
גלייך און קרום
אַרום און אַרום".

און אײדער דער בער האָט נאָך אויסגערעדט,
איז דאָס פיקסל פאַרשוואונדן ווי אַ שד;
ער איז אַוועקגעפלויגן
ווי אַ פייל פון בויגן.

און גיך און באַלד
איז אין דעם וואַלד
אַ זייער גרױסער לאַרעם געוואָרן;
מע האָט געבלאָזן איף אַ האָרן,
מע האָט געשריגן: „אַהאָ! אַהאָ!
געשווינד, געשווינד, דאָ איז ער דאָ!
שיסטס, שיסטס!
שפּיזטס, שפּיזטס!
נאָר גאַנץ געשווינד
לאָזטס אָפּ די הינט;
יאָגטס, יאָגטס!
שלאָגטס, שלאָגטס!
אַהין! אַהין! אַהער! אַהער!" —
און אין איין מינוט ליגט דער בער.

*

איך קען אַ סך לייט
וואָס זענען געווען ווייט,
נאָר צווישן לאַדע צוויי ווערטער
דערציילן זיי אַליץ פון פרעמדע ערטער:
פון דעם בערלינער טעאַטער
און פון דעם ווינער פּראַטער;
וואו זיי זענען אַליץ געזעסן
און וואָס זיי האָבן דאָרט געגעסן,
און האַלטן איטלעכן פאַר אַ תּם
וואָס האָט נאָך נישט געזען דעם ים;
זיי ווילן אַליץ נייע מאָדעס מאַכן,
און איס איטלעכן מוזן זיי לאַכן,

אַז ער וויל נישט אַזוי טין*,
ווי זיי דערציילן פון ווין.

דערקויגן מיט דער צייט
זעען מיר ווי אַזעלכע לייט
פאַרגעסן אַזוי שיין
גאָר אָן זיך אַליין;
און אַז זיי ווילן נאָך קיין עצה הערן,
גייט עס זיי אַזוי אויס ווי אונזער בערן:
אַז ביי אַלאַדע צרה,
זענען זיי די ערשטע כפרה.

## דער וואָלף מיט דעם אייזל

אויסגעהונגערט און איסגעדאַרט
שטייט אַמאָל אַוואָלף און האַרט,
ער זאָל נאָר קענען קריגן
כאָטש איינע פון די ציגן
וואָס פאַשען זיך אויף די פעלדער
דאָרט ביי יענע גרויסע וועלדער.

דערווייל קומט זיך צו אים געהיפּעט,
ביז אָן דעם גאַרטל פאַרדריפּעט,
אַן אייזעלע גאַנץ אַליין
און זאָגט צום וואָלף מיט הן:

„אוי, בין איך דאָס אַביסעלע געלאָפן!...
גוט וואָס איך האָב דיך דאָ אָנגעטראָפן!

* = טון (טאָן).

כ׳לעבן, איך זאָג דיר בנאמנות,
איך האָב שוין אויף דיר רחמנות.
דו שטייסט אַוודאי שוין דאָ
מער ווי אַ האַלבע שעה,
און ווילסט דיר כאַפּן אַ ציגעלע
אַזוי ווי מע כאַפּט אַ פֿליגעלע?!
דאָס פּאַסטעכל, דאָס גוטע קינד,
היט אָבער ווי אַ בייזער הינט
איטלעכעס ציגעלע באַזונדער
ווי זיינע אייגענע קינדער.
הער זשע מיך צו, מיין פֿריינד־לעבן!
איך וועל דיר דאָ אַן עצה געבן:
קום דו נאָר מיט מיר מיט,
עס וועט שוין זיין גאַנץ גוט.
איך וועל מיר גיין אַ ביסל פֿריִער
און וועל אָפּן לאָזן די טיר,
דערנאָך וועסטו דיר אַזוי שיין
קומען אין דער שטאַל אַריינצוגיין;
דאָרט וועסטו קריגן אַ פֿעטע קו,
און איך, איך שווער דיר כ׳לעבן צו,
אַז דאָרט איז פֿינסטער און שטיל;
מע מעג טון, וואָס נאָר מע וויל;
עס וועט דיר גאָר קיינער נישט ווערן,
וואָרן עס וועט גאָר קיינער נישט הערן,
אַז דו ביזט אַהין געקומען
און האָסט די קו גענומען".

„מאַך זשע, זאָגט דער וואָלף, גאָר קיין געשריי,
און נאַ דיר פֿריער אָפּ דיין מעקלעריי;

איך בין אָסור קיין גרויסער פּרעסער
און ווייס, אַז עס איז תּמיד בעסער
אַ מאָגער אייזעלע, אַבי אָן מי,
איידער מיט אַהבֿות אַ פעטע קי".

און אין אַ צייט פון אַ האַלבער מינוט
איז דאָס אייזעלע געלעגן פאַרבלוט,
און דער וואָלף איז זיך געזעסן
און האָט עס מיט גרויס חשק געגעסן.

*

ווער עס גראָבט אַ גרוב
אונטער זיין חבֿרס שטוב,
פאַלט זיך אַליין
אַליין אין אים אַריין.

## דער דאָרן

עס יאָמערט און קלאָגט אַמאָל אַ דאָרן:
„וואָס פאַר אַ שלעכטע צייטן זענען דאָס געוואָרן!
עס זענען שוין נישטאָ יענע גוטע צייטן,
ווען איך בין געווען באַוואַקסן פון אַלע זייטן
מיט בלעטער גרין ווי אַ גראָז
און מיט פּירות גאָר אָן אַ מאָס.
עס איז טאַקע געווען אַ נחת מיך אָנצוקוקן,
אַפילו מיין שאָטן פלעגט מענטשן צו דערקוויקן.
איצט בין איך דאַר און מאַט,
האָב קיין פּרי, האָב קיין בלאַט,

האָב קיין כּוח, האָב קיין קראַפט,
ווי אַ שטיק שטיין גאָר אָן זאַפט.
איי, איך האָב מיך קיינמאָל נישט גערעכנט,
אַז ציַיטן זאָלן קענען ווערן אַזוי שלעכט!"

*

אַזוי הער איך אַלץ קלאָגן ביי ליַיטן:
„עס זענען אַצינד זייער שלעכטע צייַטן!"
איך זאָג, די אַלטע צייַטן זענען נאָך דאָ:
יאָרן, חדשים, וואָכן, טעג און שעה, —
נאָר זענען די מענטשן אַליין זייער שלעכט געוואָרן,
ווי אום דעם שיינעם בוים דער מיאוסער דאָרן.

## די שלאַנג מיט איר שאָטן

פֿאַרציַיטנס — עס איז שוין זייער לאַנג —
איז אַמאָל געווען זייער אַ בייזע שלאַנג,
וואָס פֿלעגט אַלץ אַרום זיך צו בייסן,
צו צופּן, צו פּליקן און צו רייסן;
און וועמען זי האָט נאָר אַ ביס געגעבן,
דער האָט געמוזט אויפֿהערן צו לעבן.
צי אַ מענטש, צי אַ חיה, אָדער אַן עוף,
האָט זי איטלעכן געמאַכט דעם סוף.

דאָס איז איר אַזוי אַ צייַט געראָטן.
אַמאָל דערזעט זי אָבער דעם שאָטן
פֿון איר אייגענעם שוואַנץ אַליין.
אַז זי גיט דאָ ניט אַ ביס מיט די ציין,
ווייל זי מיינט, זי בייסט אַן אַנדערע חיה!

*

פֿון דעם, דו מסור, נעם דיר אַ ראיה.

# די בּיקס

איך ווייס נישט וואו דאָס האָט זיך גענומען
און פֿון וואַנעט דאָס איז געקומען,
אַז עס האָט אויף דעם וועג
וואו מע גייט אויף דעם געיעג
געפֿונען אַמאָל אַ פּיקס
אין מיטן וועג אַ בּיקס.
ער איז דאָ מיט כּעס צוגעשפּרונגען
די בּיקס טאַקע נאָר איינצושלינגען.
„דו, זאָגט ער, גייסט דאָס אויף מיין נשמה!
איצט וועל איך ערשט אָן דיר האָבּן אַ נקמה.
איך מוז דיך צעבּרעכן אויף שטיק־שטיקלעך,
דערנאָך וועל איך ערשט קענען לעבּן גליקלעך“.

„איך, זאָגט די בּיקס, בּין דאָך נאָר אַ שליח.
דו בּיזט אַזוי שלעכט וואָס איז נישט שכיה —
ווי קען דיך גאָר אויף מיר פֿאַרדריסן?
איך אַליין קען דאָך אָסור גאָרנישט שיסן“.

„איך, זאָגט דער פּיקס, טרייבּ דאָ קיין קאַטאָוועס:
דו, נאָר דו בּיזט דאָס מיין מלאך־המוות!“
און ער האָט אָנגעהויבּן די בּיקס צו בּייסן,
צו וואַרפֿן, צו פּליקן און צו רייסן.
פּלוצלינג האָט די בּיקס אַ שאָס געגעבּן —
און דער פּוקס האָט אויפֿגעהערט צו לעבּן.

*

כּלעבּן, איך האָבּ אַליין געזען אַ סך אירע,
ווען עס איז זיי געקומען אַמאָל אַ שלעכטע בּשירה*,

* = בּשורה.

זענען זיי געווען אַזוי גאָרנישט קליג
און האָבן געפירט מיט דעם שליה אַ קריג.

## די צוויי פערדלעך

צוויי פערדלעך, שוין איינגעשפּאַנט,
שמועסן זיך אַזוי צווישנאַנאַנד:
„ווייסטו, דער פורמאַן איז אַוועקגעגאַנגען
און האָט די לייצן אויפגעהאַנגען.
לאָמיר זיך נאָר צעיאָגן
מיט דעם גרינגן וואָגן.
לאָמיר אים גאָר איבערקערן,
עס זאָל אַלץ צעבראָכן ווערן;
לאָמיר זיך אונז מאַכן פריי:
וואָס טויג אונז דיין פאַסקודנע בראַי?
לאָז ער וויסן, דער גרויסער כעסן,
ער זאָל אונז שוין נישט מער שמייסן!"

„גוט, זאָגט זיין ברודער,
לאָמיר געבן אַ רודער!"

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט,
האָבן זיי זיך שוין צעיאָגט.
זיי זענען געפלויגן איבער דער גאַס
און האָבן פאַרלוירן אַ גרויס פאַס,
זיי האָבן פאַרריסן די קעפּלעך
און צעבראָכן אַ שטעל מיט טעפּלעך
און אַ טישל מיט גלעזלעך
און אַ קייבער מיט קעזלעך;

זיי האָבּן איבּערגעפאָרן אַ קינד
און צעטראַטעוועט אַ שיינעם הינט;
און אין מיטן דער שטאָט
האָבּן זיי פאַרלוירן אַ ראָד.
און ווער עס האָט זיי געוואָלט איינהאַלטן,
האָבּן זיי שיר דעם מוח צעשפּאַלטן. —

און ווי זיי ווילן איבּערן וואַל,
אַז זיי גיבּן דאָ ניט אַ פאַל
בּיידע מיטאַמאָל
אַראָפּ אונטן אין טאָל,
און האָבּן זיך אויף די שטיינער
צעבּראָכן גאָר די בּיינער.

*

נישט איינער לאָזט אַראָפּ די נאָז,
ווייל ער האָט איבּער זיך אַ בּעל-בּית,
און מאַכט זיך אַליין גאָר פאַרגעסן,
אַז דער בּעל-בּית גיט אים צו עסן,
און וויל נאָר אַלץ אינאיינעם דערקלערן,
ווי ער זאָל דעם בּעל-בּית פּטור ווערן;
דערנאָך ליגט ער אָבּער אין דער ערד,
ווי אונזערע צוויי פאַרשאַרטע פערד.

## קיקעריקי!

בּיי אַ שטייג מיט הינער
אויף דעם הויף בּיי ר' יונה ווינער

גייט זיך זיין בן־יחיד מאיר,
דער לאַמפּערט, דער ליידיקגייער,
— עס איז נאָך געווען גאַנץ פֿרי —
און שרייט זיך: „קיקערעקי!“

אין דער שטייג דער האָן
מיינט, ער מוז עס אים נאָכטאָן,
און גיט זיך דאָ געשווינד אַ כאַפּ
און מיט זיינע פֿליגל אַ קלאַפּ,
און גיט דאָ דעם גרויסן געשריי:
„קיקערעקי!“ — אָט דאָס הייסט אַ קריי!

די הענער פֿון די שכנים
האָבן דערהערט דעם איינעם,
האָט עס זיי נישט געלאָזט קיין רו —
אַלע האָבן געמוזט שרייען: „קיקערעקי!“

דער שומר וואָס גייט אַרום ביינאַכט
האָט זיך דעריבער זייער צעלאַכט:
„יאָ, זאָגט ער, אוי! אוי! אוי!
עס איז שוין אין דער וועלט אַזוי:
איינער דאַרף נאָר אַ ליגנדל צו זאָגן,
ווערט עס באַלד אין שטאָט צעטראָגן“.

## די רעדער

דאָס הינטערשטע ראָד פֿון אַ וואָגן
טוט זיך אַמאָל צום פֿעדערשטן זאָגן:

„פֿאַרוואָס גייסטו דיר תּמיד פֿריִ׳ר?
איך בין דאָך גרעסער פֿון דיר!"

דאָס רעדל ענטפֿערט צוריק:
„נו, גיב זשע נאָר אַליין אַ קוק,
איב דו לויפֿסט געשווינדער און בעסער,
כאָטש דו ביזט פֿון מיר אַ סך גרעסער;
און מעגסט דיר נאָכפֿרעגן
אָט דאָ די אַלע וועגן,
אַז סיי צום פֿאָרן, סיי צום זיצן
קען איך אפֿשר גיכער פֿון דיר ניצן".

*

נישט איינער רעדט זיך דאָס ביי זיך אַן*
עס קומט אים כּבֿוד, ער איז קלוג און פֿאַין**.
פֿאַרוואָס? ווייל ער איז אַ גרייסער מאַן.

## דער פֿליגלפֿיש

צום פֿליגלפֿיש זאָגט אַמאָל דער ביבער:
„הער נאָר, איך בעט דיך, מיין ליבער!
קענסטו מיר נישט צוליב טיען***,
איך זאָל זען דיך פֿליען?
איך בין שוין אויף דער יבשה געווען
און האָב דעם אָדלער אַליין געזען
מיט מיינע אייגענע אויגן,
ווי ער איז געפֿלויגן,

* = איין. ** = פיין. *** = טון (טאָן).

אַזוי ווייט און אַזוי הויך,
נאָך העכער ווי דער רויך".

דער פֿליגלפֿיש הייבט אָן צו לאַכן:
„דו ווילסט אויס מיר חוזק מאַכן?
וואָרן העסטו געווען געקומען
צו מיר אַהער צו שווימען
און געזאָגט: איך בעט דיך צו באַמיען
מיר צו ווייזן, ווי אַ פֿיש קען אויך פֿליען,
דעט איך אַוודאי געפֿלויגן אַזוי הויך,
וויפֿל עס איז נאָר אין מיין כּוח.
אַז דו פֿאַרגלייכסט מיך אָבער פֿריער
צום אָדלער, דעם גרעסטן פֿליער,
גיסטו מיר אַליין
שוין צו פֿאַרשטיין,
אַז דו ביזט אַזוי אַ שלעכטער
און ווילסט דיר מאַכן אַ געלעכטער.
גיי און בעט מיך ליבער גאָר נישט אומזיסט —
איך פֿלי נישט פֿאַר אַזוינע ליט ווי דו ביזט".

*

איך האָב דאָס דערקלערט,
אַז אַ לויב איבער דער מאָס
איז נאָר אַזויפֿיל ווערט,
וויפֿל אַ זייפֿנבלאָז.

## דאָס פֿאַרזעעניש

צירעלע!, זאָגט צו איר איר חבֿרטאָרן:
„דו זאָלסט וויסן פֿון וואַנעט איך גיי:

נאָר שטיל! אַ סוד! מאַך נישט קיין געשריי:
איך קום אַצינד פֿון אַ קימפּעטאָרן,
פֿון דער פראַנצימירקע מיט דעם חן
וואָס מיינט, נאָר זי איז פֿרום און שיין
וואָס מאַכט אונז תמיד הרפּות און בישות*.
שרעק דיך נישט, איך גיי פֿון היה=ווישעס.
זי האָט די נאַכט אַ קינד געבוירן,
אַ קינד — אָן זינה געערדט — מיט האָזן=אויערן.
נאַר, זיסער גאָט, דו ווייסט וואָס דו טוסט!
דו בעל=גאווהטע! ניין, דאָס איז נישט אומזיסט.
חיה האַלט דאָס גאַר בסוד און העט נעבעך גערן,
עס זאָל נישט אין שטאָט צעטראָגן ווערן.
איך אַליין וויל דאָס אויך ווי מיין נשמה,
וואָרן מע טאָר דאָך נישט האָבן קיין נקמה —
נאָר מע וועט דאָך עס פֿאָרט געוואויר=ווערן;
לאָ׳ מען עס כאָטש פֿון אונז נישט הערן". —

צירעלע לויפֿט מיט גרויס דערשרעק
צו מירעלען איר חברטע אַוועק.
זי פֿרעגט, ווי עס איר גייט,
ווי איר משא=ומתן שטייט,
און שמועסן אַזוי אַ שעה איף דעם זייגער,
אַזוי ווי ביי ווייבער איז דער שטייגער.
וואָס? זייער שמועס האָט שוין אַן עק?
אומדערציילט גייט צירעלע אַוועק?
ניין, זי זאָגט איר שוין: „זיי געזונט!"
פֿאַרוואָס אַנטלויפֿט זי אָבער אַזוי געשווינד?

* = בושות.

אפשר ווייל פֿון פּוסטע זאַכן
שעמען זיך ווייבער אַ שמועס צו מאַכן?
ניין! ווי קאָן מיך דאָס אויף ווייבער פֿאַרדריסן,
ווען איך זע, אַז אַ סך גרויסע לייט שמייסן
און ווייסן נישט פֿון וואָס, און פֿון וועמען. —
נו, פֿאַרוואָס זאָלן זיך דאָס ווייבער שעמען?

וואָס? איז צירעלע שוין אַוועקגעגאַנגען פֿון איר?
ניין, נאָך נישט — יאָ, זי גייט שוין צו דער טיר.
וואַרט, איצט בלייבט זי שטיין אויף אַן אָרט...
„מירע־לעבן! זי גייט צוריק: נאָר נאָך איין וואָרט".
„איין וואָרט, אויב איך בין עס נאָר ווערט..."
„היה... הע?... דו האָסט נאָך נישט געהערט?
גאָרנישט? — גאָט זאָל מיר'ס מוחל זיין".
(דאָ שלאָגט זי זיך אין איר מויל אַריין).
„ווייסט נישט? פֿון דעם פּאַרזעניש, פֿון היהן?
דאָ קען מען זען, גאָט איז אַן אמתער דיין.
אַ קינד, ווי אַ האָז באַוואַקסן דאָס פּנים,
און מיט אַ פֿערדספּיסל, שיינע צוויי סימנים.
קענסט דיר משער זיין, אַז היה נעבעך וויל,
עס זאָל בלייבן בסוד, עס זאָל זיין גאָר שטיל.
דערציייל דו אויך פֿאַר קיינעם, לאָז זי גאָר צורו.
אַ שאָד דאָס קינד, נעבעך אַ יינגל דערצו".

מירעלע זאָגט צו צו שווייגן אויף איר הייליק וואָרט,
נאָר פֿונדעסטוועגן האַלט זיך מיר פּאָרט,
אַז עס זאָל זיך איר עמעץ אָנשלאָגן,
זי זאָל קענען תיכּף אים דעם סוד זאָגן,

העט זי זיך גאָרנישט לאַנג געקווילט
און העט אים באַלד אַלץ דערציילט.
וואָרן אונזער גוטע מירעלע
מוז נאָכטון דער פֿרומער צירעלע.
ווי דאָס קינד איז געוואָרן געבוירן
האָט עס נאָר געהאַט צוויי האָזן=אוי׳רן.
צירעלע האָט געשענקט דעם קינד אַ פֿערדפֿיס,
ביי מירעלען הייסט דאָס אָבער נאָך נישט מיא׳ס.
„ניין, זאָגט זי, דאָס קינד איז נאָך צו שיין.“
נו, שענקט זי דעם קינד צוויי הזיר=ציין.

און איידער דער זייגער האָט געשלאָגן צוויי,
איז שוין געווען אין אַלע גאַסן אַ געשריי.
דער סוד איז געגאַנגען פֿון טיר צו טיר,
און איטלעכע שוויגער האָט געשטראָפֿט איר שנור
און האָט געהייסן זיך נעמען אַ ראיה
פֿון דער בידנער קימפּעטאָרן, פֿון דער חיה.
און ווער עס האָט נאָר פֿון דער מעשה געהערט,
איז טאַקע שיער ניט חלשות געפֿאַלן צו דער ערד.
אַפֿילו הדר=קינדער האָבן זיך צווישן זיך גערימן:
אויב די מעשה איז אמת, האָבן זיי געוואָלט וויסן.

פֿון דער פּאָליציי האָט מען אַ דאָקטער געשיקט,
און ער האָט ערשט דאָס פֿאַרזעעניש באַקיקט.
ער האָט געפֿונען אַ גאַנץ נאַטירלעך קינד,
איף אַלע אבֿרים גאָר פֿריש אין געזינט;
נאָר האָבן זיך די אויערן אַ ביסל גרעסער געדאַכט —
און די ווייבער האָבן דרויס אַ פֿאַרזעעניש געמאַכט.

*

כּלעבן, פֿאַרשאָלטן מעגן אַלע די ווערן,
וואָס אַז זיי קריגן נאָר עפּעס צו הערן,
אַז עס קומט זיי נאָר עפּעס צום אויער,
צעטראָגן זיי עס פֿון טויער צו טויער;
זיי דערציילן געשווינד
ווי אַ שטורעמווינט,
און דערציילן אַמאָל צען, גאָר אָן מי,
און ליגן אַלע מאָל צען ליגנס צי.
אַ בייזע יידענע — וואָס קען די נישט טאָן,
אַז עס גייט נאָר עפּעס איר חבֿרטע אָן!
אַ בייזע יידענע!... אוי ווי געקלאָגט!
איך האָב מורא... אוי, וואָס האָב איך געזאָגט!
ווייסט מען דען נישט אין דער גאַנצער וועלט,
ווי אַזוי אַ בייזע יידענע פּלוידערט און שעלט?!

# דאָס זעקל

אַ ווים אַ שטיקל פֿון אַ ליוונטן פֿויערישן קלייד
האָט עמעץ אַמאָל אַ קליין זעקל אויפֿגענייט.
דאָס זעקל האָט אָנגעהויבן צו וואַנדערן
צווישן מענטשן, פֿון איינעם צום אַנדערן,
ביז עס איז אַריינגעקומען אין דער האַנט
פֿון אַ רייכן סוחר, אַ גרויסן שפּעקולאַנט;
דאָ האָט מען עס אָנגעשיט פֿול מיט געלט
און עס אין אַ קאַסטן אַריינגעשטעלט. —

נישט ווייט פֿון דעם זעקל, אַקעגן,
גאָר אין אַ באַזונדערע פֿאַך,

איז אַקליין זיידן בייטעלע געלעגן
איך מיט געלט, אָבער נישט אַסך.

דאָס זעקל הייבט זיך אָן ביים בויך צו גלעטן
און אויף דעם בייטעלע נעבעך זייער צו שפּעטן.
„דאָ זעטס נאָר צו פון אַן עזות־פּנים אַ יושר!
דו אביון! ווי קומסטו צו ליגן לעבן אַן עושר?
ווי קענסטו דיך גאָר פאַרגלייכן,
דו אָרימאַן, צו מיר, דעם רייכן!?
האָסט אפשר דיין אייגנס טייזנט גילדן,
און ווילסט נאָך, איך זאָל דאָס פון דיר דילדן*
און דאָס ליידן פון דיר,
זאָלסט ליגן לעבן מיר?“

דאָס בייטעלע האָט זיך נישט געוואָלט קריגן
און האָט ליבער דעם זעקל גאָר געשוויגן.

אַמאָל איז אָבער געקומען אַ צייט,
ווי עס קומט אָפּטמאָל אויס ביי לייט
און ווי עס טרעפט זיך אָפט אין דער וועלט,
אַז ביידע זענען געבליבן גאָר אָרעם, אָן געלט.
איצט האָט מען דאָס זיידענע בייטעלע גענומען
און עס באַהאַלטן אין קאַסטן אַריין;
און דאָס זעקל איז ווידער צו דער מדרגה געקומען —
צו דער וואָס עס פלעגט פריער צו זיין. —

*

הער מיך צו, ברודער! קוק נישט אויף געלט;
יחוס־עצמו איז דאָס בעסטע אין דער וועלט;

* = דולדן.

בעסער אַ געמיינער מאַן, אַבי אַ ליט,
וואָרן ליווונט איז אַסך ערגער ווי זייד.

## די קינדער

די קינדער האָבן אַמאָל דעם קאַנטשיק צעריסן,
ווייל דער פֿאָטער האָט זיי מיט אים געשמיסן.
דערנאָך האָט עס זיי ווידער נישט געוואָלט שמעקן,
אַז ער האָט זיי געשלאָגן מיט דעם שטעקן.

*

עס טויג דיר נישט אין אַסך זאַכן,
דו זאָלסט דיר ווען בעסער מאַכן.

## די צוויי ציגן

צוויי אַלטע ציגן, די רעכטע נאַראָנים,
וואָס דער נאַר ליגט זיי אויפֿן פּנים,
גיבן זיך דאָ ביים בערדל אַ גלעט
און שמועסן זיך מיט גרוים געשפּעט:
„ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט
און דעם פּוקס אַ שם געמאַכט,
אַז דעם גרעסטן שכל
האָט נאָר ער אין מוהל?
ווייסטו, איך זאָל אַזוי זיין געזינט,
ווי איך געדענק נאָך אַזוי ווי אַצינד,
ווי דער פּוקס האָט אַמאָל אָנגעהויבן
דעם לייב, דעם מלך, זייער צו לויבן,

האָט ער דעמאָלט עפּעס געזאָגט אַ דרשה,
עפּעס קעגן דעם צדיק און דעם רשע;
איך זאָל נישט אַוועקגיין פֿון דאַנען,
אויב איך האָב כאָטש איין וואָרט פֿאַרשטאַנען.
גלעבן, ווי איך בין אַ ציג!
דער פּוקם איז גאָרנישט קליג!"

*

עין וואָס לאַכט אויס פֿרעמדע ספרים
פֿון מזרח, מערב, צפון און דרום —
אַלע פֿון גרויס ביז קליין:
שטויבטס איך וואָס איך מיין!

## אַ פֿריינד אַ נאַר

דאָרטן אונטן אין דעם גרינעם טאָל
דערזעט אַ נאַרישער בער אַמאָל
ליגן דאָרט אין גראָז
זייער אַ שיינעם האָז.
דער האָז כאַפּט זיך אויף מיט שרעק
און מיינט, אַט איז שוין באַלד זיין עק.

„שרעק דיך נישט, קום נאָר אַהער!
זאָגט צום האָז דער נאַרישער בער:
איך זע, דו ביזט זייער שוין,
איבער דעם האָסטו ביי מיר חן.
איך האָב דיך ליב ווי מיין לעבן;
קום, וועל איך דיר צו עסן געבן".

ווי דער האָז האָט דאָס דערהערט,
האָט ער שוין נישט מער געקלערט,

נאָר איז מיט דעם בער געגאַנגען אַהיים,
דאָרט אין וואַלד צום גרוב מיט ליים.

און ווי זיי זענען אַהין געקומען,
האָט תיכּף דער בער גענומען
און האָט דעם האָז געגעבן צו עסן,
דערנאָך איז ער מיט אים געזעסן
און האָט מיט אים אַ ביסל גערעדט,
און אים אַליץ געקישט און אַליץ געגלעט.

נאָר וואָס האָב איך איך דאָ לאַנג צו קווילן
מיט אַסך שרייבן און אַסך דערציילן:
דער בער פלעגט אָן דעם האָז צו קלעבן;
ער האָט אים ליב געהאַט ווי זיין לעבן,
ער האָט אים ליב געהאַט ווי זיין קינד —
דאָס ליבשאַפט איז געווען אָן אַגרינד.*

אַמאָל איז דער שיינער האָז
געשלאָפן אויף דעם גראָז,
און דער בער האָט צוגעקוקט,
ווי שיין דאָס העזל ליגט.
דערווייל האָט זיך דעם העזל
געשטעלט אויף דעם נעזל
זייער אַגרויסע בין,
אים אַביס צו טין.
דער בער גיט דאָ מיט זיין גרויסער לאַפּע
דער בין דעם גאַנץ גרויסן זעץ —

* = גרונד.

די בין האָט טאַקע שוין נישט געטון קיין סאַפּע, —
דאָס העזל אָבער האָט אויך געהאַט זיין קץ.

*

פון אַ שוטה, פון אַ נאַר
האָט מען כּלעבן תּמיד צער.
מען האָט פון אים צרות און פּיין,
ער טויג אַפילו ניט אַ פריינד צו זיין.

## די צוויי צאַפּעס

צוויי ענגלישע צאַפּעס מיט גרויסע בערד
האָבן ערגעץ, איך ווייס נישט וואו, געהערט,
אַז נישט ווייט פון כינע
איז פאַרהאַנען אַ מדינה,
וואָס פאַר אַלעם געלט
אין דער גאַנצער וועלט
קאָן מען דאָרט דרינען
קיין צאַפּ נישט געפינען.

„נו, זאָגט אײנער צום אַנדערן,
לאָמיר ביידע אַהין וואַנדערן;
וואָס וועלן מיר דאָ ליגן איבעראַנאַנד?
לאָמיר זיך נאָר מאַכן באַקאַנט,
וועלן מיר אַוודאי אין איין אויגנבליק
דאָרט כאַפּן דאָס גרעסטע גליק“.

זיי זענען געגאַנגען וואַלד איִם, וואַלד איין,
ביז זיי זענען געקומען אין דער מדינה אַריין.

און ווי זיי זענען נאָר אַהין געקומען,
האָט מען זיי תּיכּף צום פּאַשאַ גענומען;
דאָרט האָט מען זיי כּסדר
אָפּגעגעבן אַ באַזונדער חדר,
און אַלע מענטשן, אַפילו קליינע קינדער,
זענען געלאָפן זען דאָס בייזעווינדער.

אַמאָל האָט זיך דער פּאַשאַ דערמאַנט,
אַז ער האָט אַ לאָרד פון ענגלאַנד
עפּעס אַ טייערע מתּנה צו שענקען,
כּדי ער זאָל אָן אים תּמיד געדענקען.

ער איז אַזוי טאָג, אַזוי נאַכט
אַרומגעגאַנגען אַלץ פאַרטראַכט
און האָט אַלץ נאָר געקלערט,
וועלכע זאַך עס איז ווערט
פאַר אַזוי אַ לאָרד צו שטעלן,
עס זאָל אים זייער געפעלן.

פּלוצלינג האָט ער די צאַפּעס דערזען.
האָט ער זיך גאַנץ געשווינד מישבֿ געווען,
מע זאָל בײדע צאַפּעס תּיכּף נעמען
און בײדע זייער שיין אויסקעמען,
און מיט טייערע קליידער צירן
און קיין ענגלאַנד אַוועקפירן.

מע האָט דאָ גיך געגעבן אַ כאַפּ
און אויסגעקליידט איטלעכן צאַפּ,

אין קינצלעך אויסגעצוואָגן,
און אַרויפגעליגט אויף אַ וואָגן,
און מיט זיי געפאָרן טאָג און נאַכט,
ביז מע האָט זיי צום ענגלישן לאָרד געבראַכט.
און וואָס פאַר אַ גרויס געלעכטער איז דאָס געווען,
ווי דער לאָרד האָט די צאַפּעס דערזען!
ער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן
און חוזק אויס זיי צו מאַכן,
און האָט דעם שליח אין די אויגן
פון זיי די קליידער אָפּגעצויגן
און די צאַפּעס אַרויסגעטריבן;
זיי האָבן שיר די ציין געקליבן.

*

נישט איינער איז אַזוי קלוג
און האָט אַלץ נישט גענוג,
און לאָזט זיך גאָר אַוועק
וואו די וועלט האָט אַן עק,
און רעדט זיך אַלץ איין:
ווייל ער איז קלוג און פיין,
וועט ער אין דער ווייטער וועלט
פאַרדינען אַן אוצר מיט געלט.
דערנאָך קומט ער אָבער צוריק,
אַקוראַט מיט דעם אייגענעם גליק,
ווי עס האָט דאָ אַצינד געהערט
פון די צאַפּעס מיט די בערד.

# די קונצנמאַכערס

אויף אַ סעודה, ביים לייב, דעם מלך,
איז אַמאָל געווען זייער פריילעך.
אַלע חיות זענען אַרום געזעסן
און האָבן געטרונקען און געגעסן
און געהוליעט און געלאַכט
און זיך זייער לוסטיק געמאַכט.
אַפילו די פייגל האָבן נישט געקענט ריען*;
אַלע, אַלע האָבן געמוזט קומען צו פליען,
וואָרן אַזוי אַ באַל ווי אַצינד איז געווען
האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט געזען.

און ווי דאָס עסן האָט אויפגעהערט,
האָבן זיך אַלע געלייגט אויף דער ערד;
נאָר דער פוקס איז געבליבן שטיין
און האָט אויסגערופן גאַנץ שיין:
„ווער עס איז דאָ צווישן אונז
וואָס קען נאָר עפּעס אַ קונץ,
ער מעג זיין, ווער ער וויל,
איטלעכער וועט דאָ זיין שטיל,
צי דער העלפאַנט, צי די מויז,
זאָל זי איצט ווייזן אַרויס.
און וועמעס קונץ עס וועט זיין די גרעסטע,
פון אַלע קונצן די שענסטע און בעסטע,
דעם וועט דער לייב עפּעס שענקען
און אָן אים תמיד געדענקען“.

* = רוען.

דאָס הערשל האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען,
דאָס קאַנאַריקל האָט אָנגעהויבן צו זינגען,
דאָס הינטל איז געגאַנגען אויף צווי פֿיס,
די פּאַפּוגע האָט דאָ געגעבן אַ שמיס,
דער אָדלער איז געפֿלויגן גאַנץ הויך,
דער העלפֿאַנט האָט באַוויזן זיין כּוח,
דערנאָך איז געקומען אַ יונגער בער
און האָט געטאַנצט אַהין און אַהער,
און האָט זיך צום ליכט מיט הן גערוקט
און האָט זיך פֿאַר אים טיף געבוקט. —
דערווייל האָט עטלעכע זאַכן
דאָס אייזל געוואָלט נאָכמאַכן,
איז אַ גרויס געלעכטער געוואָרן,
מע האָט זיך אַזש ביי די זייטן געהאַלטן,
ווייל ער איז געפֿאַלן איבער אַ דאָרן
און האָט זיך שיר דעם קאָפּ צעשפּאַלטן. —

און ווי עס איז שוין גאַנץ שטיל געווען,
האָט מען פּלוצלינג פֿון וויטן דערזען,
אַ מאַלפּעלע, גאַנץ שיין געפּיצט,
איז געקומען צו לויפֿן דערהיצט
און האַלט זיך אין דעם לאַפּקעלע אַ ביקס
און גיט דעם גרויסן געשריי צום פֿיקס:
„הייס נאָר דאָ אַלע לייט
גיין אַ ביסל אין דער זייט;
און איך, מיינע ליבע קינדער,
וועל איך דאָ ווייזן אַ וווּנדער!

איך האָב די קינץ געוויזן אין דער וועלט
און האָב מיט איר פּאַרדינט אַ סך געלט.
זעט איר דאָרט גוט דאָס פֿייגעלע?
לאָמיך נאָר צילן מיט מיין אייגעלע,
— קוקטס נאָר אַלע, קוקטס גאַנץ גוט —
וועט עך זען, ווי אין איין מינוט
וועט עס פֿון מיר דערשאָסן ווערן
און זיך דריי מאָל קאַפּויר איבערקערן".

די מאַלפּע האָט זיך נישט לאַנג געשפּילט:
דאָ האָט זי גערעדט, דאָ האָט זי געצילט
און האָט דאָס פֿייגעלע אויף טויט געשאָסן...
דאָס בלוט האָט זיך אַזש דערפֿון געגאָסן.
איצט האָבן די חיות אָנגעהויבן
די מאַלפּע זייער שטאַרק צו לויבן:
„אָט דאָ גיטס נאָר אַ קוק!
דאָס הייסט ערשט אַ קונצנשטיק!
איצט וועט די מאַלפּע דאָס אָנהייבן
צו זיין השובֿ ביי אונזער לייבן.
דאָס הייסט אַ גליק
און איין אייגנבליק!"

פּלוצלינג איז אָבער דער לייב געקומען
און האָט דאָס מאַלפּעלע אָנגענומען
און האָט עס געהרגעט און געשלאָגן,
ביז מע האָט עס טויט אַוועקגעטראָגן.

„אוי, האָט מען צו שרייען און צו קלאָגן;
הייבט אָן דער לייב דער גבור צו זאָגן:

פֿאַרפֿינסטערט איז דעמס יאָר,
וואָס ער מיינט ביי זיך גאָר
אָן דעם צו כאַפּן אַ פּלאָדן
וואָס עס קען זיין חבֿר שאָדן.
נאָר יענע מלאָכות אַליין
הייסן ביי מיר נאָר שיין,
וואָס מען טוט מיט זיי
זיין חבֿר גאָרנישט ווײ".

## דאָס קאַטשקעלע

אַ הון האָט אַרומגעפֿירט אירע הינדעלעך,
אירע טעכטערלעך און אירע זינדעלעך,
איטלעכס שיין גאָר ווי אַ טשאַטשקעלע;
און דערצווישן איז געווען אַ קאַטשקעלע.

אַמאָל זענען זיי צו אַ קליין טייכל געקומען.
דאָס קאַטשקעלע האָט באַלד אָנגעהויבן צו שווימען,
און די הון איז געשטאַנען און האָט צוגעקוקט,
ווי דאָס קאַטשקעלע האָט זיך גאָר דערקוויקט.

איצט זאָגט צו זיך די הון:
„איך מוז זען אַלץ צו טון,
אַז מיינע קינדער אַלע, ווי זיי דאָ זענען,
מוזן אַלע, אַלע גוט שווימען קענען;
מיר געפֿעלט פֿאַר אַ גרויסע מעלה דאָס שווימען;
הלוואַי העט איך מיך געווען דערצו גענומען,

ווען איך בּין נאָך געווען יונג,
און דערצו נאָך גאַנץ גרינג!
איצט איז עס שוין פאַרביי,
איך בּין שווער ווי אַ בּליי;
אָבּער מיינע קינדער,
איטלעכעס באַזונדער,
וועל איך לערנען אַ גאַנצן זומער:
עס מוז ווערן אַ גרויסער שווימער".

און זי טרייבּט די הינדלעך פון קליין בּיז גרויס
און גיט איטלעכעס אין וואַסער אַריין אַ שטויס.
די הינדלעך הייבּן אָן דאָס וואַסער צו שפּייען
און פון גאַנצן כוח צו דער מוטער צו שרייען:
„געוואַלט! מאַמע! מיר וועלן מיר דערטרונקען ווערן!"
ניין, די הון מאַכט זיך גאָרנישט הערן.
די קינדער הייבּן אָבּער אָן אַראָפּצוזינקען.
„ראַטעוועטס איך!" שרייט די הון מיט גרויס געבּעט.
זיי ווערן אָבּער אויף אייבּיק דערטרונקען,
וואָרן צום ראַטעווען איז שוין נעבּעך איצט צו שפּעט.

*

איך קוק מיר אַזוי צו גאָר פון וויטן,
ווי מען דערציט קינדער בּיי לייטן.
למשל איינער האָט אַ יינגעלע אַ קליינס,
אַ געזונט בּחורל און דערצו אַ שיינס,
און מע זעט עס גאַנצע טעג נאָר זיצן
מיט אַ מעסערל אַ שטיקל האָלץ שניצן;
ער שניצט איך נאָך כל הצורות,
און וואָס ער שניצט איז גאָר גבורות.

קומט צו גיין אַן אַנדערער און רעדט זיך שוין איין,
ער וועט אַוודאי אַמאָל אַ גוטער בעל־מלאָכה זיין.
ניין, זיין פֿאָטער גיט אויף אים מער השגחה.
פֿע! ער שעמט זיך גאָר מיט בעל־מלאָכה,
אים געפֿעלט נאָר דאָס איינע פֿאַר אַ מעלה:
צו ווערן אַ רבֿ, צו פּסקענען אַ שאלה.
איצט האָט ער אויך זייער גערן,
אַז זיין זון זאָל אויך אַ רבֿ ווערן.
ער קוקט נישט אויף דעם קינדס כּוח,
אויב ער האָט צו דער גמרא אַ מוח,
נאָר מיינט, דעם קינד מוז אויך וואָס אים געפֿעלן,
דאָס קינד מוז אויך דאָס וואָס ער וועלן.
ער הייסט מיט אים לערנען ש״ך,
יורה דעה, סמ״ע און ב״ח,
און מען מוטשעט אַזוי לאַנג דאָס קינד,
ביז דאָס ווערט געבעך אָן דאָס געזונט;
מען לאָזט אים נישט קיין באַרוטע שעה;
און דער רבֿ איז אַלץ נאָך נישטאָ. —
דערנאָך האָט דער פֿאָטער ערשט יגון ואנחה
און וויל שוין אויס דעם זון מאַכן אַ בעל־מלאָכה,
אַבי ער זאָל נאָר ווערן עפּעס אַ לייט —
אָהאָ, עס איז אָבער דערצו נישטאָ שוין קיין צייט.

## די קנאה

ווער האָט מיר געוועזן גלייך,
ווען איך האָט געוועזן רייך?

איך האָב פֿון קיין זאָרג נישט געוואוסט,
האָב אַלץ געהאַט וואָס מיך האָט געגלוסט.
איך האָב מיר געוועזן תּמיד זאַט
און קיין שום דאגה געהאַט".

אַזוי האָב איך אַנומלט צוגעהערט,
ווי מיין שכן היים האָט זיך געקלערט.
אָבער די מעשה ווייטער באַווייזט,
אַז מיין שכן האָט זייער געגרייזט. —

*

השוון-צייט, ווען עס זענען די גרויסע רעגנס,
פֿאָרט זיך אַזוי אַמאָל אונטערוועגנס
דער גרויסער עושר, דער סוחר,
דער אַדיר ר' שמואל הויכער.
און כאָטש עס איז געוועזן דרויסן מיאוס,
איז מיין היים נעבעך געגאַנגען צו פֿוס,
וואָרן פֿון דער ביטערער פּרנסה וועגן
פֿרעגט מען נישט נאָך שניי אָדער רעגן.

און ווי ר' שמואל איז אַזוי געלאָפֿן,
האָט ער אויפֿן וועג היימען געטראָפֿן.
היים נעבעך בעט: „זייט אַזוי גוט
און נעמט מיך אויך אַ ביסל מיט;
טאָמער וועל איך אייך קענען ניצן,
לאָזט מיך כאָטש אַ ביסל נאָך אויפֿזיצן!"

ר' שמואל הייבט אָבער אָן צו שרייען:
„איך קען מיך דאָ מיט דיר נישט האַיען!

פֿאַר ווייטער, איך האָב גאָר קיין צ״יט:
איך מוז היינט פֿאָרן נאָך זייער ווייט״.

און ער איז געשווינד אַוועקגעפֿלויגן
און פֿאַרשוואונדן פֿון הײמס אויגן.

הײם האָט זײַנע כּוחות צונױפֿגענומען
ווי ער איז אָבער אין וואַלד אַרײַנגעקומען,
און איז זיך צו פּ״ם ווייטער געקראָכן.
שטייט ר׳ שמואל — ער האָט אַ ראָד צעבראָכן.

„העלף מיר, בעט ער, מײַן הײם־לעבן!
מײַן פֿורמאַן קען זיך קיין עצה געבן,
הײב נאָר אָן געשווינד עפּעס צו טיען...
איך וועל דיר באַצאָלן גאַנץ גוט און באַלד —
אַבי איך זאָל נאָר כאָטש קענען דערציען
נעכטיקן דאָרט אין קרעטשמעלע אין וואַלד״.

הײם האָט צו זיך געלאַכט
און האָט בײַ זיך געטראַכט:
„וואָס פֿאַר אַ זיסן גאָט האָבן מיר דאָס;
ער באַצאָלט איטלעכן טאַקע מאָס פֿאַר מאָס״.

ער האָט אָבער נישט געדאַכט פֿון דער מעשׂה פֿון פֿרײַ־
און האָט זיך גענומען צו פֿאַרריכטן די פֿיר*.
ער האָט דאָ געגעבן גיך און געשווינד
דאָ אַ האַק, דאָרט אַ קלאַפּ און דאָ אַ בינד,

* == פּיר.

און זיי זענען מיט שווערער מי און פּיין
געקומען נעכטיקן אין דעם קרעטשמעלע אַריין.

מיט עסן האָט מען זיך געמוזט לאָזן באַגניגן
מיט דעם וואָס מען האָט דאָרט געקאָנט קריגן.
און ווי זיי ווילן זיך שוין אַביסל אויסריען*
און הייבן זיך נאָר אָן קיים אויסצוטיען,
קומט פּלוצלונג צו לויפן דער ווינער מיט אַ צעהרגעט
פּנים
און שרייט: „ראַטעוועטס איך, אין וואַלד זענען דאָ
גזלנים!"

ר' שמואל איז געבליבן שטיין גאָר פאַרמישט:
„אוי, וואָס טוט מען מיט דעם קעסטל רענדלעך?!"
הײם זאָגט: „איך האָב גאָר קיין מורא נישט:
איך האָב נישט מער ווי צוועלף טויזנט רענדלעך".

ר' שמואל האָט געציטערט און געפלאַטערט;
ער העט גערן איצט די רענדלעך געפּטרט.
ער האָט גענומען אַלע זעק
און האָט זיי געוואָרפן אַוועק:
זיי זענען אַרומגעלעגן אין מיטן שטוב
און קיינער האָט זיי נישט געוואָלט אָנרירן,
וואָרן ביי איטלעכן איז זיין לעבן ליב
און האָט עס מורא געהאַט צו פאַרלירן.

הײם אָבער איז גאָר זיכער געווען
און האָט ערשט איצט איינגעזען,

* = אויסרוען.

אַז גרויס עשירות אין דער נויט
איז אויך נישט מציל פֿון דעם טויט.

## די פֿליג

אַ שווערער וואָגן מיט פֿעסער וויין
איז פֿאַרפֿאָרן אין אַ זומפּ אַריין.
— דער בעל־עגלה האָט אַלץ אין דער וועלט געטיען,
און די פֿערד האָבן נישט געקענט אַרויסציִען.
ער האָט זיי געהרגעט, געשמיסן,
די שטריק האָבן זיך אַזש צעריסן.
ער האָט ווידער געקניפּט און געבונדן,
די הויט פֿון די פֿערד געשונדן,
און ניין, און ניין, און ניין:
דער וואָגן איז געבליבן שטיין. —

אַ פֿליג וואָס איז געשטאַנען אויף דעם וואָגן,
הייבט אָן צו זיך אַזוי צו זאָגן:
„דער שוטה קוקט גאָרנישט צו מיר אַהער,
אַז איך מאַך אים דאָס דעם וואָגן אַזוי שווער.
איך וויל אים אָבער די טובֿה טאָן
און וויל מיר תּיכּף אַוועקפֿליען“.
זי איז אַוועקגעפֿליגן און זאָגט זיך אין דער ברייט:
„נו, נו, פֿאָרט שוין, פֿאָרט אייך געזונטערהייט“.

*

גוטע יידעלעך! לאָזט מיך געמאַך!
זעלכע טובֿות טוט עס אייך אַ סך.

# די חלומות

דעם וואָלף האַט זיך אַמאָל אין שלאָף,
אַז ער צעריסט זייער אַ פעטע שאָף.
ער האָט זיך אַזש פאַר גרויסע פרייד
איבער דעם גאַנצן געלעגער צעשפרייט.
פלוצלינג האָט ער זיך אָבער אויפגעכאַפט,
און האָט אַרום און אַרום זיך געטאַפט;
ער איז געווען אַזוי אין צאָרן,
ער איז שיר נישט משוגע געוואָרן.

ווי ער האָט זיך אָבער רעכט דערמאַנט,
זעט ער נעבן זיך שטיין דעם העלפאַנט.
דער וואָלף האָט זיך זייער געקווילט
און האָט אים דעם חלום דערציילט.

דער העלפאַנט זאָגט צום וואָלף און לאַכט:
„מיר האָט זיך אויך געחלומט יענע נאַכט,
אַז איך האָב געפונען אַ קינד,
אויף ביידע אויגן גאַנץ בלינד,
אין וואַלד נעבעך גאָר גאַנץ אַליין
דאָרט ביי דעם צעבראָכענעם שטיין.
תיכף האָט זיך מיין רחמנות אין מיר דערוועקט,
און איך האָב מיין לאַנגע נאָז אויסגעשטרעקט
און האָב מיך צו דעם קינד אַראָפגענייגט
און האָב עס מיר אויף מיין רוקן געלייגט;
דערנאָך האָב איך עס אַזוי פיין
געטראָגן אין דעם דאָרף אַריין.
ווי איך בין אין דאָרף אָנגעקומען,
האָב איך דאָס קינד נעבעך גענומען

און עס אַנידערגעלייגט פֿאַר אַ הייזל
און בין אַוועקגעגאַנגען שטיל ווי אַ מייזל".

„ווייסטו, זאָגט דער וואָלף, מע זאָגט בײַ לײַטן:
איטלעכער חלום מוז עפּעס באַטײַטן.
אָט קומט אונז דער פֿוקס אַקעגן,
ער קען גוט חלומות אויסלייגן".

„איך, זאָגט דער פֿוקס מיט גרויס געלעכטער,
האָב אײַערע חלומות שוין פֿון ווייטן געהערט
און זאָג, אַז דער וואָס איז בײַטאָג אַ שלעכטער,
דעם חלומט זיך בײַנאַכט, ווי ער איז נישט ווערט;
און דער וואָס איז גוט פֿון דער נאַטיר,
דעם גייט תּמיד פֿאַר די אויגן פֿיר,
אַפֿילו אין שלאָף, ווי ער קען נישט רוען:
ער מוז, ער מוז דעם חבֿר גוטס טוען".

## קיציקל די מאַלפּע

עס האָט זיך אַמאָל געטראָפֿן,
אַ מאַלפּע איז פֿון בעל־בית אַנטלאָפֿן,
אָנגעטון אין דעם גרינעם הייבל
און מיט דעם קורצן, רויטן לײַבל,
מיט די ווײַסע קרײַזעלעך
און אין די געלע הייזעלעך.

ווי זי איז אַהיים אין וואַלד אַרײַנגעקומען,
האָבן זי די מאַלפּעס גאַנץ שוין צוגענומען.

איינע האָט זי גוט טראַקטירט,
די אַנדערע צו זיך געפירט;
איינע האָט זי געלאָזט בעטן,
זי זאָל ביי איר אויך אָפּטרעטן,
אַזוי אַז מע האָט אין וואַלד געוואַסט אין אַ פּאָר שעה,
אַז קיציקל די מאַלפּע איז ווידער דאָ.

איר מעגט מיר אַפילו גלייבן
אַז צום גבור, דעם לייבן,
האָט מען זי פאַרבעטן גאַנץ שיין,
זי זאָל אויך אַ באַל קומען צו גיין.

דאָ זענען אַלע חיות געזעסן אַרום און אַרום
גאָר שטיל, גלייך זיי העטן געווען גאַנץ שטום,
און דאָ האָט אונזער קיציקל דער וואַנדערער
דערציילט איין ליגנד גרעסער פון דער אַנדערער:
וואָס זי האָט געזען,
וואָס מיט איר איז געשען,
וואָס זי האָט אַלץ געהערט,
פון וואָס זי האָט זיך דערנערט.

„איך, דערציילט קיציקל, מיט מיין בעל־בית ביינאַנד
האָ׳מיר זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ווייטן לאַנד —
עס וועט דרינען זיין עטלעכע יאָר.
ווען׳מיר אַמאָל איבער דעם ים געפאָרן.
עס זענען דעמאָלט געווען זייער גרויסע היצן.
פּלוצלינג האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו בליצן;
איטלעכער איז געזעסן אין אימת־מוות,
וואָרן דער ווינט איז געווען קיין קאַטאָוועס.

דער רעגן האָט ווייער שרעקלעך געגאָסן,
און דאָס האָט דעם בעל־בית צום מייסטן פאַרדראָסן;
ער איז געווען אין גרעסטן צאָרן,
ווייל דער וועג איז זייער קאַליע געוואָרן".

„וואָס רעדסטו, ווי אַזוי קען דאָס זיין?"
פאַלט איר דער לייב אין די רייד אַריין:
„ווי אַזוי קענען פון דעם רעגן
אויפן ים קאַליע ווערן די וועגן?"

קוציקל כאַפּט אירע רייד צוריק געשווינד:
„איך מיין, מיר האָ'מיר מורא געהאַט פאַר דעם ווינט;
איטלעכער איז געווען זייער דערבלעבן
פאַר מורא, די שיף זאָל זיך נישט צעברעכן.
דער ים האָט אָנגעהויבן אַזוי ווי צו קאָכן,
די שיף איז טאַקע שיר געוואָרן צעבראָכן.
דערווייל, ווי מיר פאָר'מיר אַזוי ווייטער,
באַגעגנט אונז פלוצלינג אַ גרויסער רייטער..."

„האַ, האַ, האַ!, הייבט אָן דער בער צו לאַכן,
עפּעס ווילסטו אויס אונז נאָר חוזק מאַכן.
איך בין אויך אין דער וועלט געווען,
האָב אַמאָל דעם ים געזען,
אָבער צו רייטן אין ים אויף אַ פערד —
דאָס האָב איך אין מיין לעבן נישט געהערט.
דו, זע איך, דו עזות־פנים,
האַלטסט אונז נאָר פאַר נאַראָנים
און מיינסט, אַז אונז וועל'מיר דיר אַלץ גלייבן?!
איך וועל מיך אָבער דאָ אויפהייבן

און וועל מיר צו דיר שפּרייזן
און וועל דיר, ליגנער, באַווייזן,
אַז איך וועל יאָ דעם אמת זאָגן,
אַז איך וועל דיך אויף שטיקער צעטראָגן!"

קיציקל האָט שוין נישט לאַנג געהאַרט
און האָט זיך בחרפּה שטיל אַוועקגעשאַרט.

*

עס זענען אַזעלכע ליגנערס אַסך דאָ ביי אונז
וואָס באַווייזן איך, גאָר ווי קיציקל, די קונץ
און דערציילן אַזוי פיין
ליגנד וואָס עס קען נאָר אַריין;
און איך זע, אַז דערצו פּאָרט
רעדט זיי קיינער נישט אַוואָרט;
אַדרבא, מע האָט נאָך זייער גערן
דעם ליגנערס מעשיות צוצוהערן.
נאָר דאָס איינע האַלט מען פאַר אַחסרון:
וואָס דער ליגנער האָט נישט אַגוטן זכרון.

## צוויי גוטע פריינד

דער וואָלף מיט דער שלאַנג,
גוטע פריינד שוין פון לאַנג,
באַחשבונען זיך אַמאָל
דאָרט אונטן אין טאָל,
ווער פון זיי עס האָט מער
גוטס געטון ביז אַהער.

דער וואָלף דערציילט צום ערשטן:
„איך גיי אַמאָל איבערן גערשטן,
— עס האָט דעמאָלט זייער שטאַרק גערעגנט —
האָב איך פּלוצלינג אַ שעפּעלע באַגעגנט.
דאָס קעפּעלע נעבעך איינגעבויגן,
פאַרנעצט ביז איבער די אויגן;
פון אויבן ביז אַראָפּ פון בלאָטע שוואַרץ;
עס האָט מיך אַזש געריסן ביים האַרץ.
עס האָט זיך נעבעך געמיטשעט,
עס האָט געבעקעט און געקוויטשעט,
האָב איך פאַר גרויס רחמנות,
— דו קענסט דאָך מיין ישרנות —
עס נאָר אַזוי אַ קליינעם ביס געגעבן,
האָט עס אויפגעהערט צו לעבן.
עס האָט שוין נישט געפרעגט נאָך דעם רעגן,
וואָרן עס איז זיך שוין גאַנץ רואיק געלעגן".

„ביזטו, זאָגט די שלאַנג, נאָך געקומען
מיט דער שיינער מעשה דיך באַרימען?
שעם דיך אין דיין וויטן האַלז אַריין!
איך העט גאָרנישט געקענט אַזוי שלעכט זיין!
זעסטו, איך האָב דעם פאַסטעכס זון
טאַקע יאָ אַ גרויסע טובה געטון.
עס וועט זיין אין דעם אַוואָך דריי,
הער איך פּלוצלינג אַ גרויס געשריי
דאָרט ביי דעם פאַסטעך אין שטוב.
איך קריך מיר אַהיים פון מיין גרוב,

און ווי איך קום דאָרט אַהין,
ליגט נעבעך דעם פּאַסטעכס זין
אויסגעשטרעקט אויף דער ערד,
מיט דעם פּנים איבערגעקערט,
און דער פאָטער האָט אים אַזוי געשמיסן,
עס האָט מיך אַזש בײַם האַרץ געריסן.
(דער זון איז פֿראַוודע געווען שיכּור,
נאָר דאָס געהער גאָרנישט צום עיקר).
און מיך תּיכּף נוקם צו זײַן,
קריך איך מיר אין אַלקער אַרײַן
צו דעם פּאַסטעכס קראַנק ווײַב
און גיב איר אַ ביס אין לײַב.
זי האָט פֿראַוודע נאָך געשריגן,
אָבער טויט איז זי געבליבן ליגן".

„דו ביזט, זאָגט דער וואָלף, זייער שלעכט:
דאָס איז אַוודאי נישט געווען רעכט;
שעם דיך אין דײַן ווייטן האַלז אַרײַן!
ווי קען מען גאָר אַזוי נישט ווערט זײַן?!"

*

דאָס, וואָס איטלעכער טוט אַליין,
הייסט בײַ נאָאים רעכט און שיין;
נאָר דאָס וואָס יענער טוט
הייסט בײַ נאָאים גאָרנישט גוט.

## דער לײַב מיט די זין

וואו מע גייט,
וואו מע שטייט,

איז איטלעכן קשה,
פאַרוואָס דעם רשע
גייט עס אַזוי גוט
און אַלעם וואָס ער טוט;
און דער וואָס איז פרום
גייט זיך נעבעך אַרום
גאָר אָפּגעשליסן,
גאָר אָפּגעריסן,
נאַקעט און בלויז,
אָן אַ העמד, אָן אַ הויז,
און נאָגט זיך פאַר הונגער
נעבעך גאָר אָפּ די פינגער.

דערקעגן וויל איך מיינען,
אַז מען וועט דאָס משל ליינען,
וועט מען פאָרט דרינען
אַ שטיקל תירוץ געפינען.

*

אַזוי אַ הילוך האָט נאָך קיינער נישט געזען,
ווי צווישן אַליבאַס צוויי זין איז אַמאָל געווען.
דער עלטסטער איז געווען זייער שיין:
איטלעכעס גלידל גאָר מלא חן,
און דערצו זייער גוט און קלוג,
און טאַקע אויך אַ גבור גענוג;
איטלעכע בהמה און איטלעכע חיה
פלעגט זיך צו נעמען פון אים אַ ראיה.
קורץ, ער איז געווען טאַקע אַזוי פיין,
ווי אַליבאַס אַ זון קער צו זיין.

דער יינגערער איז געווען גראָד פאַרקערט:
ער איז געווען גאַנץ מיאוס און נישט ווערט;
קיינער האָט אים געקענט ליידן,
איטלעכער פלעגט אים צו מיידן,
אַזוי ווי מען מיידט עפּעס אַן עיפּוש;
און מען האָט אים גערופן: „דער טיפּש“.

דערקעגן איז געווען אַ ווינדער,
אַז דער טאַטע פון די קינדער
פלעגט נאָר מיט דעם גוטן זון
אַלע שווערע מלאָכות צו טון;
צי בייטאָג, צי ביינאַכט
האָט ער אים אַלץ משוגע געמאַכט;
דאָ האָט ער אים געשיקט אַהין, דאָ אַהער,
דאָ צו דעם הערש און דאָ ווידער צום בער;
באַלד אויף אַ געיעג,
באַלד אין אַ ווייטן וועג.
און אַז ער פלעגט צו קומען דערהיצט,
פון קאָפּ ביז די פיס זייער פאַרשוויצט,
אַהיים גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט
און האָט עפּעס צו עסן געבראַכט,
האָט ער נישט געטאָרט געבן אַ ריר,
ביז דער פאָטער האָט נישט פרי'ר
גענומען דאָס שטיק דאָס בעסטע,
פון אַלע שטיקער דאָס גרעסטע,
און האָט עס דעם זון געגעבן צו עסן,
וואָס ער איז זיך גאָר אין דער היים געזעסן.

אַמאָל קומט צו גיין דער בער צום לייבן
און זאָגט צו אים: „כ'לעבן, מעגסט מיר גלייבן
אַז איטלעכער האַלט דיך פאַר שלעכט,
וואָס דו טוסט אַזוי נישט רעכט.
וואָס טייטש? דיין זון דער גיטער
אַרבעט גענבעך שווער און ביטער,
נאָר, קומט מיין שמועה אַפיר,
איטלעכער מוז טראַכטן פריי'ר,
ער זאָל זיינע קינדער אַזוי דערציען,
אַז זיי זאָלן תמיד טיען.
וואו איז אָבער דיין יש ׳נות?
וואו איז אָבער דיין רחמנות?
וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע מאָדע,
פאַרוואָס האָט ער ביי דיר קיין וויגאָדע?
אָן דער אַרבעט טוסטו גוט געדענקען
און ווילסט אים אָסור אַ פיצל נישט שענקען;
און אָן דעם זינדיקן ביסל עסן
מאַכסטו דיך גאָר פאַרגעסן?
איך זע דאָך, דיין זון דער יונגער
לײדט ביי דיר נישט קיין הונגער,
כאָטש ער ליגט ווי אַ שטיק לייס
טאָג און נאַכט אין דער היים;
אים פילנעוועסטו גאַנץ גיט,
עס פעלט אים אין אַלעם ניט:
פאַרוואָס זאָל זשע דאָס גוטע קינד
לעבן נעבעך ביי דיר ווי אַ הינט?"

דער לייב ענטפערט דעם בער:
„נו, קום זשע נאָר צו מיר אַהער.

איך ווייס, עז מיינט, איך בין נישט ג׳רעכט
און אז איך האנדל קייגן מיינע קינדער שלעכט;
איך מוז אייך אבער געבן צו פארשטיין
דאס וואס איר פארשטייט נישט אליין.
זעסטו, איטלעכער באזונדער
פון מיינע ביידע קינדער
נעמט זיך אליין שוין
דעם פארדינטן לוין;
קריגט ער שוין זיין ברכה
טאקע ביי זיין מלאכה:
דער האט הנאה פון לויפן און טראגן,
אזוי ווי דער פון זיין אנגעלייגטן מאגן.
און לאמיך נאר פרווון מיט מיין עלטערן זון
און אים זאגן: גיי ליידיק, זאלסט גארנישט טון.
וועט ער מיך גארנישט צוהערן,
ווארן ער וועט שיר משוגע ווערן.
ער איז שוין מיט דער ארבעט געוואוינט,
און מיט דער ארבעט איז ער שוין באלוינט״.

## באלוואן

באלוואן, א גרויסער הונט,
זייער שטארק און געזונט,
פלעגט זיך תמיד ביי דער נאכט,
אז מען האט דעם טויער פארמאכט,
צו ליגן אויף דער שמירה
ביי זיין בעל־הבית׳ס דירה,

און אַז עמעצער איז נאָר פֿון דעם הויז
געגאַנגען אַריין אָדער אַרויס,
פֿלעגט ער צו ריטשען און צו קוויטשען
און שיר ניט מענטשן צו סקאַליטשען.

אַמאָל האָבן זיך דאָביוועט גנבֿים
דאָרט, ערגעץ איבער די בתּי־מושבֿים;
עס האָט אָבער נישט לאַנג געווערט,
האָט דאָס מיין באַלעבאָס דערהערט
און האָט אָנגעהויבן פֿון גאַנצן כּוח
צו שרייען און צו בילן זייער הויך,
אַז אַלע פֿון דעם גאַנצן הויז
זענען געקומען צו לויפֿן אַרויס;
זיי האָבן אָבער שוין קיינעם געטראָפֿן:
די גנבֿים זענען זיך דערווייל צעלאָפֿן.

ווי זיין בעל־בית האָט דערזען,
אַז עס איז גאָר קיינער נישט געווען,
האָט ער אָנגעהויבן דעם הונט צו יאָגן
און אים צו הרגענען און אים צו שלאָגן:
„וואָס, דו וועסט מיך אַלץ איבערשרעקן
און אויס דעם בעסטן שלאָף אויפֿוועקן,
ווייל עס האָט זיך דיר פֿאַרגליסט
צו בילן פֿאַר נישט און אומזיסט?
איך וועל אָבער אַצינד שוין קליגער זיין
און וועל דיך פֿאַרשליסן אין קאַמער אַריין.
דאָרט וועסטו שוין מוזן ריען,
און וועסט שוין בילעבן אַ מכּה וויען!“

איטלעכער האָט זיך איצט אַזוי פֿיין
צוריקגעלייגט אין זיין בעט אַריין.
עס איז שוין געווען רואיק און שטיל,
דער הונט האָט שוין נישט געגעבן אַ ביל.

אַצינד זענען ערשט די גנבֿים צוריקגעקומען
און האָבן זיך רעכט צו דער מלאָכה גענומען;
זיי זענען געגאַנגען כּסדר
אַריין אין איטלעכן חדר,
גענומען וואָס זיי האָבן געקענט
און איבערגעלאָזט ליידיקע ווענט.

און ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן,
הערט מען שוין ווידעראַמאָל באַלוואַנעס שלאָגן:
דער בעל־הבית האָט אים מיט אַ קאַנטשיק געשמיסן
און טאַקע שיער פֿאַסעס פֿון אים געריסן,
פֿאַרוואָס ער האָט געשוויגן,
פֿאַרוואָס ער האָט נישט געשריגן.

*

כּ'לעבן, מאָרגן, נישט היינט,
קענטס דאָגאָדזען אַ פֿריינד;
מאַך אים נאָך אַזוי גיט,
געפֿעלט עס אים אַליין ניט.

## דער היישרעק

צו דער מאָראָפֿקע קומט דער היישרעק צו גיין
און הוסט און בעט מיט אַגרוים געוויין:

„איך בין איצט אין אַ גרויסער נויט,
עס הונגערט מיך טאַקע צום טויט;
און דו, זע איך, ביזט תמיד זאַט,
כאָטש עס איז איצט שוין ראש־חודש שבט.
טאָמער קענסטו מיר אויך אויסלייען,
איך זאָל האָבן עפּעס צו קייען?“...

„גיי דיר, זאָגט די מאַראַשקע, געזונטערהייט:
פאַרוואָס האָסטו דיר זומער נישט אָנגעגרייט?
האָסטו אום זומער טאָג און נאַכט נאָר געזינגען,
מעגסטו אום ווינטער פאַר הונגער צעשפּרינגען.

*

גרייט דיר אָן אין די גוטע צייטן,
דו זאָלסט האָבן אין דער נויט,
וועסטו נישט דאַרפן צו קומען צו לייטן
בעטלען אַ שטיקעלע ברויט.

## דאָס פערד מיט דעם האָז

אויף דער הוילער ערד
ליגט אַמאָל אַ פערד
צווישן טאָג און נאַכט
אַזוי אַ ביסל פאַרטראַכט.
נישט ווייט פון אים אין גראָז
שטייט זיך אַ קליינער האָז
און קוקט זיך אַזוי גוט
וואָס דאָס פערד טוט.

דערווייל האָט זיך אים געדאַכט,
ווי ער האָט דאָס פערד באַטראַכט,
אַז פאַר אַ פאָר טעג
האָט דאָ איינער געיעג,
איידער עס האָט נאָך געטאָגט,
אים דאָס פערד נאָכגעיאָגט.

„אהאַ! דו ביזט דאָס דער יונג
וואָס האָסט געגעבן אַ שפרונג,
אַז מע האָט מיך שיר נישט געטראָפן.
איך זאָל נישט האָבן גיך אַנטלאָפן?!
איך האָב דיך געזען, דו רוצח,
ווי איך האָב געקוקט אין דער הייך,
ווי דו מיט דיינע פיס
ביזט געלאָפן ווי אַ ריז
און האָסט געגעבן אַ האָפ
אין אַ וואָרף מיט דעם קאָפ
ווי איינער פון די פיינע יינגען,
מיך געשווינד נאָר איינצושלינגען.
קום מיט מיר צום לייבן,
ער וועט מיר שוין גלייבן;
פאַר אים וויל איך מיך לאָדן,
פאַרוואָס ווילסטו מיר שאָדן.
קום, איך האָב גאָרנישט קיין צייט;
דער לייב איז דאָ גאָר נישט ווייט,
פאַר אים וויל איך מיך קלאָגן;
נאָר אים וועל איך אַלץ זאָגן,

ווי דו מיט דיינע קונצן און זאַכן
האָסט מיר געוואָלט דעם טויט מאַכן".

„איך דיר דעם טויט מאַכן?
הייבט אָן דאָס פערד צו לאַכן:
דאָס הייסט זיך אַ ביסל דערוואויגן
צו זידלען מיך אין די אויגן!
קוקטס נאָר אָן דעם עזות־פּנים!
מיט אים זאָל איך גיין צו דינים!
דו פאַרשווועע העזל
מיט דעם קורצן נעזל,
גיי דיר געזונטערהייט
און רעד קיין נאַרישקייט!
דאָס וועסטו נאָך נישט דערלעבן,
איך זאָל מיך מיט דיר אָפּגעבן".

ווי דער האָז האָט דאָס דערהערט,
האָט ער זיך בהרפה אומגעקערט
און האָט נישט געמאַכט קיין שהיות
און איז אַנטלאָפן צווישן די תּבֿיאות*.

אַ שטיקל וועגס פון דאַנען
איז אָבער דער לייב געשטאַנען
און האָט זיך צוגעהערט די רייד פון דעם פערד.
„איי, זאָגט דער לייב, אַ חרפה און אַ שאַנד!
אַזוי איז דאָס? אַזוי גייט צו אין מיין לאַנד?!

* תבֿיאות = תבואות.

דער שטאַרקער איבער דעם שלאָפֿן
וויל דאָס שוין גאָר האָבן צו שאַפֿן?
ניין, דאָ שווער איך ביי מיין מלוכה,
אַז איך וועל נישט האָבן קיין מנוחה,
ביז איך וועל נישט זען אַליין
צעבראָכן דעם פֿערדס געביין!"

אין תּיכּף צו פֿאָלגן דאָס שליחות
לויפֿן די וועלף ווי די ריחות*
אין האָבן דאָס פֿערד צעביסן
אין אויף שטיק־שטיקלעך צעריסן.

*

האָבן אַמאָל צוויי מענטשן צווישן זיך דין־ודברים,
און איינער פֿון זיי איז רייך און דער אַנדערער אָרעם, —
לאָז זשע יאָ דער רייכער נישט זאָגן: „ניין,
איך קען אָסור מיט אים נישט גיין;
עס איז פֿאַר מיר כּ'לעבן גאָרנישט שיין,
איך זאָל מיט אים צום משפּט שטיין".
וואָרן גאָט הערט פֿון איטלעכן דאָס געוויין,
פֿון רייך ביז אָרעם, פֿון גרויס ביז קליין.

## די בּעלי־עצות

„וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רויך?
עס נעמט מיר גאָר אַוועק מיין כּוח!
וואָס שטינקט דאָס דאָ אַזוי אַן אַוויר?"
פֿרעגט אַמאָל אַ פֿייגעלע זיין חבר.

* = רוחות.

„עס בייסט מיך אויך אין מיין איינגעלע!
ענטפערט דאָס אַנדערע פייגעלע:
עס גייט דאָך טאַקע איבער די גאַל!
דאָס זיצט אַזוי דערנעבן אין שטאַל
דער נאַר, דעם פּאָרמאַנס זון,
און רייכערט אַלץ נאָר טיטון.
ער האָט טאַקע גאָר קיין שכל ניט
און ווייסט נישט, וואָס עס איז גוט.
ער זאָל קלוג ווערן
און מיין עצה הערן,
וואָלט ער ליבער מיט אונז געזעסן
און מיט אונז נאָר שעמיען געגעסן".

„פּע! רופט זיך אָן דערנעבן אַ פערד
וואָס ליגט דאָרט אין שטאַל אויף דער ערד:
שעמיען פאַרוואָס ער עסט נישט איז ער גערעכט,
וואָרן שעמיען איז טאַקע זייער שלעכט.
עך מאַכטס גאָר אומזיסט אַזוי אַ געשריי;
בעסער לאָז ער עסן האָבער און היי".

„ניין, זאָגט דער גיל, אַ פייגל מיט אַ רויט בייכל:
היי און האָבער איז אַ פּאַסקודנע מאכל;
ווערים, נאָר ווערים וועל איך אים נאַראַיען;
ווערים זאָל ער טאָג און נאַכט קייען".

„אַלץ נישט גוט! קוויטשעט זיך אַ קעצל
וואָס זיצט דאָרט אויף אַ קלעצל:
דאָס איז אַלץ קיין גוטע שפּייז:
מיך זאָל ער פאָלגן און נאָר עסן מייז".

„הע, הע, הע! הייבט אָן דאָס הזיר צו לאַכן;
גייטס, גייטס מיט אייערע פּאַסקודנע זאַכן —
וואַרפט אַלע די מאכלים אַוועק
און עסט בעסער מיט מיר אַדר..."

*

אַז דו וועסט וועלן
איטלעכן געפעלן
און דערפילן
איטלעכנס ווילן,
וועסטו קיינמאָל נישט קומען צו קיין עק,
און וועסט נאָך צום סוף מוזן עסן אַדר...

# לוטס ווייב

עס שטייט ביי אונז אין דער תורה,
אַז די שטעט סדום און עמורה
האָט גאָט גאָר איבערגעקערט,
ווייל זיי זענען געווען זייער נישט ווערט.
פריער האָט ער אָבער צו וויסן געטון
צו לוט, אַברהם אָבינוס ברודערנזון,
אַז ער זאָל זיך נישט זוימען קיין מינוט,
ער זאָל נישט חס זיין אויף זיין האָב און גוט,
אויף זיין פּאַרמעגן און זיין הויז,
נאָר זאָל אַנטלויפן פון שטאָט אַרויס.

און גאָט האָט געשווינד און געך*
געלאָזט רעגענען שוועבל און פעך

* = גיך.

איך די שטעט סדום און עמורה;
עס איז געווען צו קוקן אַ מורא.

דערקייגן האָט איטלעכע אשה
שוין פֿון לאַנג נאָך אַ ירישה*,
נאָך פֿון אונזער מאַמע חוה,
אַז זי מוז זיין טשעקאַווע.
אַזוי האָט לוטס ווייב נישט געקענט רוען,
ביז זי האָט נאָך געמוזט טוען
כאָטש נאָך איין קוק
איף די שטעט צוריק.

און ווי זי האָט נאָר אַ קוק געגעבן,
האָט זי באַלד אויפגעהערט צו לעבן.
און עס שטייט אין דער הייליקער תורה געשריבן,
אַז אויך איר איז אַ שטיק זאַלץ איבערגעבליבן.

*

הער זשע מיך צו און קוק נישט צוריק,
אַז דו ווערסט ניצול פֿון אַן אומגליק.

# די מאַלפּע

ווייז מיר כאָטש איינע צווישן די חיות,
„איך זאָל נישט נאָכמאַכן אירע העוויות!“
אַזוי טוט זיך אַ מאַלפּעלע באַרימען
פֿאַר אַ פֿיקס וואָס איז צו איר געקימען.

* = ירושה.

דאָס פּיקל ענטפערט תּיכּף צוריק:
„זאָג נאָר, דו פּאַרשיווע מאַרשעליק:
ווען וועט אָבער דאָס איינפאַלן אַ גאַנץ יאָר,
ער זאָל דיר וועלן נאָכמאַכן אויף אַ האָר?“

*

דאָס משל מעג בּלײַבּן אָן אַ נמשל בּלײַבּן;
איטלעכער ווייסט עס אַליין צוצושרײַבּן...

## דער בער

אין אַ וועג זייער אַ שלעכטן,
אין אַ וואַלד זייער אַ געדעכטן,
עס האָט געגאָסן און געדעגנט,
האָט מיך אַמאָל אַ בער באַגעגנט.
עס איז אויף מיר געפאַלן אַ גרויסער שרעק,
„נאַ, זאָג איך, אַצינד איז שוין מיין עק“.
איך האָב פאַר מיר דעם טויט געזען,
און צו אַנטלויפן איז אוממעגלעך געווען;
איך האָב געקלערט אַהער און אַהין
און האָב נישט געוואוסט וואָס צו טין.

דערקייגן קען מען גיכער אַן עצה געפינען,
אַז מען איז אין דער נויט שוין גאָר דרינען;
און וואָס מער עס גייט אום דעם מענטשס לעבן,
קען ער זיך ערשט גיכער אַן עצה געבן.

אַזוי איז מיר אויך אַן עצה איינגעפאַלן אין דער נויט,
איך זאָל מיך מאַכן גלייך איך העט געווען טויט.

און איך וואַרף מיך דאָ געשווינד אויף דער ערד
און האָב מיך מיט דעם פּנים איבערגעקערט,
און בין ווי טויט געלעגן
אין דעם גרויסן גאָס־רעגן.

דער בער קומט דאָ צו גיין
און בלייבט פאַר מיר שטיין,
און גיט אַלעמאָל אַ שמעק,
און גיט מיר ווידער אַ לעק,
און גייט ווידער אַוועק פון ווייטן
און באַקוקט מיך פון אַלע זייטן.
דערנאָך קומט ער ווידער צו גיין —
איך ליג אָבער שטיל גאָר ווי אַ שטיין.
ער גיט ווידער אַ מרוק
און דעם פייערדיקן קוק;
און ווי ער זעט, איך גיב מיך נישט אַ ריר,
הייבט ער זיך אויף און גייט אַוועק פון מיר.

איך בין נאָך פאַר מורא געלעגן דאָ
מער ווי אַ גוטע האַלבע שעה;
דערנאָך האָב איך מיך אויפגעהויבן
און האָב געדאַנקט דעם דאָרט אויבן.

*

אַז דו זעסט מיט דיין שכל איין,
אַז דו קענסט דיין שונא נישט גובר זיין,
גיב אים נאָך וואָס ער וויל,
און זייַ דו דיר גאָר שטיל.

לאָז ער מיינען, אַז דו ביזט שוין טויט,
וואָרן איך זאָג דיר, אַז אין אַ נויט
זאָלסטו נאָר די עצה הערן,
וועסטו אַוודאי ניצול ווערן.

## דעם לייבס משפּט

דאָרט אונטן אויף די ווייסטע פֿעלדער
זענען די חיות געקומען פֿון די וועלדער,
איטלעכער מיט זיין קלאָג און זיין באַגער
פֿאַר דעם לייב און פֿאַר זיין יועץ, דעם בער.

די קו נעבעך קומט צום ערשטן און קלאָגט,
אַז נעכטן פֿרי, איידער עס האָט געטאָגט,
איז אַ גזלן, זי ווייסט נישט ווער, געקומען
און האָט איר נעבעך איר קעלבל גענומען.

דער לייב קוקט זיך אום און וויל דאָ הערן,
אויב עמיצער ווייסט נישט דערפֿון.
„איך, זאָגט דער וואָלף, קען הייליק שווערן,
אַז איך האָב דאָס נישט געטון;
מע קען דאָס איצט אויף מיר נישט זאָגן,
וואָרן איך בין שלאָף אויף מיין מאָגן“.

„שווייג! שרייט דער לייב: דאָס איז מיין סימן,
אַז דו, נאָר דו האָסט דאָס קעלבל גענימען;
וואָרן איך זע, אַז דיין געוויסן
לאָזט דיך, גזלן, אַליין נישט רוען;
דו האָסט דאָס קעלבל צעריסן —
דיר זאָל דער בער דאָס איגענע טוען!“

און אין דעם וואָלפֿס בויך האָט מען נאָך האַלב
געפֿונען פֿון דעם אייגענעם צעריסענעם קאַלב.

*

פֿאַרענטפֿערסט דו דיך פֿריִער,
איידער מען באַקלאָגט זיך אויף דיר,
קען איטלעכער שווין מיט זיין שכל אָנזען,
אַז מע האָט דיך נישט אומזיסט חושד געווען.

## דעם לייבס טויט

בײַ די חיות איז אַמאָל געווען אַ חורבן,
דער לייב דער שטאַרקער איז געשטאָרבן.
עס זענען געקומען יונג און אַלט,
אַלע חיות פֿון דעם גאַנצן וואַלד;
איינע איז געקומען אים צו באַקלאָגן,
איינע אים אַ שבֿח נאָכצוזאָגן;
די הערשן און די בערן
האָבן זיך באַגאָסן מיט טרערן;
די הינט האָבן געהויקעט,
די קעץ האָבן געמיויקעט;
די וועלף האָבן געריטשעט
און די מאַלפּעס האָבן געקוויטשעט.
אַפֿילו דער קליינער האָז
האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז,
און דער העלפֿאַנד האָט אַצינד
געוויינט ווי אַ פּיטשעלע קינד.
דאָס שיינע פֿאַרשאַרטע פֿערד
האָט זיך געוואָרפֿן אָן דער ערד

אויף דעם בויך און אויף דעם רוקן —
קערץ, עס איז געווען א רחמנות צוצוקוקן.

נאָר דאָס אייזל, דער גרויסער נאַר,
האָט גאָרנישט געהאַט קיין צער.
ער איז געשטאַנען און האָט צוגעזען,
און האָט זיך נאָך משׂמח געווען.
עס האָט אים נאָר דאָס איינע פאַרדראָסן:
וואָס דאָ ווערט אַזוי פיל טרערן פאַרגאָסן.

אַ פוקס, אַ חכם פון אַלטע צייטן,
קוקט זיך אַזוי אויף אַלע זייטן
און זעט, אַז דאָרט דריבער נישט ווייט
שטייט דאָס אייזל גאָר ווי אַ ליט.
ער גייט צו צו אים גאַנץ שטיל צו
און זאָגט אים: „הערסטו, דו!
כּ'לעבן, נעם דיר אַ ראיה
דאָ פון איטלעכער חיה.
פון גרויס ביז קליין:
וואָס פאַר אַ געוויין,
וואָס פאַר אַ יאָמער, וואָס פאַר אַ קלאָג,
היינט אַזוי אַ גאַנצע לעבע טאָג;
נאָר דו גאָר אַליין
טוסט דיר אַזוי שטיין
און האָסט, ווי איך זע, נאָך אַ נקמה,
וואָס אונזער ליב ליגט אָן אַ נשמה;
איז ער דען נישט געווען גאַנץ קלוג?
איז ער דען נישט געווען אַ גבור גענוג?

איטלעכער האָט פון אים עפּעס געלערנט,
און האָט פאַרט נישט אַ פליג דערצערנט;
מילא, פאַרוואָס ביזטו אַזוי אין צאָרן?
זינט ווען ביזטו אים אַזוי אַ שונא געוואָרן?"

דאָס אייזל שטעלט אויף זיין אויער
און עפּנט דאָס מויל ווי אַ טויער
און הייבט אָן מיט פייער צו שימן
און צום פוקס מיט כעס צו שמייסן:
„כּילעבן, עס איז דאָך נאָר אַ געלעכטער,
וואָס עך מאַכסט דאָ אַזוי אַ וועזן;
איז דען פאַרהאַנדן נאָך אַזוי אַ שלעכטער,
ווי דער לייב דאָ איז געוועזן?
האָט ער דען נישט מיך אַלטן
תמיד פאַר אַ נאַר געהאַלטן?
פלעגט ער דען נישט צו לאַכן
און חוזק אויס מיר צו מאַכן,
אַז איך פלעג ביי זיין לעבן
אים אַ גוט עצהלע צו געבן?
אַצינד, ווער איז געבליבן דער נאַר:
צי דער קנעכט, צי דער האַר?
אָט ליגט ער מיט זיין גבורה,
מיט זיין חכמה און שיינער צורה;
נו, לאָז דיך אַצינד געבן אַ הייב
דער וואוילער יונג, דער שטאַרקער לייב!
ניין, פּע, נישטאָ קיינער אין דער היים, —
אָט ליגט ער זיך דאָ ווי אַ שטיק ליים".

און ווי דאָס אייזל האָט אַזוי גערעדט
און אויס דעם לייב אַלץ אַזוי געשפּעט,
גיט אים דער פֿוקס פּלוצלינג אַ כאַפּ
און איבער דער פּלייצע אַ קלאַפּ,
און גיט דאָ דעם גרויסן געשריי:
„קוק נאָר דאָרט, אוי ווי, אוי וויי!
דאָרט אַהין, דאָרט אויבן:
דער לייב האָט זיך אויפֿגעהויבן!
אָט שטייט ער נעבן דעם בער,
כּלעבן, אָט גייט ער שוין אַהער!"

און אַזוי געשווינד
ווי ביי אַ ווינט
עס פֿאַלט אַראָפּ פֿון אַ בוים אַ ניס*
איז דאָס אייזל געפֿאַלן ווי גרויס עס איז.
עס האָט אויסגעשטשירעט די ציין
און איז פֿאַר מורא געלעגן ווי אַ שטיין
אויף אַלע פֿיר אויסגעשטרעקט
און האָט די נשמה אויסגעקרעקט.

דערווייל האָט מען אַ געשריפֿטס געפֿינען
צוקאָפּנס ביי אונזער לייבן.
וואָס עס איז געווען געשריבן דרינען
מעגט עך מיר כּלעבן גלייבן.
נאָר איך קען מיך נישט דערמאַנען
אַלץ, וואָס דאָרט איז געשטאַנען;

* = נוס.

וואָרן ווי דער ליב האָט זיך אויסגעשטרעקט,
האָבן זיך זייער אַ סך ווערטער אָפּגעמעקט;
עץ וועט מיר אָבער שענקען
וואָס איך קען נישט געדענקען;
נאָר דאָס געדענק איך גוט, אַז אין עטלעכע ערטער
זענען געשטאַנען געשריבן די דאָזיקע ווערטער:

ווי פֿעפֿער אין די אויגן
קען עס אונז גאָרנישט טויגן
צו זאָגן דעם נאַר אין פּנים,
אַז ער קער צו די נאַראָנים.
ער מוז אונז אַ שונא ווערן,
וואָרן ער קען דאָס נישט הערן.
ער מיינט, מע איז אים שלעכט,
ווייל מע גיט אים נישט גערעכט.
נאָר העמאָלט פֿרייט זיך דער שוטה,
אַז דער חכם ליגט שוין צווישן די טויטע;
וואָס האָט ער דען צו וויינען?
ער וויל זיך בעסער מיינען:
אָט וועט ער ערשט לעבן קענען,
איצט וועט ער דאָס די וועלט ברענען;
איטלעכן שטעקט ער אַרויס די צונג,
ער מיינט, ער איז שוין דער וואוילער יונג,
און אַז מען זאָגט אים, ער זאָל שווייגן,
ווייזט ער דאָך טויזנט פֿייגן.
דער קלוגער מוז אָבער ווייסן,
ווי ער זאָל מיט אים שמייסן,
און קריגט ער אים נאָר אויף אַ האָר,
ריכט ער זיך שוין אויס אַ שוואַרץ יאָר.

# די אַסיפה

נאָך דעם ליבס דעם גבורס טויט
זענען די חיות געבליבן אין אַ נויט;
זיי זענען געבליבן אָן אַ פירער,
איטלעכער האָט געוואָלט ווערן רעגירער. —
ווי די חיות האָבן דאָס געזען,
האָבן זיי זיך אַלע מישבֿ געווען
און האָבן זיך אַלע צונאַנדגענומען
און זענען אויף איין אָרט צונאַנדגעקומען
און האָבן אָנגעהויבן נאָכצוקלערן,
ווער פון זיי עס זאָל רעגירער ווערן.

דער ערשטער איז געווען דער טיגער
וואָס איז געקומען צו שוועבן.
„ניין, זאָגן די חיות, ער איז אַ קריגער;
אונז וויל'מער רואיק לעבן“.

דער עלטסטער פון די בערן
האָט געוואָלט רעגירער ווערן:
„דער טענצער, האָבן די חיות געשריגן,
האָט פלוצלינג אויף גאָר חשק געקריגן
אויף דער עלטער צו ווערן אַ רעגירער?
ניין, ניין, לאָז ער גיין טאַנצן פרידער!“

דער הערש איז געקומען דערהיצט,
מיט זיינע הערנער פאַרשפיצט,
און זאָגט מיט גרויסן חן:
„ווער איז ווי איך אַזוי שיין?

מיך זאָלט עץ צוהערן:
איך וועל רעגירער ווערן!"

„וואָס טויגן אונז דיינע שיינע העזיות:
ענטפערן מיטאַמאָל אַלע חיות:
שיינקייט אַליין איז גאָרנישט גענוג,
אַז מען איז נישט דערצו גאַנץ קלוג!"

דער פיקס, דער חרוץ, האָט זיך נישט וויסן געמאַכט,
וואָרן ער האָט זיך ביי זיך אַזוי געטראַכט:
„איטלעכן ווער עס וועט נאָר רעגירן
וועל איך דאָך ביי דער נאָז אַרומפירן;
ליבער וועל איך מיר גאָר זיצן שטיל,
לאָז זיין אַ רעגירער, ווער עס וויל".

דעם איזל, דעם שוטה, דעם גרויסן נאַר,
האָט זיך אויך געגלוסט צו ווערן אַ האַר.
„נו, זאָגט ער, לאָמיר נאָר קלערן,
פאַרוואָס זאָל איך נישט רעגירער ווערן?
וואָס פרעגט עץ דאָ פאַר אַ שאלה,
איך האָב דאָך פון אַלע די גרעסטע מעלה;
איך בין דאָך דאָס אַמיוחס פון אַלטע צייטן,
די גרעסטע לייט פלעגן אויף איזלען צו רייטן.
אויף מיין עלטער־עלטער־זיידע
איז אַברהם געריטן צו דער עקדה,
און דאָס וואָס בלעם איז דרויף געריטן
איז געווען מיין פעטערס לייבלעכער מחותן*,

* = מחותן.

און דאָס ווייס איך גאַנץ קלאָר,
אַז דאָס אייזל פֿון ר׳ פּנחס בן יאָיר
(איך האָב עס תּמיד פֿון מיין פֿאָטער געהערט),
אַז דער צדיק האָט זיך מיט אונז אָנגעקערט".

מיט דעם אייזל, דעם יחסן דעם אַלטן,
האָבן זיינע קרובֿים די פֿערד געהאַלטן
און האָבן אים געזאָגט אַלע עדות,
אַז די האָבן געהערט פֿון זיינע זיידעס.

איצט איז דער פּיקח שוין בייז געוואָרן
און זאָגט צום אייזל מיט גרויסן צאָרן:
„גיי דו צו אַלע ריחות* –
מיט דיין פֿאַרשייטע יחוס!
הערסטו, דו גרויסער שוטה, דו עזות־פּנים!
איך אייזלען זענען טאַקע געריטן צדיקים, רבנים,
אָבער עך אייזלען בלייבטס תּמיד נאַראָנים,
אַזוי ווי די אָבֿות, אַזוי די בּנים.
היות! מיין דעה וועט איך אַלע געפֿעלן:
איך ווייס, עך וועט אוודאי אַזוי וועלן;
וואָס קלערט עך אַהער, וואָס קלערט עך אַהין, –
רעגירער זאָל ווערן אונזער רעגירערס אַ זין**!"

„יאָ, יאָ!" האָבן אַלע חיות געשריגן;
נאָר דאָס אייזל האָט שטילגעשוויגן.

*

פֿרעגטס נאָר נאָך ביי איטלעכן ראש־הקהל,
אַז אַזוי אַ אַסיפֿה טרעפֿט זיך אַלעמאָל.

* = רוחות. ** = זון.

# די דריי זין

אין יאָרן אַלט און אין גיטער רייך,
צעטיילט צווישן דריי קינדער גלייך
אַן ערלעכער מאַן, אַן אַלטער בעל-בית,
זיינע צונאַנדגעפּראַצעוועטע נחלאָות.

„אַ פינגערל, זאָגט ער, האָב איך נאָך אין מיין פאַרמעגן,
דאָס באַהאַלט איך אָבער נאָר פון דעם זונס וועגן,
וועלכער פון מיינע דריי זין
וועט די גרעסטע מצווה טין".

און דעם פאָטערס צוזאָג צו דערלאַנגען,
זעט מען די דריי קינדער זיך צעגיין.
דריי חדשים זענען שוין אַוועקגעגאַנגען,
זעט דער פאָטער די קינדער פאַר זיך שטיין.

דער עלטסטער זאָגט פריי:
„עס וועט זיין אַוואָך פיר,
איז מיין חברס גאַנצער פאַרמעגן
ביי מיר אין מיין קפערטל געלעגן;
ער האָט גאָרנישט געהאַט אויף מיר,
קיין שום וועקסל, קיין שום פּאַפּיר,
און איך זאָל אַזוי געזונט זיין און לעבן,
ווי איך האָב אים אַלץ ערלעך אָפּגעגעבן!"

„דו האָסט, זאָגט דער אַלטער, מיין ליבער זון
געטון, וואָס איטלעכער איז מחויב צו טון".

„איך, הייבט אָן דער מיטלערער צו זאָגן,
פאַר מיר דאָ אַנומלט אויפן וואָגן,

פֿאַלט פֿלוצלינג אין טייך אַריין אַ קינד.
איך לויף אָבער תיכּף אַהין געשווינד,
ווי אַ פֿויגל בין איך טאַקע געפֿלויגן
און האָב עס לעבעדיק אַרויסגעצויגן;
איך האָב עס אין דאָרף אַריינגעטראָגן —
דאָס גאַנצע דאָרף קען מיר עדות־זאָגן".

„פֿאַר דעם, האָט דער פֿאָטער צו ענטפֿערן אָנגעהויבן,
קומט דיך, מיין זון, נאָך נישט אַזוי שטאַרק צו לויבן.
ווער פֿון אונז וואָלט עס נישט אַזוי,
דער מוז זיך שעמען, אוי, אוי, אוי!
אמת, דיין מעשה איז שיין און גאַנץ גוט,
אָבער נאָך אַליין קיין מצווה ניט".

דער יינגסטער זאָגט: „ביי דיינע שאָף
איז מיין שונא אָנגעפֿאַלן אַ שלאָף
דאָרט ביי דעם גרויסן טיפֿן טייך וואָס איז אין טאָל;
צווישן אים און דעם טויט איז שוין געווען גאַנץ שמאָל:
ביי דעם ערשטן ריר העט ער אַראָפּגעזונקען;
ביי דעם קלענסטן רוק העט ער געווען דערטרונקען.
איך אָבער האָב אים מציל געווען און אויפֿגעוועקט"...

איצט האָט דער אַלטער ביידע הענט אויסגעשטרעקט:
„נאַ! דאָס פֿינגערל איז דיין, מיין ליבער זון!
וואַרן דעם, וואָס קען זיין שונא אויך גוטס טון".

## דאָס איי

צוויי מענטשן האָבן זיך געקריגט איבער אַן איי
און האָבן דערביי געמאַכט אַ גאַנץ גרויס געשריי.

איינער האָט געזאָגט, עס זאָל זיין רוי;
דער אַנדערער: מע זאָל עס קאָכן.
דער סוף איז געווען — אוי, אוי, אוי! —
זיי האָבן דאָס איי צעבראָכן.

*

אַזוי איז אַ קריגערײַ,
אַזוי איז אַ גרויס געשרײַ
צווישן אַ טאַטן מיט אַ מאַמען,
ווי זיי שפּאַרן זיך צוזאַמען:
„וואָס וועלן מיר מאַכן אַצינד
אויס אונזער איינציקן קינד?“

דער טאַטע זאָגט אַ רבֿ, די מאַמע — אַ מגיד;
דער טאַטע זאָגט אַ חסיד, די מאַמע — אַ מתנגד;
דער טאַטע — אַ סוחר,
די מאַמע — אַ בעל־מלאָכה;
דער טאַטע — אַ סופֿר,
די מאַמע — אַ בעל־הלכה;
דער טאַטע — אַ דײַטש,
די מאַמע — אַ טײַערן ייד;
דער טאַטע — די בײַטש,
די מאַמע — אַ גאָלדשמיד;
דער טאַטע — אַ שטעכער,
די מאַמע — אַ גאַרבער;
דער טאַטע — אַ בלעכער,
די מאַמע — אַ פֿאַרבער.

נו, לאָמיך שוין אַמאָל הערן,
לאָמיך שוין אַמאָל געוואויר ווערן,

איר ברענגט דאָך מיר אַריין אין צאָרן,
איך בין דאָך שוין כּ'לעבן גאָר פֿאַרמישט!
זאָגטס מיר שוין, וואָס איז אויס דעם קינד געוואָרן?
עס איז אויס אים געוואָרן טאַקע — אַ נישט!

## דער וואָלף מיטן ציקעלע

פֿון אַ באַרג רינט אַמאָל אַראָפּ אַ רוזשיקעלע.
אויבן האָט געטרונקען אַ וואָלף און אונטן אַ ציקעלע;
און דער וואָלף האָט זיך אויסגעוווּלט זאַכן,
דעם ציקעלע דווקא אַ נאַפּאַשטש צו מאַכן.

„צעקליצע מיר נישט דעם טרונק!" שרייט פֿון דער הייך
אַראָפּ צום ציקעלע דער בייזער וואָלף, דער רוצח.

דאָס ציקעלע ענטפֿערט נעבעך מיט גרויס דערשרעק:
„דו רעדסט דאָך עפּעס גאָר פֿאַפּערעק...
עפּעס ווילסטו מיך גאָר באַלאַמיצען...
ווי קען מען פֿון אונטן אַרויף צעקליצען?..."

דער וואָלף גיט זיך דאָ צום ציקעלע אַ יאָג:
„פֿאַרוואָס האָסטו מיך געשאָלטן פֿאַר אַכט טאָג?"

דאָס ציקעלע נעבעך שרייט זייער: „געוואַלט!
איך בין נאָך גאָר קיין אַכט טאָג נישט אַלט!"

„האָסטו מיך נישט געשאָלטן, — זאָגט דער ב א י
נו, האָט מיך דאָס געמוזט שעלטן דיין מאַמע!"
און געשווינד האָט ער צעריסן דאָס ציקעלע,
עס איז נישט געבליבן דערפֿון אַ שטיקעלע.

*

דו קענסט קיין פאַרענטפער געפינען
פאַר אַ מענטש וואָס איז שלעכט;
ער וועט תמיד אַ נאַבאַשטש אויסזינען,
ער זאָל קיינן דיר זיין גערעכט.

## דער פוקס מיט דעם אָדלער

מיט אַלע זיינע קינדער,
שיין איטלעכעס באַזונדער,
אויף אַ פעלד צווישן די זאַנגען
איז זיך אַ פוקס אַמאָל געגאַנגען.
דערווייל איז זיך אַן אָדלער צוגעפלויגן
און האָט אַוועקגעכאַפּט פאַר זיינע אויגן
דאָס פּיקסל דאָס קלענסטע,
פון אַלע דאָס שענסטע.

דער פוקס לויפט נאָך און שרייט,
ער העט גערן זיין קינד באַפרייט
פון דעם אָדלער, זיין פיינד.
אָט שריי מאָרגן, שריי היינט,
עס העלפט נישט קיין בעטן, קיין זאָגן;
דער אָדלער האָט עס אַרויפגעטראָגן
אין זיין נעסט אַריין, אויף אַ הויכן בוים
ווי דער העכסטער טורעם אין רוים,
זיינע קינדער זאָלן עס צערייסן
צווישן זיך אויף אַ גוט אָנבייסן.

דער פֿוקס נעבעך בעט, יאָמערט און לאַרעמט,
עס האָט בײַם האַרץ געריסן;
נײן, דער אָדלער האָט זיך נישט דערבאַרעמט
און מאַכט זיך גאָרנישט וויסן.

„אַז איך קען מיר יאָ קײן עצה געבן,
צו דערראַטעווען מײַן קינדס לעבן,
זאָגט דער פֿוקס מיט אַ גרויס געוויין,
לאָז ושע עס כאָטש נישט שטאַרבן אַלײן,
נאָר מיט דײַנע קינדער אינאײנעם,
און לאָזן נישט בלײַבן קײן קינדער קײנעם“.

אין גיך איז ער געלאָפֿן און געקומען
און האָט ערגעץ, איך ווייס נישט וואו, גענומען
אַ גלאָוניע מיט פֿײַער און שטרוי אַ בינט:
„גיסטו מיר אָפּ, שרײַט ער, תּיכּף מײַן קינד?
וואָרן איך צינד דעם בוים מיט דײַן נעסט אונטער,
איר זאָלט אַלע פֿאַרברענט ווערן איף צונטער“.

„וואַרט, וואַרט!“, שרײַט דער אָדלער אַראָפּ:
מײַנע קינדער זענען בײַ מיר איך טײַער!
נאַ, נאַ, דאָ האָסטו דאָס פֿיקל אָפּ,
אַבי פֿאַרלעש נאָר געשווינד דאָס פֿײַער“.

און ער האָט דאָס פֿיקל אָפּגעגעבן,
און עס איז געבליבן בײַם לעבן.

*

חכמה און שׂכל אין דער נויט
איז אַפֿילו מציל פֿון דעם טויט.

# די שמאַטעס

מיט אַ סחורה זייער שטאַרק באַפּאַקט
גייט זיך אַמאָל אויף דעם גרויסן טראַקט
אַ וואָגן, מיט פיר פערד איינגעשפּאַנט;
און דער פורמאַן, די בייטש אין דער האַנט.

נאָר עך סוחרים וואָס וועט דאָס לייענען,
עך זאָלט נישט טראַכטן, זאָלט נישט מיינען,
דאָס איז עפּעס פּאַר איך אַ סחורה.
ניין, ניין, האָט נאָר נישט קיין מורא,
עס איז קיין דיידנציג, נישט קיין טוך,
עס איז קיין הענטשקעלעך, קיין שיך,
נישט קיין אַטלאַס, נישט קיין מאַרסעלין,
נישט קיין פּערקאַליק, נישט קיין מושלין,
אויך קיין ראָזינקע, אויך קיין מאַנדל,
נישט קיין קאַווע, קיין צוקער־קאַנדל,
אויך נישט קיין מעבל, נישט קיין בערן,
נישט קיין מעסערלעך, נישט קיין שערן.
„וואָס דען, העד איך דאָרט איינעם פרעגן,
פירט מען דאָס דאָרט אויף אַזוי אַ פור*?"
שמאַטעס פירט מען, פון שרייבערס וועגן,
שמאַטעס, זיי זאָלן האָבן פּאַפּיר. —

אַזוי טרייבט אָן שטיל די בריקע מיט פערד
דער בעל־עגלה אויף דעם גרויסן טראַקט;
מע האָט קיין שום שאָרעך נישט געהערט,
אַפילו די בייטש האָט נישט געקנאַקט.

* = פור.

און מיט גרויס דערשרעקן און בהלה
הערט פלוצלינג אונזער בעל־עגלה
פון דער בריקע א שרעקלעך געשריי;
די שמאַטעס שרייען: אוי וויי! אוי וויי!
טשעקאַווע צו הערן וואָרט פאַר וואָרט
וואָס די שמאַטעס שרייען און קלאָגן,
פאָרט דער פורמאַן ניט אַוועק פון אָרט
און האָרכט וואָס איטלעכע וועט זאָגן.

דאָס געפילדער און געוויינעריי
איז אָבער געוואָרן מיין און מיין,
אַז דער פורמאַן האָט פאַר גרויס געשריי
קיין איינציק וואָרט נישט געקענט פאַרשטיין.
איצט גייט ער זיך אַהין צו דער פיר
און זאָגט: „דייטס נאָר אַ ביסעלע שטיל;
זאָגטס נאָר איטלעכער באַזונדער מיר
וואָס ער לאַרעמט אַזוי, וואָס ער וויל“.

„וואָס זאָל מיר נישט וויינען, נישט קלאָגן,
הייבט אָן אַן אַלטע שמאַטע צו זאָגן:
הער צו און שטעל אויף מויל און אויערן
איך קום אַרויס פון אַ ווייטן לאַנד,
פון מאַנשעסטער בין איך געבוירן,
אַ גרויסע שטאָט אין טיף ענגלאַנד;
פון דאָרט האָט מיך אַ סוחר גענומען
און איז מיט מיר אַהער געשוואומען,
און דאָ האָט מיך געקויפט אויף אַ יריד
אַ כשרער, טייערער, גוטער ייד,

וואָס עס פֿלעגן פֿון לאַנגע יאָרן
אַסך מענטשן צו אים צו פֿאָרן
מיט זייער בקשה און באַגער
און אים צו דערלאַנגען אַ קוויטל;
און איך בין דאָס געווען ביז אַהער
דאָס ווערעכל פֿון זיין שטריימהיטל".

„וואָס גלייכסטו דיינע צו מיינע לייד?!
פֿאַלט אַ שמאַטע אַריין אין די רייד:
מיינע לייד זענען מער פֿון אַלע
וואָס ליגן מיט מיר אין דער קופּע;
איך בין דאָך געווען ביי אַ כּלה
אַ זיידן קלייד אונטער דער חופּה,
מיך האָט מען באַטאַנצט און באַזונגען,
מיך האָט מען באַשפּילט און באַקלונגען".

„ווי קענסטו דיך פֿאַרגלייכן צו מיר!
שרייט פֿון הינטן אַ שמאַטע אַפּיר:
דו מאַכסט מיר אויך גאָר צו פֿיל ווען
און באַרימסט דיך אויך עפּעס זייער;
ווייסטו דען, ווער איך בין געוועזן?
איך בין געווען דער רביצינס שלייער".

„אָ וואַ! שמייכלט זיך אַ שטיק וועסטל
מיט אַ צעריסענעם הויז ביינאַנד:
און אַז מען איז יאָ שוין אַ נעסטל,
איז מען אַלץ נאָך נישט קיין עלעגאַנט".

„פֿינסטער, שרייט איינע, איז מיר און שוואַרץ!
אוי וויי! אַלאָך איז מיר אין מיין האַרץ,

צעריסן איז נעבעך מיין געמיט!
איך בין דאָך יאָ פֿון איידל געבליט,
איך בין דאָך יאָ געווען עפּעס גיטס,
איך בין געווען אַ באַרוואַנדער שפּיץ;
מיך האָט מען דאָס מיט פּערל געצירט
און מיט גילדענע קייטן געשנירט,
איך האָב דאָך טאַקע מיידלעך באַשיינט,
איך האָב דאָך טאַקע ווייבלעך באַהנט".

„איך בין געווען, שרייט ווידער איינע,
אַ קינצלעכע פּירהאַנג, אַ שיינע".
„איך אַ ליילעך אויף דעם התנס בעט".
„איך דער גבאיטעס קאָפּנציכל".
„איך בין געווען אַ טיי־סערוועט".
„און איך גאָר דעם מגידס נאָזטיכל".

„וואָס האָט עך איך דאָ אַצינד דערמאַנט?
שרייט דאָרט אַ שמאַטע נעבן דער וואַנט:
אייערע רייד טויגן אויף כפּרות,
דערציילט בעסער איצטיקע צרות.
איך בין קיינעם מקנא לעת־עתה,
נאָר די פֿרומע הייליקע שמאַטע.
זי איז זיך גאָר תּמיד פֿריי פֿון דיר,
זי זעסטו קיינמאָל נישט אויף דיין פֿיר.
תּיכּף ביי איר ערשטן אַרויספֿאָר
איז זי אַ היפּה עטלעכע יאָר,
דערנאָך, אַז זי קומט פֿון די כותית,
ווערט גאָר איס איר אַ שיין פּרוכת;

דאָ גייט עס איר גאָר ווי צום בעסטן,
וואָרן מען באַלייגט זי מיט טרעסטן,
איטלעכער ייד באַזונדער, איש באיש,
גייט צו און גיט דעם גאַנץ גרויסן קיש*;
ווערט זי ווידער צעריסן אַצינד,
ליפּט מען און מאַכט אויס איר גאַנץ געשווי,
אַ מענטעלע צו ספרי־תורות,
און דערנאָך גאָר אַ שיין כפּורת,
און צום סוף, איך מיין שוין גאָר צולעצט,
אַז זי ווערט צעריסן און פֿאַרפּעצט,
מע מיינט זי קען שוין גאָרנישט ניצן,
הייבט ערשט אָן אַ ייד זיך צו פּיצן,
ליגט אַ לאַטע איבער אַ לאַטע
און מאַכט אויס דער הייליקער שמאַטע
אַ קינצלעך שיין יום־כּיפּור־היטל;
אַצינד דינט זי גלייך מיט דעם קיטל,
ביז מע ליגט מיט געוויין און געשריי
אין דער ערד אַריין זיי אַלע דריי.
צו וואָס זענ'מיר אונז אָבער געקומען?
זייט דו האָסט זיך צו אינז גענומען
אונז מיטאַמאָל צו מאַכן דעם עק,
פֿירסטו אונז דאָרט ערגעץ אַוועק
איבער בערגער און איבער טאָלן,
אונז צו קאָכן, אונז צו מאָלן,
אונז צו האַקן און צו רייבן,
עס זאָל פֿון אונז נישט בלייבן, —

* = קוש.

און פֿרעגסט דיר נאָך אַזוי מיט חן:
וואָס איז דאָס דאָ פֿאַר אַ געוויין?"

„איך, זאָגט דער פֿ רמאַן, העט שוין גערן,
אַז עך זאָלט שוין אַמאָל אויפֿהערן
צו שרייען און וויינען דאָ און דאָרט;
לאָזט מיך כאָטש אויך שוין ריידן אַ וואָרט!
איך האָב ביז אַהער שטיל געשוויגן,
נאָר עך האָט אַלע היך געשריגן;
שווייגט זשע עך איצט שוין אַ ביסל שטיל,
לאָזט מיך אויך שוין זאָגן וואָס איך וויל.
וואָס עך זיינט געוועזן ביזאַהער,
ווייסט עך דאָך אַליין, זענט עך נישט מער,
וואָרן עך זענט דאָך זייער צעריסן,
צעשטיקלט, צעפּיצלט, צעביסן,
געלעכערט, פֿאַרפֿוילט און צעקראָכן,
צעשיט, צעהאָגלט און צעשטאָכן.
אַדרבא, זאָגט, וואָס האָט עך דערפֿין,
וואָס עך האָט אַליך נאָר יתום אין זין?
וואָס טויג איך דער פֿיינע־בריה,
צו וועלכער זאַך איז ער איך ניצלעך?
וואָס טויג די זיידענע מאַטעריע,
אַז זי איז צעפּליקט אויף פּיק־פּיצלעך?
גלייבטס מיר, העט עך אין מיינע אויגן
כאָטש נאָך צו עפּעס געקענט טויגן,
העט עך נישט געדאַרפֿט צו זיין ביי מיר
און נישט צו ליגן דאָ אויף דער פֿיר.

איצט באַראַרפּט עך נאָר דאָס צו קלערן,
וואָס עס זאָל אַצינד אויס איך ווערן;
ענקער קלערן איז אָבער אומזיסט,
וואָרן ווער הייבט אויף שמאַטעס פון מיסט?
איבער דאָס פאַרלאָזטס איך נאָר אויף מיר,
זייטס נאָר געדולדיק אַ קורצע צייט,
איך וועל אויס איך מאַכן שיין פּאַפּיר,
און אויס איך שמאַטעס וועט ווערן לייט.
אויס דיר, צעריסן גראָב שטיקל זאַק,
וואָס ביזט פון אַלע שמאַטעס דער בראַק,
וועט זייער נישט זיין געגוג פאַר דיר,
אַז דו וועסט ווערן ביבעלע-פּאַפּיר?
אַלע קונצלעכע שיינע זאַכן
וואָס אַ בעל-מלאָכה וועט נאָר מאַכן,
אַלץ וואָס דער וועלט קען עפּעס ניצן
וועסטו פאַרפּאַקן און באַשיצן. —
אויס די גוטע שמאַטעס די ריינע,
אָבער נאָך נישט די גאַנץ שיינע,
וועלן ווערן גוטע פּאַפּירן
צו מאָלן און ליטאָגראַפירן,
און מען וועט זיך מיט זיי נישט שעמען
איפּצוהענגען אין שיינע רעמען
ביי אַלע גרעסטע לייט אומעטום
אין די שטובן אויף די ווענט אַרום.
און ספרים וועט מען אויף זיי דרוקן,
וואָס ס'וועלן אין זיי אַריינקוקן

נאָך גאָר שפּעטער, אין אַ ווייטער צייט,
זייער געלערנטע און קלוגע לייט.
דאָס דינסטע פּאַפּיר וועט זיין גאָר רייך,
מען וועט עס גאָר האַלטן מיט גאָלד גלייך;
אויס איטלעכן קליינעם בלעטעלע
וועט ווערן אַ באַנקאָ־צעטעלע,
עס וועט שטאַרק באַליבט זיין ביי דער וועלט,
וואָרן עס וועט ווערן אַליין געלט".

שטיל האָבן די שמאַטעס געשוויגן,
קיינער האָט נישט גערעדט אַ שום וואָרט;
„ווי־יאָ!" האָט דער פּורמאַן געשריגן
און אַוועקגעפאָרן פון דעם אָרט.

*

צווישן מיינע ברידער
הער איך אַ געריידער;
פון גרויס ביז קליין
אַ געשריי, אַ געוויין;
פון יונג ביז אַלט
שרייען אַלע געוואַלט:
לאָמיר וויינען, לאָמיר קלאָגן,
לאָמיר לויפן תהילים זאָגן,
לאָמיר איסנעמען די ספרים,
לאָמיר גיין רייסן קברים!
וואָס באַדאַרף מען שוין מער?!
מע נעמט שוין יידן צום מיליטער!

דאָרט רעכנט איינער זיין יחוס אויס,
אַז דער סמ"ע קומט פון דער משפחה אַרויס;

דער דערציילט, אַז דער בעל־עקרה
איז געווען זיין שוויגערס אַ זיידע;
דעם האָט דער איסור־והיתר
אָנגעקערט אַ קאַלטער פֿינטער,
און יענעם דער טוען־ונטען,
אַ געשוועסטערקינדס מחיתן*.
אַצינד וויל מען זיי אָנטון מונדירן
מיט רויטע און שוואַרצע קעלנער
און זיי גאָר לערנען מושטירן
גלייך מיט אַנדערע זעלנער!
איז זשע יאָ אַזוי אַ צאָרן
נאָך גאָר דערהערט געוואָרן?

שאַטס, שאַטס, גילדענע ברידער!
לאָזט מיך נאָר אַ ביסעלע צו רו,
זייט נאָר נישט אַזוי קידער־ווידער
און הערט מיך נאָר אַ ביסעלע צו;
זייט נאָר געדולדיק אַ פּאָר מינוטן!
מע וויל אייך אָסור נישט טון קיין שלעכטס
מע גייט נאָר אום אויף ענקער גוטן,
מע וויל אום אייך מאַכן עפּעס רעכטס.
מיוחסים זענט עך אַלע מיטאַנאַנדער,
אַ זעלנער דין איז ביי אייך אַ שאַנד;
אמת, עך זענט מיוחסים פֿון אייביק אָן,
כאָטש עך האָט נישט וואָס אָנצוטאָן,

* == מחותן.

עץ זענט בײַ איך זײער גרױס,
כאָטש עץ גײט נאַקעט אין בלױז.
גײ דיר דאָס שטיקל טלית פֿאַרזעצן,
מע זאָל דיר דרײף כאָטש פֿיר גילדן לײען,
גײ דיר אין דער בלאָטע די פֿיס פֿאַרנעצן,
גײ לױף אין די גאַסן „האַנדעלע" שרײען;
און קום שפּעט אין דער נאַכט אַהײם,
פֿאַל מיד אַנידער װי אַ שטיק לײם;
האַנדל און װאַנדל דיך גאָר צו־טויט
און עס װעטשערע אַ טרוקן שטיקל ברױט —
און דערנאָך גײ פֿרעג דאָרט װעמען,
איבּ דו האָסט דיך מיט אַזעלנער צו שעמען!
װער, זאָגט מיר, צװישן איך,
איז דעם ערלעכן זעלנער גלײַך?
ער דאַרף נישט צו לײען, צו באָרגן,
נישט צו טראַכטן און נישט צו זאָרגן
און גײט אָנגעטון גאָר װי אַ לײט,
און האָט זײַן עסן צו דער צײַט.
נעמטס איך אַ ראַיה פֿון אַנדערע אמינות*,
קוקטס אָן די ײדן אין אַנדערע מדינות:
לוסטיק און פֿרײלעך
דינען זײ דעם מלך
מיט זײער גוף און זײער נשמה,
צי איז שלום, צי איז מלחמה.
האַלט דו נאָר פֿון גרױס ביז קלײן
אַלע זאַכן רײן און שײן,

* = אמונות.

פֿאָלג דו נאָר די אָפּיצירן
און לערן פּאָליטיק דאָס מושטירן;
פֿיר דיך אויף אין ערלעכן שטרייך,
און עס וועט דיר קיינער נישט זיין גלייך.
גאָר אָן לאַרעם, אָן געשריי,
מיט דעם גאַנצן האַרץ געטריי,
גאָר מיט שמחה און פֿרייד,
זיי נאָר תמיד אָנגעגרייט
צו לויפֿן אַפּילו אין פֿייער אַראַן*,
איסצופֿירן דעם מלכּס פּלאַן;
וואָרן די גוטע וואָס גייען אין קרוינען
ווייסן שוין איטלעכן ווי צו באַלוינען.

## דער בעל־הלוואה

**א** בעל־הלוואה איז גאָר אין אַ קורצער צייט
געוואָרן אַ גרויסער אַדיר, אַ גרויסער לייט.
מיינסטו, אַז דורך שאַכערן, גנאַרן און שווינדל־מלאָכה?
ניין, ער שווערט פּל־השבועות, נאָר דורך גאָטס ברכה.
נו, מוז ער דאָך כאָטש גאָט זיין פֿרומקייט ווייזן,
אַז ער האָט אַ בטחון גאָר שטאַרק ווי אייזן,
אַז גאָט וועט זיין פֿרומקייט דערהערן
און אים נאָך מער עשירות באַשערן;
האָט ער טאַקע נישט געזשאַלעוועט קיין געלט
און האָט אַ גרויס הקדש אויפֿגעשטעלט.

* = אריין.

ווי ער האָט דאָס הקדש אַזוי פֿאַרטיק געמאַכט,
איז ער געשטאַנען און בײַ זיך נאָך געטראַכט,
ווי ער האָט פֿאַר גאָט און לײַט יוצא־געווען;
האָט ער זײַנס אַ פֿרײַנד, אַ קלוגן יונג, דערזען:
„נישט וואָר, באַרימט ער זיך, עס איז שיין און פֿײַן?
וועלן קענען געניג אָרעמעלײַט אַרײַן?"
„יאָ, זאָגט דער קלוגער יונג, עס איז טאַקע גרויס און
שיין,
נאָר איך מיין, עס וועט אַלץ נאָך זײַן גאָר צו קליין,
ווען עס זאָלן דרינען די אַלע פֿאַרשווינען
וואָס דו האָסט בכלות געשטעלט וועלן וואוינען!"

*

דער קלוגער יונג האָט גוט געזאָגט, איך האָב הנאה.
נעם נישט קיין רווחים! פֿע, זײַ נישט קיין בעל־הלוואה.

# ד ע ר ג י ל ד ן


קינצלעך שיין באַנקצעמל,
געמאָלט גאָר ווי אַ פֿאָרטרעטל,
קריגט זיך מיט אַ גילדן אַ ווייסן,
אַ גרויסן בעל־גאווה און אַ כעסן.

דער גילדן איז גאָר פֿאַר צאָרן
אַזש ווייער בלייך געוואָרן.
„וואָס איז דאָס מיט דיר אַזוי די גרייס?
שרייט דער גילדן גאָר שרעקלעך בייז:
וואָס פֿאַרגלייכסטו אַלץ דיך מיט מיר?
דו ביזט דאָך פֿאָרט נאָר אַ פּאַפּיר,

און ווער איז געווען דיין טאַטע?
אַ פּראָסטע שטיקעלע שמאַטע".

דאָס באַנקעטל ליגט אויף איין אָרט
און ענטפערט אים נישט אַ בייז וואָרט.
נאָר אַ רענדל איז צוגעקומען
און האָט זיך דערפאַר אָנגענומען.
„וואָס, זאָגט ער, זיין טאַטע איז געווען,
דאָס איז פאַרביי, דאָס איז שוין געשען;
דאָס אָבער וואָס ער איז אַליין
דאַרפסטו, ברודער, צו פאַרשטיין.
איצט איז ער אַסך מער לייט פון דיר,
כאָטש ער איז נאָר אַ שטיקל פּאַפּיר!"

*

הערטס, מיינע ליבע לייט,
ליגטס דעם יחוס אָן אַ זייט
און האַלטס דאָס איינע פאַר שיין:
דאָס וואָס דער מענטש איז אַליין!

# פילאַקס

פילאַקס וואָס האָט ביינאַכט אַזוי גיט
זיין בעל־בית׳ס הויז און הויף געהיט;
וואָס פלעגט מיט בילן און שרייען
אַלע שכנים פון גנבים צו באַפרייען;
פילאַקס וואָס אַפילו מנשה־שפּאָרן
איז געהאַט פאַר אים צוויי מאָל אַנטלאָפן,

ווי ער האָט אים אויפֿן הויף אָנגעטראָפֿן —
פֿילאַקס איז נעבעך קראַנק געוואָרן.

איטלעכער שכן האָט געגעבן אַן עצה,
אַן איינגעמעניש, אַ שמירעכץ צו דער פּלייצע,
און דער הונט האָט גיך און באַלד
געמוזט אַלץ איינגעמען מיט געוואַלט.
עס האָבן אָבער נישט געהאָלפֿן אַצינד
אַפֿילו די רפֿואות פֿון דעם שכן שמחה,
וואָס מע האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ מומחה* —
ניין, עס איז נאָך ערגער געוואָרן דעם הינט.

קוים איז די בשורה צו די הינט געקומען,
האָבן זיי זיך בייגאַנדגענומען
און האָבן געלאָזט דאָס עסן שטיין,
אין וועגן מבקר-חולה זיין געקומען צו גיין.
טריי, זיין בעסטער גוטער פֿריינד,
האָט אים באַלעקט באַלד דאָרט, באַלד דאָ:
„אוי! זיפֿצט ער, אוי, אַ פֿינסטערע שעה!
ווער האָט זיך דאָס געריכט אויף היינט!"
„אמת, זאָגט פֿילאַקס, ליבער טריי,
אַצינד בין איך שוין אַוודאי פֿאַרביי;
העט איך נאָר נישט געווען איינגענומען,
העט איך אַוודאי געווען צו מיר געקומען.
שטאַרב איך איצט אָבער אין דער נייט,
שריי אין די גאַסן, אַז נאָר די מעדיצין

* — מומחה.

האָט מיר נעבעך דאָס אַלץ געטין;
נאָר זי האָט מיר געמאַכט דעם טויט.

איך העט רואיק געשטאָרבן און געשוויגן,
העט איך נאָר אַצינד געקענט קריגן
פאַר מיין טויט, איך זאָל נאָר קענען האָבן
די מאַרכביינער וואָס איך האָב באַגראָבן.
אוי! דאָס מוז מיין האַרץ נאָך מער קלעמען
וואָס איך האָב ביזאַהער גאָר פאַרגעסן
און האָב זיי פריער נישט אויפגעגעסן,
און וואָס איך קען זיי איצט מיט מיר נישט נעמען.

האָסטו מיך ליב, מיין גוטער טריי,
ברענג דו אַצינד אַפּאָר אַביי!
איינעם וועסטו באַלד דאָרט דרינען
אונטער דער טיר קענען געפינען;
דעם אַנדערן האָב איך פאַר עטלעכע טעג
באַהאַלטן דאָרט, אין דעם גרויסן גריב;
טו זשע מיר נאָך דאָס איינע צוליב
און עס זיי נישט איבערן וועג".

טריי קריכט נעבעך אַרום און קריכט,
און ברענגט צו טראָגן וואָס ער האָט געזוכט.
פילאַקס האָט נאָך די נאָז אויסגעשטרעקט
און כאָטש אַ ביסעלע צו די ביינער געשמעקט,
און קוים האָט ער נאָך געקענט אַ סאַפּע טאָן
זאָגט ער: „אוי, לאָז נאָר אַלץ ליגן!
נאָך מיין טויט זאָלסטו אַלץ קריגן;
נאָר אַצינד, ברודער, ריר גאָרנישט אָן!

ווען דאָס איינע זאָל מיר נאָך געראָטן,
איך זאָל דאָס גרויסע, פֿעטע שטיק בראָטן,
וואָס ליגט... ניין, איך קען דיר נישט זאָגן
אויף וועלכן אָרט איך האָב עס געטראָגן.
נאָר אַזוי באַלד איך ווער נאָר געזונט
שווער איך דיר צו ביי מיין לעבן,
אַז איך וועל דיר די העלפֿט געבן.
יאָ, הו זאָלסט..." און טויט ליגט דער הונט.

*

ביי דעם קאַרגן איז קאַרג איטלעכעס אבר;
מיט איין אויג זעט ער פֿאַר זיך שוין דעם קבֿר,
און מיט הונדערט טויזנט אויגן
העט ער נאָך גערן צום קופּערט געפֿלויגן.
קוקט נאָר צו דעם משוגענעם, נאַרישן פּלאַן:
אין ליידן צו לעבן, אין צרות צו שטאַרבן
זוכט ער אַלץ נאָר עשירות צו דערוואַרבן;
זעסט, וועמען מען האָט דאָ מקנא צו זאַן*?

## די חתונה

דער אַלטער לייב האָט מיט זיין זון
פֿון דער פֿרעמד אַ שידוך געטון;
וואָרן דער שטייגער איז ביי לייט —
זיי טוען ליבער שידוכים ווייט,
גאָר פֿון אַ פֿרעמדן, וויטן לאַנד,
כּדי חתן־כּלה זאָלן נישט זיין באַקאַנט,

* = זיין.

ווי אַלט זיי זענען אין די יאָרן
אין וואָס זיי האָבן פֿאַר אַ חסרון,
צוויי פֿוקסן, נישט קיין נאַראָנים,
זענען געווען די גוטע שדכנים.
אונז גייט דאָ אָבער מער נישט אָן,
נאָר דער לייב האָט למזל אַ שידוך געטאָן.
די חתונה זאָל אין עטלעכע טעג
שוין זיין אויף דעם האַלבן וועג.

אַלע חיות האָבן זיך אָנגעגרייט
צו קומען צו דער שמחה, צו דער פֿרייד.
דער העלפֿאַנט האָט זיך די נאָז געפּוצט,
דער הערש זיינע הערנער שיין פֿאַרשפּיצט,
דאָס פֿערד האָט זיך צעקעמט דעם שוואַנץ,
און דער בער האָט זיך געלערנט אַ טאַנץ.
דאָס אייזל האָט געהאַט די גרעסטע הנאה;
עס האָט געוויזן גאָר אַ נייע המצאה
און האָט זיך פֿאַר אַ חיה פֿאַרשטעלט
וואָס איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט:
אויף זיינע צוויי גאַנץ-לאַנגע אוירן
האָט ער אָנגעטאָן פֿעלכער פֿון טכוירן,
און פֿון אויבן אַ קרענצל
פֿון אַ קליין הזיר-שווענצל;
אויס דער פֿעל פֿון צאַפּעס
האָט ער זיך געמאַכט לאַפּעס,
און פֿון אַ האָרן
צוויי גרויסע שפּאָרן:

אויס אַ גריווע פֿון אַ פֿערדל
האָט ער זיך געמאַכט אַ בערדל;
און אַ פֿעל פֿון אַ ווייכן בער
האָט ער זיך אָנגעטון אין דער קווער.

אַזוי אויסגעשלייערט אין די קליידער
איז זיך דאָס אייזעלע גאָר כּסדר
געקומען גאַנץ שטיל און שיין
אויף דער חתונה צו גיין.

דאָ האָט מען אים צוגענומען ווי אַ לייט,
מע האָט געמאַכט אַ וואַרע אָן דער זייט;
איין חיה האָט זיך פֿאַר אים גענייגט,
איינע האָט זיך פֿאַר אים געבייגט,
עטלעכע זענען אים געגאַנגען אויס דעם וועג,
און איינס דאָס אַנדערע געגעבן אַ פֿרעג:
ווער איז דאָס דער?
ווער איז ער, ווער?
איינער זאָגט — ער מוז זיין פֿון שפּאַניען;
דער אַנדערער — פֿון גרויס־בריטאַניען;
דער זאָגט — פֿון אַפֿריקע;
און יענער — פֿון אַמעריקע;
איינער זאָגט ווידער, דאָס מוז זיין עפּעס
אַ גרויסער לייט פֿון די טערקישע סטעפּעס;
קורץ, אַלע, צי אַ חיה, צי אַ בהמה,
זענען געשטאַנען אין גרויסער אימה,
וואָרן זיי זענען געווען אַזוי פֿאַרבלענדט,
אַז קיינער פֿון זיי האָט דעם אייזל דערקענט.

און טריט ביי טריט איז זיך דאָס אייזל געגאַנגען
מיט זייער גרויס גאוה,
און די אויערן האָבן ביי אים אַראָפּגעהאַנגען
ווי צוויי לאַנגע פּאות.
„איצט, טראַכט ער, האָב איך זיי אַלע געקריגן!
תּרבות אַלע פאַר מיר, דעם רעכטן קליגן!
איך וועל דאָס ערשטע ווערן גרויס ביי זיי,
אַז זיי וועלן דערהערן מיין שיין געשריי".
און מיט אַ ניגון גאָר פאַרשאַרט
האָט מיין אייזל שוין נישט געהאַרט
און געגעבן אַ געשריי הויך,
טאַקע פון דעם גאַנצן כּוח.

ווי די חיות האָבן דאָס געשריי דערהערט,
האָבן זיי תּיכּף דערקענט דעם גרויסן נאַר.
אַלע האָבן זיך צו אים איבערגעקערט
און מיט גרויס געלעכטער געגעבן אַ שאַר;
איינער האָט אים געבאָכעט,
איינער האָט אים געדזאָכעט;
דער האָט אים געגעבן אַ ביס,
און יענער אַ גאַנץ שטאַרקן ריס;
דער אַ פליק,
דער אַ ציפּ,
דער אַ צוויק,
דער אַ קניפּ.
ער האָט אָנגעהויבן זייער צו קלאָגן
און צו וויינען מיט גרויס צאָרן

און איז גאָר צעהרגעט און גאָר צעשלאָגן
קוים פון זיי אַנטלאָפן געוואָרן.

*

איך האָב מיך איצט כּ'לעבן דערמאַנט,
איך האָב אַמאָל געטראָפן אַן עלעגאַנט,
פּאָמאַדירט און פריזירט,
שטאַרק געשנירט, שיין געצירט,
ווייסע הענטשקעלעך איף די הענט
און אויסגעשלייערט פון קאָפּ ביז פיס;
איך האָב אים אָבער רעכט דערקענט
ערשט אָן זיין חנפדיקן שמייכל.

## די פרומע בערן

פאַר אלטע יאָרן — עס איז שוין זייער לאַנג —
איז בײַ די חיות געווען אַן אונטערגאַנג:
איינער האָט געטריפט די אויגן,
דער אַנדערער — אַ מכּה געצויגן;
דאָ איז איינע געווען שטאַרק געדראָלן,
דאָרט איינע ווי אַ פּויק געשוואָלן;
דער האָט עס די פּיס פאַרקרימט
און יענער נעבעך אין בויך געגרימט;
דעם קעמל זענען די האָר אויסגעקראָכן,
דעם לעמפּערט האָט אַ זייט געשטאָכן,
דעם איזל האָבן ווי געטון די אוידן,
און דער לייב האָט אַזש דאָס קול אָנגעוואוירן —
קורץ, עס האָט נישט אויסגעלאָזט קיינעם;
מען האָט נישט געקענט געפינען איינעם,

וואָס ער זאָל קענען זאָגן אַצינד:
„איך בין מיר גאָר פֿריש און געזינט!“

די אַלטע לייט, די פֿרומע בערן,
האָבן אָנגעהויבן נאָכצוקלערן;
זיי זענען געזעסן עטלעכע וואָכן
און האָבן זיך די קעפּ צעבראָכן,
פֿון וואַנען דאָס האָט זיך צו זיי גענומען,
עס זאָל איף זיי אַ שטראָף קומען.
צום סוף האָבן זיי אַלע דורך דער באַנק
דאָס דאָזיקע צווישן זיך אָפּגעקלערט,
אַז זיי זענען נאָר דורכדעם אַזוי קראַנק,
ווייל זיי זענען זייער נישט ווערט:
עס זענען צווישן זיי דאָ גרויסע רשָעים,
וואָס טוען טאָג און נאַכט נאָר חטָאים;
על־כּן זאָלן תּיכּף און באַלד
אַלע הויות פֿון דעם גאַנצן וואַלד
קומען צו גיין אַזוי פֿיין
פֿאַר זיי מתודה זיין.

און מיט גרויס געיאָמער און געקלאָג
גיט צום ערשטן דער לייב אַ זאָג:
„און פֿעלד ביי אַ סטויג מיט היי
האָב איך אַמאָל געהערט אַ געשריי;
געשווינד בין איך אַהין געלאָפֿן,
דאָרט האָב איך אַ וואָלף אָנגעטראָפֿן
וואָס האָט געוואָלט אַ מענטש מאַכן דעם טויט.
און געשווינד שפּרינג איך איבער אַ פּלויט
און הייב אָן זייער הויך צו שרייען,

דעם מענטש פֿון דעם גזלן צו באַפֿרייען.
איך האָב דעם וואָלף טאַקע אַוועקגעטריבן —
איך אַליין בין אָבער איבערגעבליבן
און האָב אַליין דעם מענטש צעביסן
אין אויף שטיק־שטיקלעך צעריסן;
בעט איך איך זייער אַצ'נד:
זייט מיר מוחל מײַנע זינד!"

„דאָס קען דיר קיינער נישט ווערן,
רופֿן זיך אָן די אַלטע בערן,
אַזוי אַ גאָל באַשעפֿעניש, אַזוי אַ מיאוס
וואָס שטייט ווי אַ לייטער אויף צוויי פֿיס,
דעם פּאַסקודניק דעם ווייסן
מעג איטלעכער פֿון אונז צערייסן!
ניין, הורג דעם איז נישט די גזרה!
ניין, דאָס איז נישט קיין עבֿירה!"

דער פֿיקס איז געקומען צו די בערן
אין האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן:
„דעם וואָלפֿס ווײַב, די שיינע נקבֿה,
האָב איך אַמאָל אין וואַלד דערזען.
מיר דאַכט זיך, עס איז אין נחס תּיבֿה
אַוודאי קיין שענערע נישט געווען.
בין איך גאַנצע דריי וואָכן
ווי אַ שלאַנג אַליין נאָכגעקראָכן
אין האָב זי געקושט און געגלעט,
ביז איך האָב זי פֿון מאַן אָפּגערעדט.

און פֿון דעמאָלט אָן בין איך מיר געזעסן
און האָב מיר גוט געטרונקען און געגעסן,
וואָרן זי האָט געגנבֿעט ביים מאַן אַלע נאַכט
און האָט אַלץ נאָר צו מיר אַהיים געבראַכט".

„ע, זאָגן די בערן, ביזט אַ נאַר!
וויין נישט און זיי דיך נישט מצער,
וואָרן די עבֿירה איז נישט אויף דיר;
זי איז שולדיק, די עוולה איז פֿון איר!"

דער העלפֿאַנט האָט מיט דער נאָז
געגעבן אַ זיפֿץ און אַ בלאָז:
„איך בין מתוודה מיט גרויס געוויין,
אַז נאָר איך, נאָר איך אַליין
בין שולדיק אין דעם גערידער
וואָס איז צווישן מיינע ברידער.
דורך מיר שניידן זיי זיך אַ קריעה:
איך האָב געשוואוירן אַ פֿאַלשע שבֿיעה *!"

„וויין נישט, וויין נישט, זיי נאָר געדולדיק,
רופֿן זיך אָן די אַלטע בערן:
מיר ווייס מיר, דו ביזט נישט שולדיק;
אין אַ נויט האָסטו געמעגט שווערן!"

דער וואָלף איז געקומען זייער פֿאַרסאַפּעט,
דער שווייס האָט פֿון אים אַראָפּגעקאַפּעט;
ער האָט קוים געקענט אויף די פֿיס שטיין
און האָט ווי אַ גזלן געקריצט מיט די ציין:

* = שבועה.

„נאָך וואָס, זאָגט ער, האָט איר לאַנג צו זוכן?
מיך זאָלט איר, פאַרשעלטן און פאַרפלוכן,
מיך זאָלט איר, מיינע ליבע בערן,
מיך זאָלט איר נאָר אויסהערן!
איך האָב אַנומלט ביי דער נאַכט
מיין אייגענעם טאַטן אומגעבראַכט!"

„איבער דעם, הייבן אָן די בערן צו ברימען,
באַדאַרפסטו זיך נישט אַזוי צו פאַרקרימען;
דאָס איז נאָך גאָרנישט אַזוי אַ גרויסע זאַך;
אַזעלכע מעשיות טרעפן זיך ביי אונז אַ סך.
וואָס האָט מען דאָ לאַנג צו קלערן?
די האָסט עס אַוודאי געטון אומגערן!"

אַ מאַלפּעלע איז געזעסן אָן אַ זייט,
דאָרט פון די בערן גאָרנישט ווייט,
און האָט זיך געשמיסן מיט אַ רוט
איבערן בויך און איבערן רוקן.
עס האָט זיך אַוש געגאָסן דאָס בלוט,
אַ רחמנות איז געווען צו קוקן:
„אוי!, שרייט זי, געוואַלד, געוואַלד!
מע האָט געהערט אין גאַנצן וואַלד.
„אוי! דער אונטערגאַנג איז דאָך נאָר דורך מיר,
איך האָב שוין געוואָלט דערציילן פריער,
איך האָב דאָס געטון דעם גרעסטן חטא:
איך האָב איטלעכן באַזונדער נאָכגעשפּעט!"

„גיי, דו נאַר!", הייבן אָן די בערן צו לאַכן
און אויס דעם מאַלפּעלע גאָר הוזק צו מאַכן:

„דיר האָט זיך עפּעס אויך פאַרגליסט
תּשובֿה צו טאָן פאַר נישט און אומזיסט.
זינט איר, מלאָכים אָדער אופֿן,
זענט אויף דער וועלט באַשאַפֿן,
שפּעט איר תּמיד נאָך איטלעכע עוויה
צי פֿון אַ מענטש, צי פֿון אַ חיה".

אַ מייזל וואָס איז גאָר שטיל געלעגן
הייבן אָן די בערן צו פֿרעגן:
„הער נאָר, דו קליינער!
וואָס ביזטו פאַר איינער?
וואָס ליגסטו אַזוי שטיל,
ווייסט נישט, וואָס מען וויל?
דער עזות-פּנים, קוקט אים נאָר אָן!
זאָג באַלד, וואָס האָסטו געטאָן?!"

„איך בין, זאָגט דאָס מייזל, נאָך אַ קינד:
איך ווייס גאָרנישט, וואָס דאָס איז אַ זינד!"

„ע!, זאָגט אַבער, דערמאָן דיך נאָר גיט,
וואָרן מע טרייבט דאָ קיין קאַטאָוועס ניט.
תּיכּף טו וואָס מען הייסט:
זאָג אַלץ וואָס דו ווייסט!"

דאָס מייזל איז נעבעך געשטאַנען
און האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאַנען:
„ביים רבֿ, זאָגט עס, אין אַ שטיבל
איז געווען אַ קליינטשיק גריבל;

דאָרט בין איך אין אַ לאָך
געזעסן אַ גאַנצע וואָך
און פּלעג אַרומצוקוקן
אין אַלע טעפּ צו זיכן;
איך האָב אָבער דאָרט דרינען
קיין שום עסן נישט געפינען.
דער הונגער האָט מיך אַזוי געמיטשעט,
איך האָב אַזש זייער שטאַרק געקוויטשעט,
ווי משוגע בין איך אַרומגעלאָפן.
פּלוצלינג האָב איך אָנגעטראָפן
דער רביצינס פּעקל מיט די תחינות
וואָס זי זאָגט תמיד פאַר די קינות:
האָב איך זיי פאַר כּעס צעריסן
און אויף שטיק-שטיקלעך צעביסן".

„זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען!
הייבן אָן די בערן צו לאַרעמען:
ווי איז אונז און ווינד!
ווי טוט מען אַזוי אַ זינד?!
וואָס האָסטו געוואָלט פון אונז נעבעך האָבן?
דו האָסט דאָך אונז אַלע גאָר באַגראָבן!
דורך דיר איז די צרה, די לייד!
דו רשע האָסט אונז אַלע געטייט!
דו ביזט פון אַלע דער גרעסטער חוטא,
דורך דיר זענען דאָס די אַלע טויטע!
תיכּף זאָל מען אים אומברענגען
און אים אויף אַ בוים אויפהענגען!"

און געשווינד זענען די קעץ געקומען
און האָבן דאָס מייזל נעבעך גענומען
מיט גרויסער שמחה און גרויסער פרייד,
און האָבן עס צווישן זיך געטייט.

*

דאָס משל מיט די פרומע בערן
באַדאַרף מען איך נישט צו הערקלערן;
מע דאַרף הערצו קיין חכם קיין גרויסן,
ער זאָל זיך דאָס נמשל קענען שטויסן.
וואָרן ווער וועט נישט אַליין
מיט זיין שכל שוין פאַרשטיין,
אַז נאָר היות נאַראָנים
זענען אַעזלכע בנים.

# די סטאַמבולקע

פאָר זיין שכן ראובן באַרימט זיך שמואלקע:
„זעסטו, איך האָב אַ קינצלעכע סטאַמבולקע,
זי קען שוין גאָרנישט קינצלעכער זיין;
עס גייט אין איר אַ סך טיטון אַריין
און רויכערט גאַנץ גרינג און לייכט,
דער טיטון ווערט אין איר נישט פייכט.
איך רייכער שוין אויס איר
הע! מער ווי אַ יאָר פיר,
צי יום-טוב, צי אינדערוואָכן,
און זי ווערט נישט צעבראָכן.
זי איז שוין אַראָפגעפאַלן פון אַ גאָרן,
אַ וואָגן איז איר שוין איבערגעפאָרן,

איך האָב געמיינט, זי איז אויך שטיקלעך צעריבן,
ניין, זי איז ווי פֿריער גאָר גאַנץ געבליבן.
אַצינד ווײסטו זען, מיין ליבער ראובֿן,
איך וויל זי דאָ אַצינדערט פּרוּוון,
דאָ ווײסטו זען אַ ביסל וואָס איך קען:
איך וועל איר געבן אָן דער ערד אַ טרעך,
עס וועלן אַוש ציטערן אַלע שייבן,
און די סטאַמבולקע וועט גאַנץ בלייבן".

„גיי, זאָגט דער שכן ראובֿן:
לאָז געמאַך מיט דעם פּרוּוון;
וואָרן ווען זי וועט צעבראָכן ווערן,
מעג איך דיר אַוודאי הייליק שווערן
ביי אַלעם וואָס דו ווילסט פֿריִיר,
אַז דו ווײסט עגמת-נפֿש האָבן אָן שיעור,
וואָרן דו ווײסט זיך זייער קרענקען,
די האָסט אָנגעוואוירן אַ גוטע לולקע;
דו ווײסט נאָר אַליך אינאיינעם בענקען:
איי, נישטאָ מיין קינצלעכע סטאַמבולקע!
נאָר איך וויל דיר, ברודער-לעבן,
אַפֿילו דאָס איך שוין צוגעבן,
און לאָז שוין טאַקע אַזוי זיין,
ווי דו אַליין רעדסט דיר איין;
די סטאַמבולקע וועט דווקא בלייבן גאַנץ
מיט איר קאָליר און מיט איר גלאַנץ;
וועט זי דען אָבער עפּעס ווערט ווערן מער,
ווי זי איז ביי דיר געווען ביז אַהער?

ניין, זי וועט גאָרנישט טייערער ווערן ביי דיר:
זי וועט ביי דער מדרגה בלייבן, וואָס פריער.
כאָטש דיר האָט זיך פּלוצלינג פאַרגליסט
זי צו פרוּוון פאַר נישט אין אומזיסט.
איבער דאָס איז מיין דעה: ניין,
לאָז מיט דעם פּרוּוון גאָר גיין!"

שמואלקע האָט זיך אָבער נישט געלאָזט אָפּשפּאַרן
און האָט קיין מינוט נישט געוואָלט מער האַרן,
נאָר האָט די סטאַמבולקע געגעבן אָן דער וואַנט אַ שיט,
און זי האָט זיך אויף פיין־פּיצלעך צעשיט.

*

לאָז דיך, ברודער, שוין מיט דעם באַגניגן,
אַז דו האָסט יאָ אַ גוטן פריינד געקריגן.
האָבסטו יאָ אַמאָל אַ גוטן פריינד דערוואָרבן,
לאָז זשע גיין, ברודער! זע, פּרוּוו אים נישט.

## דער וועוועריק

א
ין אַ וואַלד פון איין בוים צום אַנדערן
פאַרגלוסט זיך אַ וועוועריק צו וואַנדערן
מיט אַ לויף און אַ שפּרינג,
גאָר ווי אַ פעדער גרינג.
דאָ איז ער געווען אויבן, דאָ אינטן,
דאָ ווידער פאָרנט און דאָ הינטן;
באַלד לויפט ער אַהין, באַלד אַהער,
באַלד גאָר גלייך, באַלד אין דער קווער;

איצט גיט ער ווידער אַ האָפּ
און שטעלט זיך אויף דעם קאָפּ;
דערנאָך גייט ער כּסדר עטלעכע טריט
און מאַכט זיך אַ קאָזשעליק אינדערמיט;
און פּליצלינג האָט ער זיך ווידער צעשטיפּט
און גיט זיך אַ האָצקע הויך אין דער ליפּט,
און בלייבט איבן אויף אַ שפּיץ בוים שטיין,
און קנאַקט זיך ניסלעך מיט די ציין. —

„אָ־וואַי, זאָגט די מאַלפּע: גרויסע זאַכן!
וואָס? איך וועל עס אפשר ניט נאָכמאַכן?
דו שוטה! קוק דו זיך נאָר גאַנץ גוט צו,
וועסטו זען, אַז איך שפּרינג בעסער ווי דו".

און ווי איר טבֿע איז פֿון תּמיד אָן,
אַז זי מוז תּיכּף איטלעכן נאָכטאָן,
גיט זי דאָ אַרויף אַ קלעטער
אויף אַ בוים פֿול מיט בלעטער,
און אַ שפּרונג אַראָפּ אויף אַ שטיין,
און צעבראָכט זיך אין אַ פֿוס אַ ביין.

*

נישט איינמאָל מוז איך זיך לאַכן,
אַז איך זע אַ נאַרישקייט נאָכמאַכן.

## דער אינדיק

אויף אַ הויף ביי אַ גרויסן בעל־בית
זענען אַרומגעגאַנגען אויף דעם גראָז

גענזעלעך, קאַטשקעלעך און טייבעלעך
און הענער מיט זייערע ווייבעלעך
און האָבן די ברעקעלעך אויפגעקליבן
וואָס זענען פון דעם עסן געבליבן.
איטלעכער האָט געזוכט אויף זיין קעפּקעלע
אַ קאָרן, אַ ווייץ, אַ האָבער, אַ טשיפּקעלע,
און זיי האָבן זיך אַלע געלאָזט באַגניגן
מיט דעם, וואָס איטלעכער האָט געקריגן.

דער אינדיק מיט דער לאַנגער רויטער נאָז
האָט זיך דאָ געגעבן אַ ריטש און אַ בלאָז,
ברויז און בלאָ איז געוואָרן זיין קאָפּ
און ווי אַ קעסלפּויק זיין קראָפּ,
און גלייך עס העט אים עמעץ דערצו געניט,
האָט ער ווי אַ פאָכער דעם ווידל צעשפּרייט,
און ווי מיט בייגענעם פון אַ ווייגל
האָט ער געשאַרט מיט די פליגל.

„פּיק! האָלדער, האָלדער! פּיק!
האָט ער געשריגן ווי ער האָט געקענט,
גיטס נאָר דאָ אַליין אַ קיק
וואָס פאַר אַ נאַראָנים איר זענט!
וואָס שטייט עץ דאָ און דזובעט?
וואָס שטייט עץ דאָ און הלובעט?
באַדאַרפט עץ דאָ אַרומצוקריכן
און אויף אַלע מיסטן צו זיכן,
ביז איר געפינט אַ האַלב קערנדל ווייץ?
גייט בעסער קיין אינדיען עסן מאַיס.

דאָרט איז דאָס דאָ פיל און פיל,
דאָרט איז דאָס דאָ וויפיל מע וויל.
פאָלגט מיך און נעמט אייך אַלע צונאַנד
און וואַנדערט אַהין אַריין אין יענעם לאַנד.
דאָרט וועט עך ווערן גאַנץ פעט און דיק,
עך וועט שוין נישט מער בענקען צוריק;
וואַנדערטס אַלע אַהין גאַנץ געשווינד
דאָרט וועגט אַ אינדיק פערציק פונט.
דאָרט איז נחת, דאָרט איז גליק,
פיק! האָלדער, האָלדער! פיק!"

ווי די עופות האָבן דערהערט די רייד,
זענען אַלע געווען באַלד פאַרטיק און גרייט,
אַלע, אַלע מיטאַנאַנדער
קיין אינדיען צו געבן אַ וואַנדער.

פלוצלונג גיט זיך אַ האָן אַ יאָג
און גיט צו דעם אינדיק אַ זאָג:
„וואָס איז דאָס דאָ דער מער?
ווער ביזטו דאָס, ווער?
פון וואַנען ביזטו דאָס, פון וואַנען,
וואָס דו רעדסט אונז אָפּ פון דאַנען?
פון קינדווייז אויף, זייט איך בין הי,
לעב איך מיר תמיד גאָר שטיל און רי,
איך גיי מיר אַרום ווי אַ לייט,
איך האָב מיין עסן צו דער-צייט,
איך ווייס פון קיין שום שלעכטס ניט,
עס איז מיר תמיד געווען גיט.

משוגע העט'מיר איצט דאַרפט צו ווערן.
מיר זאָל'מיר וועלן דעם אינדיק צו הערן
און פאָלגן זיינע ווערטער
צו וואַנדערן אין אַזעלכע ערטער,
פון וואַנען עץ, אינדיקעס־נאַראָנים, זענט,
וואָס אונזערע טאַטעס האָבן זיי נישט געקענט.
נאָר אַז עץ זענט דאָ צו אונז געקומען,
וועל איך דאָ אייער חרפה אייך אויפדעקן:
דאָס איז ביי מיר דער בעסטער סימן,
דו מוזט דאָרט אויך קיין האָניק נישט לעקן.
איך זאָג דיר אַפילו גראָדה פאַרקערט,
עץ, אינדיקעס, זענט מער נישט ווערט,
ווייל עץ זענט נאָר פּראָסטע פרעסערס
און זוכט נאָר תמיד עפּעס בעסערס.
אַצינד ווילסטו זיך גאָר צו אונז צושאַרן,
אונז אַלע פון דאַנען אַוועקצונאַרן,
ווייל דו העטסט דייער גערן געוואָרן
דער יורש פון אונזער ביסל קאָרן.
דו האָסט אָבער אָנגעטראָפן אויף מיר,
איך פאַרשטיי מיך בעסער אויף דיר,
איך וויל נישט וויסן פון דיין גליק,
גיי דיר אַליין קיין אינדיען צוריק,
אָבער מיר בלייבן אַלע הי:;
קיקעריקי! קיקעריקי!"

דער אינדיק איז בחרפה אַוועקגעגאַנגען,
און די נאָז האָט אים אַראָפּגעהאַנגען

אפשר אויף אָנדערהאַלבן איילן ווייט,
און האָט שוין אויף תמיד עופות געמיידט.

*

רעדט דיך עמעצער אַמאָל אָן,
דו זאָלסט דאָס נאַרישקייט טאָן
און דיך גאָר ווייט לאָזן אַוועק
און באַזועצן וואו די וועלט האָט אַן עק,
גייט ער בוודאי נאָר אויף דעם אויס,
ער זאָל נאָך דיר ירשנען דיין הויז.
אמת, די מעגסט דיר אַמאָל אויף אַ צייט
אַ ביסל אַוואַנדער געבן צווישן לייט,
נאָר טאָרסטו אָן דעם אָרט נישט פאַרגעסן
וואו דיינע אָבות זענען געזעסן;
דאָ, וואו דו ביזט געבוירן,
דאָ זאָלסטו ווערן פאַרלוירן.

## דאָס חזיר, די שאָף און די ציג

א פויער האָט אין שטאָט אַריינגעפירט
אַ שאָף, אַ חזיר און אַ ציג צו פאַרקויפן
און האָט זיי מיט אַ שניר צונאַנדגעשנירט,
זיי זאָלן אויף דעם וועג נישט קענען אַנטלויפן.

איבער דעם גאַנצן וואָגן אין דער ברייט
איז זיך געלעגן דאָס חזיר צעשפרייט,
און פאַר דער שאָף נעבעך מיט דער ציג
האָט אַ ווינקל אויך געמוזט זיין גענוג.

און כאַטש זיי האָבן געהאַט אַ שלעכט װאָרט,
האָבן זיי פֿאָרט גאָרנישט גערעדט אַ װאָרט;
זיי זענען געזעסן, שטיל געשװיגן.
נאָר דאָס הזיר האָט זייער געשריגן;
עס האָט געגרעפּסט און געקװיטשעט,
געשװאָרגאָטשעט און געהיטשעט,
גלייך מע העט עס ביי די איערן געטאַרנעט
אָדער גאָר מיט הונדערט פֿאַלקעס געהרגעט.

די שאָף מיט דער ציג גיבן אַ פֿרעג:
„װאָס שרייסטו, הזיר, דעם גאַנצן װעג?
עס איז כּ'לעבן אַ חרפּה, אַ שאַנד,
מע ליפֿט זיך פֿון אַלע זייטן צונאַנד;
אַדרבא, טאָמער קענסטו אונז זאָגן,
מיט װאָס דו האָסט פֿין אונז מיין צו קלאָגן".

„איי, שרייט דאָס הזיר, װאָס פֿאַר אַ פֿאַרגלייך!
אוי, װי קענט עך פֿאַרגלייכן מיך צו אייך?
עך בײדע מעגט איך גאָר רואיק זיצן,
עך קענט דעם בעל־בית ביים לעבן ניצן;
דו װעסט אים מילך און ער — װאָל געבן,
װעט ער אייך אַװדאי לאָזן לאַנג לעבן.
איך אָבער, פֿאַרפֿינסטערט איז מיין נײַט;
איך קען אים ערשט ניצן נאָך מיין טויט,
װעט ער אַװדאי זיך גאָרנישט פֿאַרװיילן,
נאָר װעט מיך הייסן אויף דער שטעל קוילן".

קאַרגע לייט און הזירים
זענען אַ פּאָר חבֿרים;

מע האָט פֿון ווייער גוטס
ערשט נאָך דעם טויט אַ נוץ.

## די בין מיט דער הון

צו דער פֿלייסיקער בין
זאָגט זיך די פֿוילע הין*.
„איך קאָן אָסור נישט פֿאַרשטיין,
ווי קענסטו גאַנצע טעג לײדיק גיין?
דו טראַכטסט נישט מער נאָר אַרומצוקריכן
און אין די גערטנער תּענוגים צו זוכן;
אפֿשר קאָסט דיך דאָס אויך גרויסע מי,
וואָס דו גיסט אויף אַ בלימל אַ פֿלי,
דיר דײַן זולל־וסובא־מאָגן
גאָר פֿול מיט זאַפֿט אָנצוזאָגן?
נאָר זיץ כאָטש איבּיק אויף דעם בלימל, זיץ,
פֿון דיר האָט דאָך אָנדאָס קיינער קיין ניץ**.
קוק בעסער אָן מיך, דו לײדיקגייער!
דורך מיר האָט דאָך דאָס גאַנצע הויז אייער"

„שפּעט נאָר נישט אַזוי! זאָגט די בין,
דיר דאַכט זיך, איך מוז גאָרנישט טין***,
ווײַל איך מאַך נישט קיין לאַרעם, קיין געשריי
ווי דו, ווען דו ליגסט יאָ אַמאָל אַן איי.
צום בינשטאָק גיי און קוק דיר צו,
ווער עס איז פֿלייסיק, איך צי דו.

* = הון ** = נוץ *** = טון (טאָן).

דיר, שוטה, מוז מען דאָס ערשט זאָגן,
ווייל דו פֿאַרשטייסט נישט זעלכע זאַכן:
דאָס וואָס דו זעסט אונז בלימלעך טראָגן
טוען מיר דאָס נאָר האָניק צו מאַכן,
כדי אַנדערע זאָלן האָבן
מיט עפּעס זיך צו דערלאָבן!
פֿונדעסטוועגן מעג איך דיר שווערן,
אַז דו וועסט מיך קיינמאָל נישט הערן,
אַז איך זאָל מיך ווי דו באַרימען,
אַז איך אַרבעט פֿאַר אַ פֿרעמדן גימען*.
אויך האָט די נאַטור דראָן געדענקט
און האָט אַ שפּיצל אונז געשענקט
נאָך דינער ווי האָר, דינער ווי זייד,
דערמיט צו באַשטראָפֿן זעלכע לייט
וואָס שפּעטן אַלץ און לאַכן
איבער דעם וואָס פֿרעמדע מאַכן, —
כאָטש בלייבן זיי אַליין
קענען עס נים פֿאַרשטיין.
אַצינד, אויב דו ווילסט האָבן דיין גיטס,
פּאַק דיך, וואָרן איך שטעך מיט מיין שפּיץ". —

*

הער, דו שפּעטער מיט דעם גאווה־פּנים,
וואָס האַלטסט אונז שרייבערס פֿאַר נאַראָנים!
אונז שרייבערס זענ׳מיר די שטילע בין,
און דו ווילסט אפשר זיין די הין,

* = גומען.

ווערט דאָס משל אויף אַ האָר
טאַקע אמת, טאַקע וואָר.

איך הער דיך פֿרעגן מיט גרויס געשריי:
„צו וואָס ניצט אונז אייער שרייבעריי?“
זיי דיר דאָס אָן דיר אַליין משער,
זי וועט ניצן פֿאַר דעם גרויסן נאַר
וואָס האָט אַ קאָפּ, גרויס ווי אַ שיסל
און דרינגען שכל גאָר אַ ביסל,
מען זאָל אים דעם נאַר אוים דעם קאָפּ שלאָגן
און דורך אַ משל דעם אמת זאָגן.

## די צווייי הענער

צוויי געזונטע הענער, די רעכטע לייט,
וואָס האָבן פּאַרטאַג אַלע אויפגעוועקט,
האָבן אַ צייט לאַנג זיך תמיד געמיידט,
ווייל צווישן זיי האָט אַ שׂנאה געשטעקט.
אַמאָל האָט עס זיך אָבער פֿאַרלאָפן,
די הענער האָבן זיך אָנגעטראָפן.
קוים האָבן זיי זיך דערזען מיט די אויגן,
איז איינער צום אַנדערן צוגעפֿלויגן
און האָבן גאָר איילנדיק געשפּרונגען
איינער דעם אַנדערן איינצושלינגען;
דער האָט דעם ביי דער קאָם געדושובעט,
און דער דעם ביי די אויגן געדלובעט,
און ווי מען צאַפּט וואַסער פֿון טונען
איז פֿוןביידן דאָס בלוט גערונען;

זיי האָבן זיך בײַ די קעפּ געכּיסן
און די פעדערן גאָר אויסגעריסן —
קורץ, דאָס איז אַזוי געווען עטלעכע מאָל,
ביז ביידע זענען געבליבן נאַקעט און גאָל.

„זאָגטס נאָר מיר, וואָס איז דאָס?
פרעגט זייער ביז דער בעל-בית:
וואָס איז דער לאַרעם, דאָס געשריי?
פאַרוואָס איז דאָס געהאַרגעריי?"

„וואָס, שרייט איינער, ער וועט דאָס ווערטער פאַרדרייען?
און קי קע רע קי ניט קען קע רע קו קרייען?
וואַרט, איך וועל אים שוין ווייזן,
ווי מען קרייעט מיט גרייזן".

„איך קרייע, שרייט דער אַנדערער האָן,
קי קע רע קי שוין פון אייביק אָן;
מיר קענען איטלעכער האָן זאָגן עדות
וואָס האָט געהערט קרייען מיינע זיידעס, —
וואָס דו מוזט זיך צען מאָל אָפּשווענקען,
דו זאָלסט זייער נאָמען געדענקען, —
אַז זיי האָבן געקרייעט קי קע רע קי!
און נישט מיט גראָבע גרייזן אַזוי ווי די*!"

דער בעל-בית הייבט אָן זייער צו לאַכן:
„דערטס איך מיט אייערע נאַרישע זאַכן!
בײַ מיר איז דאָס אַלץ איינערליי.
איך דאַרף נאָר האָבן אייער געשריי,

* = דו.

קרייעטס קי קע רי קי, קרייעטס קו קי רע קו!
אבי וועקטס מיך נאר תמיד אויף צו דער שעה".

*

צווישן אונזערע לומדים, רבנים
טרעפט מען אמאל אויך אזעלכע נאראנים
וואס רייסן זיך שיר נישט ביי די האר
און קריגן זיך אוועק לאנגע יאר
און זידלען זיך אוועק גאנצע צייטן
איבער אן אות, וואס עס קען באטייטן.
דער ברענגט א ראיה פונעם שיטה מקובצת
און שעלט זיין חבר מיט קללות נמרצת,
און דער פאררופט זיך אויף דער קבלה
און גיט דעם חבר טאפלט די קללה;
צום סוף קומט זיי ביידע גארנישט ארויס,
ווארן דער פשט לאכט זיי ביידע אויס.

## די שער

צווישן ביידע קלינגען פון א שער
איז געווען א שנאה גרויס און שווער;
איטלעכע באזונדער פאר זיך אליין
איז געווען טאקע קינצלעך און שיין,
זייער גוט פאלירט, גאנץ שארף און גלאט,
זיי האבן קיין שום פעלער געהאט;
נאר צי פאר גאווה, צי פאר קנאה
האט צווישן זיי געשטעקט א שנאה;
שלעכטס טון האבן זיי זיך פארט נישט געקענט,
כאטש די שנאה האט זייער שטארק געברענט;

נאָר זיי פֿלעגן זיך תּמיד צו מיידן,
ווייל זיי האָבן זיך נישט געקענט ליידן.

אַ שטיק שמאַטע פֿלעגט ביי זיי צו זיין,
וואָס זיי האָבן זיך מיט איר אָפּגעווישט.
איר איז פֿליצלינג גאָר אין זין אַריין
און האָט זיך צווישן זיי אַריינגעמישט.
זי איז געגאַנגען אַהין און אַהער
און האָט דערציילט זאַכן פֿון דער צו דער;
וואָס די האָט גערעדט,
וואָס די האָט געמאַכט,
ווי די האָט געשפּעט,
ווי די האָט געלאַכט.
אַזוי פֿלעגט זי שמועות צוצוטראָגן,
און וואָס זי האָט געהערט אָפּצוזאָגן.

דערקייגן הער איך זאָגן ביי לייט,
אַז אויף איטלעכער זאַך קומט אַ צייט.

די קלינגען האָבן זיך מישבֿ געווען,
זיי ווילן זיך ביידע פֿאָרט אַמאָל זען.
זיי זענען ביידע צונאַנדגעקומען,
האָבן די שמאַטע מיט זיך גענומען;
זיך האָבן זיי נישט געטון קיין שלעכטס,
די איז געגאַנגען לינקס, און די רעכטס,
נאָר האָבן זיי צווישן זיך אינמיטן
דאָס שמאַטקעלע אויף שטיקלעך צעשניטן.

*

הער נאָר צו, דו קלײנער!
זע, היט דיר די בײנער
און גײ דיר בעסער גאָר אָן אַ זײט
בײ אַ מחלוקת פֿון גרױסע לײט;
זע, מיש דיך נישט אין זײער קריג אַרײן,
װאָרן דו װעסט דאָס כּפּרה־הינדל זײן.

## די ציגאַרן

„מיך, זאָגט ראובֿן, װעסטו מיט ציגאַרן
נישט אַזױ גרינג קענען אָפּנאַרן,
װאָרן איך בין שױן לאַנג געקומען
אױף אַ גוטן און װאוילן סימן,
װאָס איך קען אױף דער שטעל דערקענען
װאָס פֿאַר אַ ציגאַרן עס זענען“.

„יאָ? זאָגט צו אים זײן ברודער שמעון.
איך בעט דיך, זאָג מיר אױך דעם סימן“.

„װי אַזױ מע קען דאָס דערפֿרעװן,
װעל איך דיך לערנען, זאָגט ראובֿן.
דו רײכערסט דיר אַ ציגאַר
װאָס איז גאַנץ טרוקן און דאַר
און גיסט גוט אַכטונג מיט פֿלײס,
אױב די אַש פֿון איר איז װײס;
זעסטו, זי האָט אַ װײסן קאָליר,
מעגסטו דיך שױן פֿאַרלאָזן אױף מיר,

אַז דו האָסט אַ ציגאַר
וואָס איז קינצלעך און ראַר".

„אוי, זאָגט שמעון, וואָס נאַראָנים זענען!
אַלע נאַרישקייט זענען פֿאַר זיי רעכט;
זיי ווילן ערשט אָן דער אַש הערקענען,
צי איז די ציגאַר געווען גוט צי שלעכט".

*

כּילענן, ברידער! עס איז גאָרנישט גלייך;
אַש-מבינים זענט עך פֿון גרויס ביז קליין;
לעבט יאָ אַ וואוילער מענטש צווישן אייך,
ווילט עך אייך אויף אים גאָרנישט פֿאַרשטיין;
נאָר דעמאָלט קריגט עך אים זייער ליב,
ווען פֿון אים איז שוין נאָר דאָ אַש אין גריב.

# ווימעלע

ווי אַזוי קען איך היינט דער גוטער שרייבער,
אַז איך וועל די פרימסטע פון די ווייבער,
וויטעלען, די צנועה, נישט שיין באַזינגען?
די ווייבער וועלן דאָך מיך איינשלינגען;
נאָר פאַר מורא, עך מעגט מיר גלייבן,
ווייס איך אַזש נישט, ווי אָנצוהייבן.
איך וועל אָבער אָנהייבן פון דאַנען:
אינדערפרי איז וויטעלע אויפגעשטאַנען,
זי האָט זיך פון שלאָף נאָך נישט רעכט דערמאַנט,
גיסט זי זיך שוין אָפּ דריי מאָל איטלעכע האַנט,
און תיכּף איז איר ערשטע מלאָכה,
זי זאָגט זיך די גרויסע ברכה,
און כאָטש זי איז שוין אַלט זעכציק יאָר
און האָט אויף איין אויג די שטאָר,
האָט זי זיך פאָרט פיינט צו סטראָען,
כּדי זי זאָל חלילה נישט קומען לידי נסיון.

זי טוט זיך אָן כּסדר
אירע אַלטפרענקישע קליידער
און ליפט גאַנץ געשווינד אין שול אַריין,
וואָרן זי מוז דאָך די ערשטע אין שול זיין.
דאָרט שטייט זי ביי דער מזרח־וואַנט,
וואָרן וויטעלע איז פון גרויסן שטאַנד,

זי איז אַ מיוחסת, אַ גרויסע נגידה,
אַ גרויכע השובֿה, אַ גרויסע חסידה.
זי ליגט אויף איר שטענדערל אַנידער
אירע תּחינות און דעם קרבן־מנחה־סידור
און הייבט אָן זייער צו קלאָגן
און מיט גרויס כּוונה צו זאָגן
גאָר אַ נייע תּחינה ובקשה
און פֿאַרשעלט גאָר דעם רשע
און בעט פֿאַר דעם פֿרומען,
עס זאָל חלילה צו דעם נישט קומען,
אַז דער פֿרומער וואָס טוט אַ מצווה
זאָל דאַרפֿן ביי איר צו נעמען קצבה.

דערווייל קומט שרה די גבאיטע צו גיין
און בלייבט נעבן וויטעלען שטיין
און גיט מיט דער פּושקע אַ קלאַפּ.
און געשווינד גיט זיך וויטעלע אַ כאַפּ
און זאָגט מיט גרויסן כּעס:
„וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נייס?
האָט מען נאָך אַזוינס געהערט אין דער וועלט:
אין אַ הייליקער שול אין זין צו האָבן געלט!"
שרה גייט נעבעך אַוועק בחרפּה ובושה.
דערווייל שפּרינגט אונזער וויטעלע קדושה
און גיט דאָ איטלעכן שפּרונג,
דער לייכטער גיט אויש אַ קלונג.

און ווי זי וויל נאָך אַ תּחינה לייענען,
הייבט פֿאַר איר אָן אַ יידענע צו וויינען

און האָט זיך נעבעך מיט טרערן באַנעצט:
„דאָס מחזור וואָס איך האָב ביי אייך פֿאַרזעצט
בין איך אייך דרויף נאָך איין גילדן שולדיק;
בעט איך אייך, זייט מיר נאָך אַ ביסל געדולדיק:
איך בין דאָך נעבעך אַן אָרעמע אַלמנה,
לייט מיר עס נאָר אַרויס אויף ראש־השנה.
נאָך יום־טוב וועל איך עס אייך מיט דאַנק אָפּגעבן,
אין דעם זכות וועט מען אייך אָנשרייבן צום לעבן".

וויטעלע ענטפֿערט: „איך האָב תּמיד רחמנות
אויף אָרעמע יתומים און אָרעמע אַלמנות.
איר אָבער קענט דאָך דאָס אַלץ פֿאַרשפּאָרן,
איר קענט אַזוי טון ווי פֿאַראַיאָרן;
איר ווייסט דאָך, איך בין אַ זאָגערין
און דערצו זייער אַ גרויסע קלאָגערין,
מיין קול הערט מען אַזש ביי דער טיר —
אייך אָבער פּאָזוואָלע איך צו שטיין נעבן מיר.
אַדרבא, איך וואָלט אויך זייער גערן,
אַז איר זאָלט איטלעכעס וואָרט הערן,
דאָס מחזור אָבער מעג טאַקע ווייטער ביי מיר ליגן,
ביז איר וועט אָפּגעבן וואָס איר האָט אַנטליגן;
נישקשה, איר האָט נישט צו איבערקלערן,
עס איז גאָרנישט אַזוי געפֿערלעך;
ביי מיר וועט עס אָסור נישט צעריסן ווערן,
וואָרן איך האַלט אַ ספֿר ערלעך".

איצט זאָגט זי אַשרי און למנצח,
ובֿאָ לציון גואל און עלינו לשבח,

דערנאָך זאָגט זיך אונזער וויטל
פון דעם טאָג דאָס קאַפּיטל,
צום סוף גיט זי אין סידור אַ מיש
און גיט אים דעם גאַנץ גרויסן קיש,
און גיט זיך קייגן מזרח אַ ביק
און גייט הינטערוויילעכטס צוריק
פון אַלע שטענדערס אַפיר,
און קושט ווידער די טיר,
און גייט און טרעט אָפּ בײַ ר׳ אלקנה׳ן
און בײַ אַנדערע משולחים —
און הייבט אָן בײַ זיי אײַנצומאָנען
פאַר צוויי וואָכן הוצאות.
קוים זי איז שוין נעבעך אַהיימגעקומען
און האָט זיך נאָר אַ טרער קאַווע גענומען,
קומט אָן אָרעמאַן צו גיין
און בעט מיט אַ גרויס געוויין:
„וויטעלעבן! העלפֿט מיר אויס דער נויט,
שענקט מיר נאָר אַ קליין שטיקעלע ברויט!
צו פאַרדינען בין איך אָסור נישט אימשטאַנד,
איך בין אַ קאַליקע אויף אַ פוס און אַ האַנט,
און אַ קינד ליגט מיר נעבעך קראַנק
אין דער קעלט אויף דער הוילער באַנק.
פאַר דאָס וועט אייך גאָט שיקן הצלחה,
אַז איר וועט האָבן אין אַלעם אַ ברכה“.
וויטעלע ענטפֿערט מיט אַ פּנים פֿול יראת־שמים:
„דער גאָט וואָס האָט געשפּייזט
אונזערע עלטערן אין דעם לאַנד מצרים
האָט אַוודאי גאָרנישט געגרייזט,

וואָס ער האָט דיר, ברודער, נישט געגעבן,
דו זאָלסט האָבן פאַר עפּעס צו לעבן.
וואָס גאָט טוט
איז אוודאי גוט.
דו מוזט, מיין לעבן, גאָרנישט זיין פרום,
איבער דעם גייסטו אויף די טירן אַרום!
העסטו אָבער פרום געווען,
העסטו שוין אַליין געזען,
ווי דו העסט געווען רייך
און אויף הענט אין פיס גלייך.
ווילסטו, איך זאָל להכעיס טון גאָט
און דערווידער זיין זיין געבאָט?
ניין, מיין האַרץ, מיין לעבן!
איך טאָר דיר גאָרנישט געבן.
גיי דיר געזונטערהייט,
איך טו קיין נאַרישקייט,
דאָ שווער איך דיר ביי מיין סידור:
איך וועל נישט טון גאָט דערווידער.

דער אָרעמאַן האָט זיך נעבעך אויפגעהויבן
און אַרויפגעקוקט צו דעם דאָרט אויבן
מיט צוויי גאַנץ גרויסע טרערן,
וואָס איך מעג אַוודאי הייליק שווערן,
אַז זיי זענען אַזוי גרויס ווי די בריליאַנטן געווען,
וואָס איך האָב ביי וויטעלען אויף דעם קאָפּ געזען.

איצט איז וויטעלעס שטייגער,
אַז עס שלאָגט עלעף דער זייגער,

רוקט זי אַ בענקל צום אריון צו
און נעמט זיך צו ליינען דעם „נַחלת צבי״;
זי ליינט מיט דעם ניגון און דעם טאַקט,
ביז זי ווערט אַנטשלאָפן גאַנץ געשמאַק.

זי קומט אויף זייגער צוויי
און גיט דעם „נחלת צבי״ אַ קוש —
און גיט דעם גרויסן געשריי,
מען זאָל גרייטן געשווינד צו טיש.

למען השם נישט צו פֿאַרגעסן:
זי האָט זיך געוואַשן צום עסן,
וואָרן פֿון וואַשן און בענטשן
האַלט זי מער פֿון אַלע מענטשן
וואָס זענען נאָר אויף דער וועלט —
וואָרן דאָס קאָסט דאָך קיין געלט.
זי הייבט אָן די מויד צו שעלטן, צו פֿלוכן,
פֿאַרוואָס זי האָט פֿאַרברענט דעם קוכן;
פֿאַרוואָס די יויך איז אָן זאַלץ
און דאָס טייגעכטס איז אָן שמאַלץ;
פֿאַרוואָס די פֿיש זענען נישט געראָטן
און דאָס הינדל איז נישט דערבראָטן.

נאָך דעם עסן קומט אַריין ר׳ משה,
דער אַלטער גבאי פֿון דער חֶבֿרה קדושה,
און ר׳ שמערל, איר ברודערס מחותּן,
און מאָנען זי פֿאַר צוויי יאָר מָעות־חיטין.
וויטעלע ענטפֿערט זיי כּסדר:
„איך האָב איינמאָל געטון אַ נֶדר,

אַז איך זאָל אין מײַן לעבן
קײן מעות־היטין נישט געבן,
װאָרן אַז זײַן ליבער הײליקער נאָמען
האָט געבאָטן יעקב־אָבינוס זאָמען,
אַז זײ זאָלן פּסח מצות עסן,
האָב איך גאָרנישט צו איבערקלערן,
אַז ער װעט אַװדאי נישט פֿאַרגעסן,
ער זאָל איטלעכן פּסח מצות באַשערן;
און װער טאָר זיך דאָס דערװעגן
אונזער האַר גאָט צו איבערפֿרעגן,
װען און װי אַזױ ער קאָן דאָס טאָן?
דאָס גײט דעם זינדיקן מענטש גאָר נישט אָן!
און דער װאָס װיל דװקא פֿאַרװאָרגן גאָט,
דער איבערטרעט כּ״לעבן זײַן הײליק געבאָט;
און אָן דעם הײליקן יום־הדין
װעט אַװדאי אױף אים מקטרג זײַן דער שטן.
און גאָט װעט שױן האָבן אין זין,
מע זאָל אים אין גיהנם ברענען און בראָטן“.

די גבאים זענען פֿאַר גרױס דערשרעקן
אַזױ װי פֿון גיהנם אַנטלאָפֿן אַװעק;
און װיטעלע האָט נאָך אַ שעה דערנאָך
נישט אױפֿגעהערט צו זאָגן איר שפּראַך.

צו מנחה גײט װיטעלע תּמיד פֿרי׳ר
און פֿאַרשליסט בײַ זיך די טיר,
כּדי מע זאָל זי שױן נישט משוגע מאַכן
אַלײן אינאײנעם נאָר מיט צדקה־זאַכן.

דערקיגן טוט זי ווייער אַסך תּפילה,
אַז גאָט זאָל געשווינד שיקן די גאולה*,
און ס'זאָל שוין קומען די ליבע צייט,
וואָס עס וועלן שוין נישט זיין קיין אָרעמעלייט.

ביינאַכט קומען עטלעכע ווייבער צו איר,
און איטלעכע ברענגט זיך מיט די שניר**,
כּדי זי זאָל פון וויטעלען לערנען,
ווי מען זאָל גאָט נישט דערצערנען.
דאָ ריכט וויטעלע אָפּ פון די שכנים
און לאָזט אָסור נישט איבער אַפילו איינעם,
אין איטלעכע יידענע העלפט איר אינטער. —
אַזוי פירט זיך וויטעלע זומער און ווינטער.

*

דערקייגן הער איך דאָרט אַ ווייבל שרייען
און פאַר כּעס אַזש גאָר מיט פייער שפייען:
„ווי געפעלט איך דער שלעכטער שרייבער?
וואָס וויל ער האָבן נעבעך פון אונז ווייבער?
ער האָט געמאַכט אַ שלעכטן פּלאַן
און שרייבט נאָך ליגנט דערנעבן.
ווי קען מען גאָר אָנהייבן פרום צו זאַן***,
אַז מע וויל קיין צדקה נישט געבן?
איך וועל אים טון, וואָס איך וועל נאָר קענען,
איך מוז אים תּיכּף דאָס ביכל פאַרברענען!"

הער זשע מיך צו, מיין ליב קינד,
און בייזער דיך נישט אַזוי געשווינד.

* = גאולה. ** = שנור. *** = זיין.

איך זאָל אַזוי שרייבן געזונטערהייט,
ווי איך קען איינע אין קראָקע,
וואָס זי זאָגט, אַז פּאַר פרומקייט
וויל זי נישט געבן קיין צדקה.
און אַז דו וועסט דיך וועלן באַזינגען,
וועסטו אין דיין שטאָט איך געפינען
זייער אַ סך ווייבער אַזוינע
און וועסט מיר שוין נישט זיין אַ שׂונא,
נאָר וועסט מיט מיר גוט ווערן
און וועסט מיין עצה צוהערן.
דו זאָלסט מיין ביכעלע נעבעך גאָר לאָזן גיין
און פּאַרברען בעסער וויטעלע די צנועה אַליין.

## דער הולך רכיל

אין ראָזוראָל איז געווען אַ רכל,
ער האָט געהייסן רבי רב טעוול;
זיין נאָמען איז אין דעם גאַנצן לאַנד
ביי אַלע חסידים געווען באַקאַנט.
ער פּלעגט צו טון אַ סך פּעולות
און צו קענען אַן אוצר סגולות;
ער האָט קמיעות פֿאַרשריבן,
מיט זיי די רוחות פֿאַרטריבן
און אַנדערע לייד און צרות,
קינדער געגעבן די עקרות.
און כאָטש ער האָט נישט געפֿאַסט הפסקות
און קיין מאָל נישט געגעבן קיין צדקות,

פֿלעגט פֿאָרט צו קומען די גאַנצע וועלט
און האָט אים געגעבן אַסך געלט;
מען האָט גאָר ניט געקוקט אויף מטבע,
אַבי מען זאָל נאָר קריגן זיין קמיע.
ער האָט געלעבט גאַנץ רואיק און שטיל,
כאָטש זיין הויז איז תמיד געווען פּיל*;
נאָר פֿון איין זאַך האָט ער געהאַט צער:
נישט וויַיט האָט געוואוינט אַן אַרענדאַר,
אַן עושר שוין פֿון לאַנגע יאָרן,
און ער פֿלעגט נישט צו אים צו פֿאָרן.

נאָר אַ רבי קען אַלץ אויספֿירן.
ער האָט געזען צו שפּעקולירן,
ער האָט לאַנג געקלערט און לאַנג געטראַכט,
מיט דעם אַרענדאַר שלום געמאַכט.

דער גרויסער עושר דער אַרענדאַר
איז אָבער אויך נישט געווען קיין נאַר.
„וואַרט, זאָגט ער: ער מיינט, איך בין שוין זיין;
איך מוז אים קריגן אין קויבער אַריין". —
דערוויַיל האָבן די ניין טעג אָנגערוקט,
און ער האָט נאָך דעם רבין געשיקט
זייער אַ קינצלעכן שיינעם וואָגן,
מיט פֿערד וואָס האָבן שיר צעטראָגן:
מע זאָל דעם רבין נישט אָפּטרעטן,
נאָר צו אים אויף מיטאָגס פֿאַרבעטן.

* = פּיל.

ווי דער רבי איז נאָר געקומען,
האָט מען אים גאַנץ שיין צוגענומען;
איז אין אַ שטיבל אַריינגעפירט,
מיט מעבל און פירהאַנג אויסגעצירט;
דאָ איז געווען פון צוויי שעה שיין
צום טיש געגרייט נאָר פאַר צוויי פּאַרשיין.

זיי זעצן זיך ביידע באַלה צום טיש,
און דער רבי קוקט שוין אויף די פיש.
פון אַ שיינער שיסל דאָרט — אַן עק —
נעמט דער בעל-בית אַראָפּ די דעק,
און דער רבי קוקט אים פאַרקרימט אָן:
עס ליגט... אַ געבראָטענער קאַפּהאָן.
„האָב נישט פאַראיבל! זאָגט דער בעל-בית:
עס איז ביי מיר היינט געווען אַ טעות,
מע האָט פאַרשטעלט דעם טייך דעם היגן,
מען קען אָסור קיין פיש נישט קריגן.
נאָר וואָס האָבן מיר שוין פאַר אַ ברירה?
עס וועט ניט זיין קיין גרויסע עבירה
די ניין טעג אַ ביסל צו פאַרגעסן,
און אַ גוטן קאַפּהאָן צו עסן;
איר זענט דאָך אָנדאָס נישט בכן הבריאה;
און איך טו אייך די גרויסע שבֿיעד, *
וואָרן איך מעג דאָס אַוודאי שווערן, —
דאָ וועט קיינער זען און הערן".

דער רבי האָט אין דער שטיל געברימט,
הינטער דעם אויער געקראַצט און פאַרקרימט

* שבֿיעד = שבועה.

צום בעל־בית געמאַכט מיט דעם פֿינגער,
דערווייל דאָקוטשעט אים דער הינגער;
ער זאָל דאָס געווען פֿריער וויסן,
וואָלט ער דערהיים כאָטש אָנגעביסן!
אַזוי האָט נעבעך נאָך אונזער גאַסט
דעם גאַנצן טאָג באַלד גלייך ווי געפֿאַסט,
ער איז געזעסן גאָר בלייך און מאַט,
ער האָט נאָך היינט נישט אין מויל געהאַט.

דער רבי גיט העם קרעכץ דעם גרויסן:
„נאַ! ווער האָט זיך דאָס געוואָלט שטויסן?
עס איז קיין ברירה, וואָס קען איך טאָן?"
און נעמט זיך געשווינד צו דעם קאַפּדאָן.
ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט
און זיך געטרונקען ווייִן אין דער מיט,
און דאָס קאַפּהענדל אָפּגעקליבן,
נאָר די ביינער זענען געבליבן.

דער בעל־בית איז געזעסן צעשפּרייט,
גאָר מלא שמחה, גאָר מלא פֿרייד,
גלייך ער העט פֿאַרדינט טויזנט דוקאַטן;
זייַן קונצשטיקל איז אים געראָטן.

פֿון דעם עסן נאָר אויפֿגעשטאַנען,
הייסט דער אַרענדאַר גיך איינשפּאַנען,
און האָט דאָס כל אָפּגעשיקט
מיט אַ פֿולן מאָגן, גאָר דערקוויקט.

איצט בינדט דער בעל־בית איין די ביינער
אין אַ פּאַטשיילע אַ גאַנץ שיינער

אין זעצט זיך אויף אַ גוט פֿערד רייטן,
און יאָגט דעם רבין נאָך פֿון ווייטן.
קיין ראָזדאָל קוים נאָר אָנגעקומען,
האָט ער דאָס בית־דין צונאַנדגענומען
און פֿרעגט זיי אַ שאלה, אויב מען מעג
עסן אַ קאַפּהאָן אין ניין טעג?
„מען טאָר ניט, שרייען די דינים
אַלע בײַנאַנד מיט אַ בייז פּנים:
אַפֿילו דער וואָס עסט פֿאַר אַ רפֿיאה *
קומט אַריין אין דער שאול תחתיה".

איצט זאָגט דער אַרענדאַר גאַנץ געשווינד:
„אַז דאָס איז יאָ אַ גאַנץ גרויסע זינד,
פֿאַרוואָס איז דער רבי געזעסן
און האָט ערשט אַ קאַפּהאָן געגעסן?
איצט קענט עך אַליין זיין משער,
ווי ער מאַכט דעם עולם גאָר צום נאַר;
עך זענט אַלע אין גרויסן טעות,
אַז ער מאַכט גאָר נסים ונפֿלאָות!
אָט! איצט זעט וואָס ער איז פֿאַר איינער!
אָט האָב איך נאָך דאָ מיט די בײַנער,
איך האָב זיי געבראַכט מיט צו טראָגן,
אַז זיי זאָלן מיר עדות זאָגן,
אַז ער איז איין מאָל פֿאַר אַלעמאָל
מאַקע דער גרעסטער פּושע ישׂראל".

דער מורה־הוראה איז פֿאַר כּעס
אַזש געוואָרן ווי קאַלך וויס.

* = רפואה.

דער אַרענדאַר אָבער האָט געלאַכט
און האָט דעם רבין צו חוזק געמאַכט
און גיט דעם גיי געשווינד,
די פּאַרטשיילע גיך אויפצובינדן.

איצט הערטס אָבער, יידישע קינדער!
הערטס צו דעם רבינס גרויסע ווינדער*:
דער אַרענדאַר איז שטיין געבליבן,
ווי עס שטייט ביי המן געשריבן;
ער איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט
פאַר גרויסער חרפה, פאַר גרויסער שאַנד;
וואָרן ער האָט אויסגעשיט אויפן טיש
ביינער וואָס זענען געווען... פון פיש.

*

דער איז נישט ווערט, די ערד זאָל אים טראָגן,
וואָס וויל איך אַנדערע רכילות זאָגן.

## דער קאַרגער

א קאַרגער האָט זיך אַמאָל פאַרגעסן
און האָט זיך גאַנץ שטאַרק איבערגעגעסן;
דאָס האָט זיין פאַרהאַרטער מאָגן
אָבער נישט געקענט פאַרטראָגן,
ער האָט אים געקלעמט און געדרייט
און דעם קאַרגן דערצו גענייט,
אַז ער האָט געשריגן מיט גרויס געוויין:
„לאָז מען שוין דאָרט נאָך אַ דאָקטער גיין".

* = וואונדער.

דער דאָקטער איז תּיכף געקומען,
האָט אים בײם דופק אָנגענומען,
האָט אים באַטאַפּט פֿון אַלע זײַטן,
באַקוקט פֿון נאָנט און פֿון װײַטן,
און זאָגט: אַז צו דעם קלעמעניש
מוזט איר נעמען אײַנגעמעניש.

„נעמען? יאָ! זאָגט דער קאַרגער אַצינד:
נעמען! יאָ, יאָ, איך װיל נעמען געשװינד“.
„נעמט נאָר אײַן, זאָגט דער דאָקטער, און זאָרגט ניט.
איר װעט פֿון איך געבן, װעט שױן זײַן גיט“.
„װאָס! שרײַט דער קאַרגער: געבן! איך געבן?
נײן, אײדער געבן, בעסער נישט לעבן“.

עך מעגט מיר גלײבן דאָס װאָס איך זאָג:
דער קאַרגער האָט געפֿײלט אין אַלט טאָג.

## דער חלום

מײן באַבע צאָרטל עליה השלום
איז זיך מיר נעבעך געקומען צו חלום
און האָט מיך זײער משוגע געמאַכט
און באַלעמוצעט די גאַנצע נאַכט:
װאָס עס טוט זיך אַלײן אין גיהנום, און גן־עדן,
מיט די יונגע װײַבלעך און די אַלטע מײדן,
און װאָס עס טוט זיך מיט איר,
דאָרט אױבן אױף יענער װעלט;
עס האָבן זיך טאַקע מיר
האָר און נעגל קאַפּױר געשטעלט.

ווי איך האָב מיך אַ ביסל דערמאַנט
און מיט איר געוואָרן מער באַקאַנט,
בין איך מיר אַזוי אַ ביסל געלעגן
און האָב זי אָנגעהויבן איסצופרעגן
אויף דעם וואוילן און קלוגן יינגל שמע־ל
און אויף דער ליכטיקער און שיינער שיינדל.
„פון אים, זאָגט זי, איז שוין נישטאָ אַ הערל,
און פון דער חן־מאַכערן נישט אַ בענדל“.

דערנאָך האָב איך דאָ אין איין וועג
די באַבע געגעבן אַ פרעג:
„וואָס מאַכט דאָרט דער גוטער נחום?
רייסט ער דאָרט איך אַ סך ריוחים?“
„ע וואָס! זאָגט זי: די געלט־צאַפּערס!
די שווינדלערס! די רווחים־כאַפּערס!
ליגן טייל אין די קבֿרים,
ווי פאַרשטונקענע פּגרים;
און אין קבֿר אויף אַלע פיר ווענט
רעכענען זיי אַלץ דעם פּראָצענט,
די וואָכן פון בראשית ביז האזינו,
וויפל מאָל עס איז געגאַנגען שמיני,
אויב זיי האָבן אין די הלוואות
נישט געהאַט הלילה אַ טעות.
און ווי אַ טשערעפּאַכע פון איר הויז
קומען זיי פון דעם קבֿר נישט אַרויס.
אַ טייל קריכן אַרום און קריכן,
און זוכן אומעטום, און זיכן

אין אַלע לעכער, אין אַלע שפּאַלטן,
וואו זיי האָבן אַ גילדן באַהאַלטן,
און קריכן אַרום ווי אַ שלאַנג,
דער גילדן טוט זיי נעבעך באַנג.
די וואָס האָבן דאָס געלט נאָך ליבער,
פאַרגנבֿנען זיך אין די גאָלדגריבער
און בעטלען מיט די ערד-זעקעלעך,
מע זאָל זיי שענקען גאָלדברעקעלעך.
אַנדערע ניאָרען ווי די הזירים
אין די קבֿרים פון זייערע חבֿרים,
אייב מע האָט נאָך זייער לעבן
מטבֿעות זיי מיטגעגעבן.
זיי גייען נישט אַוועק
אַ טריט פון דעם פלעק,
ביז זיי גנבֿנען עטלעכע מאות
פון די מיטגעגעבענע מטבעות". —

"יאָ, זאָג איך, באַבע-לעב קרוין!
זאָגט זשע מיר אָבער שוין:
וואָס טוען זיי מיט דעם געלט
דאָרט אויבן אויף יענער וועלט?"
"זיי", זאָגט מיר מיין באַבע, "שפּעקולירן
אויף אַ משא-ומתן אַווינעם,
וואָס זיי וועלן דערביי נישט פאַרלירן
און נאָך דערצו האָבן אַ סך קונים.
זיי שאַכערן אויס ביי די מתים
די מיטגעגעבענע טליתים;

און אַז די צייט פֿון דעם משיחן
וועט שוין אַמאָל קומען צו קריכן
און אַלע, פֿון גרויס ביז קליין,
וועלן פֿון טויט שוין אויפֿשטיין,
וועט איטלעכער מוזן לויפֿן
ביי זיי דעם טלית אויסקויפֿן;
נו, קענסטו דיר, מיין קינד, גאָרנישט מאָלן,
וויפֿיל מע וועט זיי מוזן באַצאָלן".

„אַז עס זאָל אויף זיי קומען גרויסע לייד!
פֿאַל איך דער באַבען אַריין אין די רייד:
איצט שטייט דאָס ערשט פֿאַר זיי אַגרויס גליק,
אַז זיי קומען פֿון דעם טויט צוריק.
איצט וועלן זיי דאָס ערשטע שינדן די פֿעל,
ווער עס וועט קומען איבער זייער שוועל,
און פֿון אָרעמע לייט רייסן פּאַסעס,
און אָנשיטן גאָר מיליאָנען קאַסעס".

„גיי, זאָגט די באַבע, זיי נישט קיין נאַר,
האָב נאָר נישט אימזיסט אַזוי אַ צער!
משה רבינו, דער פֿרומער, דער גיטער,
וועט זיי שוין מאַכן גוט הייער און ביטער.
ער וועט אויף זיי שוין ברענגען אַ בייזע גזרה,
דעם יתר־עסקאַ וועט ער תיכּף מבטל זיין,
רווחים רייסן וועט ווידער ווערן אַן עבֿירה,
און זיי וועט ער טרייבן אין גיהנום אַריין".

פּלוצלינג האָט זיך מיר געדאַכט, מע קלאַפּט —
און האָב מיך פֿון שלאָף אויפֿגעכאַפּט.

# די שדים

בײ דעם אַלטן הגינאס אײדעם
האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן צוויי שדים;
אַז עס פֿלעגט צו קומען בײדערנאַכט,
האָבן זיי געפּאַטשט און געלאַכט,
געפּייפֿט, געקוויטשעט און געזונגען
און אין קוימען אַרומגעשפּרונגען.
דער בעל־בית איז געווען פֿאַרביטערט,
אַלע הויזלייט האָבן געפּלאַטערט, געציטערט,
גלייך עס וואָלט געווען די גרעסטע קעלט —
האָר און נעגל האָבן זיך קאַפּויר געשטעלט.
מען האָט אַ רבי אַראָפּגעבראַכט,
און דער האָט זיינע זאַכן געמאַכט:
ער האָט געאַרבעט דריבער גאַנצע צוויי וואָכן
און האָט דאָס הויז אַלע טאָג אָפּגעשפּראָכן;
ער האָט געטון אַ סך סגולות
און דערצו נאָך אַנדערע פּעולות;
ער האָט מיט קמיעות באַשריבן אַלע ווענט,
קורץ, ער האָט געטון וואָס ער האָט געקענט.
די שדים זענען אָבער ווי פֿריער געבליבן,
און דער רבי האָט זיי נישט פֿאַרטריבן.

אַ גראָ־מלמד האָט זיך פֿאָרט דערוואויגן
און האָט זיך אין דעם הויז אַריינגעצויגן.
ביינאַכט צו דער אייגענער שעה
זענען די שדים שוין ווידער דאָ

און האָבן אָנגעהויבן ווייערע זאַכן
ווי די פּריערדיקע נעכט צו מאַכן.

דער בעל־בית שיקט אַריין בעטן גאַנץ שיין,
דער מלמד זאָל קומען צו אים אַריינצוגיין,
ווייל ער האָט פאַר די שדים מורא,
און ער איז בטוח, אַז זיין תורה
וועט די נישט־גוטע אַוודאַי פאַרטרייבן
און דאָס הויז וועט פון איצט אָן ריין־בלייבן.

דער מלמד איז תיכף אַריינגעקומען
און האָט אַ משניות מיט זיך גענומען.
ער האָט זיך געשאָקלט איבער דעם משניות,
כאָטש ער האָט דרינען נישט געוואוסט פון זיין היות;
עס איז נישט געווען איין וואָרט,
וואָס ער זאָל קענען אַ וואָרט;
ער האָט געשריגן און געדרייט מיט דער צונג
און געזאָגט גערייזן* ווי אַ גראָבער יונג.

די שדים האָבן זיך זייער דערשראָקן;
זיי זענען געבליבן שטיין ווי די טאָקן.
עס איז זיי געווען אַ גרויס ווינדער,
ווי אַזוי דער קען לערנען מיט קינדער.
עס האָט זיי אַליין אָנגעהויבן צו שווידערן,
זיי האָבן נישט געקענט צוהערן אַזוי פלוידערן —
קורץ, זיי האָבן נישט געקענט איינשטיין
און האָבן תיכף געמוזט אַוועקגיין.

* = גרייזן.

דער בעל־בית האָט זיך נעבעך גאָר דערקוויקט
און די אַנדערע נאַכט ווידער נאָך דעם מלמד געשיקט.
דער מלמד לערנט, די שדים זענען דאָ,
זיי אַנטלויפן אָבער אין אַ פערטל שעה.

„אַהאַ! אַזוי, אַזוי איז דאָס!
זאָגט אַצינד דער בעל־בית:
עך קענט דאָס נישט קיין תורה ליידן?
נו, נו, איצט וועט עך מיך שוין מיידן".

ווי זיי זענען געקומען די דריטע נאַכט,
האָט זיך מיין בעל־בית גאָרנישט וויסן געמאַכט
און שרייט אַריין צו זיין יונג:
„גיב נאָר צום מלמד אַ שפרונג
און בעט אים גאַנץ שיין,
ער זאָל תיכף קומען צו גיין".

אָהאָ! איידער מען האָט זיך אומגעקוקט,
האָבן זיך די שדים אַוועקגערוקט
און זענען שוין מער
נישט געקומען אַהער.

*

אין דער וועלט איז דאָ כּ'לעבן אַלדאָס גוטס:
פון איטלעכער זאַך קען מען האָבן אַ נוץ;
אַפילו אַ גמרא־מלמד אַ גראָבן יונג
זאָלסטו נישט האַלטן גאָר פאַר גרינג;
מעגסט דיר אַפילו פון ערגעץ איינעם פאַרשרייבן
און האַלט אים פאַר אַ סגולה שדים צו פאַרטרייבן.

נאָר קאַטאָוועס גאָר אָן אַ זייט:
איך מיין, אַז ביי איצטיקער צייט
מעגן שוין זיין שדים אַזוי אַסך ווי די פליגן —
מע קען אַליין זיי אַקייגן מלמדים גראָבע יונגען קריגן.

## די פאַרקערטע וועלט

האָט מען נאָך אַזוי איינס געהערט?
הײַנט עפּעס איז הײַנט די וועלט פאַרקערט!
וואָס טייטש: הלפּתא פינער,
דער קמצן, דער נישט-פאַרגינער,
פלעגט שיר נישט צו מאַכן דעם טויט,
אַז מע האָט געגעסן זיין שטיקל ברויט.
און היינט וויל ער די פּאָלעס אָפּרייסן,
מע זאָל דווקא נאָר ביי אים עסן אָנבייסן.
וואָס איז דאָס היינט אַנדערש ווי פּריר?
אַהאַ! ער האָלט איצט אַ טראַקטיר.

## דער בעל-צדקה

פון דעם אַרגסטן ביזשו נאָך אַרגער,
אַז דו זאָגסט, בערל איז אַ קאַרגער;
איך אַליין קען אים עדות זאָגן,
אַז ער פלעגט אַרומצוטראָגן
און צו טיילן אָרעמעלייט
טאַקע אַ גאַנץ לאַנגע צייט
ביטלען געלט אין ביידע הענט, —
און כ'לעבן נאָר אויף פּופּציק פּראָצענט!

## דער פֿרומער מאָגן

די גוטע און פֿרומע שבֿעלע
האָט פֿון תּמיד אָן אַ טבֿעלע,
אַז זי עסט אַ שטיקל טאָרט מיט ציקער,
ווערט זי תּיכּף אַזוי ווי לוט שיכּור.
איך בין אַמאָל דערבײַ געווען
און האָב מיט מײַנע אויגן צוגעזען,
ווי זי האָט געטרונקען בראָנפֿן אַ קוואָרט
און דערנאָך פֿאַרביסן גאָר אַ פּיצעלע טאָרט;
האָב איך בײַ'לעבן צוגעזען אַליין,
ווי זי האָט אויף די פֿיס נישט געקענט שטיין.
ניין, איר גוטער פֿרומער מאָגן
קען קיין שום טאָרט נישט פֿאַרטראָגן.

## דער בעסטער מאַן

„ב'לעבן, מײַן מאַן איז טאַקע דער בעסטער,
ער לויפֿט אין ערגעץ נישט אַרום“,
אַזוי באַרימט זיך מײַן שכנס שוועסטער; —
ווײַל איר מאַן איז בלינד און קרום.

## דער אומזיסטער שם־רע

וואָס קענען נישט בייזע צינגען
אַלץ אין דער וועלט אויסקלינגען!
פּלוצלינג זאָגט מען, דודס פֿאָטער האָט זיך געשמדט.
האָט ער דען נאָר דעם איינעם טאַטן געהאַט?

## דער פּאַרענטפער

„כ׳לעבן, עס איז אַ גרויסע זינד
צו שלאָגן זיין דערוואַקסן קינד".
„יאָ, פּאַרענטפערט זיך ר׳ שמערל ביק:
איך שלאָג דאָך אים אָבער נאָר צוריק..."

## דער בעל־חוב

דוד.

הערסטו, ברודער! איך שווער דיר צו,
איך זאָל זיין אַזוי אַ בעל־חוב ווי דו,
העט איך אָסור קיין נאַכט
קיין אויג נישט צוגעמאַכט.

משה.

און איך ווידער שווער דיר כ׳לעבן צו,
אַז איך שלאָף מיר טאַקע גאָר אין רו;
לאָזן יענע זיין באַזאָרגט,
וואָס איך האָב ביי זיי געבאָרגט.

## די חברים

קאַרגע לייט און חזירים
זענען טאַקע אַ פּאָר חברים:
מע האָט פֿון זייער גוטס
ערשט נאָך דעם טויט אַ נוץ.

## דער פּאַרטראָגענער מוח

אוי, וואָס זאָל איך אייך דאָ אַ סך זאָגן!
שמואל גייט אַרום נעבעך זייער פֿאַרטראָגן.
ער ווייסט שוין נישט אַפֿילו וואָס איז דיין און מיין,
איבער דאָס שטעקט ער די הענט אין פֿרעמדע קע־
שענעס אַריין.

## דער געטרייער מאַן

פּערל

הערסטו, מיין מאַן, שוין ווידער אַ חרבן!
שרה די גבאיטע איז געשטאָרבן!
ווייסטו, עס איז דאָך עפּעס גאָר קיין קאַטאַווועס,
צווישן די אַלטע ווייבער זיצט איצט דער מלאך־המוות.

שמערל

אוי ווי, עס איז טאַקע זייער ביטער!
זע נאָר, מיין לעבן, ווי איך ציטער.
כ'לעבן, איך העט שוין ליבער גערן,
אַז דו זאָלסט גאָרנישט אַלט ווערן...

## דער טעות

דו מיינסט, ווייל היים איז דריי יאָר געזעסן,
איבער דעם קען ער איצט נישט גיין?
ניין, דו ביזט דיך טועה, דו האָסט גאָר פֿאַרגעסן,
אַז ער קען אויף די פֿיס ניט שטיין.

## דאָס חידוש

בערל איז שוין אַלט זעכציק יאָר,
און דערצו פאָרט זענען זיינע האָר
נאָך גאַנץ שוואַרץ, טאַקע אַזוי ווי צינטער* —
ווייל ער האָט ערשט געקויפט אַ פעריק דעם ווינטער.

## דער עזות־פּנים

צו זאָגסט, צאָרטל די מויד איז גאָר נישט פרום,
ווייל זי גייט אַליין מיט הולטייעס אַרום.
שטילער, עזות־פּנים! רעד נאָר נישט אומזיסט;
זי האָט עלטערע קינדער ווי דו ביזט.

## דער דאָקטער גרינד

פאַרוואָס נעמט זיך אונטער דאָקטער גרינד
קראַנקע צו ווערן מאַכן געזינט,
און אַז ער ווערט אַמאָל קראַנק אַליין
הייסט ער נאָך אַן אַנדערן דאָקטער גיין?
פאַרוואָס וויל ער זיך ניט קורירן
און אויס דער קרענק זיך אַרויספירן? —
נאָר וואָס האָט ער נעבעך פאַר אַ ברירה?
מאַבד עצמו לדעת איז אַן עבירה.

## מַצֵבה

דאָ אונטער דער ערד
ליגט באַגראָבן אַ נקבה;
זי איז בלעבן ווערט
די שטיינערנע מצבה;

צונטער ==

וואָרן אַזוי האַרט ווי דו האָסט דעם שטיין געזען
איז ביי איר לעבן איר האַרץ געווען.

## קורח

קורח האָט באַגראָבן זיין געלט מיט דעם קאַסטן
און שווערט זיך, ער וויל ליבער טאָג און נאַכט
פאַסטן,
ביז עס וועט שוין קומען דער טאָג פון זיין טויט,
איידער ער זאָל זיך קויפן אַ שטיקל ברויט.
זאָג, דו בּיזט דאָך זייער קלוג:
הייסט דאָס נישט שוין קאַרג גענוג?
ניין, נאָך קאַרגער איז געווען דער גרעבער יהושוע;
פאַר מורא, טאָמער וועט קורח ניט האַלטן זיין שבועה
און וועט איבער דעם געלט ווידער אַ שליטה האָבן,
האָט ער קורח נעבן דעם קאַסטן באַגראָבן.

## דאָס באָד

טוביה איז גאָר הרוב; וויל ער זיין געזונט, זאָל
ער זיך באָדן
אין די טרערן וואָס ער פלעגט צו וויינען ביי זיין חברס
שאָדן.

## לוט

ביי משהן איז זיין שטאָט גאָרנישט רעכט,
ער זאָגט, זי איז ווי סדום אַזוי שלעכט.
איך גלייב אים כּלעבן איטלעכס וואָרט,
ווייל ער איז דער לוט וואָס וואוינט דאָרט.

## אַ נייע ערפינדונג

איך וועל אייך זאָגן, אָבער גאָר בסוד:
איך האָב געפונען דעם פיפטן יסוד
צו די אַרבע יסודות פון דער וועלט;
נאָר שטיל! גאָר שטיל! איך מיין: דאָס געלט.

## דער מיוחס

מיין מאַן זאָל לעבן, מיין אלקנה,
איז נאָך מער מיוחס פון דער לבנה;
זי איז מלא אין יאָר צוועלף מאָל,
און ער איז עס תמיד, גאָר אָן אַ צאָל.

## דער בעל־רחמן

דוה

איך בעט אייך, ליבער ר' נחמן!
איר זענט דאָך אַ בעל־רחמן;
אַזוי ווי גאָט איז אייך ליב,
לאָזט מיך אַריין אין שטוב.
וואָרן מיינע פיס און די אייערן
זענען מיר שוין באַלד אָפּגעפרוירן.

ר' נחמן

וואַרט, וואַרט, איך שווער דיר בנאמנות,
איך האָב אויף דיר גרויס רחמנות.

דוד

נו, עפּנט זשע מיר שוין אויף די טיר,
אַז איר האָט יאָ רחמנות אויף מיר.

ר' נחמן

ניין, מיין לעבן! שטיי בעסער נאָך אונטערן דאַך,
כּדי איך זאָל קענען האָבן אויף דיר רחמנות אַ סך.

## קורחס מצבה

**דאָ** ליגט אין דער אַדמה
קורחס גוף מיט דער נשמה.

## די דאגה

**אַשר** איז רייך, ער האָט מער נישט צו זאָרגן,
נאָר וואו ער זאָל זיך ערגעץ אַ ביסל חכמה
באָרגן.

## דער פרומער

**יעקב** גייט אַלץ נאָר מיט הולטייעס אַרום —
כּדי מע זאָל זען, אַז נאָר ער איז פרום.

## סגולה צום זכרון

**עס** איז צום זכרון טאַקע שלעכט
אַוועקצושלאָפן גאַנצע ווינטערנעכט.
איבער דעם האָט וואָלף נישט געשלאָפן עטלעכע וואָכן,
נאָר נאַכט ביי נאַכט אַ געוועלב אויפגעבראָכן.

## נאָך אַ חידוש

„**א**לע דריי הפרנסות וואָס גאָט האָט פֿיינט
האָב איך אַלע געזען אין איין מענטש היינט".

„ע, גיי! וואָס רעדסטו דיר דאָ איין;
דל און עשיר קען דאָך אין איין מענטש נישט זיין".

„און איך זאָג דיר, איך האָב עס היינט געזען;
נאָר ווייסטו ווי אַזוי? זיין נאָמען איז אָשר געווען".

## דער פֿרומער מענטש

„**ז**אָג מיר נאָר, מנשה! טוט דיר גאָרנישט באַנג
וואָס דו ליגסט אין קרימינאַל אַזוי לאַנג?"

„וואָס פֿרעגסטו דאָ פּאַר אַ קשיא?
ענטפֿערט נעבעך דער פֿרומער מנשה:

איך ליג דאָך אין קרימינאַל נאָר פֿונדעסטוועגן,
ווייל איך וויל דאָ ליגן, וואו מיינע אָבות זענען געלעגן".

## ד ע ר ז י ו ו ג

**ו**ען גוטקייט
און קלוגקייט,
ווען פֿרומקייט
און שיינקייט

העטן זיך בײנאַנד
געקענט צוזאַמענפאָרן,
העטן זײ דעם לאַנד
געקענט אַסך רעדעלטס פאַרשפאָרן.

## מצבה אויף אַ פרעסער

אוי, לאָזטס רינען אײערע טרערן,
לאָזטס אײער קול פון װײטן הערן!
הערט נישט אויף צו װײנען און צו קלאָגן!
אוי, דאָ ליגט אַ גרויסער מאָגן.

## די שרײַבערס

מיט שרײַבערס איז די גאַנצע װעלט פיל*,
איטלעכער קען שרײַבן אויף יענעם אַ פּאַשקעװיל,
הערטס נאָר אָבער װאָס איך װיל:
עס העט געװען רעכט און שײן,
עס זאָל איטלעכער שרײַבן אַ פּאַשקעװיל —
נאָר פרײ'ר אויף זיך אַלײן.

## די נקמה

עס איז אין דער װעלט זײער אַ גרויסע װיגאָדע;
איטלעכער איז זיך נוקם אויף אַן אַנדער מאָדע.
אַ ראש־הקהל מאַכט אָן אַ קריג,
דער דאָקטער מיט אַ שפּאַנישע פליג,

* = פול.

מיט אַ שווערד דער סאָלדאַט
און מיט אַן עצה דער אַדוואָקאַט.
אַ משולה מאַכט אַ גרויסע הוצאה,
אַ בייזער טאַטע – אַ שלעכטע צאָה,
דער גזלן מיט אַ האַק,
דער רבֿ מיט אַ פּסק,
אַ שלעכטע קעכין
מיט טעפּ ברעכן,
מיט שעלטן און פּליכטן די ווייבער –
און מיט אַ קריטיק דער שרייבער.

# אַסותא

די וועלט האָט זיך אַזוי געוויינט,
מען זאָגט „אַסותא“ ביי אַ נים.
האָט מען עס אין אמת געמיינט?
פון דעם איז איצט דער שמים.
קען ער דען נישט אין זין האָבן:
אוי, איך העט דיך שוין גערן באַ...
אַסותא!

נישט איינער ברענט פאַר פריינדשאַפט היינט
גאָר ווי אַ פייער;
ער שווערט, ער איז מיין בעסטער פריינד,
איך בין ביי אים טייער.
מאָרגן איז דאָס פייער גאָר פאַרלאָשן,
ווייל ער זעט, איך פאַרמאָג נישט אַ גר...
אַסותא!

„דו רײַכער פּעטער! וואָס טוט זיך מיט דיר?
איך ווייס ניט וואָס דו דיר טראַכסט?
משוגע ווער איך דאָך שוין טאַקע שיִער;
איך ווייס נישט וואָס דו מאַכסט".
מיר דאַכט זיך, ער העט שוין גערן געהערט,
אַז דער רײַכער פּעטער ליגט שוין אין דער...
אַסותא!

וויטעלען זאָגט איטלעכער גאָר,
זי איז נאָך יונג און שײַן;
די אַלטע האָט שוין זעכציק יאָר
און אַמיל גאָר אָן צײַן.
דאָס זאָגט אָבער נאָר אַזוי די וועלט,
ווײַל וויטעלע האָט זייער אַסך...
אַסותא!

דאָרט רײַסט זיך אַ ווײַבל בײַ די האָר
אויף איר גאַנץ גרייסן חורבן;
זי פאַרשעלט זיך נעבעך גאָר די יאָר,
דער מאַן איז איר געשטאָרבן.
איך מיין אָבער, דאָס איז דער בעסטער סימן,
אַז זי העט שוין נעבעך גערן אַן אַנדערן גע...
אַסותא!

אַ יונג מיידל פֿון אַ יאָר זעכצן
נעמט אַן אַלטן מאַן.
מען האָט דרויף צו וויינען, צו קרעכצן:
אוי, נישט קיין גליִיך געשפּאַן.

זי האָט אים כ'לעבן געמעגט פאַרשפאָרן,
ער האָט דאָך אַ פנים ווי אַ לוה פון פאַר...

אַכותא:

ערלעך מעסטן מעגט איר אייך לערנען,
פון דער קרעמערין שרה:
זי וויל גאָט טאַקע נישט דערצערנען,
זי זאָל נישט האָבן אַ צרה.
נאָר ווייסט איר וואָס זי מעסט ערלעך, וואָס?
אירע רייד זענען געררעכט נייך...

אַכותא:

געשעפטן גרויסע מאַכט דאָך בערל,
גאָר אויף אַ מיליאָן;
דאָס ווייב גייט זיך אין גרויסע פערל
און בריליאַנטן אָנגעטאָן.
מען פרעגט, פון וואַנען ער דאָס האָט:
עס איז שוין איצט דער דריטער...

אַכותא:

עס איז דאָך גאָר דער גאַנצער וועלט
זייער אַ גרויס ווינדער,
פאַר וואָס האָט מנשה אַ סך געלט
און גאָר קיין שום קינדער?
איך ווייס, איך ווייס, איך וועל אייך שוין זאָגן:
קינדער קען מען נישט לייכט אַוועק...

אַכותא:

זעסט נאָר אָבער ווי עס גייט אין דער וועלט:
ביי זישען איז פאַרקערט די זאַך;
ער האָט ניט זיין אייגנס קיין גראָשן געלט,
און קינדערלעך אַ סך;

ווייל זיין ווייב געווינט אַלע יאָר אַ קינד,
און ער פֿאַרשפּילט ווייל ער שטעלט צו פיל...
אַמותא!
רייכע לייט שטאַרבן אָרעם
און יונגע פֿאַר דער צייט;
ווייל איטלעכער וואָרעם האָט זי'ן דאָרעם,
איז אַ ווערטל ביי לייט.
איבער דעם היטס איך ביי צייטן
פֿאַר שלעכטע דאָקטוירים אי'ן...
אַמותא!
ער איז זייער געשיקט און איבגעקלערט,
שרייט דער אין די גאַסן,
שוין אַלץ, זאָגט ער, האָט ער אין שקאָלע געהערט,
ער האָט געמאַכט די קלאַסן.
פֿרעגטס אים נאָר אָבער די מינדסטע זאַך, —
„אוי, וועט ער זאָגן: לאָזטס מיך גע..."
אַמותא!
יענער ווידער הערט וואַקסן גראָז
און קען אַ קול דערזען;
ער מעסט אָפּ די לופֿט מיט דער נאָז
און טרעפֿט וואָס ווערט געשען.
נאָר האָט ער דערפֿון נעבעך צער
וואָס די וועלט זאָגט, ער איז אַ...
אַמותא!
פֿראַנצייזיש רעדן איז ברייט און ווייט
געקומען אין דער מאָדע,
און עס איז אַפֿילו ביי אַ טייל לייט
זייער אַ גרויסע וויגאָדע.

ווייסט עך אָבער פאַרוואָס, פאַרוואָס?
ווייל מען רעדט עס אונטער דער...
אַמתא!

וואָס זוכט דאָרט יענער טאָג און נאַכט
אין אַלע ספרים אַרום?
ער זיצט אַליין אין אַ שטיבל פאַרמאַכט,
מע זאָגט, ער איז פרום.
איך זאָג איך אָבער: ניין, ניין, ניין,
דער וואָלף האָט נאָך אַלע...
אַמתא!

וואָס, מיינט עך דען, זוכן דאָרט
יענע שטאָט־גבאים?
איך ווייס דאָך שוין איטלעכעס וואָרט,
זיי זוכן נאָך חטאים.
איך וועל מיך אָבער מיט זיי וועטן:
די חטאים זענען אין זייערע אייגענע...
אַמתא!

וואָס פייניקט זיך דאָרט דער ייד
גאָר גאַנצע טעג און נעכט?
ער פאַסט און פאַסט, ווערט נישט מיד,
איז ער דען אַזוי שלעכט?
ניין, ער איז אָסור גאָר קיין חטא,
נאָר ער איז נעבעך אַ גרויסער...
אַמתא!

ווער איז דער אין טלית און תפילין
מיט דער גרויסער בריל?

פֿאַר אים ליגט אָפֿן די גמראַ חולין*,
און ער לערנט שטיל.
דאָס איז דאָך, האַלט זיך מיר, ר' נחום,
וואָס רייסט ביי די אָרעמע אַ סך...
אַסותא!

נישט איינער גייט אין מקווה אַריין,
טאַקע טאָג ביי טאָג;
נאָר נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין
דאָס וואָס איך זאָג...
ער מיינט נישט די הגדה, נאָר די קנײדלעך,
דער בעדער האָט צוויי זייער שיינע...
אַסותא!

אַ גרויסן פּדיון געבן מענטשן
דעם רבין פֿאַר אַ ברכה,
ער זאָל זיי אַ גאַנץ סך בענטשן,
זיי זאָלן האָבן הצלחה.
איך האַלט עס אַפֿילו פֿאַר אַ גרויסן יושר:
דער רבי באַדאַרף דאָך צו ווערן אַן...
אַסותא!

איך העט אייך געמאַכט אַסותאָס אַ סך,
ווען עץ זאָלט נאָר וועלן;
עס איז אָסור ביי מיר קיין גרויסע זאַך,
זיי זאָלן אייך נאָר געפֿעלן.
נאָר נעמטס נישט דעם אַסיתא,
צו באַנוצן אין דער...
אַסותא!

* = חולין.

## נח אַ בעל־מלאָכה

דעם וואָס קען נאָר עפּעס אַ מלאָכה,
דעם שיקט גאָט טאַקע צו די ברכה.
נח האָט אויך דאָס געמוזט פֿאַרשטיין,
ער זאָגט, ער וויל אויך נישט ליידיק גיין;
ער לייגט איצט אַוועק אַלע זאַכן
און לערנט זיך גאָר... אַ זופּ מאַכן.

## דן מיט די פּאות

וואָס מענטשן האָבן אַלץ פֿאַלשע דעות!
זיי זאָגן, דן פֿאַרבט זיך זיינע פּאות,
זיי זאָלן תמיד זיין שוואַרץ ווי צינטער;
ער האָט דאָך זיי ערשט געקויפֿט דעם ווינטער!

## אויף אַ מחבר

ער האָט איבערגעלאָזט קינדער און ספֿרים:
יענע האָט ער געמאַכט רייך, און די אָרעם.

## דער קריטיקער

צו אַ קריטיקער זאָגט פֿאַר זיין טויט
טאַקע זיין בעסטער גוטער פֿריינד:
„דו ביזט דאָך נאָך אין אַזוי אַ נויט
קיינמאָל נישט געווען ווי היינט;

קערכטו דעם איבערשטן דאָרט איבן
באַטש היינט זיין לויב אָפּצוגעבן".
„ניין, ניין, שרייט ער, איך קען נישט לויבן!..."
און האָט אויפגעהערט צו לעבן.

## די נאַראָנים

נאַראָנים מאַכן דעמאָלט די גרעסטע גרייזן,
ווען זיי ווילן דווקא נאָר חכמות באַווייזן.

## דער נוסקנאַקער

דו ווילסט מיט פרעמדע ציין ניס קנאַקן,
הייס זשע דיר דיינע פריער אויסהאַקן.

## דער שפעטער

מען קען נאָך זיינע פעלער נישט פאַרגלעטן
מיט דעם וואָס מען וועט איבער פרעמדע שפעטן.

## די שיכורים

אַלע גוטע שיכורים
װענען ניכטער פורים;
ווייל זיי מוזן וועלן
פורים זיך פאַרשטעלן.

## דער לײדיקגײער

דער פּאָטער

זע, מײַן קינד, קײן מאָל נישט לײדיק צו שטײן.

דער זון

גוט, פֿון איצט אָן װעל איך שױן לײדיק גײן.

## בײַ מײַן געבורטס־טאָג

איך זיץ און קלער מיר שױן אַזױ דאָ
אפּשר מער װי אַ האַלבע שעה,
פֿאַרװאָס האָבן דאָס נאָך מײַנע האָר
זײער גרױס שװאַרצקײט ניט פֿאַרלױרן:
עס איז דאָך שױן דרײַ און פֿערציק יאָר,
זינט איך בין אױף דער װעלט געבױרן?
נאָר איך האָב אַ תּירוץ גאָר אַ קלײנעם:
זײ װערן פֿאַרשװאַרצט מיט מיר אינאײנעם.

## די פֿרומע צירל

װאָס דו טוסט מוזטו טון מיט דער מאָס,
פֿון דעם האַלט אונזער צירל;
זי טרינקט אַפֿילו נישט אױס קײן גלאָז,
נאָר טרינקט בראָנפֿן אַ פֿול קװאַטירל.

## מײַן ערגסטער פֿײַנד

מײַן ערגסטער פֿײַנד
איז אַ פֿאַלשער פֿרײַנד;
פֿאַר יענעם היט איך מיך װי װײַט איך קען,
דער אָבער קען מיר שאַטן לאַדע װען.

## בּלעמס אייזל

עס איז אַ חידוש בּיי איטלעכן באַזונדער,
וואָס בּלעמס אייזל האָט גערעדט איין מאָל;
בּיי מיר איז דאָס אָבער אַ גרעסער וואונדער:
היינט רעדן אייזלען צופֿיל און אָן אַ צאָל.

## די טרערן

עס האָט דיך, זאָגסטו, זייער שטאַרק פֿאַרדראָסן,
וואָס שמערל האָט צו דיינע צרות געלאַכט:
איך זאָג דיר: ניין, טרערן האָט ער פֿאַרגאָסן,
נאָר ער האָט זיך דעמאָלט אַ ציבּעלע געמאַכט.

## יהודא

אז יהודא וועט זיך אײַפּכאַפּן אין קבֿר,
וועט אין אים ציטערן איטלעכעס אבֿר;
קיין שום אָרימאַן האָט ער בּיי זיין לעבּן
אַפֿילו אַ קליין שטיקל בּרויט געוואָלט געבּן;
אַצינד מוז שטיל צוזען אונזער יהודא,
ווי די ווערים מאַכן פֿון זיין פֿלייש אַ סעודה.

## שׂרהס מאַן

שׂרה נעבּעך האָט זיך דערגעסן:
איר מאַן איז געוואָרן דערטרונקען;
זי האָט שוין גאָר געמוזט פֿאַרגעסן,
ער האָט איר פֿאַרמעגן פֿאַרטרונקען.

## דאָס איינרעדעניש

דו ביזט גאַנץ קלוג, רעדסטו דיר איין:
נו! ווי אַזוי קענסטו קלוג זיין?

## אויף אַ גנב

אוי וויי! לאָמיר שטאַרק קלאָגן
מיט זייער אַ גרויס געוויין;
ער פלעגט אַרויסצוטראָגן,
אַצינד טראָגט מען אים אַליין.

## אין הייבל

פון דיין אייגן ווייבל פאַרשוואַרצט צו ווערן,
טאָג און נאַכט נאָר שלעכטע ווערטער צו הערן,
איז בעסער גאָר נישט געבוירן צו ווערן.
דער וואָס האָט אָבער יאָ געפונען אַ ווייב
וואָס איז אַזוי גוט און שטיל ווי אַ טייבל,
דער איז געבוירן געוואָרן אין הייבל.

## דער קידוש־מאַכער

נח מאַכט אַ גאַנצע וואָך קידוש;
זעטס אָבער צו דאָס גרויסע חידוש,
עץ מעגט מיר דאָס גאַנץ זיכער גלייבן.
אַז שבת קען ער נישט אָנהייבן.

דערקוויקן שבת בכבוד האַלטן,
מעג מען זיך קריגן אים באַהאַלטן.
ער לאָזט זיך תמיד אין דער וואָכן
די עסנס אַלע, פון גרויס ביז קליין,
פון זיין אייגענער קעכין קאָכן;
נאָר לכבוד שבת קאָכט ער אַליין.

## טאָג און נאַכט

ער לויבט, זיין ווייב איז קלוג ווי דער טאָג;
איך האָב דעריבער זייער שטאַרק געלאַכט.
בעסער וואָלט געווען דאָס וואָס איך זאָג:
זי זאָל זיין אַזוי שטיל ווי די נאַכט.

## פריינד און שונאים

גוטע פריינד אין דער נויט
גייען ווייניק אויף דעם לויט;
שונאים אָבער אין גליק
זענען דאָ אויף דעם שטיק.

## סערלס מאַנען

פיר מאַנען האָט שוין סערל געהאַט,
און קיינער זאָגט נישט, זי איז נישט ווערט?
דער תירוץ איז גאָר פשוט, גאָר גלאַט:
זיי ליגן שוין אַלע אין דער ערד.

# מיין אומגליק

נישט איין מאָל האָב איך געזעסן ביינאַכט
אויף מיין געלעגער אין חלום,
ווי גאָט האָט מיך גאָר גליקלעך געמאַכט,
איך לעב גאַנץ רואיק, בשלום;
פּלוצלינג האָט אַ האָן
דאָרט אַ קריי געטאָן
און האָט מיך פון שלאָף אויפגעוועקט, —
מיט דעם האָט זיך מיין חלום געענדיקט.

נו, וויל איך מיר בייטאָג גיין אַרום
און מאַכן גאָר דעם גוטן פּלאַן,
איך דאַרף נאָר צו זיין גאַנץ גוט און פרום,
וועל איך אויף דער וועלט גליקלעך זאַן*;
קומען נישט=ווערטע,
שטאַרק אויפגעקלערטע —
און פאַרשטערן מיט זיסע רייד
מיר נעבעך מיין שטיקעלע פרייד.

גאָר גאַנצע טעג און גאָר גאַנצע נעכט,
מוז איך איצט לעבן אין צרות;
מיין חלום און מיין פּלאַן זענען שלעכט,
טויגן ביידע אויף כפרות;
ביינאַכט און בייטאָג
האָב איך לייד און פּלאָג, —
און דאָס אַלץ האָט מיר נאָר געטאָן,
אַן אויפגעקלערטער און אַ — האָן...

* = זיין.

## אַ שטילער שונא

היט דיך פֿאַר אַ שונא אַ שטילן;
די הינט בייסן נישט וואָס בילן.

## די איינברענגערין

אז צאָרטל ברענגט אוים געלט טאָג און נאַכט,
דאָס ווייס איך גאַנץ געוויס:
נאָר איין מאָל האָט זי געלט איינגעבראַכט:
זי האָט איר ערשט קינדס ברית
אינאיינעם מיט איר התונה געמאַכט.

## בערלס פֿאָטער

בערל שענקערס פֿאָטער עליו־השלום
קומט עטלעכע נאַכט שוין צו אים צו חלום.
דאָס העט בערלען שוין נישט אַזוי פֿאַרדראָסן, —
העט נאָר געווען זיין בראָנפֿן גוט פֿאַרשלאָסן.

## לעדערנע מטבעות

מען דערציילט מיר, אַז פֿאַרצייטן
פֿלעגן מענטשן צו פֿאַרבייטן
זילבערנע אויף לעדערנע מטבעות.
מיר דאַכט זיך, זיי זענען נאָך דאָ
נאָך ביז צו דער איצטיקער שעה;
ברידערלעך! איך מיין די קמעות.

## דער צונגפעלער

ווי זאָל דאָס איינעם ניט פאַרדריסן:
מען הערט מנשהן טאָג און נאַכט היסן*,
און דער דאָקטער זאָגט: יאָ, איך דענק,
אַז אַ צונגפעלער איז זיין קרענק!
נאָר דער דאָקטער איז גערעכט,
ניין, ער זאָגט גאָר נישט שלעכט:
וואָס ביי אַ ניכטערנעם איז אויף דער לונג,
איז נעבעך ביי מנשהן אויף דער צונג.

## חַיים

גאָר גאַנצע טעג און גאַנצע וואָכן
האָט זיך חיים דעם קאָפּ געבראָכן,
צו וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אַ נאַר.
דער קאָפּ האָט זיך אים איבערגעקערט,
און ניין, ער האָט עס פאָרט נישט דערקלערט.
חיים! ווער איז זיך דאָס נישט משער?...

## מיינע פריינד

די מענטשן קען איך ערשט דערקענען,
ווען זיי ליגן שוין אין קבֿר טויט;
מיינע פריינד אָבער — וואָס זיי זענען
דערקען איך, ווען איך בין אין דער נויט.

* = הוסטן.

## אַ טייערער ייד

זאָגן „אַ טייערער יוד" האָב איך אָפט געהערט,
אויף דעם אַנדערן ווידער: „ער איז נישט ווערט".
זאָגט מיר: וואָס איז דער חילוק? איך בעט איך,
איז דען טייער און נישט־ווערט נישט גאָר גלייך?

## מנשה שוטה

דאָ ליגט מנשה שוטה
אויף צווישן די טויטע!
מיין פון אַלע פאַרדינט ער אַ לויב,
וואָרן אויס אַ נישט איז געוואָרן אַ שטויב.

## גאָר קיין מורא

וואָס האָט מען פאַר דעם טויט מורא צו האָבן?
מיר דאַכט זיך, אַז ער איז נאָך אַ גרויס גליק:
וואָרן די אַלע וואָס מען האָט באַגראָבן
ווילן דאָך שוין נישט מער קומען צוריק.

## צ אָ ר ט ל

דריי מאַנען האָט צאָרטל באַגראָבן
און וויל שוין ווידער התונה האָבן!
נאָר וואָס וויל מען נעבעך האָבן פון איר?
זי זאָגט, אַז גאָט העלפט, ווי נעמט זיך פיר.

## שמעון הקרן

דער גראָבער אַרענדאַר, דער הקרן שמעון,
איז טאַקע יאָ אויף דעם אמת געקומען.
„משה רבינו, זאָגט ער, האָט גוט געמאַכט,
וואָס ער האָט פון הימל די לוחות געבראַכט;
וואָרן זיסט ווי אַזוי העט געוואוסט אַ ייד,
ווען עס וועט געפאַלן אין לענטשנע דער יריד?"

## תחית-המתים

אָ! אָן תחית-המתים פלעגן
פילע מענטשן גאָרנישט צו גלייבן;
אַזוי לאַנג זענען זיי געלעגן,
זאָלן זיי זיך אַצינד אויפהייבן?

## גרשון ווערט פרום

ראש-חודש אלול ווערט גרשון פרום.
איטלעכער קלערט נאָך, וואָס דאָס קען זיין:
טאָג און נאַכט גייט ער פאַרטראַכט אַרום
און קוקט אַלץ נאָר אין הימל אַריין!
וואָס, מיינט עך, זוכט ער דאָס דאָרט איבן?
טוט ער דאָס אַלץ אַזוי שטאַרק תפילה?
אָדער זאָל ער דאָס אַלץ גאָט ליבן? —
ניין, ער זוכט דאָרט איבן... די בתולה*.

* = בתולה.

## ווייבערישע תּפילה

אַסך תּפילה טון איז ביי ווייבער אַ פֿרייד;
זיי מוזן דאָך אויסרעדן די ניין מאָס רייד.

## דאגות נאָך דעם טויט

דער קאַרגער היים ליגט באַגראָבן אָטאַדאָ,
קיין אָרעמאַן פֿלעגט ער צו געבן אַ דרייער;
ער האָט נאָך דאגות ביז דער איצטיקער שעה:
וואָס זיין מצבֿה האָט געקאָסט אַזוי טייער.

## די פֿויערן

מען זאָגט, אַז אין די שטעטישע מויערן
וועט מען קיינמאָל נישט וואוינען קיין פֿויערן.
ליגנט! איך אַליין האָב דאָרט אַסך דערווישט;
נאָר דער הילוק איז — זיי אַרבעטן נישט.

## צו מיין ביכל

האָט עמעץ דיינע רייד ווי אַרבעס געקליבן
און מיינט, איך האָב אים, נאָר אים דאָ באַשריבן,
האָט ער זיך בילעבן שוין גאָר אַליין געקלאָגט,
וואָרן וואָס איך וויים נישט האָט ער אַליין געזאָגט.

# עטינגערס כּתבים אין צוויי חלקים

אַרויסגעגעבן לויט די מאַנוסקריפּטן מיט
אַ ביאָגראַפישן און ביבליאָגראַפישן
אַריינפיר און מיט הערות פון
ד״ר מאַקס וויינרייך



# אלע כּתבים פון ד״ר שלמה עטינגער

## דאָס אַנדערע חלק

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין / 1925

# אינהאַלט פון אַנדערן חלק:

## דראַמעס



## הוספות

# סערקעלע

אָדער

## די יאָרצייט נאָך אַ ברודער

גאָר אַ ניי טעאַטער־שטיק
אין פינעף איפציען

Motto:

Kein Laster ist so albern, das sich nicht
Der Tugend Anstrich anzukünsteln wüßte.
Der Kaufmann von Venedig

## פּאַרשוינען:

ר׳ משה דאַנצקער, אַן אויפגעקומענער עושר

סערקעלע, זיין ווייב

פריידע=אַלטעלע, זייער טאָכטער, זי רופט זיך אָן אויף דייטש פרידעריקע

הינדע, אַ יתומה, סערקעלעס ברודערנטאָכטער

ר׳ גבריאל העגדלער, אַ שפּעקולאַנט

מאַרקום רעדלעך, אַ סטודענט, וואָס לערנט זיך דאָקטעריי

ר׳ יוחנן, אַ שדכן

אַ פרעמדער

אַ דאָקטער

ר׳ שמעלקע טרוויניקס, אַ ליטוואַק, ער איז דער בעל-בית פון דעם גאַסטהויז וואָס הייסט „די מרגלים"

בערל, זיין הויז-יונג

חווה, אַ דינסטמויד } ביידע ביי ר׳ משה דאַנצקער
חיים, אַ משרת

ירחמיאל, אַ משרת ביי ר׳ גבריאל העגדלער, ער זאַהיקעט זיך, אַז ער רעדט

שמשים און לאַמפּערטעס

די מעשה איז אין לעמבערג

# אַ וואָרט פריי׳ר

סאַמע גוטס נאָר גאָר אַליין
קען אין דער וועלט נישט באַשטיין;
וואָרן ווי אַזוי קען מען וויסן, אַז עס איז גוט
אַז מען ווייסט גאָר פון דעם שלעכטן ניט.
איך בין אַזוי קלוג,
עס איז פאַר מיר גענוג,
אַז מען וועט אין דעם ביכל דרינען
כאָטש נאָר אַ ביסעלע גוטס געפינען.
סערקעלע! גיי אין דער וועלט אַריין,
לאָז מען דיך אַ ביסל דערקענען.
איינער וועט זאָגן, דו ביזט גוט און פיין,
דער אַנדערער וועט דיך פאַרברענען.
איך בעט אָבער נאָר דאָס איינע —
עס איז אַ בקשה, אָבער גאָר אַ קליינע —
לאָז מען טון מיט סערקעלען, וואָס מען וויל,
נאָר קיינער מיר לאָז מען זיין גאָר שטיל.

דער מחבר

# ערשטער אויפצי

אַ שטוב בײַ ר׳ משה דאַנצקער מיט דרײַ טירן: אײנע אין דער רעכטער זײַט, וואָס מען גײט דורך איר צו די איבעריקע שטובן; אײנע אין דער לינקער זײַט, וואָס מען גײט דורך איר צו סערקעלעס שלאָפחדר, און אײנע אין דער מיטן, וואָס מען גײט דורך איר אויף דער גאַס אַרויס. אין דער שטוב שטײט אַ ביסל מעבל, דהײַנו: אַ קאַנאַפּע מיט עטלעכע שטילעכער, אַ שאַפּע, אַ קאָמאָדע; אויף דער וואַנט הענגט אײן שפּיגל, און נאָך אײן שפּיגל אַ גרויסער שטײט קעגנאיבער דער טיר וואָס איז אויף דער רעכטער זײַט, אויף דער ערד; און אין מיטן דער שטוב שטײט אַ קײלעכדיקער טיש.

# ערשטער אַרײַנקום

## חיים אַלײן, דערנאָך חוה

**חיים** שטײט בײַ דער טיר וואָס גײט אויף דער גאַס אַרויס און מאַכט זי צו. דערנאָך צײלט ער פֿון אײן האַנט אין דער אַנדערער אַרײַן געלט אײנס, צװײ, דרײַ צוואָנציקער, אָ־וואַ, כּ׳לעבן, אַ רײַניש מינץ, דאָס הײסט אַ ביסל אַ גוטער מענטש געװעזן! אָט בײַ אַזוי אַ בעל־הבית, ווי דער ר׳ גבריאלכן איז, איז טאַקע גאָר אַ תּענוג צו זײַן, — עס איז גאָר עפּעס אַנדערשט, ווי בײַ מײַן בעל־הבית, מען דאַרף נישט אַמאָל די האַנט אין קאַלט וואַסער אַרײַנצוטון און מען פֿאַרדינט שוין געלט. הע? יאָ, מאָנטאָג און הײַנט איז ער דאָ געװעזן, האָט ער מיר כּ׳לעבן שוין צוויי רײַניש מינץ געגעבן. — אײַ, אַלטעלע איז אָסור גאָר קײן נאַר נישט. איך זאָל זײַן אַ מיידל, העט איך אים אויך ליב געהאַט, און

פֿאַרוואָס דען נישט? ער איז דאָך טאַקע אַ גוטער מענטש, אַ קלוגער מענטש, אַ שיינער מענטש; הלוואי איך מיר כאָטש די העלפֿט געזאָגט, העט הווה מיט מיר געווען אַנדערש געשמועסט. וואָס די טראַכט זיך, קען איך אָסור נישט פֿאַרשטיין! ער שטעלט זיך קעגן דעם גרויסן שפּיגל, וואָס שטייט אויף דער ערד פֿאַרלעבּן, איך בין אויך קיין מיאוסער יונג נישט, האָב אויך געקרייזלטע פּאהלעך, נו, און אַז איך בין יאָ שוין אַ ביסל געשטופּלט, — אָ וואַ, ביינאַכט זענען אַלע אָקסן שוואַרץ! ער מאַכט אַלעמאָל אַן אַנדערע העוויה קעגן דעם שפּיגל איך זאָל נאָר וויסן, וואָס פֿאַר אַ פּנים איך זאָל מיר מאַכן, איך זאָל איר קענען געפֿעלן! אַזוי? ניין — אפֿשר אַזוי? אי פֿע! אַזוי גייט זיך דאָך גאָר די גאַל איבער פֿאַר מיר. אָ וואַ! אַזוי? פֿאַרלעבּן, קיין הויות נישט. חווה קומט צו גיין דורך דער טיר וואָס איז אין דער רעכטער זייט גאַנץ שטיל, בלייבּט שטיין און קוקט צו, ווי חיים מאַכט העוויות קעגן דעם שפּיגל. חיים דערזעט זי אין דעם שפּיגל, ער פֿאַרדרייט זיך נישט, נאָר שמייעסט זיך ווייטער צו איר אין שפּיגל אַריין הווה־לעבּ! איך האָב דאָך דיך פֿאַרלעבּן זייער ליבּ, פֿאַרוואָס האָסטו מיך נישט אַזוי ליבּ? קוק מיך נאָר אַצינד אָן, איך בין אָסור נישט מיאוס, דו ביזט נאָר אַ ביסעלע איינגעשפּאַרט, און זעסטו — ער קלינגט אין דער האַנט מיט דעם געלט געלט האָב איך אויך! חווה לאַכט זייער הויך און אַנטלויפֿט. חיים לויפֿט איר נאָך איף דעם שפּיגל אַרויף אין פֿאַלט אַרויף און פֿאַלט אַנידער, צעבּרעכט דעם שפּיגל און צעשיט דאָס געלט.

# צווייטער אַריינקום

## סערקעלע, חיים

סערקעלע אוי ווי מיר! וואָס איז דאָס, וואָס איז דאָס?! איך בין אַוועק! זי האַלט זיך בּיי די זייטן אוי! האָב איך ווער יאָ כּח אַזוי צו שרייען? משוגע זאָלסטו שוין ווערן, וואָס האָסטו

געטען? דעם גוטן שפּיגל! מיין בּייזער חלום זאָל זיך צו דיין קאָפּ אָנהייבּן און אויסלאָזן, דו גנבֿ! דו פּושע־ישׂראל! האָבּ דיר אַ שוואַרץ יאָר, אוי וויי מיינע כּוחות! דער יונג וועט מיר נאָך דעם טויט מאַכן! אַז טאָג אַז נאַכט זאָל זיך אַ יונגאַטש נאָר שפּיגלען; העט ער כאָטש שיין געוועזן, העט מיך שוין אַזוי נישט גאַרט, אָבּער אַזוי אַ פּאַסקודניק!... וואַרט נאָר, וואַרט, לאָז נאָר מיין מאַן אַהיים קומען, מיין משה וועט דיר שוין געבּן פּאַר ס׳דיינעקע! איך, ווייסט איין גאָט, האָבּ שוין קיין כּוח נישט, מיר דאָס געזונט מיט אייך אָפּצורייסן. אוי וויי מיינע כּוחות!

**חיים** *הייבּט זיך פּאַמעלעך אויף, קלויבּט דאָס געלט אין די שטיקלעך שפּיגל צונאַנד און זאָגט אין דער שטיל צו זיך* נאָך דאָס שלימזל האָט מיר געפעלט, אַז די מיוחסת זאָל גראָד אָנקומען אויף מיינע צרות. *ער קרעכצט הויך* אוי מיין קאָפּ! אוי מיין קאָפּ! איך האָבּ מיך גאָר דערהרגעט!

**סערקעלע** אַ מיצווה גדולה, ווער געהרגעט פּאַר אַלע יידישע קינדער, — וואָס האָסטו אָבּער נאָך פון דעם זיניקן שפּיגל געוואָלט האָבּן, הע?

**חיים** אוי! דעם שפּיגל מיינט איר? — אוי, איך האָבּ אים נאָר אַזוי אַבּיסל געוואָלט איבּערפּוצן, אוי! און פּאַר גרויס איילעניש בּין איך אַזוי ווי געפאַלן, אוי! איך האָבּ מיך גאָר צעהרגעט.

**סערקעלע** בּיזטו קראַנק געוועזן הוהן צו רופן, זי זאָל דיר העלפן? וואָס האָט זי דען צו טון, די חצופה! האָט זי דען מער ווי דאָס טעפל צו פאַרזאָרגן? אימשטיינסנעזאָגט! אַ יין שלימזל גרעסער ווי דאָס אַנדערע! אוי מיינע כּוחות! העט איך נאָר נישט אַזוי הרובֿ געוועזן... אַ גאַנצע לעבּע טאָג זיצט זיך נאָר דאָס מיידעלע בּיי דער צרה, בּיי דעם פורעניות, בּיי איר הינדע־

לעבן, און העלפֿט איר נאָך אירע גנבֿישע שטיקלעך אויספֿירן— וואַרט נאָר, וואַרט, לאָז נאָר מיין משה אַהיים קומען, אוי מיינע כּוחות!

**חיים** נו, גאָלדענע בעל־בּיתטע! בּייזערט איך שוין נישט, הווה איז אָסור גאָרנישט שולדיק.

**סערקעלע** פֿאַלט אים אין די רייד אַריין גערעדיקט זאָלסטו נאָר ווערן מיט איר בּחבֿרותה,—ווער דען איז שולדיק, איך? אוי! ווי הערלעבט מען שוין נאָר איי'רער אַלע פּטור צו ווערן; וואָלט איך אפֿשר פֿאָרט אַמאָל געקענט קומען צו מיינע פֿרי'ריקע כּוחות.

**חיים** נו, בּייזערט איך שוין נאָר נישט, בעל־בּיתטע־לעבן! איך וועל אייך שוין פֿון אַצינד אָן אַלץ פֿאָלגן, אַפֿילו אין פֿייער אַריין, אַבי בּייזערט אייך נאָר נישט.

**סערקעלע** אַ, געשעדיקט זאָלסטו ווערן, וואָס טייטש איך זאָל נישט בּייז זיין? קען מען דאָ נישט בּייז זיין? וואָס פֿאַר אַ תּירוץ וועל איך דאָ קענען מיין משהן זאָגן, הע?

**חיים** ע, דער בעל־בּית וועט זיך גאָרנישט אומקוקן, ער גייט דאָך אָנדאָס טאָג און נאַכט אַלץ אינאיינעם אַרום פֿאַרטראַכט.

**סערקעלע** פֿאָרשט אים וואָס זאָגסטו? ער גייט אַרום פֿאַרטראַכט? וואָס האָט ער צו טראַכטן, וואָס?—וואָס טראַכט ער, וואָס, הע?

**חיים** ווייס איך, וואָס ער טראַכט? וואָס גייט דאָס מיך אָן, איך בּין דאָך נאָר אַ משרת. — וואָס גייט מיך אָן, וואָס דער בעל־בּית טראַכט?

**סערקעלע** נו־נו, זאָלסט דיך נאָר דערוועגן נאָכצופֿאָרשן, וואָס דער בעל־בּית טראַכט, איך זאָל נאָר ווידער עמיצן אַזוי דערהווישן, ווי איך האָב אַנומלט הווהן הינטער דער טיר דער־ווישט—ווינטש איך מיר אָסור נישט אין אייער הויט צו שטעקן.

**חיים** ע, בעל־ביתטע־לעבן! איך וועל אייך זאָגן, וואָס חווה איז אַנומלט געשטאַנען הינטער דער טיר—זי האָט דאָס מיך געמוזט זיין.

**סערקעלע** אַוודאי מוז מען ערשט מיט ליכט זוכן אַזוי אַ נאַר, ווי דו ביזט. נאָר הער נאָר צו—וואָס האָב איך דיר דאָ עפּעס געוואָלט זאָגן? — אוי מיינע כוחות! — יאָ, זעסטו... איך האָב מיך דערמאַנט... גיי, גיב מיר נאָר אַ שפּרונג אַריבער צו רעד־רעכן, און זאָג אים, איך האָב אים זייער שיין געלאָזט בעטן, ער זאָל היינט ביינאַכט קומען צו מיר אין שלאָפצימער אַריין, וואָרן איך בין עפּעס הרוב. איך העט געוועזן געשיקט נאָך אַן אַנדערן דאָקטער, נאָר עס דאַכט זיך מיר, אַז ער קען שוין מיין נאַטור... אוי מיינע כוחות! נאָר הערסטו, גיב אַכטונג, דאָס פּורעניות זאָל דערפון נישט געוואויר ווערן, — דו ווייסט דאָך שוין, וועמען איך מיין, העי?

**חיים** אוי, אוי, אוי! אויב איך שטים מיך, וועמען איר מיינט! איר מיינט דעם בעל־בית אַוודאי?

**סערקעלע** גיי, ווער געשעדיקט! זי זאָגט צו זיך אין דער שטיל איטלעכער נאַר האָט זיין שכל ביי זיך—דאָס הייסט געוועזן אַ ביסל אַ גנב! (הויך צו חיימען) ווייסט נישט, אַז איך מיין הינ־דען? דאַרף מען אים ערשט אַרויסצוטיטשן, דעם שוטה. נו גיי שוין, גיי. אָט קומט שוין עמעץ!

**חיים** נעמט מיט דעם צעבראָכענעם שפּיגל און גייט אַוועק.

# דריטער אַריינקום

**ר' גבריאל, סערקעלע** און צום סוף **חווה**

**ר' גבריאל** גוט מאָרגן, סערקע־לעבן! וואָס מאַכט איר גוטס? כ'לעבן! איר זעט היינט זייער גוט אויס, אָן אַן עין־

דרע. נאָר וואָס איז דאָס? פֿאַרוואָס גייט איר דאָס היינט אָן דעם שטערנטיכל?

**סערקעלע** מיט חן יאָ, יאָ, גוט זע איך אױס, שפּעטס נאָר, שפּעטס! פֿראַוודע, איך זאָל ווידער קענען קומען צו מיינע פֿריערדיקע כּוחות, העט עפּעס אַנדערש געווען, אָבער אַזוי, אומשטיינסגעזאָגט — וואו בין איך שוין די שיינע סערקעלע, וואָס איך בין אַמאָל געווען! האָ, האָ! נישטאָ שוין די לײַכטזיניקע סערקעלע, וואָס אַלע פֿלעגן נאָך איר צו שטאַרבן, אוי מיינע כּוחות! — הע, הע, הע, איך קען מיך נאָך אַזוי ווי היינט דערמאָנען, ווי איך האָב דאָס ערשטע שלייערל אָנגעטון, און מען האָט מיך אין שול אַריין געפֿירט — וואָס פֿאַר אַן איבערגעלייף איז דאָס געווען! יונג און אַלט האָט מיר נאָכגעקוקט — מען האָט נאָר געדאַרפֿט צו הערן, ווי די גרעסטע נגידות האָבן זיך געשמועסט: „די שיינע סערקעלע גייט, די שיינע סערקעלע גייט“. — אָבער איצט, וואו זע איך שוין גוט אױס, עס זענען שוין גאָר נישט די צייטן, וואָס זענען געווען בײַ לייטן.

**ר' גבריאל** ע! וואָס פֿעלט אײַך דען נאָך היינט? איר זאָלט נאָר געזונט זיין! צו זיך אין דער שטיל נאָך וואָס טויג עס איר?... הויך צו סערקעלען פֿאַרוואָס גייט איר דאָס אָבער היינט אָן דעם שטערנטיכל?

**סערקעלע** וואָס טייטש, איר ווייסט נישט? היינט ווערן דאָך דאָס פֿיר יאָר, אַז מיין גילדענער, איינציקער, שיינער ברודער איז נעבעך אונטערוועגנס געשטאָרבן. היינט, אומשטיינס־געזאָגט, איז דאָס נעבעך מיין דוד־לעבנס יאָרצייט.

**ר' גבריאל** נו, באַדאַרפֿט איר, אַ שלאַף מענטש, נאָך צו טרויערן? איר האָט דאָך בײַ דער גילדענער בּשׂורה אַוודאי גענוג געוויינט, וואָס ווילט איר נאָך?

**סערקעלע** גלייבט מיר, מיין ליבער ר׳ גבריאל, אַז הוין דעם, וואָס איך האָב זייער געיאָמערט, געוויינט און געקלאָגט, וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל עס שוין גאָר נישט איבערלעבן, האָט מיר די שוואַרצע, פֿינסטערע בשורה נאָך גאָר מיין איבעריק ביסל כוחות אַוועקגענומען, אוי מיינע כוחות! וואָרן מאַלעם עס שטאַרבט אַ ברודער, אָבער אַזוי אַ ברודער! אַזוי אַ כשרע נשמה! אַזוי אַ וואוילקענעוודיקער! אַזוי אַ צדיק! זי ווישט זיך די אויגן און וויינט ווייטער.

**ר׳ גבריאל** אַ, סערקעלע! פֿע, שעמט אייך. איר וויינט? וואָס האָט איר אייך דאָ איצט גראָד דערמאַנט? אַזוי אַ קלוגע יידענע ווי איר זענט זאָל וויינען? פֿע, שעמט אייך כ׳לעבן, נו, נו, גענוג... הערט שוין אויף, איך קען נישט צוזען, אַז מען וויינט.

**סערקעלע** וויינט אוי וויי, מיינע כוחות! העט ער כאָטש געזען אַ קדיש איבערגעלאָזט — נאָר דאָס איינע טרייסט מיך נאָך, מיין משה זאָל לעבן זאָגט אַלע יאָרצייט קדיש נאָך אים.

**ר׳ גבריאל** און אים הינדען וועט עפּעס זיין אַ לייט?

**סערקעלע** אַט, פלוצלינג, אַפילו נישט נעבן לייט: די צרה, דאָס פורעניות וויס איך עפּעס? אומשטיינסגעזאָגט, שאָ־נס טון, אַקייגן רעדן — דאָס קען זי. גלייבט מיר, ער עליו השלום, זאָל זיך מיען פֿאַר אונז, זאָל אַצינד איפּשטיין און זאָל אָנקוקן דאָס גילדענע טעכטערל וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, העט ער כ׳לעבן נאָך אַמאָל געוועזן געשטאָרבן פֿאַר צרות.

**ר׳ גבריאל** אַ חידוש כ׳לעבן! זי שיינט עפּעס קיין שלימעזאַלניצע צו זיין, אַ חידוש כ׳לעבן. מיט פֿריידע־אַלטעלען ביינאַנד, דאָס הייסט דאָך גאָר ווי אויפּגעצויגן געוואָרן, און פֿאָרט אַזוי אַ צרה צו זיין?!

**סערקעלע**: האָט מיר נישט פֿאַראיבל, וואָס פֿאַרגלייכט איר דאָ די צרה, די לייד, צו מיין אַלטע־לעבן? אָך איז מיר! אַ שיינער חילוק!... מיינט איר אָבער, אַז ווייניק געזונט האָט מיך דאָס געקאָסט? אוי! וואו ווענען דען מיינע כוחות אַהינגעקומען? ווי געפֿעלט אייך איר נייען? אָט האָט זי זיך גאָר אַליין אַ פּאָר קעשענעס אויפֿגענייט! — אין איר העפֿטן, און איר שטיקן? האָט איר געזען דעם גויאישקן אַבעצעדלע וואָס זי האָט אויסגעשטיקט? און איר רעדן? אין איר שרייבן? און איר בוך לייענען, — האָט דאָס גאָר אַ שאַך? פֿראַנצייזעריש אין דייטשעריש ווי אַ וואַסער!

**ר' גבריאל** ווי אַלט איז זי, זי זאָל לעבן? איך מיין, עס איז שוין צייט זיך צו סטאַרען אום אַ חתן?

**סערקעלע** וואָס מיינט איר, ווייל זי איז אָן אַן עין הרע אַזוי אינטערגעוואַקסן? זי איז פֿאָרט נישט מער אַלט — ווי — ווי דרייצן יאָר.

**ר' גבריאל** אמת צו זיך אין דער שטיל אָן שבתים און אָן יום־טובים.

**סערקעלע** וואָרן ווי אַלט, מיינט איר, בין איך דען גאָר אינגאַנצן? מען מעג זאָגן, וואָס מען וויל — איך בין פֿאָרט מער נישט אַלט ווי — ווי זיבענעצוואַנציק יאָר.

**ר' גבריאל** טאַקע אייך אמת. צו זיך אין דער שטיל שוין פֿון צען יאָר אָן אַלץ אין איין עלטער.

**סערקעלע** נאָר דער ברודער האָט מיך גאָר געעלטערט, און די צרה, די הינדע, נעמט מיר צום איבעריקן מיין ביסל געזונט אַוועק; אוי־ווי, מיינע כוחות! צו דער התונה בין איך, פֿראַווּדע, געווען אַ גרויסע מויד, ווי אַ שיינע סאָסנע, און האָב געלייכט

ווי די זון אים תּמוז; עס האָט קיינער נישט געוואָלט גלייבן, אַז איך זאָל ערשט דרייצן יאָר אַלט זיין.

**ר׳ גבֿריאל** *צו זיך אין דער שטיל* איך גלייב עס נאָך נישט. *הויך צו סערקעלען* און האָט אַזוי יונג חתונה געהאַט? כּ׳לעבן! די מאַכטער קער אויך, צו די יאָרן חתונה צו האָבן, וואָס די מוטער.

**סערקעלע** יאָ, ווער שמועסט, עס זאָל זיך נאָר טרעפֿן עפּעס רעכטס.

**ר׳ גבֿריאל** ע, וואָס! גיט איר נאָר אַזוי עפּעס אַ גוטן בּחור, ער זאָל איר קענען פּרנסה געבן. היינטיקע צייטן קוקט מען ווייניק אויף יחוס — אַז מען טוט מיט דעם שווער, זיצט מען דערנאָך מיט העם בער.

**סערקעלע** וואָס? יחוס? וואָס באַדאַרף זי דאָס נאָך מיין יחוס? איז זי דען שוין פֿון מיין צד אַליין נישט גענוג אַ מיוחסת? מילא דער ראָבּטשיצער רבֿ — איז דאָך געווען — הע? — גאָר אַ נאָנטער קרובֿ; און דער סאַוראַניער מגיד עליו־השלום איז געווען מיין פֿעטערס שוואָגער אַ לייבלעכער, הע? — יאָ, אַ — אַ לייבלעכער קרובֿ, און דעם חם צבֿים שוואָגערס זיידע און איר עלטער־זיידע זענען געוועזן פֿון מוטערס צד... לייבלעכע מחותּנים.

**ר׳ גבֿריאל** *צו זיך אין דער שטיל* שוין טויזנט מאָל האָב איך דאָס פֿון איר געהערט. *הויך צו סערקעלען איבערדעם* זאָג איך דאָס, איר זאָלט איר נאָר זען עפּעס אויסזוכן אַ פֿיינעם יונג, עפּעס אַ גוטן בּחור.

**חוה** *קומט דורך דער טיר, וואָס אין דער רעכטער זייט* בעל־ביתטע! קומט אַריין, דער בעל־בית איז געקומען.

**סערקעלע** גיי, גיב אים שוין דאָס זינדיקע ביסל קאַווע, ער קומט דאָך דאָס נעבעך ערשט פֿונם דאַווענען. האָט נישט פֿאַראיבל, מיין ליבער ר׳ גבֿריאל, איך מוז אַריינגיין צו מיין מאַן.

**ר׳ גבריאל** נישקשה, גייט געזונטערהייט.

**סערקעלע** אוי מײַנע כּוחות! זי גייט אַוועק מיט חווהן.

# פּערטער אַרײַנקום

## ר׳ גבריאל און דערנאָך פֿריידע־אַלטעלע

**ר׳ גבריאל** אַליין געלויבט צו גאָט, אַז איך בין אירער שוין פּטור געוואָרן — זי׳ העט מיר דאָ נאָך צען מאָל איר יחוס אויסגערעכנט, ווי אַזוי דער פּויזנער מגיד האָט אָנגעקערט איר געשוועסטערקינד אַ בערדיטשעווער — הזן. נאָר עס איז שוין אַזוי אין דער וועלט: אַז מען קריגט נאָר געלט, ווערט מען שוין תּיכּף שײן, קלוג, פֿרום, אַ גרויסע מיוחסת און אַפֿילו ייִנגער אויך. ווער עס האָט די סערקע פֿאַר אַ יאָר זיבן נישט געקענט, ווען זי פֿלעגט נאָך מיט שפּייז און מיט מעל צו זיצן! ווער האָט זיך דאָס דעמאָלט געריכט אויף סערקען דער מעל־ייִדענע! ווער האָט זיך דען דעמאָלט גאָר אומגעקוקט אויף איר? אָבער איצט — זי האָט געלט, און ווער איז איר גלײַך? דאָס טעכטערל, די גרינע צרה, האָט פּלוצלינג פֿון העלער הויט אַלע מעלות געקריגן, — נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן, איך דאַרף נאָר צו זען, זי זאָל האָבן געלט. איך וועל מיך שוין פּאָרען, איך זאָל זי אין קיבער אַרײַנקריגן. פֿון מײַנעטוועגן מעג זי זײַן גרין אײַך; איך האָב שוין אַמאָל אויף דער מלכּה גרין אויך אַ גרויסן קאָן אויסגענומען — שאַ! אָט איז זי דאָ! ער מאַכט זיך קעגן דעם שפּיגל די פּאות און דעם קאָלנער צורעכט און נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק אַ גוטן מאָרגן, מײַן שײן פֿריילײַ! וואָס מאַכן זי גיטס?

**אַלטעלע** שמייכלט מיט חן אַ שיינעם גוטן מאָרגן, העיר הענדלער, איך דאַנקע איהנען. ווי האַבען זי געשלאָפֿען דיזע נאַכט?

**ר' גבריאל** וואָס טייטש? וואו האָב איך געזאָלט שלאָפֿן? אין דער היים האָב איך געשלאָפֿן, איך נעכטיק תמיד אין דער היים.

**אלטעלע** לאַכט האַ-האַ-האַ, זעהען זי, מיין לעהרער האָט געזאָגט, דאָס ווען מאַן יעמאַנדען פֿראַגט: „ווי האַבען זי געשלאַפֿען?" זאָ מוס ער אַנטוואָרטען: „גוט"; אונד ווען מאַן יע-מאַנדען פֿראַגט: „וואָ האַבען זי געשלאַפֿען?" זאָ מוס ער אַנטוואָרטען: „צו הויזע".

**ר' גבריאל** מילא, אום וואָס גייט עס אינע דאָ, מיין שיין פֿריילײַ, צי מוז מען זאָגן „ווי", צי מוז מען זאָגן „וואָ"? איך זאָג אינע, אַז דער לערער איז אַ שוטה, אַ נאַר; דאָס איז אַלץ איינס, צי זאָגט מען „ווי", צי „וואָ", צי „וויי" — אַבי מע שלאָפֿט.

**אלטעלע** שטעלט צוויי שטולן צונאַנד און זעצט זיך אויף איינעם איך ביטע, נעהמען זי פּלאַץ. פֿאָן וועמען האַבען זי דיזע נאַכט גע-טריימט?

**ר' גבריאל** זעצט זיך נעבן איר זעען זי, מיין שיין פֿריילײַ! עס האָט זיך מיר אַגאַנצע נאַכט געטריימט נאָר פֿון אינע, עס האָט זיך מיר געדאַכט, ווי מיינע בריקעס מיט סחורה זענען שוין פֿון לייפּציק אָנגעקומען, און איך האָב אינע אויסגעקליבן זייער אַ שיינע מאַטריע אויף אַ קליידעלע.

**אלטעלע** איין צייג אויף איין קלייד? אַך! איך ביטע זי, וואַס פֿיר איינס? פּילייכט אַ-לאַ פֿערוואַלטער שקאָט?

**ר' גבריאל** יאָ, יאָ, טאַקע אַ-לאַ אַלטער שטאָק. חוץ דעם אָבער האָב איך אינע באַזונדער געבראַכט אַ פּאָר בראַנזלעקעס, קינצלעכע. זי האָבן אָבער גאָר נישט געוואָלט צונעמען, וואָס איך האָב זי געבעטן, געבעטן און געבעטן. און איך וויים נאָך נישט,

פּאַרוואָס זי האָבן בײַ מיר אַזוי אַ קלײַן געשענק נישט געוואָלט צונעמען.

**אַלטעלע** איך האָב ניכט וואָללען אננעהמען? פֿאָן איהנען? נײַן, דאַס קאָן ניכט זײַן. זעהען זי, מײַן ליבער הער הענדלער, דער לעהרער זאָגט אימער, דאָס אײַן טרום ניכט וואַהר איזט, אונד ער האַט גאַנץ רעכט, דען פֿאָן איהנען מעכט איך אַלעס אננעהמען.

**ר׳ גבריאל** פשיטא?! ער נעמט פון דער קעשענע אַרױס די מאַטריע און אַ פּאָר בראַנזאַלעטקעס און גיט אַלטעלען איצט וועל איך זען, אויב זי זענען אַ וואָרטסמאַן!

**אַלטעלע** באַפּט געשווינד צו די זאַכן אַה, שעהן, איך דאַנקע איהנען.

**ר׳ גבריאל** נײַן, מײַן שײַן פֿריילײַ! זי באַדאַרפֿן מיר גאָר פֿאַר אַזוי אַ קלײניקײט נישט צו דאַנקען, איך וואָלט אירעט־וועגן כ׳לעבן מײַן גאַנץ פֿאַרמעגן אַוועקגעגעבן, און ווייסן זי פֿאַרוואָס? ווייל איך האָב זי טאַקע זייער ליב.

**אַלטעלע** קוקט אים שטאַרק אין פּנים אַרײַן און שמייכלט מיט הן אונד דאַס קאָמט איהנען פֿאָן הערץ? זעהען זי, אונד איך קאָן אידנען ניכט מעהר אָפּפֿערן, אַלס — זי גיט אים די האַנט ער זאָל איר אַ קוש געבן.

**ר׳ גבריאל** כאַפּט זי אָן בײַ דער האַנט און גיט איר אַ קוש אין פּנים אַרײַן מײַן גילדן אַלטעניו! איך האָב אײַך טאַקע זייער ליב.

## פינפטער אַרײַנקום

### חוה, ר׳ גבריאל, אַלטעלע

**חוה** זעט, ווי זײַ קישן זיך און לויפן אויסאַנאַנד; זי זאָגט צו זיך אין דער שטיל אָט־אַ־דאָס איז כ׳לעבן אַ שײַן פּאָר פּלאָקן! הויך צו

אַלטעלען פֿריידע־אַלט... זי כאַפּט זיך אין רעדן צוריק פֿרייליך! גייען זי אַריין, דער לערער איז געקומען און האָט זי געהייסן אַריינרופֿן.

**אלטעלע** ווער, רעדליך? דער קונדאַס! זאָג איהם, ער זאָל מיך קאָממען וואַרגען, איך האָב אויף איהם לענגער געוואַרט, איצט זאָל ער וואַרטען.

**חווה** הייבט אָן אין שטוב אויפצורוימען.

**אלטעלע** נון? וואָרום געהסטו ניכט? דו מיסטפּיך! דאָס האָב איך נאָך אין מיין לעבענסטאָג ניכט געזעהן! איין מענש זאָל אַזוי הים זיין, ווי דו איזט! געשעדיקט זאָלסטו ווערן.

**חווה** וואָס בין איך שולדיק, אַז די בעל־ביתטע שעלט מיך, פֿאַרוואָס איך רוים דאָ נישט איף.

**אלטעלע** מיט כעס דאָס איזט איין לודער! זי זעהט, עס זינד יעצט געסטע היר, שטעלט זי זיך יעצט אויפֿרוימען! הינדע זאָל מיט איהר עטוואָס שאַפֿען, העט זי באַלד געלאָפֿען, אונד מיך, ווען איך איהר טויזענד מאָהל וואָס זאַגען זאָל, פֿאָלגט זי פֿאָרט ניכט. זי נעמט אָן חווהן ביי דער האַנט און וואַרפט זי אַרויס גיי, דו בעסטיע!

**ר׳ גבריאל** נו געניג שוין, בייזערן זי זיך שוין נישט, מיין שיין פֿריילי! עס קען אינען נאָך שאַדן. זענען זי נאָך בייז?

**אלטעלע** אָ ניין, ניין, ווען זי נור וועק איזט, בין איך שאָן ניכט מעהר בעזע, — מאַן מוס נור אימער זעהען די דינסטען אין דען גרעסטען רעשפּעקט צו האַלטען.

**ר׳ גבריאל** אוי, מיין משרת, מיין ירחמיאל, אַזוי אַשטומער יונג ער איז, אַזוי ווי ער קען נישט רעדן, אָבער פֿאַר מיר האָט ער דעם גרעסטן פּרעשפּעקט, פֿאַר מיר מוז ער די נכפּה האָבן.

**אלטעלע** ווען איך אַמאָהל פֿאָר מיר זיין ווערדע, זאָ

ווערדע איך נור קריסטליכע דינסטען האלטען, די וויססען זיך שעהן צו בענעהמען — ניכט וואהר?

**ר׳ גבריאל** ווען וועט דאס אבער שוין אמאל זיין, ווען? איך האב, פראוודע, נעכטען ווידער געשמועסט מיט ר׳ יוחנן שדכן, און ער האט מיר צוגעזאגט, אז ער וועט היינט רעדן מיט דער מאמען און מיט דעם טאטן. גלייבן זי מיר, מיין שיין פריילי, אז פאר דעם סילוק האט מען זיך גארנישט צו זארגן! אט האב איך ערשט אבריוו געהאט פון די ברידער סיקארד פון טריעסט, אז עס גייט מיר שוין הונדערט צענטן קאווע און הונדערט צענטן צוקער, אחוץ וואס עס קומט מיר ווידער אן פון ווין באקאליעס און אנדערע פראדוקטן.

## זעקסטער אריינקום

### ירחמיאל, ר׳ גבריאל, אלטעלע

**ירחמיאל** (נעממט אראפ דעם ספארעק) באַ־באַ־באַ־באַ־בעל־בית! גייט שוין אַ־אַ־אַהיים.

**אלטעלע** (לאכט זייער).

**ר׳ גבריאל** זעען זי, פאר גרויס פרעשפעקט קען ער אזש דאס ווארט נישט ארויסרעדן! (צו ירחמיאל) וואס ווילסטו, וואס?

**ירחמיאל** קו־קו־קו־קומט שוין אהיים, אז מען באַ־באַ־באַ־באַדארף אים, מוז מען ערשט לויפן זוכן. דער פאַ־פאַ־פאַ־פאטשטער איז געקומען מי־מי־מי־מיט אַ־אַ־אַ בריוו.

**ר׳ גבריאל** נו גיי זאג אים, ער זאל ווארטן אמינוט, איך קום תיכף צו גיין, אדער—זאג אים, ער זאל דיר איבערלאזן דעם בריוו.

**ירחמיאל** דעם שלל הא־הא־האב איך אויך געהאט,

ער בייזערט זיך אָבער, אוּ־אוּ־און, שעלט איך מי־מי־מי־מיט בּינסטערע קללות, ווייל אי־אי־איר זענט אים אַ־אַזוי אויך שוין שו־שו־שולדיק פֿאַר עטלעכע בּריוו און גי־י־י־יט אים שוין אַ־אַ־אַזוי לאַנג נישט אָפּ.

**ר׳ גבריאל** נעמט אים אָן און וויל אים אַרויסוואַרפֿן נו גיי שוין צו אַל די שוואַרצע יאָר.

**ירחמיאל** נו, אי־אי־איך גיי שוין, וועט אי־אי־איר אָבער אַ־אַ־אַהין אויך נאָכקומען?

**אלטעלע** לאַכט זייער שטאַרק דאָס הייסט איין רעשפּעקט!

**ר׳ גבריאל** וואַרפט ירחמיאלן אַרויס נו, גיי שוין, דו שטומער הונט.

**ירחמיאל** גייט אַוועק.

**ר׳ גבריאל** דאָס איז ער נאָר אַזוי פֿאַרשאַרט געוואָרן, ווייל ער פֿאַרדינט ביי מיר אַזוי פיל געלט פֿון מעקלעריי און צעטלגעלט; אַקאַטאָוועס, מיינען זי, פֿאַרדינט דער אַלבּראָש ביי מיר אָן די סחורות, וואָס קומען אָן אַלע וואָך? וואָרן מענטשן ווילן גאָר דאָס גלייבן?

**אלטעלע** אָ! איך גלויבּע איהנען, איך וויס, איך וויס, זי זינד זעהר רייך. זעהען זי, מאַן רעדעט מיר נאָך איין, נאָך איין— זי דערמאָנט זיך אַ ביסל נאָך איין—אי! איך האַב פֿערגעססען, ווי מאַן רופֿט עס אַן—ווי עס הייסט דאָרט, אויף יידיש—אַ, אַ—

**ר׳ גבריאל** אֶפּשר גאָר, הלילה, אַ שידוך?

**אלטעלע** יאַ, יאַ, זאָ רופֿען עס די יודען. זעהען זי, אונד דער בּרייטיגאַם איזט איך אויסעראָרדענטליך רייך, ער האַט זיין אייגענס זעהר פֿיל געלד, זילבּער אונד ציהנג אונד איין זעהר גראָסעס איינפֿוהרהויז היר אין לעמבּערג.

**ר׳ גבריאל** ע! גלייבן זי נישט, דאָס איז אַלץ ליגנד, דאָס זאָגט נאָר דער שווינדלער, דער שדכן, אַזוי, כּדי ער זאָל קריגן אַ סך שדכנות. איך וועל מיך וועטן, אַז ער האָט קיין געלט, קיין צירונג — און קיין הויז אויך נישט — איך קען שוין די שווינדלערס, די שדכנים!

**אלטעלע** איך ווייס יאַ אַבער זעלבסט, דאַס ער האַט איין זעהר גראָסעס הויז, אונד די מוטטער זאַגט, דאַס ער איזט זעהר, זעהר רייך.

**ר׳ גבריאל** אונד איך שווערע אינע, אַז ער איז אַ גרויסער קבצן, אַ לײדאַק, אַ שווינדלער, און דער שדכן איז אַ ליגנער, אַ כּזבן.

**אלטעלע** וויססען זי דען שאָן, ווער דער ברייטיגאַם איזט?

**ר׳ גבריאל** וואָס טויג מיר דאָס גאָר צו וויסן, אַז איך ווייס נאָר, אַז ער איז אַ גרויסער אָרעמאַן, אַן אֶביון — איז שוין גענוג. אָט וועל איך דאָך טאַקע תּיכּף געוואויר ווערן, ווי הייסט ער, ווי?

**אלטעלע** ער הייסט ר׳ שמעלקע טרויניקס.

**ר׳ גבריאל** *צו זיך אין דער שטיל* אָ וואַ! אַזוי בין איך טאַקע אין דער ערד, דער איז טאַקע אַ גרויסער עושר. נאָר אַ קלוגער יונג קען זיך אַן עצה געבן. *ער לאַכט הויך* האַ־האַ־האַ, נו, וואָס האָב איך געזאָגט? דער ליטוואַק! דער שווינדלער! דער אֶביון! מיין אייגנס זאָל איך האָבן, וואָס ער איז מער שולדיק אויף וואָכנגעלט, ווי ער פאַרמאָגט. *צו זיך אין דער שטיל* אַ נאַר בין איך, נאָך וואָס טויג עס מיר? *הויך* אין דעם פאַסקודניק, דעם אַלטן כאַפּאַק ווילן זי נעמען פאַר אַ חתן? *ער לאַכט ווייטער* דעם פאַסקודנע ליטוואַק? דעם בייזן מענטש, וואָס האָט ערשט אַ ווייבל נעבעך דעם טויט געמאַכט?

**אלטעלע** האָט ער אידר הערן דען טאָר געמאַכט? זי וואַר יאַ איממער געזונד, נור זי איזט פֿער צופֿאַלל פֿאָן די טרעפ הערונטער געפֿאַללען אונד איזט געשטאָרבען, וואָס איזט ער שולדיג?

**גבריאל** וואָס ער איז שולדיק? יאָ, ווער ווייסט? אז אַזוי אַ ליטוואַק האָט פֿיינט אַ ווייב, קען בלייבן גאָר זיין, אַז דער רוצח האָט זי אַליין פֿון די טרעפ אַראָפּגעוואָרפֿן, כדי ער זאָל זי קענען גאָר גרינג פּטור ווערן.

**אלטעלע** ער וואַר יאַ אַבער דאַמאַלס גאַר ניכט היר אין לעמבערג.

**ר' גבריאל** ער פֿאַלט איר אין די רייד אַריין און רעדט גאַנץ געשווינד אָבער זיינע משרתים זענען יאָ הי געווען, הע? אָבער בריוולעך האָט ער איר געשריבן, דער גולן, הע? — נו, נו, נו, האָט ער זיך שוין געוואָוסט אַן עצה צו געבן, דער רוצח! ער ווערט קלאָמערשט בייז נו, לאָזן זי מיך שוין גאָר גיין און נעמען זי זיך דעם ליטוואַק פֿאַר אַ חתן, איך וועל בלייבן איך קריגן אַ שיינע כלה — איך וועל אָסור איך נישט פּאַרזיצן. נאָר עס איז גאַנץ גוט צו קענען זעלבע מענטשן, ווי זי זענען. ווי איך זע איין, מעג איך שוין אַוועקגיין? ער וויל קלאָמערשט אַוועקגיין.

**אלטעלע** כאַפּט אים אָן ביי דער האַנט און לאָזט אים נישט גיין אַבער, ליבער הערר הענדלער! געהען זי ניכט, אום גאָטטעס וויללען, זיין זי נור ניכט בעזע, איך וויל איהם יאַ גאַר ניכט, דעם ליטוואַק, ער זאָלל נאָך טויזענד מאַהל זאָ רייך זיין, ער זאָלל האַבען מיליאָנען הענדלער זיין איגענס! זי, נור זי, מיססען ווער־דען מיין בריייטיגאַם, איך וויל געוויס קיינען אַנדערען.

**ר' גבריאל** קערט זיך צוריק אום און קושט איר די האַנט אַזוי, זעען זי, איז גאָר עפּעס אַנדערשט. אַזוי האָב איך זי גאַנץ

ליבּ, מיין שיין פֿריילי! האַלטן זי זיך נאָר בּיי איין וואָרט, אַז זי ווילען נאָר מיך, וועט אַוודאי גאַנץ גוט זיין.

**אלטעלע** אָ יאַ, געווים, געווים, איך ווערדע מיך געווים בּיי איין וואָרט האַלטען. זי מיססען מיין בּרייטיגאַם ווערדען, זי מיסבּען מיין מאַנן ווערדען — נור זיין זי ניכּט מעהר בּעזע, איך בּיטע איהנען.

**ר' גבריאל** ניין, ניין, איך בּין אַצינד שוין נישט בּייז, נאָר פֿאַרדראָסן האָט עס מיך פֿאָרט, אַז אַזוי אַ קלוג, אַזוי אַ געשיקט, אַזוי אַ שיין פֿריילי, ווי זי זענען, זאָל פּלוצלונג נאָכ־זאָגן זעלכע נאַרישקייט, וואָס אַ לייראַק, אַ שדכן האָט דאָרט אָנ־געפּלוידערט.

## זיבּעטער אַריינקום

### ירחמיאל, ר' גבריאל, אלטעלע

**ר' גבריאל** בּיזטו שוין ווידער דאָ? וואָס ווילסטו?

**ירחמיאל** דער פּאָ־פּאָ־פּאָטשטער מאַכט מיך גאָ־אָ־אָר משוגע, איך זאָל אַ־אַ־ייך אַהיים שלעפּן.

**ר' גבריאל** נו גיי שוין, האָבּ דיר אַ שוואַרץ יאָר. צו אַלטעלען אַטיעס, מיין שיין פֿריילי! אַטיעס, איך מוז שוין גיין, איך מוז אַוודאי האָבּן זייער נייטיקע בּריוו פֿון ווין און פֿון דאַנציק, איך וועל נאָך היינט דאָ זיין, ר' יהונן וועט אַוודאי אויך היינט זיין בּיים טאַטן. הערן זי נאָר, וואָס ער וועט ענטפֿערן, און האַלטן זי זיך נאָר בּיי איין וואָרט — פֿאַרשטיין זי מיך שוין?

**אלטעלע** זאָרגען זי נור ניכּט, עס ווירד געווים אַזוי בּלייבּען, ווי איך וויל —

**ר׳ גבריאל** ווייל שוין גיין אַטיעס, מיין שיין פֿריילײַ! אַטיעס.

**אַלטעלע** האַלט אים ביי דער האַנט וואַרטען זי נור, וואָס איילען זי אַזוי? ווערדען די הייטע זיין אויף דעם טעאַטער?

**ר׳ גבאיאל** יאַ, מיין פֿריילײַ!

**אַלטעלע** וואַס ווירד דען הייטע געגעבען?

**ר׳ גבריאל** ווי תמיד, אַ האַלבער צוואָנציקער.

**אַלטעלע** לאַכט האַ־האַ־האַ, אַבער וואַס פֿיר איין שטיק ווירד הייטע געשפּילט?

**ר׳ גבריאל** אַלינאַ אָדער לעמבערג אויף יענער וועלט.

**אַלטעלע** זי מיינען, אַלינאַ אָדער לעמבערג אין איינעם אַנדערן וועלט־טייל!

**ר׳ גבריאל** דאָס איז אַלץ איינס. נו, אַטיעס. מיין שיין פֿריילײַ! האַלטן זי זיך נאָר, למען השם, ביי איין וואָרט! איך האָב איצט גאָר קיין צייט נישט, איך מוז שוין גיין. אַטיעס, בלייבן זי מיט געזונט.

**אַלטעלע** געהען זי מיט געזונד.

**ר׳ גבריאל** און **ירחמיאל** גייען אַוועק.

## אַכטער אַריינקום

### אַלטעלע אַליין

זי באַקוקט די בראַנזאָלעטקעס מיט דער מאַטריע און מאַכט זיך צי־רעכט די לאָקן קעגן דעם שפּיגל, דערנאָך גייט זי אַרום אין שטוב און זינגט:

וועער זיך פֿאָן דעם טרויאַנגסרינגע
גאָלדענע טאַגע פֿילע פֿערשפּריכט —
אָ! דער קעננט דען לויף דער דינגע
אונד דאַס הערץ דער מעננער ניכט.

מאַנכע וואַרף זיך אָהנע זאָרגען
אין דעם מאַננעס אַרם, ווי דו,
אונד בעוויינטע דען אַנדערן מאָרגען
איהרע פרייהייט, איהרע רוה.

*זי בלייבט שטיין אין לאַכט* האַ=האַ=האַ, דאַס איזט מיר דאָס איין ליד. זאָ איין יאַהר זאָלל נאָר שמעלקע ליטוואָק האַבען — נײן, מיט מיר און מיט מיינעם העגדלער ווירד עס גאַנץ אַנדערס זיין; איך וייס, איך בין פאָן זיינער ליבע איבערציינט. וואַס ער מיר שאָן אַללעס איבערגעשענקט האַט, זייט ער צו אונז הערייגקאָממט, אוי, אוי, אוי! *זי בלייבט אַ ביסל שטיל, דערנאָך רעדט זי מיט חן* אַך! אונד מיין הערץ, מיין גוטעס הערץ, שפריכט נור פיר איהן! איין נאַר מעכט איך זיין, איך זאָהל נעהמען דעם ליטוואָק אונד זאָלל נאָך דער האָלצייט אויך געהען יידיש אַנגעצאָגען. *זי מעסט זיך אָן קייגן דעם שפיגל די מאַטריע אין די בראַנזאָלעטקעס* אַך! דאַס ווירד מיר אַנשטעהען, און ווען נאָך איין הוט מיט פעדערן דאַ צוקאָממען ווירד — אַך ווי שעהן! ווי הערליך ווערדע איך אויסזעהען! יאַ, דייטש מוס איך געהען, אונד מיין העגדלער אויך! אַך, ווען וויר זאָ איינמאַהל אויסגעהען ווערדען, אויף איין שפּאַציר — עס ווירד אינס געוויס נימאַנד ערקענען, דאַס וויר יודען זינד. *זי בלייבט אַ ביסל שטיל* ווען נור דער פאַרפלוכטע שדכן שאָן איינמאַהל קאָממען מעכטע. אונד וואַס ווירד איהם די מאַמעניו אַנטוואָרטען? *זי טראַכט נאָך* רייך איזט ער זעהר, דאַס איזט וואַהר; ער האַט עס מיר יאַ עטליכע מאַהל זעלבסט געזאַגט. כלעבן, איך ווערדע זעהר גליקליך ביי איהם זיין, אַללע מיידלעך ווערדען מיך בענײדען. *זי שווייגט אַ ביסל, דערנאָך גיט זי זיך פלוצלונג אַ כאַפּ* אַך! איך האַבע גאַנץ אַן דער שטונדע פערגעססען! דער רעדליך מאַכט מיך אויך גאַנץ טאָלל מיט זיינער לעקציאָן. ווען נאָר וועהרענד דער שטונדע ר' יוחנן ניכט קאָממען

מעכטע. נאָר איך ווערדע די לעקציאָן אויף נאָכמיטטאָג זעהען אבצולעגען, דענן נאך מיטטאג ווערדע איך שלאפען. (זי לאכט און לויפט אוועק.)

## ניינטער אריינקום

**הינדע** (קומט פון דער טיר, וואס איז אין דער רעכטער זייט, גאנץ פארזארגט.) אוי! וואס מען מוז נישט אליין לײדן, אז מען האט קיין טאטע און קיין מאמע נישט! איך טאר נישט זיין אין שטוב, ווען אלטעלע לערנט מיט רעדלעכן! איך בין שולדיק, וואס רעדלעך זאגט, אז איך קען די לעקציאָן נאָר פון צוהערן פון וויטן בעסער ווי פרידעריקע! — גאָט ווייסט, עס איז מיר שוין באלד אוממעגלעך לענגער אויסצוהאלטן די טעגלעכע עגמת־נפש פון ברײדען און פון דער מומען באזונדער. וואס איך טו, געפעלט זיי אליין נישט. (זי איז זיך א ביסל מיישב) נאָר אפשר בין איך טאקע אזוי א שלימעזאלניצע, אזוי א צרה, ווי זיי זאָגן? יאָ, העט מיר דאָך דאס אבער רעדלעך געוועזן פארגעהאלטן און געזאָגט: „דינעם אונד דיזעס, מיינע ליבע הינדעלע, האבען זי שלעכט געמאכט; היר האבען זי געפעהלט, זוכען זי דיזע פעהלער ווידער גוט צו מאכען". און אז ער זאָל מיר געוועזן נאָר איין מאָל זאָגן, העט איך דאָך אים אוודאי געפאָלגט. און ס'אנדערע, איך זע דאָך, אז אפילו גוטס, וואס אלע מענטשן מוזן זאָגן, אז איך האָב רעכט געטון, טאָר איך אויך נישט טון: פארוואָס? וואָרן עס וועט פרידען פארדריכן, אז איך האָב רעכט געטון! (זי בלייבט א ביסל שטיל) אוי! ווי ליב די מומע פלעגט מיך צו האָבן, ווען איך בין נאָך ביים טאטן עליו־השלום געוועזן. גאָט איז מיין עדות, אז איך האָב זי נאָך איצט אקוראט אזוי ליב, ווי דעמאָלט; און צו פאָרט זע איך, ווי

זי קריגט מיך אַלע טאָג מער פֿיינט. אוי! היינט ווערן דאָס פֿיר יאָר, אַז מיין גילדענער טאַטע איז געשטאָרבן! נאָך איצט שטייט ער מיר פֿאַר די אויגן, גלייך ער העט געלעבט; ווי ער האָט מיך פֿאַר זעקס יאָר, איידער ער איז אַוועק פֿון אונז, גענומען אויף דער האַנט און האָט מיך געקושט און געוויינט. איך געדענק עס נאָך אַזוי ווי היינט, ווי ער האָט געזאָגט, ער וועט וואַרטן ביז רעדלעך וועט קומען אים דער שול, ער זאָל זיך מיט אים געזעגענען. ניין, אין מיין לעבן וועל איך דאָס נישט פֿאַרגעסן דאָס קושן, דאָס האַלטן און דעם כאַפּ אַרום מיט ביידע הענט, ווי ער איז נאָר אַריינגעקומען, גלייך ער העט געוועזן זיין אייגן קינד. אַפֿילו פֿרעמדע מענטשן האָבן, אויף אונז קוקנדיק, געקלאָגט און געוויינט. זי ווישט זיך די אויגן און וויינט גוטער טאַטע! זיסער טאַטע! האָט דיר שוין דעמאָלט דיין האַרץ געזאָגט, אַז 'ח וועסט שוין נישט מער אַהיים קומען? אַז דו וועסט דיין קינד שוין מער נישט זען? אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל געוועזן? זי רעדט ווייטער אַלע מאָל מער אָן כוח און אַזוי ווי פֿאַרטראַכט יאָ, יאָ, דאָס לעצטע מאָל געוועזן! לעצטע מאָל?—ניין, ניין. האַרציקער טאַטע! ניין... איך וועל עס שוין באַלד נישט מער קענען אויסהאַלטן. ניין, גוטער טאַטע! עס איז נישט געוועזן צום לעצטן מאָל, ניין, נישט צום לעצטן מאָל האָסטו דיין איינציק קינד געזען — וועלן מיר זיך באַלד, יאָ באַלד, ווידער זען! זי פֿאַלט גאַנץ פֿאַרשלאָפֿט אַנידער אויף דער קאַנאַפּע.

## צענטער אַריינקום

### הינדע, חוה

חוה קומט אַריין און זעט נאָך נישט הינדען דאָס עפּעלע פֿאַלט נישט ווייט פֿונעם ביימעלע! ווי די מוטער, אַזוי דאָס טעכטערל! אַלטע

האָט היינט אויף דער לינקער זייט געמוזט אויפשטיין, וואָס זי האָט אַזוי אַלץ געוואָרט פֿון דער פֿרי אָן מיט מיר און מיט הינדען. וואו איז הינדעלע? איך האָב געמיינט, זי איז דאָ. זי קוקט זיך אום אין דערזעט הינדען; זי גייט צו איר צו און זעצט זיך נעבן איר אַנידער אויף דער קאַנאַפּע הינדע־לעבן! וואָס ליגסטו אַזוי, מיין האַרץ?! מאַך דיר ניט מיט פֿרייעדע, זיי כ׳לעבן גאָרנישט דרויס, איך בעט דיך. זי נעמט זי אַרום און קישט זי מיין גילדן לעבן! מאַך דיר גאָר קיין עגמת נפֿש נישט דרויס, וועסט זען, ווי גאָט וועט דיר נאָך העלפֿן; דו וועסט זען, אַז דו וועסט נאָך אַמאָל זייער גליקלעך זיין. זי וויינט און ווישט זיך אָפּ די טרערן פֿון די אויגן וויין נישט, מיין לעבן! מיין האַרץ! וויין נישט, איך בעט דיך.

הינדע ביזט זייער גערעכט, חוה! נישט וואָר? איך זאָל נישט וויינען, זאָגסטו? ביזט אפֿשר גערעכט, נאָר עס האָט אַ פּנים, חוה־לעבן, אַז דו האָסט גאָר פֿאַרגעסן, וואָס היינט פֿאַר אַ פֿינסטערער טאָג איז.

חוה גלייב מיר, אַז איך וועל פֿריער פֿאַרגעסן, אַז איך לעב, איידער אָן דער צרה פֿון דעם היינטיקן טאָג! איך ווייס אַוודאי גאַנץ גוט, אַז היינט איז מיין גוטן בעל־הבית׳ס יאָרצייט, נאָר זאָג מיר, מיין לעבן: איז דען נישט איטלעכער טאָג, זייט דער פֿינסטערער בריוו איז צו דער מומען געקומען, ביי דיר אַזוי ווי תשעה־באָב? האָב איך דען נאָך פֿון דעמאָלט אָן געזען פֿון דיר אַ פֿריילעכע מינוט? כ׳לעבן! עס איז אָסור גאָר קיין עבֿירה נישט, מעגסט שוין טאַקע אַ ביסל פֿאַרגעסן, דו מוזט דאָך דיין געזונט איך זען צו שוינען.

הינדע חוה! דו זאָלסט דאָס זאָגן, דו? זי זעצט זיך אויף דיר זאָל זיך גאָר קענען די צונג ליגן דערצו, אַזוי איינס צו זאָגן? דו, וואָס דו ביזט ביי אונז אין הויז דאָס הייכט דאָך גאָר

טאַקע ווי אויפֿגעציגן געוואָרן? דו, וואָס דו ווייסט זייער גוט, וואָס פֿאַר אַ טאַטן איך האָב געהאַט, זאָלסט אַצינד אַזוינס קענען זאָגן? דו, וואָס דו ווייסט זייער גוט, ווי גליקלעך איך בין געווען, זאָלסטו קענען אַצינד זאָגן, אַז איך זאָל אָן מיין גילדענעם טאַטן נעבעך פֿאַרגעסן? גאָר אינגאַנצן פֿאַרגעסן? — אַפֿילו אָן דעם טאָג, ווען זיין פֿינסטערע יאָרצייט געפֿאַלט, זאָל איך אויך אָן אים פֿאַרגעסן? נישט וואָר, חוה, דו ביזט געדעכט?

חוה נו, נו, מיין לעבן! איך בין אומגערעכט, דו ביזט גערעכט, דו קענסט נישט פֿאַרגעסן — ווער קען דען יאָ אַזוי אַ טאַטן פֿאַרגעסן? זאָג מיר נאָר אָבער, מיין לעבן — אַז דער טאַטע איז יאָ אַזוי גוט געווען קעגן דיר, פֿאַרוואָס האָט ער...

הינדע פֿאַלט איר אין די רייד אַריין דו מיינסט אפֿשר דאָס, וואָס ער האָט אויף דער מומען דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן אָפּגעזאָגט? — גלייב מיר, מען מעג זאָגן, וואָס מען וויל — מן הסתם האָט ער געוואוסט, וואָס ער טוט, וואָרן די גאַנצע וועלט ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פֿאַר אַ חכם ער איז געווען, און ווי ליב ער האָט מיך, זיין איינציק קינד, געהאַט. דו אַליין קענסט דיך נאָך דערמאַנען, ווי ער פֿלעגט צו ווינען: אין גאַנצע נעכט נישט צו שלאָפֿן, אַז איך בין נאָר עפּעס שלאַף געווען. איבער דאָס מיין איך, אַז ער האָט אַוודאי געמוזט האָבן אַ גוטן טעם, וואָס ער האָט אַזוי געטון. און ס'אַנדערע, העט איך שוין גליקלעכער געווען, ווען איך זאָל האָבן דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן? ער איז פֿאָרט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל געשטאָרבן, און איך האָב קיין טאַטן נישט.

חוה וואָס דאָס פֿאַרמעגן העט דיר געווען געהאָלפֿן? דם! העסטו געדאַרפֿט צו זיין ביי דער מומען? העסטו געדאַרפֿט די צרות, די לייד פֿון איטלעכן באַזונדער צו ליידן, וואָס דו ליידסט איצט? העט געטאָרט אַלאַדע פֿאַרך דיר אַ וואָרט רעדן? און לאָמיר זיך נאָר גאָר נישט נאַרן, — ווער שמועסט פֿון עפּעס

אַנדערשט, העטן נישט געקענט נעבן דיר נאָך אַנדערע מענטשן — פאַרשטייסטו, וואָס איך מיין — אַנדערע מענטשן — אויך נעבן דיר גליקלעך זיין, העַ?

**ה י נ ד ע** קוקט חווהן גוט אין פּנים אַריין און פאָרשט זי איך פאַרשטיי נישט — אַנדערע מענטשן? וועמען מיינסטו? ווער זענען דאָס די אַנדערע מענטשן? איך ווייס נישט — מיינסטו אפשר דיך?

**ח ו ו ה** גלייב מיר, הינדע־לעבן! איך ווייס, וואָס איך רעד, כ'לעבן! איך רעד נישט פון קיין הויל פּאַס אַרויס, — נאָר זאָג מיר נאָר, איין זאַך וועל איך דיך פרעגן: זאָג מיר, וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן, וואָס דו ביזט קעגן מיר אַזוי שלעכט געוואָרן? זאָג מיר כאָטש, אַדרבא, לאָמיך אויך וויסן!

**הינדע** איך קעגן דיר שלעכט? חווה! עס האָט זיך דיר עפּעס געמוזט חלומען!

**ח ו ו ה** אַוודאי דאַרף זיך מיר ערשט צו חלומען — זע איך דען נישט אַליין, ווי דו ביזט שוין גאָר נישט די הינדעלע קעגן מיר, וואָס דו פלעגסט צו זיין.

**ה י נ ד ע** זאָג מיר, חווה־לעבן! זי בעט זי אום געטעס ווילן, וואָס מיינסטו, וואָס?

**ח ו ו ה** וואָס איך מיין? אוי, אוי! איך בין אָסור גאָר קיין נאַר נישט, איך זע אַלץ גאַנץ גוט וואָס עס טוט זיך, נאָר איך קוק צו דאָס גרייטע, און איך זאָג דיר דעם אמת, איך האָב אַלץ געמיינט, אַז דו וועסט מיר אַליין דערציילן — וואָרן ווער האָט דיך דען נאָך אַזוי ליב, ווי איך האָב דיך? פאַרוואָס זאָלסטו מיר דאָס נישט אַלץ דערציילן, העַ?

**ה י נ ד ע** גלעט חווהן ביי דער באַק איך בעט דיך זי קושט זי זאָג מיר שוין און מאַרטער מיך נישט!

**ח ו ו ה** קוקט הינדען שטאַרק אין פנים אַריין זאָג מיר נאָר, קענסטו

איינעם, וואָס ער הייסט מאַרקוס רעדלעך, העי? זיי בלייבן ביידע
אַ ביסל שטיל.

**הינדע** לאָזט אַראָפּ די אויגן און שעמט זיך, דערנאָך כאַפּט זי חווהן
אַרום מיט ביידע הענט און קושט זי. חווה־לעבן! דו ביזט זייער
גערעכט, איך ווייס אַליין, אַז איך האָב קיינן דיר זייער געפעלט;
איך בעט דיך, מיין חווה־לעבן, זיי מיר מוחל, איך וועל דיר שוין
אַלץ דערציילן. זי בלייבט פּלוצלונג שטיין גאָר שטיל און שעמט זיך.

**חווה** נו? אַזוי דערציילסטו מיר? וואָס שעמסטו דיך אַזוי?
וואָס ווערסטו דאָ אַזוי רויט? גיי, ביזט אַ נאַר! זאָג אַרויס אינ־
גאַנצן. אַ בלינדער זעט דאָך אויך. נו, דו האָסט אים ליב—ווער
האָט דען רעדלעכן נישט ליב? איז ער דען נישט ווערט, אַז
מען זאָל אים ליב האָבן? ער איז זייער שיין, געשיקט, קלוג
און דערצו זייער ערלעך.

**הינדע** חווה־לעבן! וואָס ווייסטו, וואָס ער איז! איז דען
גאָר דאָ אין דער גאַנצער וועלט זיינס גלייכן? קלוג, זאָגסטו?
זע נאָר ווי ער באַנעמט זיך דאָ אין הויז ביי דער מומען זייט
דריי יאָר קיינן איטלעכן באַזונדער, אַז קיין מענטש, אַפילו פריידע,
קען אים נישט פיינט האָבן—

**חווה** פאַלט איר אין די רייד אַריין און ווער שמועסט פון דער
בעל־ביתטע, די שטאַרבט דאָך גאָר נאָך אים.

**הינדע** שיין, זאָגסטו? וואָס טייטש, קוק נאָר אָן זיין
שיין פנים, די רויטע ליפּן, די שיינע קיילעכדיקע בעקעלעך,
דעם הויכן גלאַטן שטערן און די פייערדיקע אויגן—ער איז דאָך
טאַקע גאָר אַ פּאַטרעט. וואָס שמועסטו דאָ, אויב ער איז גע־
שיקט? זיין זיס שמועסל, זיינע צוקערדיקע ווערטער! ער רעדט
דאָך ווי אַ בוך. און ווער איז דען נאָך אין זיינע יאָרן שוין אַזוי
ווי ער אין דעם דריטן יאָר דער מעדיצין? ער איז דאָך שוין
טאַקע באַלד אַ גאַנצער דאָקטער.

**חווה** ווייסטו, ער האָט דאָ אַנמלט געשמועסט מיט דעם שדכן, וואָס איז געווען ביי דער בעל־ביתטע זיך געלט לייען, פֿראַנציייזעריש צי לאַטיינעריש — כּלעבן! זיי דעטן מיך געקענט פֿאַרקויפֿן, און איך זאָל גאָרנישט וויסן. *מען הערט אינדרויסן סערקעלעם קול, ווי זי שרייט: הינדע! הינדע!*

**הינדע** מיר דאַכט זיך, אַז די מומע רופֿט מיך?

**חווה** יאָ, יאָ, גיי שוין, גיי, וואָרן זי וועט שרייען אויף דיר.

**הינדע** *גייט און קערט זיך ווידער צוריק אום* חווה־לעבן! נאָך איין זאַך וועל איך דיך בעטן...

**חווה** *פֿאַלט איר אין די רייד אַריין* איך ווייס שוין, וואָס דו ווילסט מיר זאָגן; גיי נאָר, גיי, איך וועל שוין פֿאַר קיינעם נישט איבערחזרן. *מען הערט ווידער סערקעלעס קול: „הינדע! הינדע! האָב איך זשע יאָ כּוח צו שרייען דריי מאָל הינדע? — הינדע!"*

**הינדע** *לויפֿט געשווינד אַוועק דורך דער מיטלסטער טיר און באַגעגנט חיימען און גיט אים אין לויפֿן אַ וואָרף אום, ווי ער וויל גיין אין שטוב אַריין.*

## עלפֿטער אַריינקום

### חווה, חיים

**חווה** *לויפֿט צו און העלפֿט חיימען זיך אויפֿהייבן* וואָס טוט זיך דאָס היינט מיט דיר? צי ביזטו שיכּור? צי וואָס?

**חיים** לאָז שוין הינדע אַריינגיין, זי מאַכט דאָך אַ געוואַלד, אַז מען קומט שיר צו לויפֿן.

**חווה** נו, נו, זי איז שוין געלאָפֿן. נאָר ווייז נאָר: האָסטו זיך נישט ערגעץ סקאַליטשעט?

**חיים** *בייזערדיק* צי האָב איך מיך יאָ סקאַליטשעט, צי נישט, וואָס גייט דאָס דיך אָן? פרעג איך דיך עפּעס?

**חוה** עפּעס ביזטו מיר היינט זייער בייז, חיים! איז דיר נישט אַ שיף אונטערגעגאַנגען?

**חיים** וואָס טויג מיר דאָס אַ סך שמועסן, חוה! מיט אונז האָט זיך שוין אויסגעלאָזט, אַן עק!

**חוה** *שמייכלט* עס האָט אַ פּנים, אַז עס האָט זיך צווישן אונז עפּעס גאָר אַמאָל אָנגעהויבן?

**חיים** וואָס? עס האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבן? נו, לאָז זיין אַזוי, היינט איז דיין צייט. *ער גייט אַרום אין שטוב און רעדט קלאָ־מערשט אַזוי ווי צו זיך אַליין* האָט זיך נאָך אַזוינס פאַרלאָפן? אַ מיידל זאָל זיך לאָזן אַ קוש געבן פון אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין?!

**חוה** וועמען מיינסטו, וועמען?

**חיים** *בלייבט פּלוצלונג שטיין פאַר חוהן* וועמען איך מיין? *ער לאַכט מיט כּעס* וועמען זאָל איך מיינען? דיך מיין איך, דיך!

**חוה** *לאַכט* האַ־האַ־האַ, מיך? מיך מיינסטו? וואָס? איך האָב מיר געלאָזט אַ קוש געבן?

**חיים** יאָ, יאָ, דו מיינסט, איך האָב אפשר נישט געזען, ווי ר׳ גבֿריאל איז דורכגעגאַנגען דורך דער קיך און האָט דיר אַ קוש געגעבן? דאָס ביזטו נאָר אַזוי געוואָרן, ווייט דו ביזט מיט דער בעל־ביתטע געווען אין דעם וואַרעמבאָד.

**חוה** *לאַכט זייער.*

**חיים** איך פלעג אָבער תמיד צו זאָגן, אַז מען זאָל קיין כּלה נישט נעמען, וואָס איז שוין אַ ביסל אין דער וועלט געווען. *ער וויינט און ווישט זיך אויס די אויגן;*

**חוה** *לאַכט נאָך שטאַרקער.*

**חיים** ניין, עס איז שוין מיט איר גאָר נישט צום אויס־

האַלטן! און אַלץ הורך דעם פאַרשוואַרצטן וואַרעמבאָד! וועל איך אָבער יאָ אַמאָל אַחתן ווערן, מוז אין די תנאים שטיין בפירוש אַרויסגעשריבן, אַז די כלה טאָר קיין מאָל נישט פאָרן אין דעם וואַרעמבאָד אַריין. ער ווישט זיך אויס די אייגן און קוקט חוהן שטאַרק אין פנים אַריין איך ווייס נישט, וואָס דו ביזט דאָס אַזוי גרויס ביי דיר? אפשר מיינסטו גאָר, אַז איך בעט מיך זייער צו דיר? אַהאַ, אַוודאי; דאָ האָסטו טאַקע אָנגעטראָפן. עס איז מיר גאָר דראָן געלעגן, וואָס הער טאַטע האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז איך זאָל דווקא נאָר דיך נעמען, און איך, נאַר, האָב אים נאָך צוגעזאָגט. נאָר וואַרט נאָר, וואַרט — איך וועל אים שוין דערציילן פון דיינע הפּצעלעך, וואָס דו ביזט פאַר אַ שטיק סחורה.

חוה האַלט זיך ביי די זייטן און לאַכט זייער שטאַרק.

חיים מיט כעס נו, נו, לאַך נאָר, לאַך, וועל׳מיר שוין זען, ווער עס וועט שפּעטער לאַכן, איך צי דו. אָט לויף איך שוין צום טאַטן און וועל אים איטלעכעס פּיצל דערציילן! ער לויפט אַוועק מיט כעס.

חוה לאַכט האַ־האַ־האַ, דאָס הייסט געווען אַ נאַר! שלאָגן האָב איך מיך געזאָלט מיט דעם הולטיי! דאָס איז דאָס נאָך אַ ביכל אַ נאַר! נאָר כ׳לעבן, אַ גוטער, אַן ערלעכער נאַר, אַזוי אַ יאָר זאָל איך האָבן. עס טוט מיר כ׳לעבן באַנג, וואָס איך האָב אים דאָ אַצינד אַזויפיל עגמת־נפש אָנגעטון. נאָר ער וועט שוין שפּעטער בעסער ווערן, כאָטש ער איז גאַנץ אַזוי ביז אַוועקגעלאָפן. ער וועט שוין שפּעטער אַליין קומען צו מיר און וועט מיך איבערבעטן. העט איך אַזוי בטוח געווען, אַז איך וועל מיך מיט אים עלטערן אין עושר און אין כבוד! זי לויפט אַוועק. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

סוף פון דעם ערשטן אויפצי.

# צווייטער אויפצי

עס קומט פאַר די אייגענע שטוב ביי ר׳ משה דאַנצקער, ווי ביי דעם ערשטן אויפצי.

## ערשטער אַריינקום

### ר׳ משה דאַנצקער אַליין

ער זיצט ביי אַ טישל, דעם קאָפּ אויף דער האַנט אָנגעלענט, זייער פאַרטראַכט; דערנאָך הייבט ער זיך אויף און גייט אַ פּאָר מאָל אין שטוב אַרויף און אַראָפּ און זיפצט. ער זעצט זיך ווידער אַנידער און טראַכט אַזוי ווי פריער. פּליצלינג גיט ער זיך אַ כאַפּ אויף מיט אַ געשריי: עס איז פאָרט נאָר געווען אַ חלום! ער רוט זיך אַ ביסל אָפּ, דערנאָך זאָגט ער אַ ביסל שטילער: יאָ, פאַרוואָס האָט זיך מיר אָבער נאָך אין מיין לעבן נישט אַזוי אַ חלום געחלומט? גראָד היינט! גראָד אין דעם טאָג... ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן: איך מעג דאָך דאָ זאָגן, עס הערט דאָך דאָ קיינער נישט: היינט איז אַקוראַט דער טאָג, וואָס איך האָב אַלע אָפּגענאַרט, אַז מיין שוואָגער דוד איז אינטערוועגנס געשטאָרבן. אוי! הלוואי וואָלט איך דעמאָלט ליבער אַליין געווען געשטאָרבן, וואָלט מיר אפשר בעסער געווען, ווי אַצינדערט! האָט דער שוואַרצער יאָר געטראָפן גראָד דעמאָלט אָנצוטראָגן דעם בעל־עצה, דעם שמואל שרייבער, ער זאָל מיר עצות געבן! נאָר ער איז איך נישט שולדיק: וואָס מען האָט אים געהייסן, דאָס האָט ער געטון — ווי מען שפּילט אַזוי

מאַנצט מען. סטרקע! סטרקע! נאָר דו האָסט מיך געקוילעט! ער — שווייגט אַ ביסל שטיל, דערנאָך הייבט ער אָן צו דערציילן און דערציילט אַלעמאָל העכער די נאַכט, זייגער צוועלף, האָט עס שוין אַוודאי געמוזט זיין, האָט זיך מיר געחלומט אין חלום, אַז איך בין אַזוי ווי אויף יענער וועלט, און איך זיץ אין אַ ווינקעלע אויף אַן אָרט, וואו עס האָבן געברענט אַן אוצר מיט ליכט, אַזוי ווי יום־כיפור אין שול, און עס גייען אַרום זייער אַסך מתים, אַלע אין תכריכים אָנגעטון, אָבער אַזוי שטיל, אַז מען האָט ניט געהערט אַ שאָרך. ער ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן האָר און נעגל שטעלן זיך מיר קאַפּויר, אַז איך דערמאָן מיך דראָן! פּלוצלינג דערהער איך, ווי מען בלאָזט דאָס ערגעץ שופר. עס האָט אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו דונערן און צו בליצן. איך האָב געהערט אַזוי אַ סך קולות, גלייך עס העטן זיך אַלע ווינטן, אַלע זאַווערוכעס פון דער גאַנצער וועלט אויף איין אָרט צונויפגענומען און האָבן זיך געוואָלט פריזן, ווער פון זיי עס האָט אַ העכער קול. אויף אַמאָל ווערן אַלע ליכט אויסגעלאָשן געוואָרן, עס איז געווען שרעקלעך פינסטער, די ערד האָט אָנגעהויבן אונטער מיר צו ציטערן און צו פלאַטערן; עס איז אַזוי אַ פחד, אַזוי אַן אימה אויף מיר געפאַלן, אַז איך דערמאָן מיך נאָך איצט, ציטער איך ווי אַ פיש אין איטלעכן אבר, און עס ווערט מיר אַזש קיל אין בויך, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער נאָך, ווי מען בלאָזט: פריער גאַנץ שטיל, דערנאָך אַלע מאָל העכער און העכער, ווי אַ תקיעה גדולה. ער שווייגט אַ ביסל שטיל פּלוצלינג — עפענען זיך אויף צוויי גאַנץ גרויסע טויערן, און איך האָב דערזען שטיין צוויי שרעקלעך לאַנגע הויכע מענטשן מיט פייערדיקע פליגל אויף דעם רוקן. איינער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ גרויסע וואָגשאָל, און דער אַנדערער אַ גרויסע פייערדיקע רוט — עס איז זיי געווען אַ מורא אָנצוקוקן. פּלוצלינג הייבט אָן איינער מיט אַ ייע-

מערלעך קול צו שרייען: „וויי! וויי דעם, וואָס האָט בּאַגזלט אַלמנות און יתומים! וויי דעם, וואָס קאָן היינט נישט בּאַשטיין בּיים משפּט! וויי, וויי אים! ער האָט קיין שום כּפּרה נישט!" — עס איז מיר געוואָרן פינסטער פאַר די אויגן — איך בּין געבליבּן שטיין, ווי אַ סלופּ. דערנאָך האָט ווידער דער אַנדערער אָנגעהויבּן צו שרייען מיט אַ קול וואָס מען האָט געהערט פון איין עק וועלט בּיז צו דער אַנדערער: „שטייט אויף! שטייט אויף תּחית־המתים!" און איך האָבּ מיט מיינע אייגענע אייגן געזען, ווי די ערד און דער ים האָבּן אַרויסגעוואָרפן קעפּ, הענט, פיס און געדערים, און זיי האָבּן זיך ווידער צונאַנדגעטשעפּעט און זענען געוואָרן גאַנצע מענטשן און האָבּן ווידער געלעבּט. פּלוצלינג...

ער רעדט אַלע מאָל העכער און רוט זיך אָפּ צווישן איטלעכן וואָרט אַי! פּלוצלינג

פיל איך — ווי עמעץ — גיט מיר — אַ קלאַפּ — אויף דער — פּליצע. ווי איך — קוק מיך אום — דערזע איך — אוי! דערזע איך — מיין — מיין שוואָגער — דוד — ער שרייט גאַנץ הויך משה! קענסטו מיך?

ער פאַלט גאַנץ מיד, אַזוי ווי פאַרמוטשעט, אַנידער אויף דער קאַנאַפּע.

## צווייטער אַריינקום

### ר' משה, ר' יוחנן

ר' יוחנן איז אַריינגעקומען און האָט געהערט ווי ר' משה שרייט „קענסטו מיך?". ער גייט גלייך צו צו ר' משהן און זאָגט וואָס טייטש! אויבּ איך קען אייך? וואָס פרעגט איר דאָ פאַר אַ קשיא? אויבּ איך קען אייך? אָך איז מיר! קומט מיין שמועה אַפילו, איר וועט דאָך דאָס קלאָמערשט מיט מיר פון איין שטאָט, אייער מאַמע זכרונה לבּרכה איז דאָך געווען אַ היוונעווערין, צאָרטל ולאַטעס! אָך איז מיר! איך האָבּ זי זייער גוט געקענט, איך האָבּ אייער שוואָגער

ר׳ הוד, עליו השלום, אויך זייער גוט געקענט, גלייך ער העט איצט פאַר מיר געשטאַנען.

**ר׳ משה** כאַפּט זיך פּלוצלינג אויף וואָס? — אוי! וואו, וואו שטייט ער? וואו? ער כאַפּט אָן ר׳ יוחנן וואו איז ער, וואו?

**ר׳ יוחנן** וואָס טייטש, וואו ער איז? וואו זאָל ער זיין? ער איז דאָך געווען אַ כשרער ייד, אַ צדיק — ער זיצט אַוודאי אין גן־עדן, ווי אַלע צדיקים. ער קוקט ר׳ משהן אין פּנים אַריין און זאָגט צו זיך אין דער שטיל אָהאַ! איך האָב פריער גאָרנישט אַכטונג גע־געבן — ער מוז עפּעס האָבן אַ מעליגנע אין קאָפּ! איך האָב מיך באַלד געחידושט, פאַרוואָס ער אירצט מיך נישט. הויך צו ר׳ משהן ר׳ משה! זאָגט נאָר, איר מוזט עפּעס נישט זיין בקו־הבריאה, וואָס פעלט איך, וואָס? זענט איר עפּעס שלאַף?

**ר׳ משה** קומט אַ ביסל צו זיך אַ, ר׳ יוחנן! אוי! — יאָ — יאָ — איך בין הויב.

**ר׳ יוחנן.** וואָס פעלט איך, מיין ליבער ר׳ משה?

**ר׳ משה** שלאָגט זיך אין האַרצן אַריין אוי! דאָ, דאָ ליגט דער הונט פאַרגראָבן.

**ר׳ יוחנן.** נו, קומט מיין שמועה אַפּיר, פאַרוואָס שיקט איר איך נישט נאָך אַ דאָקטער?

**ר׳ משה** קרעכצט אוי! ניין, ניטע, ניטע, לאָזט געמאַך, איך בין גאַנץ געזונט, עס פעלט מיר גאָרנישט ער וויל זיך איינ־שטעלן און קען נישט נאָר יאָ — זענט איר שוין לאַנג דאָ ביי מיר אין שטוב? אוי! איך ציטער, ווי אַ פיש, נישט וואָר? איך בין קראַנק. זייער קראַנק. איך גיי קוים אַהום — די דאגות. דאגות לאָזן מיך נישט רוען. .

**ר׳ יוחנן** וואָס? דאגות? איר דאַרפֿט האָבן דאגות? אָט דאָס איז שיין! נאָר, קומט מיין שמועה אַפֿיר, איינער זאָרגט זיך פֿאַר אַ קוגל, און דער אַנדערער פֿאַר אַ גאַנץ טשאָלנט. מילא, בשלמא, איך, איך זאָרג מיך — נו, בין איך דאָך דהייף, ווי איינער רעדט, אַ געמיינער מענטש! אַמאָל האָב איך יאָ אויף שבת און אַמאָל נישט, — אָבער איר? איר זענט דאָך, קיין עין הרע, אַ גרויסער נגיד ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, האָט נישט מער ווי אַ בת-יחידהלע, זייער אַ כשר טעכטערל, גוט און פֿרום און — בלעבן שיין אויך, קומט מיין שמועה אַפֿיר — זי האָט געהאַט נאָך עמעצן צו געראָטן — אַ שידוך וועט איר, אם ירצה השם, אויך אַוודאי מיט איר טון זייער אַ גוטן, עס איז שוין בלעבן צייט.

**ר׳ משה** *איז דערווייל איינגעגנצן צו זיך געקומען* יאָ, איר זענט גערעכט, מיין ליבער ר׳ יוחנן! עס איז שוין צייט — ווער ווייסט וואָס שפּע-טער קען זיך נאָך טון. *ער פֿאַרשט אים נישט וואָר? ער קוקט ר׳ יוחנן שטאַרק אין פּנים אַריין* איך בעט אייך, איר זאָלט מיר געזונט זיין, זענט איר שוין לאַנג דאָ ביי מיר אין שטוב? איך זאָג אייך דעם אמת, איך בין עפּעס נישט ביים גאַנצן געזונט; זייט אַ פּאָר וואָכן קען איך אַלין נישט וויסן, וואָס עס פֿעלט מיר, איך קען קיין נאַכט נישט שלאָפֿן און רעד אָפּטמאָל אַזעלכע זאַכן וואָס זענען נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן. *ער פֿאַרשט אים ווידער* איר האָט דאָך דאָ געמוזט אַוודאי הערן, העט?

**ר׳ יוחנן** יאָ, איך האָב טאַקע געהערט, ווי איר האָט מיך געפֿרעגט, אויב איך קען אייך. קומט מיין שמועה אַפֿיר, איר זאָלט לעבן, קענט מיך דאָך נאָך, ווען איך בין געווען אַ בטלן אין קליינעם בית-המדרשל. נו, געלויבט צו גאָט פֿאַר דעם, איך בין איצט אַ שדכן, איך פֿיר אויס די גרעסטע שידוכים — גוט, מען כאַפּט אַמאָל אַ פּאָר קערבלעך! אָט וויל איך בלעבן.

אייער אַלטעלען איך רעדן ווייער אַגוטן שידוך, איך זאָג אייך, אַן אויספֿאַל פֿון אַשידוך. איר און אייער ווייב זאָלט לעבן קענט אים זייער גוט.

**ר' משה** אין דער שפּיל צו זיך נײַן, נײַן, ער האָט, געלויבּט צו גאָט, גאַרנישט געהערט! הויך מײַן ליבּער ר' יוחנן! איר ווייסט דאָך, אַז איך מיש מיך זייער ווייניק אין זעלכע זאַכן, דאָס קער נאָר צו מײַן ווייב. זאָל לעבן, איך האָב בּיי איר גאָר ווייניק וואָס אַדעה צו זאָגן — איר מוזט דאָס נאָר מיט איר אַליין שמועסן. איבּ איר ווילט מוחל זײַן אין דאָ אַביסל וואַרטן, וועל איך אייך זי דאָ אַרײַנשיקן. ער גייט און באַגעגנט סערקעלען. אָט איז זי דאָ איפּן אמת! ער זאָגט צו סערקעלען אָט, ר' יוחנן דאַרף עפּעס צו דיר, מײַן ווייב. ער גייט געשווינד אַוועק.

## דריטער אַרײַנקום

ר' יוחנן, סערקעלע און דערנאָך אַלטעלע

**ר' יוחנן** גאָט העלף אייך, סערקעלע!

**סערקעלע** בּרוך הבּא, ר' יוחנן! וואָס זאָגט איר גוטס? זיצט אַביסל אַנידער זי זעצט זיך.

**ר' יוחנן** זעצט זיך אָט בּין איך אַביסל אַריבּערגעקומען, מיר זענען דאָך איצט שכנים, און ס'אַנדערע, איך האָב געהערט, אַז אייער מאַן זאָל לעבן קלאָגט זיך עפּעס, בּין איך אים געקומען מבקר חולה זײַן.

**סערקעלע** ווער? מײַן משה? אָך איז מיר! וואָס פֿעלט אים? ער איז, געלויבּט צו גאָט, פֿריש און געזונט! ווער האָט אייך די ליגנה געזאָגט, ווער?

**ר׳ יוחנן** איך קען מיך אָבער נישט דערמאָנען, ווער עס איז היינט בײַ מיר געווען און האָט מיר דאָס געזאָגט... *ער וויל זיך קלאָמערשט דערמאָנען* איך קען מיך אָבער נישט דערמאָנען.

**סערקעלע** אַז זיי זאָלן רעדן אין גרויסע לײַדן, אוי מײַנע כּוחות! וואָס שׂונאים קענען אַלץ איבערטראַכטן! הלוואי העט איך אָן דײַן שאָדן אַזוי געזונט געווען ווי ער.

**ר׳ יוחנן** נו, קומט מײַן שמועה אָפּ, זייט פֿון מײַנעט־וועגן געזונט און פֿריש, איר זאָלט איך עלטערן אין עושר און אין כּבוד, איר זאָלט דערלעבן שׂמחה און גדולה אָן אײַער קינד, טאַקע אַזוי ווי עס קומט אָן אײַך.

**סערקעלע** אָמן, ליבער גאָט!

**ר׳ יוחנן** זעט איר, איך האָב דאָ גראָד גערעדט מיט אײַער מאַן פֿון אַ שידוך פֿון אײַער אַלטעלעס וועגן זאָל לעבן. מילא, אים געפֿעלט עס זייער, איך זאָג אײַך — ער איז גאָר אַוועק, נאָר ער זאָגט: וואָס מײַן ווײַב זאָל לעבן וועט טאָן, וועט זײַן געטאָן! כּ׳לעבן, אַ נחת צו האָבן אַזוי אַ מאַן. איר זענט דער בעל־בית און די בעל־ביתטע, וואָס איר רעדט איז גערעדט.

**סערקעלע** *שמייכלט* אויב איך האָב, אָן עין־הרע, בײַ אים אַ גוטע דעה! און ווידערום, פֿאַרדין איך עס אפֿשר נישט? ער, אומשטיינסגעזאָגט, איז דאָך טאַקע, צווישן אונז געשמועסט, אַ גרויסער שלימעזאַלניק: קוקט אים נאָר אָן, אויב עס העט עמעץ פֿאַר זײַן גאַנץ לײַב און לעבן געוואָלט געבן כאָטש צען קרײַצער, ער טויג דאָך טאַקע צו גאָרנישט. איך זאָג אײַך, טאַקע צו גאָר נישט. ווער טוט אַלץ? ווער האָרעוועט? ווער שנײַדט קריעה? אוי מײַנע כּוחות! ווער אַרבעט נעבעך אַזוי שווער און ביטער ווי איך?

**ר׳ יוחנן.** אַוודאי וועט איר געהעלפֿט! אַז דאַרף מען אַ קינד איבערצוגעבן, פֿאַרלאָזט ער זיך אינגאַנצן אויף אייך, און, קומט מיין שמועה אַפֿיר, איך בין דאָך אייך קיין נאַר נישט. איר וועט אם ירצה־השם תּנאָים שרייבן און חתונה מאַכן אָן אים אויך.

**סערקעלע.** עס איז כּלעבן אמת, וואָס שמועסט איר דאָ? נאָר לאָמיך כאָטש נאָר הערן, ווער דער חתן איז — אפֿשר גאָר אַ סטודענט?

**ר׳ יוחנן.** ע, וואָס! אייך וועל איך פּלוצלינג רעדן מיט אַ סטודענט? שטייט דאָס אייך אָן? אַזוי אַ מיוחסת? אַזוי אַ נגידה? גייט שוין, גייט, אַזוי אַ קלוגע יידענע ווי איר זענט זאָל מיך קענען חושד זיין, אַז איך וועל אייער כּשר קינד רעדן מיט אַ סטודענט? *ער שפּייט אויס אַזוי ווי אין בעס* פֿי, נאַ! מיר דאַכט זיך, קומט מיין שמועה אַפֿיר, אַז איך בין אויך נישט ערשט פֿון דעם איי אַרויסגעקראָכן און ווייס גאַנץ גוט, אַז דער שענקער דאַרף זיין ווין, און דער שפּינער זיין פֿלאַקס — נו, וועל איך אייער קינד רעדן מיט אַ סטודענט? זעט איר, איך — איך שלאָג אייך אָן אַ שידוך, וואָס ער איז אַ קינגלעכע זאַך אויף דער וועלט, און איר מעגט מיר בנאמנות גלייבן, אַז ער איז אַוודאי מן השמים.

**סערקעלע.** נו יאָ, ווער איז ער אָבער, ווער? איז ער עפּעס פֿון שיינע לייט? איז ער אַן עושר? איז ער עפּעס אַ שיין פּאַרשוינדל? אַזוי מיינע כּוחות! האָט ער געלט, הע?

**ר׳ יוחנן.** אויב ער איז פֿון שיינע לייט? ער קומט דאָך דאָס אַרויס פֿון גדולי הדור! מילא, פֿון מוטערס צד — איז ער דאָך דער ערשטער מיוחס, זי האָט זיך דאָך אָנגעקערט מיט דעם גרויסן רבי רב זלמן פֿון איין זייט, און פֿון דער אַנדערער זייט איז זי דאָך געוועזן איינגעטונקט אין יחוס, און ווער שמועסט זיין

פֿאָטערס משפּחה — האָט זאָך טאַקע געשײַבלט אין געגריבלט פֿון רבנים. קורץ, וואָס האָב איך דאָ אַ סך צו זאָגן, קומט מײַן שמועה אַפֿיר — פֿון זאָגן ווערט מען נישט טראָגן — זײַן יחוס־בריו גייט ביז אין די אַלטע צײַטן, ההיינו, מאָלט איך, ביז צו עֵלי הכּוהן, פֿאַרשטייט איר מיך שוין?

**סערקעלע** שאָקלט מיט דעם קאָפּ און חידושט זיך פּיעוט?! טאַקע ביז צום הייליקן כּוהן?

**ר' יוחנן** אויב ער האָט געלט? הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט, מײַן אייגנס זאָל איך האָבן וואָס ער באַדאַרף, איך וויל נישט זאָגן, אַיי אַיאָר. קומט מײַן שמועה אַפֿיר, אַז מען ווייזט אַ הונט אַ פֿינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט — איך ווינטש מיר נאָר צו פֿאַרמאָגן וואָס עס גייט אים אַוועק אין איין חודש! ער איז דאָך טאַקע גאָר אַ עשירה, ער לעבט זיך דאָך ווי אַ גביר און איז דאָך דאָס דער גרויסער סוחר אויך, ער האַנדלט דאָך מיט דער גאַנצער וועלט.

**אלטעלע** עפֿנט גאַנץ שטיל אויף די טיר, זיי זאָלן נישט הערן, און האָרכט אונטער וואָס זיי שמועסן.

**סערקעלע** זאָגט זשע מיר נאָר, ווער איז דער חתן? אפֿשר קען איך אים?

**ר' יוחנן** איר קענט אים גאַנץ גוט, ער איז בײַ אײַך גאָר אַ בן־בית, ער הייסט — ר' גבֿריאלכן הענדלער! נו? וואָס זאָגט איר, ווייס איך מיט וועמען איך צו רעדן, הע?

**סערקעלע** ר' גבֿריאל הענדלער! יאָ, איך קען אים גאַנץ גוט, ער קומט טאַקע אַלע טאָג צו מיר, אָך! ער איז ערשט הײַנט דאָ געוועזן.

**ר׳ יוחנן** נו, אַדרבא, ווי געפעלט ער אייך? איז דאָס נישט ווייער אַ גלייכער שידוך? מיר דאַכט זיך, אַז עס קען שוין גאָר קיין גלייכערער שידוך אויף דער וועלט נישט זיין, ווי דער איז.

**סערקעלע** נו יאָ, איך זאָג אייך דעם אמת, קיין שלעכטער שידוך איז עס נישט, אוי מיינע כוחות! ער געפעלט מיר אַפילו, ער איז גאָר קיין חזות נישט, נאָר —

**ר׳ יוחנן** *פאַלט איר אין די רייד אַריין* נו, וואָס נאָך ווילט איר? אַז ער געפעלט נאָר אייך, וועמען דאַרפט איר נאָך צו פרעגן? איך זאָג אייך, אייער מאַן זאָל לעבן איז דער שידוך ווייער געפעלן, וואָס טייטש! ווי איך האָב אים נאָר אָנגעשלאָגן, איז ער נאָר איינגעגאַנגען. גלייבט מיר, ער איז גאָר אַריינגעוועזן.

**אלטעלע** *אין דער שטיל צו זיך* הונדערט און צוואַנציג יאָהרע זאָלל ער פאַר דאָס לעבען!

**סערקעלע** יאָ, ווער ווייסט וואָס מיין בת-יחידה וועט דערצו זאָגן, אויב ער וועט אַלטעלען געפעלן?

**אלטעלע** *אין דער שטיל צו זיך* איינען קראַנקען פרעגט מאַן...
*זי עפנט אויף די טיר און מאַכט זי ווידער צו, גלייך זי העט ערשט געוועזן אַריינגעקומען און לויפט צו צו סערקעלען* מאַמעניו! האָסט דו ניכט די שליסעלעך גענאָממען?

**סערקעלע.** וואָס טייטש, מיין האַרץ! דו גייסט דאָך אין זיי אָנגעהאָנגען! אָט אַ דאָס איז שוין — הייטסט אויף דעם פערד און זוכסט עס.

**ר׳ יוחנן** דאָס איז דאָך, דאַכט זיך מיר, אייער אַלטעלע זאָל לעבן? *ער באַקוקט אַלטעלען פון אויבן ביז אַראָפּ* נו, כלעבן, ווייער אַ פיין מיידל געוואָרן, קומט מיין שמועה אַפּיר — אויס קינדער ווערן לייט. נו, מיין קינד, ווילסטו שוין אַ חתן?

**אַלטעלע** שטעט זיך קלאַפּערשט לאַכט מיך דאַרט געהן מיט אַ בריטיגאַם.

**סערקעלע** לאַכט און ווינקט צו ר׳ יוחנן אַט גלוסט זיך איך דאָ עפּעס, דאַטשעפּעט נאָר דאָ מיט איר, וועט זי איך דאָ געבן פאַר ס׳איירינקע.

**ר׳ יוחנן** שמייכלט וואָס ביזטו דאָס אַזוי בייז אויף מיר, מיין לעבן? ווייל איך וויל דיר געבן אַ שיינעם חתן, העט?

**אַלטעלע** קוקט אָן סערקעלען און לאַכט.

**סערקעלע** נו, פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? ביזט שטום, העט?

**אַלטעלע** ווייס איך? וואָס זאָל מיר איין בריטיגאַם? איך ברויך נאָך קיינער.

**ר׳ יוחנן** רעד ששע נישט ווי קיין קינד, מיין לעבן, וואָרן איך האָב פיינט, אַז מען רעדט נאַרישקייט! וואָס טייטש, האָב עס טויג דיר אַ חתן? קומט מיין שמועה אַפיר, הו ביזט דאָך שיין, אָן עין־הרע, אַלט...

**סערקעלע** פאַלט אים אין די רייד אַריין דרייצן יאָר, זי זאָל לעבן און געזונט זיין.

**ר׳ יוחנן** נו זאָג ששע, כ׳לעבן! איך האָב זייער אַ פיינעם חתן פון דיינעטוועגן, ער וועט דיר געפעלן.

**אַלטעלע** געפעלט ער נאָר דער מאַמעניו, וועט ער מיר אויך געפעלן. זי וויל קלאַפּערשט אַוועקלויפן.

**ר׳ יוחנן** כאַפּט זי אָן ביי דער האַנט נו, וואָס אַנטלויפסטו? קום נאָר אַהער, פאַר מיר האָט נישט איפּויך, אָסור. ועסטו, אַז דו רעדסט ווי אַ קלוגע מיידל, האָב איך דיך גאַנץ ליב. גלייב מיר

איך רעד דיר אַ חתן וויער אַ שיינעם פּאַרשוין, אַ גרויסער פֿיינע־בריה, אַן אַדיר שבאַדירים, ער האָט זיין אייגנס אַ כך, טאַקע אַ כך געלט, ער איז וויער גוט אין פּרים, ער פֿירט זיך, ווי גאָט געבאָטן האָט — און דו, מיין קרוינעשי, קענסט אים איך.

**אלטעלע** איך? איך קאַן איהם אויך?

**סערקעלע** יאָ, דו קענסט אים, מיין האַרץ! דו קענסט אים זייער גוט — קענסטו ר׳ גבריאל הענדלער?

**אלטעלע** *שעמט זיך קלאָמירשט.* יאַ, איך קאַן איהם, איך האַב איהם הייר ביי דיר אַמאַהל געזעהען.

**ר׳ יוחנן** נו, ווילסטו איהם פֿאַר אַ חתן?

**אלטעלע** *לאַכט* איך האַב יאַ שוין איין מאַהל געזאַגט: ווען ער געפֿעלט דער מאַמעניו, ווירד ער מיר געווים אויך שוין געפֿעללען. *זי לויפט אַוועק.*

## פערטער אַריינקום

### סערקעלע, ר׳ יוחנן

**סערקעלע** אַזוי איז אַלץ אינאיינעם, אַלע פֿאַרלאָזן זיך נאָר אויף מיר: מיין מאַן און מיין טאָכטער, אַלע נאָר אויף מיר. גלייבט מיר, עס איז איבער מיינע צוהית אַלץ אויף מיר צו נעמען.

**ר׳ יוחנן** נו, קומט מיין שמועה אַפֿיר, איך וועמען דען זאָלן זיי זיך פֿאַרלאָזן, אַז נישט אויף אייך?

**סערקעלע** ע! וואָס ווייסט איר, מיין ליבער ר׳ יוחנן! אַ גאַנצע לעבע טאָג הערט מען דאָך מער נישט נאָר: „גיי צו

מיין ווייב, גיי צו דער מאַמעניו, גיי צו דער מומען, גיי צו דער בעל־ביתטע, גיי צו סערקעלען!" איך ווייס נישט — מען זאָל טאַקע זיין אויס איזן, העט מען עס איך נישט געקענט אויסהאַלטן, אוי מיינע כּוחות! היינט דעם אַלעם אָבער, אַז עס קומט נאָך דער פאַרפינסטערטער דאָנערשטאָג, אַז די אָרעמע לייט הייבן זיך אָן צו שיטן, איך זאָג אייך, די טיר הוט נישט, און דאָס מויל מוט שוין טאַקע איינעם זיי איטלעכן באַזונדער צו זאָגן: „האָט נישט פאַראיבל, גייט געזונטערהייט". מען האָט געגני פון זיינע אָרעמע קרובים. אָט ליגט איבער מיר אַגרויסע מויד, וואָס טויג אָסור נישט אַהונט אויס דער גרוב אַרויסצוטרייבן, אוי עסט מיר אָפּ די ביינער, דער שוואַרצער יאָר ווייסט פאַר וואָס און פאַר ווען, גלייך זי העט מיר עפּעס אין דער חברותה אַריינגעגעבן, אוי ווי מיינע כּוחות!

**ר' יוחנן** וועמען מיינט איר דאָס, וועמען?

**סערקעלע** וואָס טייטש! הינדע, מיין דינס טעכטערל, אומשטיינס געזאָגט: וואָס די קאָסט מיך שיין.

**ר' יוחנן** און וואָס זי וועט אייך ערשט אַמאָל נאָך קאָסטן! אַוודאי וועט איר זייער געדענקען. יאָרן, קומט מיין שמועה אַפּיר. קיין יידיש קלויסטער איז דאָך נישטאָ, מילא, וועט איר דאָך איר מוזן אַמאָל החונה מאַכן אויך.

**סערקעלע** ווער? איך? אָך איז מיר! פאַר וואָס? פאַר וועמען? און אַז איך זאָל טאַקע הייסן, אַז זי וועט סאַרויצן ביז צום גרויען צאָפּ, גייט מיך אָסור איך גאָרנישט אָן, אוי מיינע כּוחות! וואָס איז דאָס עפּעס — קראַנק איז זי? לאָז זי זיך שטעלן ערגעץ דינען.

**ר' יוחנן** אוי! וואָס רעדט איר! איר זענט דאָך פאָרט, ביי הינדעס אין צוואַנציק יאָר, אַגרויסע נגידה, און זי איז דאָך

אייער ברודערס איינציקע טאָכטער! בלייבן, עס שיקט זיך נישט פֿאַר לייט; וואָס וועלן מענטשן רעדן?

**סערקעלע** וואָס מיינט איר, איך וועל מיך עפּעס שעמען? זאָל מיך גאָט שטראָפֿן אויף מיינע יונגע יאָר, אויב עס וועט מיך כאָטש גאָר עפּעס אָנגיין. מילא, לאָמיר נאָר קלערן, צי קיין שידוך מיט מיין אַלטע־לעבן קען עס מיר נישט שאַטן, וואָרן אַז איך וויל אַ קינד נאָכגעבן אַלט הונדערט זילבערנע קערבלעך אין צירונג און קליידער, גרעט אין בעטגעוואַנד, היינט אַנדער איסריבלעכונג און קעכט, די קליינע מתנות און שאַר־ירקות, ווייל איך דאָך איר טאַקע נאָכגעבן, דיר נישט מיר נישט, אַ גאַנצן עושר; און פֿון יחוס דאַרף איך דאָך אייך נישט ערשט גאָר דערציילן, ווער איך בין, אוי מיינע סחות! נו, זאָגט זשע, איר זאָלט מיר געזונט זיין, וואָס קען מיר דאָס שאַטן, אַז די וועלט וועט יאָ וויכן, אַז הינדע דינט צווישן לייט?

**ר' יוחנן** דאָס ווענט איר אפֿשר אויך געזעצט, וואָרן, קומט מיין שמועה אַפֿיר, נישט אַלע מענטשן קענען האָבן איין דעה, און עס ווייסט קיינער נישט, ווען דער שׂוך קוועטשט, נאָר דער וואָס גייט אין אים. איטלעכער רעדט זיך איין, נאָר ער ווייסט וואָס ער טוט. נאָר זאָגט מיר נאָר, סערקעלע, וואָס איז דאָס: נאָר אַלט הונדערט קערבלעך ווילט איר אייער קינד נאָכגעבן?

**סערקעלע** וואָס? אפֿשר איז עס ווייניק? איך ווייס נישט, מען מוז שטרעקן נאָך די עקן — מיר דאַכט זיך, איך גיב איבער מיינע כוחות. היינטיקע צייטן, ווער גיט היינט אַ קינד מער נאָך?

**ר' יוחנן** אַי, האָט מיר נישט פֿאַראיבל, ווער עס גיט מער נאָך? בלייבן, איר ווענט אַזוי אַ נגידה ווי שׂפרה באַלבאַן,

און זי גיט נאָך דעם מיידל פֿופֿצן הונדערט קערבלעך; און צווישן אונז געשמועסט, כאָטש איך בין געווען דער שדכן, מיט וועמען האָט זי געטון? מיט אַ פֿאַרד.

**סערקעלע** ווער? שפּרה די קבצנטע וויל נאָכגעבן פֿופֿצן הונדערט קערבלעך? זי לאַכט קלאָטערשט האַ-האַ-האַ, איך מוז שוין לאַכן פֿאַר צרות, אוי מיינע כּוחות! האָט זי דען מסלק צו זיין? איך ווייס ניט, ליט ועגעך שוין אַזוי: טעגן שידוכים, זאָגן צו גילדענע בערג, מאַכן אייזערנע כּתבים, און אַז עס קומט צום כּילוק, איז נישטאָ קיינער אין דער היים.

**ר׳ יוחנן** ע, וואָס רעדט איר? שפּרה באַלבאַן איז אַ גרויסע עשירה, זי האָט דאָך ערשט מיתּרן געווען ווייער אַסך געלט אָן אַליוועהנג. און דער מאַן אירער האָט דאָך פֿאַר אַ וואָך צוויי געוואונען אויף דער לאָטעריע זעכצן טויזנט רייניש מינץ.

**סערקעלע** גיט זיך אַ שטעל אויף. וואָס? שפּרה?! זעכצן טויזנט רייניש מינץ? עס איז שוין אין דער וועלט אַזוי, אומ־שטיינגעזאָגט — אָן דעם ערגסטן הונט קומט דער בעסטער ביין, אוי מיינע כּוחות! שפּרה באַלבאַן! זעכצן טויזנט רייניש מינץ? אַרוח אין איר טאַטן אַריין.

**ר׳ יוחנן** מילא, וואָס טויג מיר דאָס, וואָס שמועסט איר דאָ פֿון אַלט הונדערט קערבלעך? נאָר, קומט מיין שמועה אַפֿיר, איר ווערט איך שוין לאָזן מתיר־נדר זיין, איר ווערט שוין בעסער ווערן, לאָז נאָר עפּעס קומען דערצו.

**סערקעלע** היפּל האָט ער דען זיין אייגנס, הע?

**ר׳ יוחנן** ער? וואָס טייטש? זיין גאַנץ פֿאַרמעגן; ער איז דאָך דאָס טאַקע אַ גרויסער נגיד, ער פֿאַרמאָגט כּלעבן אַסך מער, כאָטש מען שאַצט אים נאָר פֿאַר צוויי טויזנט רייניש מינץ. איך ווייס דאָס גאַנץ גוט, איך אַליין האָב בײַ נאָאים געזען אַ

גאַנצן פּאַק מיט באַנק־צעטל. איך זאָג אייך, איך בין נאָר מיט געוואָרן, ווי איך דאָב אים דערזען. און ווער שמועסט פון זיין בריהשקייט אין סחריי? אַ קאָטאָוועס איינבערענגער איז ער דאָס? וואָס דער מענטש האַנדלט אַלץ איבער! ער איז דאָך, אָן איין עין־הרע, טאַקע אַ גאַנצער בעל־בית.

**סערקעלע** גלייבט מיר, מיין ליבער ר׳ יוחנן, אַז עס גייט מיר נאָר אין דעם איינעם, וואָס מיין אַלטע־לעבן, זאָל מיר שטאַרק און געזונט זיין, וועט נישט דאַרפן צו קומען צו שווער און שוויגער אין הויז אַריין און וועט נישט דאַרפן צו האָבן צוואַנציק איבעריגע איבער זיך; אָבער ווייטער ווייס איך נישט, וואָס פאַר אַ גרויסע מציאה מען לאָזט דאָ אָן אים. קיין געלט וועט מען פאַרט נישט בײַ אים זיך אַרומוואַלגערן. איך זע דאָך — אַז ער דאַרף אַמאָל געלט, קומט ער דאָך ערשט צו מיר לייען.

**ר׳ יוחנן** נו, קומט מיין שמועה אַפיר, אין יעלבער סוחר איז דאָס נישט אַמאָל אין האַנדל פאַרשטעקט און איז געצוואונגען זיך צו לייען. נאָר איר קענט דאָך אייך אָבער היינט תיכף בײַ די תנאים דעם סילוק באַלייגן.

**סערקעלע** זעט איר, אָט אַ דאָס איז עפּעס אַנדערשט. אַזוי זענט איר שוין ווידער גערעכט. אַז ער וועט באַלד צו די תנאים מסלק זיין — יאָ, אַזוי באַשטיי איך, און, ווי זאָגט איר, אַז עס וועט קומען צום שרייבן, וועל איך מיך אתּשׁר נאָך לאָזן בייגן אויף אַ צוויי הונדערט קערבלעך.

**ר׳ יוחנן** איך ווייס פיל, איר זאָגט מיר, און איך זאָג צוועלף הונדערט, קומט מיין שמועה אַפיר, פון געלט וועט גייט קיין שידוך נישט אָפּ. הונדערט קערבלעך אַרויף, הונדערט

קערבלעך אַראָפּ — עס וועט רעכט זיין, נאָר איין זאַך העט איך נאָך גערן.

**סערקעלע** וואָס איז דאָס, וואָס?

**ר׳ יוחנן** איך העט נאָך גערן געזען, אַז די חתן־כּלה זאָלן זיך ערגעץ נאָך פֿאַר די תּנאים צונאַנדערקומען און זאָלן זיך אַ ביסל דערקענען און שמועסן צווישן זיך.

**סערקעלע** ווייסט איר וואָס? איך וועל אים היינט שיקן צו מיר פֿאַרבעטן אויף אַן אָנבייסן — ער קומט דאָך אָנדאָס אַלע טאָג צו מיר, און ביים עסן קען מען אַלץ אָפּשמועסן; און תּיכּף היינט ביינאַכט קענען זיין די תּנאים, וואָרן בילעכן, איך האָב אַליין זייער פֿיינט, אַז עס שלעפּט זיך אַ זאַך אין די לאַנגע יאָרן אַריין.

**ר׳ יוחנן** פֿאַרשטייט זיך, זענט איר זייער גערעכט, וואָרן איינס — מען קען אים דערווייל אויסכאַפּן, ער שטייט דאָך אָפּטער נאָך אין צוואַנציק שידוכים, נאָר אָפּצוטון, און ס׳אַנדערע, קומט מיין שמועה אַפֿיר — דער מענטש לעבט דאָך נישט אייביק.

**סערקעלע** נו, עס בלייבט שוין ביי דעם.

**ר׳ יוחנן** איך וועל נאָך האָבן מיט אים איך גענוג צו טון, גלייבט מיר, עס וועלן מיר נאָך גרינע ווערים אָפּגיין, אײדער איך וועל נאָך מיט אים פֿאַרטיק ווערן; נאָר איך בין דאָך, ווי איינער רעדט, דרויף אַ שדכן ער שטעלט זיך אויף ג׳, ווייטער, קומט מיין שמועה אַפֿיר, האָט מיר אַ גוטן טאָג און זייט געזונט.

**סערקעלע** גייט מיר געזונטערהייט, און זייט קיין גאַסט נישט.

**ר׳ יוחנן** גייט אַוועק, סערקעלע באַלייט אים ביז צו דער טיר.

# פיפטער אַריינקום

## סערקעלע אַליין

**סערקעלע** (ווייס איך! אפשר איז אַזוי רעכט. מען
קען דאָך נישט וויסן, ווי אַזאַך פאַלט אויס, אָבער לעת-עתה
איז עס גאָר קיין חיות נישט — אַן עושר איז ער, דאָס איז אמת,
ער האָט עטלעכע גילדן. אַלטעלע זאָל נאָר קלוג זיין און זאָל
נאָר וויסן, ווי מיט אים צו גיין. זי זאָל זיך נאָר באַלד פון
תחילת אָן שטעלן ביי דער אַלף און זיך נישט לאָזן איבן קאָפּ
אַרומרייטן, ווי איך האָב מיין משהן געטון, וועט זי אם ירצה השם
מאַכן האָבן ביי אים אַגוטע דאָליע. דעם סולוק מוז איך זען,
ער זאָל דייקא נאָר ביי מיר איינגעלייגט ווערן. נו און אַ שיי-
נער יונג איז ער דאָך, מאַכן און נישט פון דער פּאַרצייטיקערישער
וועלט אויך! (זי באַקוקט זיך קעגן דעם שפּיגל) הע? וואָס באַדאַרף
איך מער? (זי בלייבט אַביסל שטיל און טראַכט נאָך) העט שוין נאָר מיין
משה געוואָלט אַביסל אין וואַרעמבאָד אַריין פאָרן. איך ווייס אָבער
שוין נישט, וואָס איך זאָל טון מיט אים? ער שלאָפט דאָך גאַנצע
נעכט נישט, נאָר גייט אַלין אַרום און רעדט צו זיך אַליין, ווי
אַן אָנגעבונדענער. אַ מערכה בלעבן אַז עס הערט כאָטש קיי-
נער נישט. דער שוואַרצער יאָר ווייסט, וואָס ער דערמאַנט זיך
אַלין אָן אַלטע מעשיות! (זי שווייגט אַביסל שטיל איך, זאָגט ער, בין
שולדיק אָן דער גאַנצער מעשה! איך ווייס נישט, ווער עס פרעגט
אים? האָסטו נישט געקענט שמעקן קיין פולווער, העסטו נישט
געזאָלט גיין אין דער מלחמה אַריין (זי גיט מיט דעם פוס אַ קלאַפּ
אָן דער ערד. אַן עק! אָפּגעטון און פאַרפאַלן — ווער קען מיך דאָס
איצט פרעגן, וואו איך האָב אַהיפּיל געלט גענומען? ווער קען

אַפּילו אין הונדערט יאָר אַרום געוואָר ווערן, אַז די גאַנצע צוואה איז גאָר ליגנד? — געשטאָרבן, באַגראָבן. האָט איך עס נישט געזען געטון, האָט פילעבן נאָך אַן אַנדערער איף דעם שכל געקומען, און וואָס האָט געווען? איך האָט געזען מיט מיין מאַן און קינד געשטאָרבן פאַר הונגער און נאָך נעמוזט צוזען, ווי אַנדערע פּאָזיען מיין גילדענעם ברודערס פּראַצע, וואָס ער האָט נעבעך אַזוי שווער און ביטער דרויף געאַרבעט און קריעה געריסן. און ס'אַנדערע, איך ווייס, ער זאָל אַפּילו לעבן, וואָלט ער איך אָסור גאָר נישט ביין געווען איבער דער גאַנצער מעשה, וואָרן איז דען נאָך גאָר פאַרהאַנדן אַ נענטערע קרובה, ווי אַ שוועסטער? (זי בלייבט שטיל און טראַכט) די קשיא איז נאָר, אויב ער איז געשטאָרבן? (זי שווייגט ווידער און טראַכט — דערנאָך גיט זי זיך אַ כאַפּ) נאָר וואָס האָב איך דאָ אומזיסט צו איבערטראַכטן? ר' שמואל שרייבער האָט דאָך אַליין דערמאָלט אין די ניי־צייטונג געלייענט, אַז די שיף — איך געדענק נישט, ווי ער האָט די נעמען אָנגערופן — וואָס דוד האָט זיך אויף איר אַראָפּגעלאָזט קיין אַמעריקע, איז גאָר אונטערגעגאַנגען (זי דערזעט חיימען פון ווייטן) אַהאַ! ווער קומט דאָס דאָרט? אַהאַ! חיים! דעם נאַר איז אויך נאָר גוט צו שיקן נאָך דעם מלאך־המוות.

## זעקסטער אַריינקום

### סערקעלע, חיים

**סערקעלע** נו? וואָס האָט ער געזאָגט, רעדלעך? ווען ער קומען? אַי מיינע כּוחות! האָסטו אים געזאָגט, אַז איך בין שלאָף?

**חיים** אויב איך האָב אים געזאָגט! וואָס העלפט דאָס אָבער — אַז מען דאַרף דעם פאַרך צום מנין, האַלט ער זיך דערהינטער.

סערקעלע וואָס? ער וויל נישט קומען?

חיים ער האָט געזאָגט, אַז ער קען אייך אויף אייער שלאָפֿקייט נישט קורירן, איך מיר אַ דאָקטער! גייט שוין אַזוי לאַנג אין די שקאָלעס אַריין און קאָן נאָך גאָרנישט.

סערקעלע אָבער קומען וועט ער פֿאָרט? נישט וואָר?

חיים אָסור! ער וועט נישט קומען, ער האָט געזאָגט, ער וויל נישט קומען, איך זאָל אייך שיקן היפּן אַן אַנדערן, — וועט איר, בעל־ביתטע־לעבן, אָט אַ דאָ דעריבער ביי ר' פֿישלען האָט דער אַלטער דאָקטער — איטלעכער זאָגט אויף אים, אַז ער איז זייער אַ גרויסער מומחה, האָב איך אין איין וועגס דאָרט ביי אים אָפּגעטראָטן און האָב אים געזאָגט, אַז איר האָט אים געלאָזט זייער שיין בעטן, אַז ער זאָל תיכּף צו אייך אַריבערקומען — איר קלאָגט אייך עפּעס; האָט ער געזאָגט, ער וועט תיכּף אַריבערקומען. האָב איך עפּעס רעכט געטון?

סערקעלע וואָס? דעם אַלטן שקראַפּ? גיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר מיט אים, איך באַדאַרף אייך ביידע אויף כּפּרות! ווער האָט דיך געבעטן דרום, אַז דו זאָלסט דעם שקראַפּ רופֿן, הע?

חיים ווייס איך? איך האָב געמיינט, אַ דאָקטער איז אַ דאָקטער — זאָל איך וויסן, אַז איר האָט אייך פֿאַרליבט נאָר אָן דעם רעדלעכן?

סערקעלע וואָס? פֿאַרליבט האָב איך מיך אָן רעדלעכן? דו גנבֿ! אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין! איך האָב מיך פֿאַרליבט אָן רעדלעכן? דאָס הייסט אַן אַנבראָש! אַ מערכה כּלעבן, עס הערט כּמעט קיינער נישט מיינע צרות! וואַרט, וועסט דיר שוין אַ קריעה רייסן נאָך דיינע יאָר און דיינע טאָג, איי מיינע כּוחות!

חיים זאָג איך דען, אַז איר האָט אייך פֿאַרליבט אָן

אים? עס רעדט זיך דאָך נאָר אַזוי — אַז איר הילט נישט קיין אַנדערן נאָר רעדלעכן, נו...

**סערקעלע** *גיט אים אַ פּאַטש* נאַ! דאָ האָסטו פּאַרליבט, אַרוח אין דיין פאָטער און מוטער אַריין! תיכּף זאָלסטו מיר צו־ריק לויפן צו דעם אַלטן שקראַפּ און אים זאָגן, אַז ער זאָל נישט קומען. איך באַדאַרף אים און דיך אויף טישאָנצע כּפּרות! גיי, זאָג איך!

**חיים** *כאַפּט זיך אָן בײַ דער באַק און גייט און וויינט* שוין מער נישט אַ גאַנצע לעבע טאָג נאָר שרייט און שלאָגט, צו דעם האָט זי יאָ כּוח... *ער גייט אַוועק.*

**סערקעלע** *אַליין* נאָך גוט, אַז ער האָט מיר פריער געזאָגט, אַז ער האָט דעם גערופן. *זי לאַכט זייער* דאַ־האַ־האַ! דאָס הער שוין געהערן, דער דאָקטער זאָל זיך דאָ געווען אַזוי אַריינ־קומען, און איך גיי אַרום געזונט ווי אַ ריז! ווי געפעלט אייך אָבער דער גאַלגאַן, דער רעדלעך? ער ויל נישט קומען? ער קען מיך נישט קורירן? אַזוי אַ לײַדאַק, וואָס ער קער זיך דאָס נאָך צו האַלטן פאַר אַ כּבוד, אַז איך רוף אים צו מיר! *זי באַקוקט זיך קעגן דעם שפּיגל* בין איך דען נישט אפשר נאָך זייער אַ פיין ווייבל? וואָס פעלט מיר, וואָס? הע? *זי ווערט בייז* איך וועל אים שוין לערנען תּרבות, דעם פאַרך! ער קען מיך נישט קורירן! וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל דיך שוין זען אַזוי צו קורירן, אַז דו וועסט נישט וויסן פון דיין לעבן צו זאָגן. אַזוי אַ קבצן! אַזוי אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער דייטש! נו, וואָס איז נאָך דער מער, ער האָט יאָ אַ שיין פּנים, זאָל זיך קענען באַפעלן צו מיר: איך זאָל מיר לאָזן העפן אַן אַנדערן? וואַרט, וואַרט, מען קען נאָך קריגן זעלכע שיינע מציאות, ווי דו ביזט, אָבער דיר וועל איך עס געדענקען! דיר וועל איך ווייזן, ווער עלטער איז. *זי שרייט* חוה! חוה! אוי מיינע כּחות!

## זיבעטער אַריינקום

### סערקעלע, חוה

**סערקעלע** הונדערט מאָל מוז איך רופן און שרייען, איידער זי רירט זיך, די נבֿלה! גיי נאָר אַריבער צו ר' גבֿריאלקן און זאָג אים, אַז איך האָב אים צוריק שוין געלאָזט בעטן היינט צו מיר אויף אַן אָנבייסן, הערסטו? גיי און זיים זיך גאָרנישט, וואָרן דו וועסט נאָך דאַרפן דרייערליי געריכטסן צו מאַכן.

**חוה** כּלעבן, בעל־ביתטע־לעבן, איך האָב גאָר קיין צייט נישט, די ייך וועט מיר דאָ דערווייל אַימלויפן — שיקט בעסער הימען.

**סערקעלע** תּמיד איז אָבער אַזוי: אַז איך זאָג, זי זאָל גיין, הייסט זי מיך שיקן הימען. פֿאַרוואָס האָסטו מורא צו גיין? ער וועט פֿון דיר אַ שטיק אָפּבייסן? קוקט זי נאָר אָן, די ליכּנדיקע צרה, עס דאַכט זיך איר איך, אַז זי שיינט גאָר, די פּאַסקודניצע!

**חוה** נו, זעט איר, בין איך אַ פּאַסקודניצע, וועט איר מיך נישט נעמען פֿאַר אַ כּלה — איך בין אים מוחל, דעם וואילן יונג. נאָר זאָגט מיר נאָר, איך בעט איך, אַז איך בין יאָ אַזוי אַ פּאַסקודניצע, פֿאַרוואָס דאָטשעפּעט ער מיך אַלץ, ווען ער גייט דורך הינטער קיך? אָט אַדאָס הער מיר נאָך געפֿעלט, אַז איך זאָל נאָך גאָר צו אים אַהיים גיין!

**סערקעלע** אָט דאָ קוקטס אָן אַ ביסל אַ פּיסק פֿון אַזוי אַ פּאַרשיווע מויד! פֿינסטערע לייד זאָל נאָר די מאַמע אויף דיר זען — וועמען דען זאָל איך נאָך אים שיקן? אוי מיינע כּוחות! איז זשע שוין גאָר דאָס צום אויסהאַלטן? כּלעבן, עס איז טאַקע

אמת, וואָס מען זאָגט: אַ מיאוסער מויד טאָר מען קיין גלעט נישט געבן, וועסט שוין שפּעטער פֿאַרשוואַרצט ווערן. די מיינט, איך האָב אַלץ אַזוי כּוח מיר דאָס געזונט מיט איר אָפּצורייסן, אוי ווי, מיינע כּוחות!

## אַכטער אַרײַנקום

### סערקעלע, חווה, חיים

**חיים** בלייבט שטיין בײַ דער טיר און ווישט זיך מיט דער פּאָלע די אויגן און וויינט.

**סערקעלע** נו? ביזטו געוועזן?

**חיים** יאָ.

**סערקעלע** נו? וואָס האָט ער דיר געענטפֿערט?

**חיים** ווי אַזוי האָט ער מיר געקענט ענטפֿערן, אַז ער איז נישטאָ אין דער היים?

**סערקעלע** ביזטו ושע קראַנק געוועזן דעם משרת צו זאָגן?

**חיים** איך האָב דאָך אים געזאָגט; ער האָט מיר אַפּלי געענטפֿערט, אַז דער דאָקטער איז שוין אַהער געגאַנגען.

**סערקעלע** וואָס? ער איז שוין אַדער געגאַנגען? זי ברעכט זיך די הענט, און שרייט מיט כּעס אוי! פֿאַרשוואַרצט בין איך געוואָרן! וואָס וועל איך דאָ איצט טון, וואָס וועל איך דאָ איצט אָנהייבן? אַ מיתה־משונה זאָלסטו איננעמען! וואָס גיט מען זיך דאָ פֿאַר אַן עצה? זי לויפט צום טיש און כאַפּט אַ מעסער און לויפט דערמיט צו חיימען גיי מיר אויס די אויגן, דו ממזר, וואָרן איך מאַך דיר דעם טויט!

**חיים** אַנטלויפט און באַהאַלט זיך הינטער חווהן און שרייט געוואַלד! אוי ווי מיר! חווה־לעבן! געוואַלד!

**חוה** לויפט אַרום אין שטוב, חיים האַלט זיך אָן אָן איר קלייד און לויפט נאָך, סערקעלע יאָגט זיי אַרום.

**חיים** אין **חוה** שרייען ביידע מיט אַ מאָל געוואַלד! ראַטעוועט! געוואַלד! זיי פאַלן ביידע איבער אַ שטול אויף דער ערד.

# ניינטער אַריינקום

**ר׳ משה, הינדע, אַלטעלע** קומען פון דער טיר, וואָס איז אָן דער רעכטער זייט. **דער דאָקטער** קומט פון דער טיר, וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס.

**סערקעלע, חוה, חיים**

**סערקעלע** פאַלט קלאָמערשט, ווי זי דערזעעט זיי אַריינקומען, אויף דער קאַנאַפּע אַנידער חלשות.

**אַלע** לויפן צו איר צו און ראַטעווען אין רייסן זי. **חוה** פּאַכט אויף איר מיט דעם פאַרטוך און **חיים** מיט ביידע פאַלעס.

**אַלטעלע** שרייט מאַמעניו! מיינע צערטלעכע מאַמעניו!

**דער דאָקטער** זייט נור רואיק; וויין הער, וויין.

**אַלטעלע** גלייך, גלייך, העדר דאָקטער! זי נייגט זיך צו אים גאַנץ מיט חן. איך ברינגע גלייך פּאָט קעללער.

**דער דאָקטער** לאַסטען זי, עס הייערט צו לאַנגע, געבען זי ווענינגסטענס קאַלטעס וואַססער אָדער איין ווענינג עסיג העדר.

**הינדע** כאַפּט אַ גלאָז וואַסער און שפּריצט סערקעלען אין פּנים אַריין.

**דער דאָקטער** רעכט זאָ, מיין קינד! גוט, רעכט גוט.

**סערקעלע** קומט קלאָמערשט אַ ביסל צו זיך און שרייט אוי וויי מיינע כותת!

**הינדע** געלויבט צו גאָט! זי לעבט! זי לעבט!

**ר׳ משה** אין דער שטיל צו זיך איך האָב תמיד געוואוסט, אַז איר סוף וועט נישט גוט זיין, גאָט ברוך הוא ווייסט, וואָס ער טוט! הויך צו חווהן וואָס איז דאָס דאָ אָבער אַזוינס געווען?

**חווה** איך ווייס אָסור אַליין נישט. עפּעס האָט זי דאָ געהאַט מיט חיימען צו טון, און אין כעס, ווי איר טבֿעלע איז, איז זי צוגעלאָפֿן צו אים מיט אַ מעסער און האָט געשריגן, זי וויל אים דווקא דעם טויט מאַכן. האָט ער זיך נעבעך געוואָלט הינטער מיר באַהאַלטן, איז זי ווידער צו מיר געלאָפֿן מיט דעם מעסער אין דער האַנט, האָבן מיר ביידע געוואָלט פֿאַר איר אַנטלויפֿן, איז זי פּלוצלינג פֿאַר כעס נאָר אַנידערגעפֿאַלן חלשות.

**חיים** ע, בעל־בית־לעבן! זי ווייסט נישט די מעשה גאָר פֿון אָנהייב, איך וועל איך דערציילן גאָר אינגאַנצן. זי האָט מיך געשיקט נאָך...

**סערקעלע** שרייט פּלוצלינג זייער הויך אוי וויי! גזלנים! שמועסטס נישט, וואָרן איך וועל ווידער חלשן!

**דער דאָקטער** זיצט נעבן סערקעלען און טאַפּט זי ביים דפק און זאָגט צו זיך אין דער שטיל דאָס איזט איינע זאָנדערבאַרע אָהנמאַכט, דער פּולס איזט גאַנץ רעגעלמעסיג. הויך צו סערקעלען נון, ווי איזט עס איהנען יעצט? איזט עס איהנען בעססער?

**סערקעלע** האַר־לעב! ראַטעוועט מיך! געוואַלד! איך בין פֿאַרביי!

**דער דאָקטער** נו, נו, פֿירכטען זי ניכטס, עס ווירד שאָן בעססער ווערדען; ברינגט זי נור צו בעטטע, זי האַט עטוואַס שעדליכעס עססען אָדער טרינקען מיססען.

**אַלטעלע** זאָגט מיט חן ניין, הער דאָקטער! צום אָנבייסן האַט זי נור צוויי גלאַז קאַפּע מיט דריי פּוטער־געבעקסלעך געגעסן, ווייטער האַט זי ניכט אין מויל געהאַט.

**הינדע** זאָגט צו אלטעלען פרייד־אַלטע־לעבן! גיב מיר די שליסעלעך, וועל איך דער מומען אַ ביסל קעלנישוואַסער געבן.

**אלטעלע** אין דער שטיל צו הינדען מיט כעס פרידעריקע, ביזטו מיך קראַנק צו רופן? הייך איך האָבע וואַרהאַפטיג זעהר ווענִיג אונד בהיכלע עס הייטע פיר מיך זעלבסט, דען מיין ברייטיגאַם זאָלל יאַ הייטע היר זיין.

**דער דאָקטער** הייבט זיך אויף פון דער שטיל אַלזאָ ברינגט זי נור גלייך צו בעטטע, אונד לאַססען זי מיר פעדער אונד פאַפיר געבען, עס ווירד שאָן אַללעס גוט ווערדען.

**הינדע** און **חוה** זעצן אויף סערקעלען.

**סערקעלע** קרעכצט הייך אוי וויי! אוי וויי! אוי וויי מיינע כוחות!

**הינדע** און **חוה** פירן סערקעלען אין איר שלאָפחדר אַריין.

**חיים** זוכט פאַפיר און פעדער.

# צענטער אַריינקום

## דער דאָקטער, ר׳ משה, אלטעלע, חיים, ירחמיאל

**ירחמיאל** קומט דורך דער טיר, וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס מיט אַ קריגל אין דער האַנט, ער נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק און זאָגט גאַנץ הייך מיין בע־בע־בע־בע־בעל־ביה

**אלע** ווינקען צו אים ער זאָל שטיל זיין.

**אלטעלע** גייט צו ירחמיאלן און זאָגט אים עפּעס בסוד.

**חיים** ברענגט צו טראָגן צו דעם דאָקטער פאַפיר מיט אַ פעדער.

**דער דאָקטער** נון? וואָ איזט דען די דינטע?

**חיים** דער האַר האָט דאָך נאָר געזאָגט, אַז מען זאָל ברענגען פֿעדער מיט פּאַפּיר?

**דער דאָקטער** ניין, זאָ ברינג איך די דינטע.

**אלטעלע** באַקוקט זיך קעגן דעם שפּיגל נאַ, ווי איך אויסזעהע! אַך! מיינע לאָקען גאַנץ רעזאָנירט! זי מאַכט זיך די לאָקן קעגן דעם שפּיגל צורעכט איך האַבע מיך זעהר ערשראָקען.

**חיים** ברענגט צו טראָגן אַ טינטאַרן און בּיסל וואַסער אין דער פֿלעש דאָ האָט דער האַר טינט און פֿריזאַמד.

**דער דאָקטער** נו, נו, נו, שאָן רעכט. ער זעצט זיך אַנידער און שרייבט:

**ר' משה** זיפֿצט גאַנץ הויך אוי! הלוואַי, דער סוף זאָל גוט זיין!

**דער דאָקטער** אַבער וואָרום זאָגט זי, מיין ליבער הערר דאַנציגער, זאָ נידערגעשלאַגען? פֿירכטען זי נור ניכטס, איהרער פֿרוי איזט עס בערייטס אום פֿילעס בעססער, עס וואַר נור זאָ איין קליינער היסטערישער אַנפֿאַלל. קענטען זי מיר אַבער ניכט זאַגען, וואַס איהר פֿאָרהער פֿעהלטע, אַלס זי מיך רופֿען ליס?

**ר' משה** פֿייער האָט איר גאָרנישט געפֿעלט, נאָר זי איז זייער בייז, זייער נישט ווערט, גאָט ווייסט צו האָט זי ווען נאָך אַמאָל קומען הרגנן איר שלעכטיקייט. ער וויינט זייער.

**דער דאָקטער** נו, נו, נו, בערוהיגען זי זיך, מיין ליבער הערר דאַנציגער, עס ווירד שאָן אַללעס גוט, רעכט גוט ווערדען. איהר קרעפֿטע-צושטאַנד איזט ניכט שלעכט, איך פֿערזיכערע זי, זי איזט שטאַרק גענוג.

**חיים** יאָ, האַר דאָקטער! זי האָט מיר פֿריער אַזוי אַ גוטן פּאַטש געגעבן, עס זענען מיר אַזש פֿינקען פֿאַר די אויגן געפֿלויגן!

**אלטעלע** גיט איהם אַ שטויס, ער זאָל שווייגן.

**דער דאָקטער** שטייט אויף און גיט ר' משהן די רעצעפּט שיקען זי דיזעס אין די אַפּאָטעקע, זי בעקאָממען דאַ איין פלעשכען, פאָן דיזעס געבען זי איהר אַללע צוויי שטונד צוויי עסלעפעל, אונד ווען דאַס פלעשכען איבערגעברויכט זיין ווירד, שיקען זי מיך גיטיגסט ווידער ריפען. איבעריגענס זאָלל זי זיך רעכט וואַרם האַלטען, איהם צימממער זיטצען, ניכט אַלס זופּפּע עסען אונד זיך ניכט מעהר ערגערן אונד שרייען. נון פיהרען זי מיך נאָך איין מאַהל צו איהר, איך ווערדע איהר עס זעלבסט זאַגען, קאָממען זי ער גייט מיט ר' משה צו סערקעלען אין שלאָפחדר אַריין.

**חיים** גייט זיי נאָך און ווייזט מיט דעם פינגער פון איין האַנט איף דער אַנדערער האַנט אַזוי ווי דאָ ווען האָר וואַקסן, אַזוי וועט זי דאָס אַליך פאָלגן, וואָס דער אַלטער שקראַפּ זאָגט. לאָז ער נאָר אַוועקגיין, אָדאָ, וועט זי ווידער וואָיעהיען און שרייען. ער גייט נאָך אין דעם שלאָפחדר אַריין.

## עלפטער אַריינקום

### אלטעלע, ירחמיאל

**אלטעלע** גיט אַ לויף צו ירחמיאלן יעצט שפּדיך, האָב ברויכסט דו?

**ירחמיאל** דע-דע-דע-דער בעל-בית האָ-אָ-אָט מיך געשיקט מיט אַ-אַ-אַ קוויטעלע.

**אלטעלע** צו וועם?

**ירחמיאל** צו וועמען? צו-צו-צו-צו דיר.

**אלטעלע** מאַכט זיך, גלייך זי פאַרשטייט איהם נישט צו וועם, זאָגסט דו?

**ירחמיאל** ווי־י־דער צו ווּעמען — צי־צי־צו־צו דיר.

**אלטעלע** מיט כעס דאס הייסט איין לומפ! נון ווער בין איך דען? ווי הייס איך דען?

**ירחמיאל** דו הייסט פּ־פּ־פּ־פריידע־אַלטע.

**אלטעלע** איך הייס אַבער פריילין פרידעריקע דאַנצי־געריִן.

**ירחמיאל** נו האָ־אָ־אָב איך צו דיר גאָ־אָ־אָר קיין קוויטל נישט, מיין בע־ע־על־בית האָ־אָט מיך דאָס קוויטל גאָ־אָ־אָר געהייסן אָ־אָפּ־געבן פריידע־אַלטען ער וויל אַוועקגיין.

**אלטעלע** לאָזט אים נישט אַוועק גיין אַבער קאָם נור הער, דאַכ בריפכען איזט יאַ אַן מיך. צייג עס נור הער!

**ירחמיאל** באַהאַלט דאָס קוויטל אין קעשענע אַריין וואָ־אָ־אָרן איך וויל?

**אלטעלע** דו זאַגטעסט יאַ ערשט וועלבסט, דאַס די אַן מיך איין בריפכען האַסט, נון, זאָ גיב עס הער.

**ירחמיאל** קערט זיך צוריק אים נו, זאָ־אָ־אָג מיר, ווי הייסט?

**אלטעלע** נין, איך הייסע פריידע־אַלטעלע איך — דאַס הייסט איין נאַרר!

**ירחמיאל** מאַכט זיך קלאָמערשט נישט פאַרשטיין וואָס? פריידע־אַ־אַ־אַלטע איז אַ נאַר? דאָ־אָס גייט מיך גאָ־אָר נישט אָן, איך באַדאַרף אי־איר נאָר דאָ־אָס בריוול אָ־אָ־אָפּצוגעבן.

**אלטעלע** נון, זאָ גיב שאָן איינמאַהל הער, איך זאַג דיר יאַ, איך הייסע פריידע־אַלטעלע, אַבער איך הייסע פריילין פרידעריקע דאַנציגעריִן אויך.

**ירחמיאל** ע־ע־עפּעס האָט זי אפּשר זי־י־יבן נעמען, גאָ־

אָ־אָר אַזוי ווי יתוז — ער זוכט אין קעשענע: יאָ, און פֿאַ־אַ־אַר מיין וועג גאָ־אָ־אָר נישט?

**אלטעלע** *גיט אים געלט* היר האסט דו, גיב נור שאָן דאַס בריפֿכען הער.

**ירחמיאל** *באַהאַלט פֿריער דאָס געלט אין קעשענע אַריין, דערנאָך גיט ער איר דאָס בריוול* דאָ האָ־אָ־אָסטו דאָ־אָס בריוול און גיב מיר תיכף אַ־אַ־אַ תשובֿה.

**אלטעלע** *לייענט דאָס בריוול אין דער שטיל, דערנאָך זאָגט זי צו ירחמיאלן* זאַגע דעם הערן הענדלער...

**ירחמיאל** *פֿאַלט איר אין די רייד אַריין* דאָ־אָס מיינסטו מיין בע־בע־בעל־הבית?

**אלטעלע** נון יאַ, אַלזאָ זאַגע איהם, דאַס אַללעס, גאָטט זיי־דאַנק, זעהר גוט איזט. ר׳ יוחנן וואַר הייטע היר, די מוטטער האַט איהם אַללעס גוטע געאַנטוואָרטעט, זאָ ווי וויר אונז ווינשען, איך זאַגע איהם, דאַס ער זיך בעגענדס וועגגעדען זאָלל, דען די מוטטער ווירד איהם הייטע איינלאַדען צו זיך אויף אַנבייסען, אונד הייטע ביינאַכט ווירד דאַס געווינשטע שאָן זיכער זיין.

**ירחמיאל** *איז זיך אַ ביסל מישב* גיב דו מיר בע־ע־כער צוריק אַ־אַ־אַ קוויטעלע.

**אלטעלע** איך קאַן אַבער יעצט אונמעגליך שרייבען.

**ירחמיאל** *לאַכט* הע־הע־הע, און אי־יך ווייס שוין פֿאַרוואָס!

**אלטעלע** זאַגע, וואַרום מיינסט דו?

**ירחמיאל** *נעמט אַרויס אויס דער קעשענע דאָס געלט און ווייזט עס איר* ווייל דו האָ־אָסט אַ־אַ ביסל אַ־אַ שוועדע האַנט.

**אלטעלע** דו אומפערשטיינענטער קערל! נון זאָ ווארטע, אונד איך ווערדע שרייבען *זי זעצט זיך אַנידער ביים טיש און שרייבט.*

**ירחמיאל** שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס און קוקט, ווי זי שרייבט; ער מאַכט חוזק איבער איר אָ־אָ־וואַ! בלעבן, אַ־אַ־אַ־ינצלעך כּתְבל, כאַ־אַמע לאָ־אָפּעטעם און פּאַ־אַלקעם.

**אלטעלע** לייגט צונאַנד דאָס בריוול און גיט עס ירחמיאל־ היר האַסט דו אַנטוואָרט, אונד זאַגע דעם הערן הענדלער, דאַס ער ביטע בײַ אונז שפּייזען ווירד, ער זאָלל נירגענדס וועגגעהן.

**ירחמיאל** או־און איך זאָ־אָל בלײַ־ײַבן אי־אין דער היים או־און נישט האָ־אָבן וואָס צו ע־עסן?

**אלטעלע** נים נור אינד געה, דאַס געהט מיך ניכט אַן.

**ירחמיאל** דאָ־אָס גייט אָ־אָבער מיך אָן, איך וועל אָ־אָבער נישט נע־מען דאָ־אָס בריוול.

**אלטעלע** נון, זאָ קאָם דו איך מיט דײַנעם הערן, נור נים שאָן.

**ירחמיאל** אַוי, ביזט טאַ־אַקע אַ פֿײַן מיידעלע, אַזוי האָ־אָב איך דיך אוי־איך ליב ער נעמט דאָס בריוול און גייט אַוועק.

**אלטעלע** דאַס הייסט איין טוגענילטס! נאַך דער האַלבּ־צייט מוס ער גלײַך אַבגעשאַפֿט ווערדען, אונד לוטער קריסטליכע דינסטען ווערדע איך האַלטען, קיינען איינציגען יודען! הי מיך דער דאַ בעדאַנדעלט האַט, אַלס ווען איך מיט איהם צוזאַממען שווײַנע געהיטעט העטטע. נאַ! זאָ איין דוממער, זאָ איין שטומ־מער קערל! איך ווערדע איהן אַבער שאָן בײַ מײַנעם ברייטיגאַם פֿערקלאַגען. אונד דיזעס בריפֿכען מוס איך גלײַך צו דען איבעריגען האַלטען, וועלכע איך פֿאָן איהם האַבע, הינלעגען זי גיט דעם בריוול אַ קוש און לויפט אַוועק. דער פֿאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

סוף פון דעם אַנדערן אויפצוי

# דריטער אויפצוי

עס קומט פֿאָר די אייגענע שטוב ווי בײַ דעם ערשטן אויפצוי

## ערשטער אַרײַנקום

### ר' גבריאל אַלײן

ער ליגט אויף דער קאַנאַפּע האַלב איבערגעטאָן אַ משפּון וואָס מען זיך פֿאַר־זעצן אין קלײַנ זאָל מען זײַן — אַצינד ווערט זיך מיר דאָס ערשטע אַ וועלט עפֿענען. ר' משה דאַנציגערס אידעס! ווער ווערט מיר זײַן גלײַך? — איך וועל זיי דאָס אַלע אם ירצה השם בײַ דער נאָז אַרומפֿירן. מילא, דער מחותּן איז זיך דאָך טאַקע אַ פּראָסטער גראָ־בער יונג, ער קען דאָך ניט אַ צלם פֿון אַ אַלף, בײַ אים וועל איך זײַן דער רבי. דער מחותּנתטע וועל איך דעם קאָפּ אַזוי פֿאַר־דרייען, כאָטש עס דאַכט זיך איר, אַז זי גייט אין ספּאָדעק, אַז זי וועט אַלײן נישט וויסן פֿון איר לעבן צו זאָגן. און מײַן כלה, דער פֿריילײַן פֿרידעריקע באַדאַרף איך דאָך נאָר איינמאָל צו זאָגן, אַז זי איז זייער שיין, האָב איך זי דאָך שוין אינ־גאַנצן געקויפֿט. גבריאל! חי לויכסט, ביזט אַ יונג מיט שפּאָרן! ער רוט זיך אַ ביסל אָפּ יאָ, אַלץ רעכט, אַלץ גוט, וואָס טוט מען אָבער מיט דעם פֿאַרשוואַרצטן סילוק? וואו נעמט מען כאָטש טויזנט רייניש מינץ? און די פֿײַנע ברידטע שפּאַרט זיך דאָך דווקא אײַן אַז איך זאָל תּיכּף בײַ די תּנאים מסלק זײַן, און דאָס, אַז נאָר

בײַ איר זאָל דער מלוך ליגן אײַנגעלײַנט — וואָס טוט מען אַצינדערט? ער הײבט זיך אויף פֿון דער קאַנאַפּע און גײט אַ פּאָר מאָל אין שטוב אַרויף און אַראָפּ און טראַכט: זאָל איך אפֿשר זאָגן, אַז איך קען אַצינד נישט מסלק זײַן, װײַל איך בין איצט פֿאַרשטעקט מיט מײַן געלט אין סחורות? — סערקעלע איז אָבער איך נישט פֿון די נאַראָנים, וואָס זענען צען אום אַ גראָשן, וועט זי זאָגן. ער שפּיצט נאָך, ווי סערקעלע שמועסט אוי מײַנע סחורות! מײַן אַלטע־לעבן, זאָל שטאַרק און געזונט זײַן, איז דאָך אַגדאָם ערשט אַלט דרייצן יאָר, איך קען נאָך באַשטײן צו וואַרטן, ביז איר וועט דאָס געלט אײַנקאַסירן — און וואָס וועט זײַן? איך האָב מורא, זי וועט זייער לאַנג מוזן וואַרטן. ער טראַכט ווידער אַ ביסל נאָך: זאָל איך אפֿשר אַלטען גאָר דעם סוד אױסזאָגן, אַז איך האָב קײן געלט נישט? נו, וואָס וועט זײַן? — אַז אַ נאַר וואַרפֿט אַרײַן אַ שטײן אין גאָרטן אַרײַן, קענען דאָך אים צען קלוגע איך שוין נישט אַרויסנעמען — אַלטעניו וועט גײן תּיכּף דערצײלן דער מאַמעניו, און די מאַמעניו דעם טאַטעניו, און דערנאָך, גבֿריאלניו, מעגסטו דיר שוין אייפּנייען אַ טאָרבעניו און גײן אין די הײַזער. ער טראַכט נאָך, דערנאָך גיט ער אַ געשריי וואַרט, עס איז דאָ! נאָר וואָס העלפֿט דאָס! ער טראַכט ווייטער, פּלוצלינג גיט ער זיך אַ כאַפּ בײַם שטערן און שמועסט שטילער אַ־האַ! אַז דאָס זאָל מיר געראָטן — ע, וואָס! עס מוז מיר געראָטן — נויט ברעכט אײַזן, האָט אײנער אַמאָל געזאָגט. ער גײט אַרום אין שטוב און מאַכט מיט די הענט, אַזוי ווי אײנער קלערט נאָך; דערנאָך זאָגט ער גאַנץ פּאַמעלעך הערסטו, גבֿריאל, מיר געפֿעלט עס. איך זאָג דיר, עס איז גוט און גוט און נאָך בעסער. גבֿריאל! ביזט אַ וואוילער יונג! ער רוט זיך אָפּ אַ ביסל: כּ'לעבן, איך זאָל מיך איצט קענען דערלאַנגען, וואָלט איך מיר אַלײן איצט אַ קוש און פּיבקל אַרײַן געגעבן! ער קוקט זיך אום אין אַלע ווינקעלעך איך זאָל נאָר וויסן וואו עפּעס ליגט: די לײַט האָבן זיך אַלע געלײַגט שלאָפֿן נאָך דעם עסן. אַצינד

העט כּלעבן די רעכטע צייט געווען עפּעס צו טון. ער גייט צו־דער טיר וואָס איז אין דער רעכטער זייט און האָרכט, דערנאָך גייט ער צו דער טיר וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס און פאַרריגלט זי, דערנאָך גייט ער צו דער קאָמאָדע און פּרווט, אויב זי איז אָפן שלעכט, פאַרשלאָסן. ער גייט צו דער שאַפע און פּרוּווט, אויב זי איז אָפן ביטער, אויך צו־געמאַכט. ער ווייזט מיט דעם פינגער אויף בערקעלעס שלאָפחדר איך זאָל נאָר וויסן, אַז עס וועט דאָ קיינער נישט אָנקומען, העט איך דאָרט אַ ביסל בודק חמץ געווען. ע, אַז מען שטעלט נישט איין, נעמט מען נישט אויס. ער וויל גיין אין שלאָפחדר אַריין און האָרכט מיר דאַכט זיך, מען גייט. ער ווערט בייז און גיט זיך געשווינד אַ וואַרף אַנידער אויף דער קאַנאַפּע געשעדיקט זאָל עס ווערן!

## צווייטער אַריינקום

### ר' גבריאל, חיים

**חיים** קומט אַריין נאָר אין די זאָקן אָנגעטאָן מיט די שיך אין דער האַנט, און קוקט, אויב ר' גבריאל שלאָפט איר שלאָפט נישט, ר' גבריאל־לעבן!

**ר' גבריאל** בייזערדיק ניין, איך קען נישט שלאָפן.

**חיים** שמייכלט עס גייט איך אַזוי ווי מיר: איך פאַ־דרייט פריידע און מיר חוה דעם קאָפּ.

**ר' גבריאל** אַזוי איז דאָס, בחור? דו מאַכסט דיך צו צו חוהן — איך האָב דאָס גאָרנישט געוואוסט, אַז דו ביזט אַזוי אַ וואוילער יונג, כּלעבן!

**חיים** מיט גאווה וואָס איז דאָס? שטייט מיר אפשר נישט אָן?

**ר' גבריאל** נו? וואָס זאָגט חוה דערצו?

**חיים** פֿרעגט גאָר נישט, וואָס זי זאָגט אַליין! אַמאָל זאָגט זי אַזוי און אַמאָל ווידער אַזוי, אַ כּלל, ווי דער שגעון קומט איר אָן. איך זאָג אײַך דעם אמת, איך האָב מיך שוין היינט מיט איר גאַנץ גוט איבער אַ מעשהלע געקריגט, וואָרן אַז עס קומט איר אָן איר משוגענע שעה, ווייס איך גאָר נישט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. דאָ שרײַט זי, איך בין גאָר פּלוצלינג אַ נאַר, אַ שוטה, אַ פּאַסקודניק, כאָטש איך ווייס דאָך אַליין בײַ מיר, אַז עס איז אַליין ליגנד — קורין פֿון דער זאַך, אַז זי האָט חשק, טראַכט זי אויף מיר אויס, וואָס עס איז נאָר דאָ אין דער קאָרט.

**ר' גבריאל** און דו, נאַר, שווייגסט איר?

**חיים** וועט איר, איך ווייס אָסור אַליין נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, איך האָב שוין אַזוי אַ פֿאַרשוואַרצטע טבֿע, אַז איך וויל אַפֿילו אַמאָל אויף איר בייז זײַן, לאָזט עס מיך נישט — עס מוז שוין זײַן עפּעס אַזוי אַ כּישוף, איך זאָג אײַך נאָר אַ כּישוף — און ווידעראַמאָל, אַז עס פֿאַלט איר אײַן, קומט זי זיך אַזוי מיט אירע גוטע ריידעלעך צו מיר צו קריכן און זאָגט: „חיים־לעבן! איך וועל דיך עפּעס בעטן, דו ביזט דאָך טאַקע אַ פֿײַן יינגל, טו מיר דאָס און דאָס, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך ליב“. נו, קענט איר אײַך גאָרנישט משער זײַן, ווי איך בלײַב שטיין. און ווער שמועסט, אַז זי מאַכט נאָך אַזוי אַ ביסל אַ הנעוודיקע העוויה און גיט מיר אַ גלעט בײַם בעקל — אוי וויי! ווער איך דאָך טאַקע שוין שיר ניט משוגע און הז נישט און שלאָף נישט גאַנצע נעכט, און אַפֿילו אין חלום דאַכט זיך מיר אַליין, אַז חוה שמועסט מיט מיר, אַז חוה רעדט מיט מיר.

**ר' גבריאל** זאָג מיר נאָר אָבער, וואָס נעמט זי זיך דאָס אַזוי איבער, די מיאוסע מויד, הע?

**חיים** ווער? חוה? אי! וואָס רעדט איר? חוה איז מיאוס? אַט, האָט מיר נישט פּאַראַיבל, האָט איר דאָך עפּעס גאָר קיין גוסט נישט. חוה איז מיאוס?! קוקט זי נאָר אָן מיט מײַנע אויגן, מיר דאַכט זיך, אַז זי איז אַ סך שענער אַפילו פון... אַי, וואָס זאָג איך, איך מיין נאָר, מיר דאַכט זיך, אַז עס איז שוין נישט פאַרהאַנדן שענערס פון חווהן. נאָר וואָס דאַרף איך אייך ערשט דאָ צו דערציילן – עס האָט אַ פּנים, איר ווייסט דאָך נישט אַזוי גוט ווי איך, – נאָר איר זאָגט דאָס פאַר מיר אַזוי.

**ר' גבריאל** וואָס קומט דיר אָבער דערפון אַרויס, וואָס חוה איז אַפילו שיין? נו ווען אין אמת וועט עמעץ אַנדערש אָן איר קריגן אַ שיין ווײַב! וואָס העלפט דיר די אַלע מעשיות? אַז דו געפעלסט איר נישט, וועט זי זיך אַוודאי באַלד און גיך אויסזוכן אַן אַנדערן, און דו וועסט בלייבן שוויצן.

**חיים** כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט בײַם קאָפּ אוי ווײ! זאָל גאָט ברוך הוא שומר און מציל זײַן! חוה זאָל נעמען אַן אַנדערן? ניין, דאָס קען נישט זײַן, ניין דאָס טאָר נישט זײַן! איך זאָל טאַקע וויסן אין די וועגעלעך צו אַרבעטן, איך זאָל טאַקע וויסן צו גיין פון טיר צו טיר קבצנען – ניין, דאָס וועל איך נישט צולאָזן.

**ר' גבריאל** וואָס דען ווילסטו דיר פאַר אַן עצה געבן, חיים?

**חיים** זעט איר, מײַן ליבער ר' גבריאל־לעבן... ער קראַצט זיך הינטער דעם אויער און רעדט איך בין אייגנטלעך געקומען אַהער אײַך בעטן – איך זע דאָך, אַז איר וועט דאָ ווערן אונזער יונגער בעל־בית, און איך ווייס, אַז וואָס איר, זאָלט לעבן, וועט נאָר זאָגן, וועלן אַלע, דער בעל־בית, די בעל־ביתטע און אַלטענױ, זאָל שטאַרק און געזונט זײַן, דערצו מוזן זאָגן „אָמן" – אָבער

דעם האָב איך אייך איצט געוואָלט בעטן... ער גיט אים אַ קוש אין דער האַנט אַריין זעט איר, איך בין דאָך נעבעך, ווי איר קוקט מיך אָן, אַן אָרעמער יונג — האָב איך אייך געוואָלט בעטן, איר זאָלט מיך אָרעמען יונג אויך אין זין האָבן... איך ווייס דאָך, אַז איר זענט זייער אַ גוטער מענטש, האָב איך אייך געוואָלט בעטן, איר זאָלט מיר דעם שידוך מיט חוה'ן אויספירן — איר העט זען, אַז אין מיין לעבנסטאָג וועל איך אייך דאָס נישט פאַרגעסן.

**ר׳ גבריאל** אַזוי, בחור! דאָס מיינסטו! — נו, נו, אַבי דו האָבסט מיר נאָר געזאָגט, וואָס דו מיינסט. האָב קיין מורא נישט, עס וועט שוין רעכט זיין. ער קלאַפּט אים מיט דער האַנט אויף דער פּלייצע זאָרג נישט, חיים! לאָמיך נאָר פריער חתונה האָבן, וועסטו שוין זען, וואָס איך קען. פאַרלאָז דו דיך נאָר אויף מיר, איך זאָג דיר, חוה איז שוין דיין כלה, מעגסט שוין שלאָפן געשמאַק.

**חיים** וויינט און קושט ר׳ גבריאלן די האַנט אוי, מיין ליבער ר׳ גבריאל־לעבן! איר האָט מיך גאָר דערקוויקט, דערקוויקט זאָלט איר מיר ווערן פון דעם אייבערשטן! איך ווייס גאָרנישט, מיט וואָס איך וועל אייך דאָס קענען אָפּדינען! גאָט ברוך הוא וועט אייך דאָס אַוודאי טאָפּלט באַצאָלן, וואָס איר טוט אָן מיר אָרעמען יונג.

**ר׳ גבריאל** נו, נו, נו, וויין שוין נישט, עס שיקט זיך נישט, אַ חתן זאָל וויינען. גיי, ביזט אַ נאַר, זיי נאָר מיר געטריי, וועסטו זען, אַז עס וועט דיר אַוודאי גוט זיין, און וועסט נאָך קריגן פון מיר אַ גוט דרשה־געשאַנק אויך.

**חיים** אוי, איר וועט זען, ווי געטריי איך וועל אייך זיין, ווי איך וועל אייך אַלץ פאָלגן!

**ר׳ גבריאל** גיט זיך פלוצלינג א כאַפּ איין, גלייך ער האָט זיך געוועז עפּעס דערמאַנט יאָ, וואָס האָב איך דיר דאָ געוואָלט עפּעס זאָגן, וואָס קיין ליגנד איז? — יאָ, פאַרוואָס גייט דאָס די בעל־הבית'טע היינט אָן דעם שטערנטיכל?

**חיים** איר ווייסט נישט? זי האָט דאָך דאָס היינט יאָרצייט נאָך דעם ברודער.

**ר׳ גבריאל** יאָרצייט נאָך אַ ברודער? דאָס הער איך דאָס ערשטע מאָל. יאָרצייט נאָך אַ ברודער? מען זאָגט נאָך אַ טאַטן אָדער נאָך אַ מאַמען, אָבער נאָך אַ ברודער פּלוצלינג צו האָבן יאָר־צייט? און כאַנדרע, אַז מען האָט יאָרצייט, גייט מען אָן דעם שטערנטיכל?

**חיים** זעט איר, איך וועל אייך דערציילן. זי האָט נישט מער געהאַט, ווי דעם איינעם ברודער. ער איז געווען אַ גרויסער עושר און זייער אַ גוטער מענטש. זי האָט אים אַזוי ליב געהאַט ווי דאָס לעבן. נו, דערווייל איז ער אינטערוועגס דאָרט ערגעץ געשטאָרבן און האָט איר זיין גאַנץ פאַרמעגן אָפּגעזאָגט, נו האָט זי פאַר דאָס אַ נדר געטון, אַז זי זאָל אָן דעם טאָג, ווען זיין יאָרצייט געפאַלט, גיין אָן דעם שטערנטיכל, און קיין שום שטיקל צירונג זאָל אויף איר לייב אַרויפקומען.

**ר׳ גבריאל** זי מוז, אָן אַן עין־הרע, האָבן זייער אַ סך צי־רונג? נישט וואָר?

**חיים** איי, איי, אוי! אַ ליב זי האָט אַ סך צירונג! ווייסט איר — זי האָט אַפילו, טאַקע אַ פולע קופּערטל מיט לויטער פּערל און דימענטן, און קאַניעקס און אויבלען און שטיק, און חוץ איר אייגן צירונג האָט זי נאָך זייער אַ סך, וואָס עס ליגט ביי איר פאַרזעצט.

ר׳ גבריאל איך ווייס גאָר ניט, ווי מען קען ערגעץ אַזוי פיל צירונג באַהאַלטן?

חיים ע, איך וועל אייך זאָגן, דאָס קאַפּיטל איז פאַראַדע קליין, עס איז אָבער זייער שטאַרק געפּאַקעוועט און די האַלט עס תמיד נאָר ביי זיך און שלאָפט דער צוקאָפּנס אין איר בעט. און דאָס שליסעלע האַלט זי תמיד ביי זיך, זי געטרויט עס קיין מענטש אין דער וועלט נישט.

ר׳ גבריאל דאָס איז זי כּלעבן זייער געראַכט, זי איז טאַקע אַ גרויסע בעל־הביתטע, זי האָט מורא פאַר אַ גנב. וועסטו, עיקר שכחתי, איך האָב גאָר פאַרגעסן — ווי שפּעט וועט איצט זיין? וועט שוין זיין זייגער צוויי?

חיים אי, וואָס רעדט איר? דער שטאָטזייגער האָט שוין לאַנג דריי געשלאָגן.

ר׳ גבריאל וואָס, שוין נאָך דריי? אָהאַ! וואָס טוט מען דאָ אַצינד? זיי שלאָפן נאָך אַלע, און איך באַדאַרף אַזוי נייטיק צו לויפן אויף דער פּאָטשט, און אַוועקצוגיין אומגעזעגנט שיקט זיך אויך נישט. איצט ווייס איך מיר גאָר קיין עצה צו געבן, וואָס טוט מען דאָ אַצינד?

חיים ווייסט איר וואָס, איך זאָל נישט מורא האָבן פאַר ־ער בעל־הביתטע, העט איך אפשר געקענט אַ שפּרונג אַריבער געבן אויף דער פּאָטשט?

ר׳ גבריאל אי, דו העסט טאַקע געווען אַ פיינער יונג, דו זאָלסט מיר דאָס קענען טון.

חיים וואָס וועט אָבער די בעל־הביתטע דערצו זאָגן?

ר׳ גבריאל גיי, נאַר, אַז איך הייס דיך, וועט זי דיר דערפאַר אָכור גאָרנישט זאָגן.

**חיים** פֿאַר דעם װאָגן האָב איך פֿריִערע קיין גרויסע מורא נישט, נאָר פֿאַר דעם... *ער װײַזט נאָך, װי סערקעלע האָט איבּ אַ פּאַטש געגעבּן.*

**ר׳ גבריאל** שלאָגן, מיינסטו? גיי שוין, גיי, אַז איך שיק דיך, מעגסטו גיין. איך װעל דיך שוין פֿאַרענטפֿערן, האָב קיין מורא נישט.

**חיים** איך בעט אײַך זייער, װאָרן איר קענט זי דאָך שוין, אַז זי װערט בייז, װי זי צעפּירט זיך די הענטעלעך. *ער מאַכט נאָך אַ מאָל אַזוי נאָך װי פֿריִער.*

**ר׳ גבריאל** נו, גיי שוין, גיי, עס װעט שפּעט װערן.

**חיים** *טוט זיך אָן די שיך און גייט אַװעק.*

**ר׳ גבריאל** *קוקט אים נאָך* געלויבּט צו גאָט, אַז איך בין שוין אַמאָל זײַנער פּטור געװאָרן. נאָר עפּעס גייט האָב איך פֿאָרט איצט געװאָר געװאָרן, — מען קען פֿון אַ נאַר אויך עפּעס לערנען. עס פֿלעגט מיר פֿון אייבּיק אָן קשה צו זײַן, צו װאָס האָט גאָט באַשאַפֿן אַ נאַר אויף דער װעלט — נאָר אַצינד איז שוין ריכטיג. גאָט האָט באַשאַפֿן אַ נאַר, דער קלוגער זאָל מיט אים מאַכן װאָס ער װיל. הײַנט די װעלט געװען מיט כאַמע קלוגע יונגען אָנגעשטאָפּט, הײַנט זיי געבּליבּן אַלע פֿאַר הונגער געשטאָרבּן, און דו, גבריאל, צװישן זיי. זײַ שוין איך האָב מיר דאָ בײַ אים אויסגעפֿאָרשט, װאו די רפֿואה איז צו קריגן װאָס קען מיך אויס מײַן חולשה אַרויסהעלפֿן — *ער װײַזט אויף סערקעלעס שלאָפֿחדר* דאָרט ליגט דאָס דער הונט פֿאַרגראָבּן. *ער קוקט זיך אום* נאַ, אָט האָסטו — יעסט פּיעס, ער איז װידער דאָ.

**חיים** *קומט װידער צוריק און קוקט זיך אום און אַלע װינקעלעך אײַ װוכט עפּעס.*

**ר׳ גבריאל** נו, װאָס ביזטו װידער צוריק געקומען?

און וואָס זוכסטו? פֿאַרוואָס גייסטו נישט? עס וועט דאָך שפּעט ווערן.

**חיים** גייט אַרום אין שטוב און זוכט און שמועקט יאָ, איך וועל תיכּף גיין, נאָר — זאָגט מיר נאָר, וואָס זאָל איך דאָרטן טון, אויף דער פּאָטשט? הע?

**ר' גבריאל** זעסטו, פֿאַר אײַלעניש האָב איך דיר גאָר פֿאַרגעסן צו זאָגן, אַז דו זאָלסט דאָרט נאָכפֿרעגן, אויב עס איז נישטאָ אַ בריוו צו מיר?

**חיים** זוכט ווײַטער און שמועקט יאָ, וועמען זאָל איך אָבער דאָרט פֿרעגן? הע?

**ר' גבריאל** וואָס טײַטש? וועסט אַרײַנגיין צום פּאָטשט־מײַסטער, וועסט שײַן אָפּהייבן דאָס היטל און וועסט פֿרעגן, אויב עס איז נישטאָ עפּעס אַ בריוו צו גבֿריאל הענדלער. ער וועט דיר תיכּף זאָגן, צי יאָ, צי ניין, ער איז אַ גאַנץ גוטער מענטש, האָב גאָר קיין מורא נישט. נאָר גיי שוין, גיי געשווינד, וואָרן עס וועט שפּעט ווערן.

**חיים** גייט און שמועסט צו זיך אין דער שטיל אין פֿעדער־שטוב איז די נישטאָ, און קוק איך נישט. איך האָב געגלייבט, שײַן געמיינט, אַז די איז אַהער אַרײַנגעגאַנגען. ער גייט אַרויס הינטער דער מיטלסטער טיר.

## דריטער אַרײַנקום

### ר' גבריאל אַליין

עפּעס געפֿעלט מיר נישט דער יונג מיט זײַן צוריקקומען און דאָס אומקוקן זיך אין שטוב — זאָל ער זיך האָבן עפּעס געשטויסן, דער בחור? — ע, ווער ווייסט וואָס דער שוטה וויל. און אַז ער

זאָל אַפילו אָנקומען, איז איך גאָר קיין גרויס אחריות נישט, איך האָב דאָך אים צוגעזאָגט הווהן פאַר אַ כלה. נו, גבריאל, נעם דיך צו דער מלאָכה. פריער מוז איך אָבער נאָך אַ קוק געבן, אויב די משפחה שלאָפט נאָך. ער גייט צו דער טיר, וואָס איז אָן דער רעכטער זייט, און האָרכט אָט, ווי געהרגעט! אַצינד זאָל מיר נאָר זכות־אָבות בייִשטיין, וועט שוין אַלץ גוט זיין. ער גייט גאַנץ שטיל אויף די נעגל אין סערקעלעס שלאָפחדר אַריין און קומט אָבער באַלד ווידער צוריק מיר דאַכט זיך, עס האָט דאָ עמעץ געהוסט. ער האָרכט נאָך אַ מאָל אַט, זיי שלאָפן ווי נאָך אַ חתונה, נישט ווי נאָך ראשי־פרקים. שלאָפט נאָר, שלאָפט געשמאַק, איך וועל אייך שוין דאָ חתונה מאַכן. ער גייט ווידער אין שלאָפחדר אַריין און זוימט זיך עטלעכע מינוטן. ער קומט צוריק מיט דעם קופערטל אונטער דעם אָרעם. דער סילוק איז דאָ — (אַצינד לאַך איך אייך אַלע אויס. ביזט אַ פיינער יונג, גבריאל: האָבט געקענט דאָס לייענען. ביזט אַ גוי־טער בעל־מלאָכה, גבריאל! מעגסט דיר מאַכן אַ שילד „אַלאַ באָס־טעס". ער טוט זיך אָן גאַנץ געשווינד און נעמט דאָס קופערטל אונטער דעם פּלאַשטש אַרונטער אַצינד אַהיים, דאָ וועט זיך דאָס עפּעס טאָן, און כערכעלע וועט הערזען, דאָס גוטע קאָפּנקישעלע פעלט איר. „אוי!" וועט זי קרעכצן, ער שפּעט נאָך סערקעלען „אוי ווי מיינע כתובות!". אַצינד וועט זי שוין אָבער טאַקע אין רעכטן אמת מעגן פאַלן אין חלשות. ער גייט נאָך אַ מאָל צו דער טיר זען, אויב זיי שלאָפן, דערנאָך גייט ער דורך דער מיטלסטער טיר אַוועק.

## פערטער אַריינקום

### מאַרקוס רעדלעך אַליין

ער קומט דורך דער מיטלסטער טיר און קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן.

נימאַנד הייר? וואָס איזט דאָס? וואָ זינד דען די לייטע? ער קוקט

אַריין דורך דער טיר וואָס איז אָן דער רעכטער זייט. שלאָפֿען? שעהן, דאַך הייסט אונפֿאָרזיכטיג — דאַס צימער אַליין, די טיהרע אָפֿפֿען, ווי לייכט קענטע יעמאַנד מיט זאָ איינעם רעכט שמאַלען געוויססען גאַנץ אונגעשטערט אַללעס הערויסשטעהלען. אונד די לייטכען שלאָפֿען זאָ רוהיג. וואָ איזט דען אַבער דינדעלע? גיין האַבע איך זי דאָך ענדליך איינמאַהל ביי איינער נאַכלעססיגקייט אין דער ווירטשאַפֿט ערטאַפּט. ער גייט אַרויף אין אַראָפּ אין שטיב זאָל איך עטוואַ הינגעהען אונד זי הערויפֿען? — ווער בלייבט אַבער איינסטוויילען היר צוריק? ניין, איך בלייבע ליבער היר, אונד ווען זי קאָממט, זאָ וואַרטעט איהרער מיין פֿאָרוואורף. ער טראַכט אַ ביסל נאָך דאָך ניין, דער פֿאָרוואורף קאַן גענצליך אויסבלייבען, דען צו וואַס איהרער ערצפֿיינדין פֿרידעריקע נאָך צו איינעם פֿראָהלאָקען פֿערהעלפֿען? אָ יאַ, דיעזעס מעדכען איזט דער פֿליים זעלבסט! פֿאָרמיטטאַג האַטטען זי קיינע לוסט צור לעקציאָן, דאַ היס עס, איך זאָלל נאַכמיטטאַג קאָממען — אונד יעצט האַלט זי איהר מיטטאַגשלעפֿכען. ער לאַכט האַ־האַ־האַ! איהרע מוטטער איזט וואָהל אין איהרען געשעפֿטען אום פֿילעס פֿלייסיגער. דאַ שיקטע זי מיך הייטע אַבערמאַלס צו זיך רופֿען, זי זיי קראַנק, שטערבליך קראַנק, איך מעכטע נור קאָממען, דעם נאַכטס אין איהר שלאַפֿצימער אונד זי קורירען, דאַס הייסט, איך זאָלל איהר די קור מאַכען. יאַ, יאַ, איך פֿערשטעהע דיינע אַבזיכטען, דו נידערטרעכטיגעס וויב, איך קעננע דיך צו גוט, דו אַבשוים דער מענשהייט. אָבוואָהל דו מיך צו פֿערקעננען שיינסט אונד מיר זאָוואַס צומוטעסט. אַהאָ! ווייט געפֿעהלט, מיינע ליבע דאַנציגער! זי האַבען די רעכנונג אָהנע דען ווירטען געמאַכט! ער שווייגט אַ ביסל שטיל ליידער ווייס איך עס אים פֿאָראויס, דאַס מיר דיזע שיינהייליגע די איינציגע לעקציאָן, מיינע לעצטע שטיטצע העלפֿע מיינע אייבערסטע נאָט נאָך צו לינדערן אים שטאַנדע איזט איים ראַבע

אויפזאַגען ווירד; אויך פיהלע איך צו זעהר דען פערלוסט, מיינע איינציג געליבטע הינדעלע ניכט מעהר בעזוכען צו דירפען — אַלליין ליבער אויך הונגערסנאָט טעגליך דעם גראַבע נעהער קאָממען, יאַהרע־לאַנג נאַך דער הערצענבגעליבטען שמאַלטען, אַלס דען פרע־פעלהאַפטען געזינטונגען איינעם פערוכטען ווייבעס ניר איינען איינ־ציגען אויגענבליק צו פריהגען. אַבער האָרך! דאַ קאָמט יעמאַנד! אַהאַ — מיינע גוטע הינדעלע!

## פינפטער אַריינקום

### רעדלעך, הינדע

**הינדע** זי היר, הערר רעדליך! וואָ איזט דען דער נייע בריטיגאַם? היים זאַגטע מיר יוסט, דאַס ער שאָן האַך אונד היר זיי.

**רעדלעך** איך קאַם אונלענגסט הער, פאַנד די טיהרע אָפפען אונד נימאַנד אים צוממער. ווער זאָלל דען דער נייגע־באַקענע בריטיגאַם זיין, דען זי היר פערמוטעטען?

**הינדע** וויססען זי דען ניכט, דאַס אונזערע פרידעריקע הייטע ברויט ווירד?

**רעדלעך** ברויט? הייטע? — מיט וועם דען, ווען איך פראַגען דערף?

**הינדע** מיט ר׳ גבריאל העגדלער.

**רעדלעך** זאָ? מיט ר׳ גבריאל הענדלער? נון, זאָ ווינ־שע איך איהר גליק, ווען זי מיט דיזער פאַרטי צופרידען איזט.

**הינדע** אָ! זי איזט זעהר צופרידען, דען זי האַט בלאָס נור די איינווילליגונג איהרער עלטערען צו איהרער איינענען וואַהל ערהאַלטען.

**רעדלעך** וואָ? האַט זי איהן איך פֿאָדהער געליבט?
אָ, וואָ איזט די וואַהרהאַפֿטיג גליקליך; ווען זיי פֿילע גיבט עס, איבערהויפּט ביי אונזערער נאַציאָן, דערען וואָהל דער איהרער עלטערן גאַנץ אונד גאַר ניכט ענטשפּריכט, אונד צולעטצט בלאָס אויס פורער שאַמהאַפטיגקייט אָדער אויס געהאָרזאַמקייט מיט איינען, פֿאָן דען עלטערן אויסגעזוכטען, מיט רובעל אָדער אָהנען בע-לאַכמעטען טויגעניכטס פֿערמעהלט ווערדען.

**הינדע** פֿערצייהען זי, הערר רעדליך! דיזער פֿאַלל קאָננ-טע שווערליך ביי אונזערער פֿריעריקע איינטרעפֿען, דען דער אַלל-מעכטיגע זעגנעטע זי מיט רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערן.

**רעדלעך** לאַכט האַ-האַ-האַ! רעכט גוטע, ליבענס-ווירדיגע עלטערן? — אָ יאַ! דיזעס מוס יעדער, דער דיזעס הויז בעזוכט אונד טעגליך געלעגענהייט האַט ביי מאַנכער האַנדלונג געגענווערטיג צו זיין, געשטעהען. ער לאַכט האַ-האַ-האַ! רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערן — מיר וועניגסטענס שיינען זי עס ניכט צו זיין.

**הינדע** זי לאַכען? פֿערצייהען זי מיר, ווען איך בעהויפּטע, דאַס דער שיין מייסטענס טריגט.

**רעדלעך** טריגט? ניין, ניין, ווען דיזער שיין טריגט, וואָ בעטריגען מיך איך מיינע זיננע — ניכט וואָהר, ליבע הינדעלע? איהרע טאַנטע איזט גוט? אונד פֿילייכט איך געגען איהנען?

**הינדע** איך גלויבע מיך ני איבער מיינע טאַנטע בעקלאַגט צו האַבען, זאַגען זי, הערר רעדליך, האַבען זי מיך יע מורען געהערט?

**רעדלעך** זי מורען ניכט, שעהן, דאַס איזט רעכט שעהן פֿאָן איהנען, דען דיזעס ווערע יאַ וואָגאַר צוועקלאָז, יאַ,

עס קענטע פילייכט איהרען צושטאַנד נאָך אום פילעס פערשלימ־
מערן — אַלליין איזט געדולדיג ליידען ניכט ליידען? אָ, ליידער
זאַה איך עס מעהרערע מאַלע, מיט וועלכער גערינגשעטצונג זי
בעהאַנדעלט ווערדען, מיט וועלכער פעראַכטונג מאַן איהנען זעלבסט
די דורך מיהזאַמע אַרבייט פערדינטע שפּאַרזאַמע נאַהרונג הינ־
רייכטע. אָ, איך האַבע מאַנכעס בעמערקט, ביי דעססען ערינגע־
רונג בלאָס מיר שאָן דאַס הערץ בלוטעט.

**הינדע** צוואַר בין איך איהנען פיר איהרע הערצליכע
טיילנאַהמע זעהר פילען דאַנק שולדיג, יעדאָך אַבער מוס איך
זי ביטטען, דאַס זי איהרע געזיננונגען אין הינזיכט מיינער ליבען
טאַנטע אין געגענוואַרט אַנדערער ניכט אויף זאָלכע ואַרט אייא־
סערן מעכטען; דען זי קענטען דאַדורך ניכט אַלליין זי, זאָנדערן
אויך מיך אונד זיך זעלבסט ביי דער וועלט אין איינעם שלעכטען
ליכטע פערזעטצען.

**רעדלעך** בלייבען זי נור גאַנץ אונבעזאָרגט, מיינע
ליבע הינדעלע! דען זי ביי דער וועלט אין איינעם שלעכטען
ליכטע פערזעטצען הייסע זאָפיל, אַלס דער אַללעס בעלייכטענדען
זאָננע איהרען ליכטשטראַהל פערלייהנען וואָללען; וואָס אַבער איהרע
טאַנטע בעטריפט, זאָ פערשטעהען זיך די לייטע אויף איהרען
כאַראַקטער אום פילעס בעססער אַלס זי. אָ, מעכטען זי נור
ערשט אַללעס וויססען, וואָס זיך די לייטע אין די אָהרען פלי־
סטערן, וואַס דיזע העללענפוריע...

**הינדע** לאָזט איהם ניט אויסרעדען און פאַלט איהם אין די רייד אַריין.
זי פאַרהאַלט זיך די אויערן, זי זאָל נישט הערן וואָס רעדלעך זאָגט. איך
וויל פאָן זאָלכען זאַכען ניכטס וויססען, ניכטס הערען, ליבער,
בעסטער הערר רעדליך! איך ביטטע זי, פערשאָנען זי מיך מיט
ערצעהלונגען זאָלכער נאַכריכטען, ערצייגען זי מיר דיזע איינציגע געפעל־

ליגקייט אונד לאַססען זי מיך פאָן מיינער טאַנטע, פאָן מיינער צווייטען מוטטער נור אַללעס גוטע דענקען.

**ר ע ד ל ע ך** (שווייגט אַ ביסל שטיל און קוקט אָן הינדען מיט רחמנות; דערנאָך גייט ער צו איר און נעמט זי אָן ביי דער האַנט) געטטליכעס מעדכען! פערצייהען זי מיר, ווען איך זי געקרענקט האַבע; גלויבען זי מיר, דאַס נור מיינע ליבע עס וואַר, וועלכע מיך זי אויף איהר אייגענעס שיקזאַל איין וועניג אויפמערקזאַם צו מאַכען בעמיהט. אַללײן איך זעהע ערשט יעצט איין, ווי טעריכט עס פאָן מיר וואַר, דער געניגזאַמען צופרידענהייט, דאַס זי מאַנגעל לידע, פאָרשוואַצען צו וואָללען.

**ס ע ר ק ע ל ע** (עפנט גאַנץ פאַמעלעך אויף די טיר וואָס איז אָן דער רעכטער זייט און קוקט אַריין בגנבה.)

**ר ע ד ל ע ך** איך ביטע זי, מיינע ליבע הינדעלע, פער־אַכטען זי מיך נור ניכט. (ער קושט איר די האַנט) היר פלעהע איך, ווי איין אַרמער דינער, אום איהרע פערצייהונג.

**ה י נ ד ע** אַבער אום גאָטטעס וויללען, איך ביטטע זי, (זי וויל איר האַנט פון זיינער אַרויסנעמען) לאַססען זי מיך, איך פערצייהע איהנען פאָן גאַנצען הערצען. איך ביטטע זי... (צו זיך אין דער שטיל) ניין, ניין, איך האַלטע עס ניכט מעהר אויס! (הויך) ליבער, גוטער, טייערער הערר רעדליך! (זי גיט אים אַ קוש) לאַססען זי מיך אַב! לאַססען זי מיך (זי רייסט אים אויס איר האַנט) איך פערצייהע איהנען פאָם גרונדע מיינעס הערצענס.

**ר ע ד ל ע ך** אָ! יעצט איזט מיין גליק גרענצענלאָז! מעגע זיך נון די גאַנצע וועלט מיט פערלען, דיאַמאַנטען אונד ווי דאַס צייג אַללעס הייסען מאַג בעדייכערן — (ער כאַפּט הינדען אַרום מיט ביידע הענט) איך האַבע דיך, מיינע ליבע הינדעלע! אונד האַבע פערלען, דיאַמאַנטען אונד קליינאָדיען גענוג!

## וועקסטער אַריינקום

סערקעלע, הינדע, רעדלעך ווי צעלויפן זיך, ווי זיי זעען סערקעלען:

**סערקעלע** שיין, שיין, איך דעם האָב איך מיך גאָר נישט געריכט. ביזט געראָטן, הינדעלע! מאַכסט כבוד דעם טאַטן אין קבר. אָ, שיין! גאַנץ שיין! פֿאַרפֿינצטערט און פֿאַרשוואַרצט איז דיין דאָליע געוואָרן, אַז עס גלוסט זיך דיר נאָך אָן דעם טאָג, ווען דורס יאָרצייט איז, מיט דייטשן צו שפּילן. אוי מיינע כּוחות!

**רעדלעך** קוקט אָן סערקעלען אַזוי ווי מען מאַכט איום עמיצן היזק. ערגערן זי זיך נור ניכט, מיינע ליבע דאַנציגער, — זי זינד יאַ קראַנק, שטערבליך קראַנק, עס קענטע איינען שאַדען.

**הינדע** וויל רעדלעכן איינהאַלטן און לאָזט אים נישט רעדן אום גאָטסוועגן ווילן, ווען זי מיך... בלייבן זי שטיל, איך ביטע זי, ענטפֿערנען זי זיך, איך בעשווערע זי.

**סערקעלע** מיט בײדע הענט אין דער זייט ווער ביזטו דאָס? דו ליידאַק! דו פּאַרך! מיינסטו דאָס, אַז ביי מיר איז עפּעס אַ שענקהויז? איך וועל דיר דאָ ווייזן, דו דייטש מיט לונגען, ווער עלטער איז. אַזוי אַ גאַלגאַן! זאָל אַ העזה האָבן אַריינצוקומען צו מיר אין שטוב אַריין די מיידלעך צו אַלעם בייזן אָנצורעדן!

**רעדלעך** וויל ווידער אָנהייבן צו רעדן, און הינדע בעט אים מיט הכנעה, ער זאָל אַוועקגיין.

**סערקעלע** שרייט גאַנץ הויך אַרויס פֿון מיין שטוב, דו אָפּגעריבענער און אָפּגעשליסענער נאַקעדיקער דייטש! אַרויס תּיכּף, זאָג איך! זאָלסט דיך נאָר דערוועגן מיין שוועל נאָך איין

מאָל צו באַטרעטן, וועל איך דיר ריק און לענד צעבראָכן, אוי מײַנע כּוחות!

**הינדע** *גיסט אָן רעדלעכן בײַ דער האַנט און פֿירט אים דורך דער מיטלסטער טיר אַרויס. ווען זי זיך געדרעען האָבן, זאָ געהען זי.*

**רעדלעך** *קוקט בײַ דער טיר נאָך אַ מאָל סערקעלען אָן ווײַטער בײַ און גייט אַוועק.*

## זיבעטער אַרײַנקום

### סערקעלע, הינדע

**הינדע** *בלײַבט שטיין בײַ דער טיר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און וויינט.*

**סערקעלע.** נו, נו, איך האָב מיך גוט דערלעבט — ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז איך וועל פֿון אַזוי אַ צרה, פֿון אַזוי אַ שלים-שלימזל וועלכע הרפּות און בושות אײַננעמען? וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל מיך שוין נעמען צו דיר, וועסטו דיר שוין, דו בעסטיע, אַ קריעה רײַסן נאָך דײַנע יאָר און טאָג. אוי מײַנע כּוחות! דאָס איז דאָס דער לוין פֿאַר מײַן בעדיענען, וואָס איך בעדעווע טאָג און נאַכט מיט איר! אומשטײַנגעזאָגט, וואָס האָט זי דען צו זאָרגן, די קבצנטע! פֿרעסט און זויפֿט מײַן בלוטן, נו, גלוסט זיך איר אַדיטש אויך...

**הינדע** *וויינט* מומע-לעבן! איך בין...

**סערקעלע** *פֿאַלט איר אין די רייד אַרײַן* האַלט דעם פּיסק. זאָג איך דיר, דו הראַבקע! אַוודאי דאַרפֿסטו נאָך דעם פּיסק צו עפֿענען! וויפֿל קומט דיר נאָך אין בײַטל אַרײַן צו צאָלן, הע? דו וויינסט? דו האָסט צו וויינען און צו קלאָגן אויף דײַנע יאָר און טאָג, וואָס דו ביזט גאָר געבוירן געוואָרן אויף דער

וועלט. זאָג אַליין, דו פּורעניות: ווי האָסטו נישט געהאַט גאָט אין האַרצן ביי שיינעם העלן טאָג, ביי מיר אין שטוב, וואָס די טיר רוט נישט פון פרעמדע מענטשן, זיך אַנידערצוזעצן מיט אַזוי אַ הולטיי, מיט אַזוי אַ הראַב? גאָט ווייסט, וואָס דאָ העט געווען, ווען עס זאָל מיך נישט עפּעס אַזוי ווי אַראָפּרייסן פונעם בעט, אוי ווי מיינע כּוחות! זכות־אָבות איז מיר דאָ עפּעס ביי־געשטאַנען.

**הינדע** גייט צו סערקעלען מיט געוויין, און וויל איר די האַנט קושן מומעניו! גילדענע מומעניו! הערט מיך נאָר אויס... וועט איר הערן... אַז איך בין... גאָר נישט שולדיק.

**סערקעלע** גיט הינדען אַ שטויס פון זיך אַוועק אַוועק, דו, דו, דו — גיי קוש די זיך מיט דעם. זי קען ניט רעדן פאַר גרויס בעס.

**הינדע** פאַלט אַנידער אויף דער ערד און שרייט אוי! גאָט זאָל אייך דאָס מוחל זיין!

## אַכטער אַריינקום

סערקעלע, הינדע, **חוה** קומט צו גיין דורך דער טיר וואָס איז אין דער רעכטער זייט.

**ר' גבריאל** קומט דורך דער טיר וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס.

**חוה** לויפט צו צו הינדען. אוי ווי מיר, הינדע־לעבן! זי הייבט זי אויף האָסטו דיר עפּעס געטון, מיין לעבן?

**ר' גבריאל** וואָס איז דאָס דאָ געווען אַזוינס?

**סערקעלע** פרעגט נישט, עס איז שוין רעכט. עס איז שוין דאָ גוט געווען.

**ר' גבריאל** וואָס איז דאָס? אפשר ווידער עפּעס אַ שאָדן געווען?

**סערקעלע** אוי ווי, מיינע כּוחות! גלייבט מיר, עס איז גאָר אַ חרפּה און אַ שאַנד פאַר לייט אַפילו צו דערציילן! אָט קוקט זי נאָר אָן — העט מען נישט געמעגט שווערן, אַז זי קען גאָר קיין צוויי נישט ציילן? די הולטייקע!

**הינדע** אוי, הוה־לעבן! פיר מיך אין בעט אַריין, איך מוז מיך לייגן, איך בין זייער פאַרשלאָפּט... אוי!

**חוה** נעמט הינדען אונטער דעם אָרעם גאָט זאָל געבן, עס זאָל עפּעס אַ גוטן סוף נעמען מיט דעם וואָיעווען! אימלעכער באַזונדער האָט צו טון מיט דער אָרעמער יתומה נעבעך.

**סערקעלע** קוקט זי נאָר אָן, ווי זי מאַכט זיך הלשן, די לייַדאַטשקע! איצט האָט זי קיין כּוח נישט — היפּט איר נאָר רעדלעכן צוריק, וועט זי דאָ באַלד כּוח האָבן. אוי מיינע כּחות!

**חוה** פירט הינדען גאַנץ פּאַמעלעך אַוועק און זיינט שטאַרק עס איז שוין די העלכטע צייט, אַז גאָט זאָל זיך עפּעס מרחם זיין.

## ניינטער אַריינקום

### ר' גבריאל, סערקעלע

**ר' גבריאל** וואָס האָט זיך דאָס דאָ געטון, וואָס איר זענט אַזוי בייז? עס פלעגט דאָך גאָר נישט אייער טבע צו זיין. דערציילט נאָר מיר אויך — אָדער איז עס אפשר גאָר אַ סוד פאַר מיר, הע?

**סערקעלע** אַ כּוד אַהין, אַ סוד אַהער, — וואָס זאָל איך איך דאָ אייך נאָך דערציילן, איר זאָלט אייך עגמת־נפש האָבן.

גלייבט מיר, איך האָב געגנוג פאַר כּמיניקע — נאָר איר זענט דאָך, הייבט עס שוין, דאָס אינזעריקע, איר וועט דאָך נישט קיינעם ווייטער דערציילן.

**ר' גבריאל** וואָס זענט איר דאָ ערשט מסופק, מחותנתטע־לעב! וועמען האָב איך צו דערציילן? ביי מיר איז אין איין אויער אַריין און פון דעם אַנדערן אַרויס.

**סערקעלע** הערט־זשע צו, וועט איר עפּעס הערן אַ שיינע מעשה. איך ליג מיר דאָ אַזוי פאַר מיר אין שלאָף — איך האָב אַפילו נישט רעכט געשלאָפן אויך, נאָר בין אַזוי געלעגן און געדרימעלט, אַזוי ווי אַ מענטש ליגט אָפּטמאָל און קוואַל — האָט עס מיך עפּעס אַזוי ווי נישט געלאָזט ליגן אויף אַן אָרט, איך זאָג אייך, עס האָט מיך עפּעס אַזוי ווי געקאָרטשעט, אַז איך זאָל אַהער אַריינגיין, אין דער שטוב אַרײַן... אינמיטן אָבער האָב איך מיך דערמאַנט, אַז איר ליגט דאָ און שלאָפט...

**ר' גבריאל** איז געשטאַנען אַ ביסל ווי דערשראָקן; איצט פאַלט ער איר אין די רייד אַריין יאָ, איר זענט געדעלט, איך האָב טאַקע דאָ געשלאָפן, נאָר איך האָב מיך דערמאַנט, אַז די פּאָטשט גייט היינט ווייגער פיר אַוועק, און איך האָב נאָך נייטיק געדאַרפט עטלעכע בריוו צו שרייבן, בין איך געשווינד געלאָפן, אַ מערכה, וואָס איך האָב מיך דערמאַנט — נו, וואָס איז ווייטער געווען?

**סערקעלע** דערווייל דערהער איך דאָ דעם הילטייכן, דעם אַכבראָשס קול. און איך זאָג אייך דעם אמת, איך קען אים פון אייביק אָן נישט ליידן, וואָרן גלייבט מיר, ער זאָל גאָר נישט דאַרפן מיט אַלטע־לעבן פראַנציזוירעש צו לערנען — העט איך אים אָבער גאָר נישט געוועזן יצו מיר אין שטוב אַריינגעלאָזט, אוי מיינע כּוחות!

**ר' גבריאל** הערלעכן מיינט איר? אַהאַ! אַהאַ! אַוודאי

זענט איר גערעכט. אַזוי אַ קאַטאַסטראָפע קען נאָך אַמאָל עפּעס אַוועק־טראָגן אויך, און דערנאָך גיי שרײַ „חי וקים".

**סערקעלע** דערווײַל טראַכט איך מיר, לאָמיך נאָר גיין זען, מיט וועמען ער שמועסט דאָס דאָרט אַזוי ערנסט, און הייב מיך אַזוי אויף און גיי צו דער טיר און קוק מיר אַזוי גאַנץ שטיל צו, וואָס עס טוט זיך. וואָס זאָל איך אײַך דאָ, מײַן ליבער ר' גבריאל, אַבי ברײַען — איך האָב געמיינט, איך ווער שיר אײַנגעזונקען. מאָלט אײַך אַזוי ווי דאָ *זי שטעלט ר' גבריאלן דאָ, ווי רעדלעך איז פריער געשטאַנען* שטייט זיך בײַ רעדלעך און האַרט נעבן אים די בעטשיע *זי שטעלט זיך נעבן ר' גבריאלן דאָ, ווי הינדע איז פריער געשטאַנען* און ער נעמט זי אַלע מאָל אַרום און גלעט זי. *זי נעמט ר' גבריאלן מיט ביידע הענט אַרום און גלעט אים* דערנאָך גיט ער איר נאָר אַ קוש — איך קוק און שווײַג. *זי שווייגט אַ ביסל* ער גיט איר דעם אַנדערן קוש — און איך קוק און שווײַג. *זי שווייגט ווידער אַ ביסל* ער גיט איר אָבער שוין דעם דריטן קוש, פאַרשטייט איר? און זי גיט אים אויך שוין איינעם. *זי שווייגט אַ ביסל און קוקט אָן ר' גבריאלן.*

**ר' גבריאל** *פאַרדרייט זיך מיט דעם פּנים אַוועק פון סערקעלען און פאַרקרימט זיך אַזוי ווי מען מיאוסט זיך פאַר עפּעס.*

**סערקעלע** נו, טראַכט איך מיר, אַזוי איז דאָס די מעשה! איצט איז די רעכטע צײַט, אַז איך זאָל אײַך ווײַזן, אַז איך בין אויך דאָ — וואָרן איך האָב דאָך, אומשטיינס געזאָגט, געזען, אַז עס הייבט באַשיימפּערלעך אָן צו גיין אויף גרויסע גדולות אַרײַן *זי קלאַפּט זיך מיט דער האַנט איבער דעם מויל* אוי מײַנע כּוחות! קום איך מיר פּלוצלינג אַרײַן צו גיין — מילא, אים האָב איך געמאַכט אַ סוף, אַז ער וועט שוין דאָס אַנדערע מאָל נישט דערלעבן צו קומען צו מיר אין מײַן הויז אַרײַן: זי אָבער האָט נאָך אַזוי

אַ פּאַרוואַשן פּנים און וויל מיר איינרעדן, אַז דאָס וואָס איך האָב מיט מיינע כשרע אויגן געזען, איז גאָר ליגנד, און וויל מיך אַליין נאָך איבערבעטן —

**ר׳ גבריאל** פאַלט איר אין די רייד אַריין זענט איר געגאַנגען און האָט זי געשלאָגן, — נו, וואָס איז? איר האָט זי דאָך דאָ נישט געשלאָגן, זי זאָל חלילה גיין גנבענען... און פאַנדערע, עס שטייט דאָך ביי אונז טאַקע אַזוי געשריבן, אַז ווער עס וויל האָבן זיין קינד זאָל זיין גוט, דער שלאָגט עס מיט דער רוט.

**סערקעלע** ניין, אָסור, געשלאָגן האָב איך זי פּראַוודע נישט, נאָר עס האָט מיך זייער פאַרדראָסן, וואָס זי וויל מיך אַליין נאָך אָפּשפּאַרן; און פאַנדערע, פאַרוואָס זאָל דאָס מיין הויז וואָס איז פון אייביק אָן, פון אָבות־אַבותינו, געווען פרום און גוט, דורך אַזוי אַן אויסוואורפלינג קומען אין לייטישע מיילער אַריין? האָב איך זי פאַר דאָס נאָר קיים וואָס אָנגערירט, איז זי אַניי־עגעפאַלן — נו, לאָז זי פאַלן; זי מיינט, איך וועל מיך דאָ זייער מצער זיין? — לאָז זי פון מיינעטוועגן זיין די כפרה פאַר אַלע יידישע קינדער.

**ר׳ גבריאל** ווייזט איר, מהותנתטע־לעב, איר מעגט בלעבן גומל בענטשן, וואָס ער האָט נישט אין איין וועגס נאָך עפּעס צוגענומען, וואָרן איך זאָג אייך דעם אמת — איך פלעג מיך תמיד צו חידושן, ווי איר לאָזט אים מיט דער ווינד אַליין איבער אין שטוב. ער פלעגט דאָך אַזוי צו גיין איבער אַלעם גאָר ווי אַ בעל־בית.

**סערקעלע** ווער האָט זיך געוואָלט פלוצלינג ריכטן איך אַזוי אַ שלימזל? ער פלעגט דאָך צו מיין ברודער עליו השלום זיין זכות זאָל אונז ביישטיין, תמיד אַריינצוקומען אין

תהילת, ווי ער האָט אָנגעהויבן צו מיר אַריינצוקומען, האָט ער איך געכמאַטקעוועט, און איך זאָג אייך דעם רעכטן אמת, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט, איך חלום פֿיל, מען קען אַמאָל פֿון אַזוי אַ יונג האָבן אַ ניצן: אָט האָט ער געלערנט מיט אַלטע־לעבן. זאָל שטאַרק און געזונט זיין, פֿראַנציזעריש.

ר׳ גבריאל עיקר שכחתי, וואו איז די ערגעץ, מיין כלה? כ'לעבן, אַז איך זע זי נישט אַפּאָר שעה, הייב איך שוין אָן צו בענקען נאָך איר! איך הייב אָסור נישט, ווי איך וועל אַמאָל קענען צוועקפֿאָרן פֿון איר?

סערקעלע וואו אַהין ווילט איר זען פֿאָרן?

ר׳ גבריאל לעת־עתה אין ערגעץ נישט, נאָר בײַ אַזוי אַבחור ווי איך בין קען מען דאָך נישט וויסן — היינט איז מען דאָ און מאָרגן דאָרט, ווי אַ משא־ומתן פֿאַלט אויס.

סערקעלע וואַרט, וועל איך זי אייך דאָ תיכּף אַריינשיקן זי גייט אַוועק:

## צענטער אַריינקום

### ר׳ גבריאל אַליין

ער קוקט נאָך סערקעלען און מאַכט חוזק אויס איר. כּערקע־לעבן! וואו איז דיין שטערנטיכל, הע? ער לאַכט שטאַרק. האַ־האַ־האַ! עס חלומט זיך איר אָבער נאָך גאָר נישט. ווי מיר דאַכט זיך, וועט דאָ רעדעלעך נעבעך גאָר דאָס בחור איבערגיסן. אַ שאָד כ'לעבן — ער איז קיין שלעכטער יונג נישט. נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן? לאָז זיך טון, וואָס עס וויל. היינטיקע צייטן איז קאָרגע סאָביע; היינט באַדאַרף איך מסלק צו זיין, מוז איך מיר אַן עצה געבן; אַז ער וועט דאַרפֿן מסלק צו זיין, לאָז ער זיך ווידער אַן עצה

געבן. דעם פגר האָב איך פּראָווירט אויף ווייער אַ גוטן אָרט באַ-
האַלטן, נאָר ווי דערלעבט איך שוין פּטור צו ווערן... איך מוז
נאָך היינט גיין זוכן עפּעס אַן אורח, אים דאָס שלימזל אָנצו-
הענגען. אין שטאָט טאָר עס אין מאָל פאַר אַלע מאָל ניט בלייבן.
איך וועל, אָסור הויז, ניט לאָזן שהיית מאַכן, וואָרן ווייל
איך וועל נעמען, וועל איך אַליין ביי דעם משא-ומתן ניט בהלות
ווערן — ער לאַכט האַ-האַ-האַ! ער בלייבט שטיל און טראַכט איך
ווייס ניט, וואָס דאָס איז עפּעס אין דער וועלט: איך האָב דאָך
אַמאָל געלערנט אין אַ חדר, פלעגט מיך דער מלמד טאָג און
נאַכט צו שלאָגן, צו הרגענען, נאָר אַז איך זאָל באַנגען; נו גוט.
רבי-לעב! איך וועל שוין באַנגען. קומט ווידער אַצינד, שרייט
דער עולם „מען טאָר ניט קיין פרעמדס באַנגען"— נאַראָנים!
מיין אייגנס באַדאַרף איך דאָך ניט צו באַנגען! ער גיט אַ טאַר
מיט דעם גראָבן פינגער, אַזוי ווי מען לערנט אַ בשכל נישמער זאָגט מען:
ניין: מיין רבי רב טרייטל הויקער האָט אַוודאי רעכט געהאַט.
אַז באַנגען מיינט מען נאָר פרעמדס, און ווייטער האָט מען שוין
ניט צו קלערן — וואָרן קלער היינט, קלער מאָרגן, וועל איך
אַליין בלייבן דער אייגענער בעל-חוב האָט פּריער. אָט אָ די בעלי-
הלוואות זענען דאָך אַ ביסל עזות-פּנימער, אַז טאָג אַז נאַכט הערט
מען זיי ניט מער נאָר מאָנען — ווי זאָלן דאָס אַמאָל מיר ווערן!
זיי לויפן מיר שוין גאָר נאָך אין די גאַסן און רייסן מיר ממש
די פּאָלעס אָפּ, איך זאָל פלוצלינג גאָר אָפּגעבן, וואָס איך האָב
ביי זיי גענומען — נו, איז זשע דאָס ניט אַ קאָמעדיע? ממה-
נפשך, די קשיא: אַז איך זאָל ווידער אָפּגעבן, העט איך דאָך
ניט געדאַרפט צו נעמען? און כאַנדערע, ווען איך זאָל מיך
נאָר וועלן ערשט מיט זיי גוט באַהשטענען, בין איך אָסור גאָר אַפילו
ניט שולדיק, ווייל איך העט געקענט שולדיק זיין, אַז מען זאָל
מיר נאָר וועלן מער געטרויען. ער קוקט זיך פלוצלינג אום און דערזעט

אַלטעלע: גבריאל! פּתח שין!... ער פאַרהאַלט זיך מיט דער האַנט דאָס מויל און זאָגט אין דער שטיל קוקט נאָר אָן דעם חן וואָס די מאַלט!

## עלפטער אַריינקום

### ר׳ גבריאל, אַלטעלע

**ר׳ גבריאל** גייט אַלטעלען אַנטקעגן און קושט איר די האַנט. האָט אינגע די מאַמעניו געזאָגט, אַז איך בענק נאָך אינגע?

**אַלטעלע** יאָ, זי האָט מיר געזאָגט – גאָטס זיי דאַנק, האָב וויר שאָן זאָ וויט האַלטען.

**ר׳ גבריאל** געלויבט צו גאָט! עס זאָל נאָר ווייטער אַזוי גיין, העטען מיר אַמזר שוין גאָר נישט געהאַט צו זאָרגען!

**אַלטעלע** ווערדען זי אַבער מיך אימער אזוי ליב האָבען ווי יעצט?

**ר׳ גבריאל** גיט אַלטעלען אַ קוש וואָס פרעגן זי דאָ ערשט אַ קשיא? זי זענען דאָך מיין גילדענע אַלטעניו!

**אַלטעלע** איך ביטטע זי, מיין ליבער בריטיגאַם – רופען זי מיך נישט מעהר ביי דיזען יידישען אַבשייליכען נאַמען! פּפוי! זי אַלט בין איך דען גאָר?

**ר׳ גבריאל** איך ווייס אַליין, זי זענען נאָך גאָר אַ יונגיטשקע מיידעלע, נאָר ווייל זי זענען זייער איידל און צייטעריג, האָפּט מען זי „אַלטעלע“, כדי זי זאָלן זיך האַרעווען, וואָרין דאָס איז אַ גוטע סגולה הערצו.

**אַלטעלע** איך ווייס זעהר גוט, דאָס איך בין זעהר

איטעל געציגען, איך וויל אָבער דאָך הייסען „פרידעריקע”, אונד זיי זאָללען זי מיך אימּמער רופען.

**ר׳ גבריאל** (אין דער שטיל צו זיך) פון מיינעטוועגען לאָז זי כאָטש הייסן איצינדערטיקע! (הויך) נו, מיין לעבן, פון איצט אָן וועל איך זי שוין תמיד רופן מיינע האַרצעדיקע, קרוינעדיקע פרידעריקע, יאָ?

**אלטעלע** אָבער ניכט פרידעדיקע, נור פרידעריקע! אונד זי, זי מיסען איך איינען רעכט שעהנען דייטשען נאַמען האַבען, צום ביישפיל — (זיי בלייבן אַ ביסל שטיל, קוקן זיך איינס דאָס אַנדערע אָן און טראַכטן.)

**ר׳ גבריאל** אפשר — — — כאַבריאל?

**אַלטעלע** אָ פע! דער איזט ניכט שעהן!

**ר׳ גבריאל** נו, ניין, ניין (זיי קוקן זיך ביידע ווידער אָן און טראַכטן) אפשר... האַווריל?

**אלטעלע** אָ ניין, דאָס איזט יאַ גאָר איין נאַמען פיר אונזער גרובע-הייצער; ניין, ניין, לאַססען זי מיך נור זעלבסט נאַכדענקען. (זי טראַכט נאָך, און ער פאַרשטעלט זיך מיט דער פאַטשיילע אין לאַכט אין דער שטיל און מאַכט אויס איר חוזק; זי גיט זיך אַ כאַפּ מיט שמחה) וויססען זי! דער ווירד זעהר גוט זיין — גאַבריעללע! דאַס איזט איין שעהנער נאַמען. יאַ, יאַ, זי מיסען בלייבען, גאַבריעללע מיססען זי הייסען! איך האַבע דיזען שעהנען נאַמען שאָן וואָ אין איין בוך געזעהען. (זי נעמט אים אַרום) מיין ליבער גאַבריעללע העניעלער!

**ר׳ גבריאל** (אין דער שטיל) מזל-טוב מיט דעם נאָמען! (ער נעמט זי אַרום) מיין גילדענע פרידע — ניין — פרידעריקעני!

## צוועלעפטער אַריינקום

### ר׳ גבריאל, אַלטעלע, ירחמיאל

**ר׳ גבריאל** לויפט ירחמיאלן אַקעגן װאָס װילסטו שוין ווידער, וואָס?

**ירחמיאל** קו־קו־קו־קומט שוין אַ־אַ־אַמאָל אהיים איך! אַ־אַ־אַז איר טשעפּעט אַ־אַ־ייך אָן אָ־אָ־אָן עפּעס, אי־איז אַ־אַ־אַ־אײך נישט מעגלעך אַ־אַ־אַוועקצוריי־יי־ייסן.

**ר׳ גבריאל** נו זאָג שוין, וואָס ווילסטו?

**ירחמיאל** רב שמואל טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַנדעטניק האָט אַ־אַ־אַ־ייך שוין ווידער געזוכט.

**ר׳ גבריאל** נו וואָס? האָט ער מיר אָפּגעבראַכט די צוויי הונדערט קערבלעך? ער ווינקט אים, ער זאָל זאָגן „יאָ".

**ירחמיאל** אי, אי, גראָד פאַרקערט, ער האָ־אָט געזאָגט, אַ־אַ־אַז איר וועט אים היי־יינט נישט אָ־אָפּגעבן די צוויי הו־הו־הונדערט קערבלעך וואָ־אָס איר זענט אים שולדיק, וועט ע־ער גיין אי־אי־אין די פּאָ־פּאָ־פּאָ...

**ר׳ גבריאל** לאָזט אים ניט אויסרעדן און ווינקט אים, ער זאָל שווייגן גיי, גיי, איך ווייס שוין, איך ווייס שוין!

**ירחמיאל** ...פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָליציי אַריין און וועט אַ־אַ־אַ־ייך גאָר אויסריי־יי־ייסן.

**אַלטעלע** לאַכט הייער שפּאַרק.

**ר׳ גבריאל** נעמט אָן ירחמיאלן ביי דער האַנט און וואַרפט אים אַרויס דורך דער מיטלסטער טיר. גיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

**ירחמיאל** גייט אַוועק.

# דרייצעטער אַריינקום

## ר׳ גבריאל, אַלטעלע

**ר׳ גבריאל** אַזוי ליידט מען זיך אָן פֿון די משרתים, — ער האָט גראָד פֿאַרקערט דערציילט, ווי רב שמואל נעבעך האָט אים געהייסן מיך בעטן; ער האָט נעבעך מיך געמוזט הייסן בעטן, אַז ער וועט מיר שוין היינט נישט אָפּגעבן די צוויי הונ־דערט קערבלעך, וועל איך אים שוין מוזן פֿאַרקלאָגן אין דער פּאָליציי אַריין.

**אַלטעלע** לאַכט האַ־האַ־האַ! איך האָבע זעהר גערן צו־צוהערן, ווי אידרע בעדינטע שפּרעכט. זי שיקען אים נאָך אין דער פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָליציי אַריין — האַ־האַ־האַ־האַ!

**ר׳ גבריאל** אין דער שטיל צו זיך איך מוז איר זען געשווינד דעם פּיסק צו פֿאַרשטאָפּן — דער שוטה איז נאָך גאָר קאַפּאַבעל דאָס דער מאַמעניו צו דערציילן הויך גילדענע פֿרידערי־קעניו! איך האָב איינע זייער געבראַכט אַ מתנה, וועלן זי אַוודאי אַגרויסע הנאה האָבן.

**אַלטעלע** אָ, צייגען זי נור, איך ביטטע איהנען.

**ר׳ גבריאל** נעמט אַרויס אַ פֿינגערל פֿון קעשענע און גיט איר עס גיבן זי מיר נאָר דאָס גילדענע הענטעלע, וועל איך עס איינע אַליין אָנמעכטן.

**אַלטעלע** גיט ר׳ גבריאלן די האַנט, און ער טוט איר אָן דאָס פֿינגערל.

**ר׳ גבריאל** אוי ווי! ווי שיין! זעען זי נאָר, ווי דאָס פֿינגערל שטייט איינע אָן! אוי ווי! ווי קינצלעך!

**אַלטעלע** פֿרייט זיך איך דאַנקע איהנען. איך ביטטע איהנען, מיין ליבער גאַבריעלע, וואָס זינד דען דאָס פֿיר שטיינע?

**ר' גבריאל** אַ, דאָס זענען זייער טייערע שטיינער. אָבער אמת, ווי זענען שיין? זעען ד, דער — דער איז אַ טאַפּאַז. און די צוויי דאָ זענען גאָרפינקלען, און די איבעריקע זענען סאַמע שמערגאָזלען און כאַפּטאָזלעך ער בייגט זיך אַוועק פון אַלטעלען און מאַכט חוזק אויס איר און לאַכט.

**אַלטעלע** מיין ליבער גאַבריעלעלע, יעצט וואַרטען זי. ווערדע איך איהנען ווידער צייגען, וואַס פיר איין פּרעזענט איך האַבע איהרענטוועגען זי וויל אַוועקלויפן.

**ר' גבריאל** האַלט זי צו און לאָזט זי נישט אַוועקגיין נו, וואָס ווילן זי דאָ גראָד אַצינדערט? איך וועל נאָך שפּעטער איך צייט האָבן צו זען, איך גלייב איינע, עס איז אַוודאי שיין.

**אַלטעלע** וואַרטען זי נור איינע מינוטע, איך ווערדע נור די מוטטער הופען. זי שרייט גאַנץ הויך מאַמעניו! מאַמעניו! מאַ-מעניו!

## פּערצנטער אַריינקום

### סערקעלע, אַלטעלע, ר' גבריאל

**סערקעלע** וואָס שרייסטו דאָס אַזוי, מיין לעבן? וואָס ווילסטו, מיין האַרץ?

**אַלטעלע** זע נאָר, מאַמעניו, וואָס מיין ברייטיגאַם האָט מיר געשענקט! זי ווייזט איר דאָס פינגערל איך ביטטע דיך, מאַ-מעניו! צייג אים ניר, וואָס די האָסט אַללעס ווינעטהעגען גע-קויפט.

**סערקעלע** באַקוקט דאָס פינגערל און גיט עס ווידער אַלטעלען אָפּ זאָו וועל איך דאָ אַצינד גיין זוכן? עס ליגט דאָרט ערגעץ צווישן דעם צירונג פאַרפּאַקט, אוי מיינע כוחות!

**אַלטעלע** ניט סערקעלען אַ קוש אין דער האַנט אַריין איך ביטטע דיך, מאַמעניו, צייג איהם, צייג איהם באַלד!

**ר' גבריאל** איז אַ ביסל ווי מבולבל געוואָרן ע, ווי ווערט זיך דאָ די מהותנתטע איצט מטריח זיין! איך וועל נאָך שפּעטער אויך צייט האָבּן צו זען, לאָזט גיין, איך ווייס גאַנץ גוט, עס וועט מיר נישט פאַרפאַלן ווערן.

**אַלטעלע** ניין, ניין, מאַמעניו! גאָלדענע מאַמעניו! געה, געה, צייג איהם גלייך! זי נעמט זי אַרום און קושט זי.

**סערקעלע** נו, נו, איך גיי שוין זי גייט אין שלאָפחדר אַריין.

**ר' גבריאל** ביטער! ער בלייבט שטיין גאַנץ מבולבל און פאַרטראַכט.

**אַלטעלע** דאַ ווערדען זי עטוואַס שענעס זעהען, די ווערדען ני ערשטאַנען — איך זאַגע איהנען, עס איזט הערליך.

**ר' גבריאל** אין דער שטיל צו זיך שלעכט, גבריאל! מאַך דיר אַ האַרץ!

**סערקעלע** קומט צו לויפן פון דעם שלאָפחדר, ברעכט זיך די הענט און שרייט אוי ווי! געוואַלד! איך חלש! געוואַלד!

ביידע מיט אַ מאָל

**אַלטעלע** לויפט צו צו סערקעלען וואַס איזט דאַס? זי שרייט געוואַלד! געוואַלד!

**ר' גבריאל** שרייט ווייער מהותנתטע־לעב! וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס?

**סערקעלע** שרייט ווייער שטאַרק געוואַלד! מע האָט מיך באַגנבעט, איך בין אַוועק! אוי ווי מיר! וואָס וועל איך איצט אָנהייבן? וואָס וועל איך איצט טאָן? זי שרייט נאָך העכער און שלאָגט זיך מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ אַריין אוי ווי, מיין האָב! מיין פּראַצע! משה! משה! מען האָט דאָך אונז גענומען גאָר בדלות געשטעלט! געוואַלד! געוואַלד! מיין צירונג! מיין צירונג! געוואַלד!

**ר' גבריאל** אום גאָטעס ווילן, זאָגט נאָר מיר, וואָס פֿעלט איך, וואָס? זענט איר געפֿאַלן? שרייט נאָר נישט אַזוי! דאָס ציְרונג — זאָגט איר, — עס איז אַוודאי דאָ, הילפֿט נאָר, זוכט נאָר גוט!

**סערקעלע** קנייפּט זיך מיט ביידע הענט אין די באַקן אַריין, ברעכט זיך די הענט אין שלאָגט זיך אין קאָפּ אַריין, לויפֿט אַרום אין שטוב און שרייט, וואַרפֿט זיך אַנידער אויף דער קאַנאַפּע אוי, פֿינסטער איז מיין וועלט! דאָס גאַנצע קעסטל מיט ציְרונג איז נישטאָ! אי, פֿאַרוויסט איז מיין לעבן! איך חלשׁ! אוי! וואכטס, קינדער! וואכטס! אוי, געוואַלד! קומטס, קומטס, אָט־אַ־דאָרט איז עס געשטאַנען, אין שלאָפֿחדר, אין מיין בעט, צוקאָפּנס! קומטס, קומטס, לאָמיר זוכן, געוואַלד! זיי לויפֿן אַלע אין שלאָפֿחדר אַריין. דער פֿאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

סוף פֿון דעם דריטן אויפֿצוג.

# פערדער אויפצי

עס קומט פאָר די אייגענע שטוב ווי ביי דעם ערשטן אויפצי;
עס איז נאַכט, אויף דעם טיש ברענט זיך אַ ליכט

## ערשטער אַריינקום

סערקעלע, ר׳ גבריאל זיי זיצן ביידע ביים טיש

**סערקעלע** הינט זאָלן וואוינען אין אַזוי אַ שטאָט! מען זאָל אין אַזוי אַ גרויסער שטאָט נישט קענען קריגן איין מענטש, וואָס ער זאָל מיר קענען עפּעס אַן עצה געבן!

**ר׳ גבריאל** גלייבט מיר, מיין ליבע מחותנתטע-לעבן, אַז איך ווייס איך אין דער זאַך גאָרנישט צו ראָטן. וואָרן ביי אַזוי אַן אינטערעס איז דאָס בעסטע, אַז מען טוט נאָר נאָך זיין אייגענעם שׂכל; וואָרן איר זאָלט לעבן ווייסט דאָך בעסער פון איטלעכן, וואו איר האָט געהאַט דאָס קעסטל שטיין און קענט אַלע אייערע הויזלייט און איינגייערס זייער גוט, — נו, דאַכט זיך מיר, אַז איר וועט מיט אייער קלוגן שׂכל מער קענען פּועל זיין, ווי אונז אַלע.

**סערקעלע** אוי מיינע כּוחות! ווייסט איר, עס האָט מיך פון פֿריער אָן — אויף אַלע ווילסטע וועלדער געזאָגט — אָנגע-כאַפּט אַן אַ זייט אַ קלעמעניש, אַז איך ווייס גאָר נישט, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט. הערט זשע צו, מיין ליבער ר׳ גבריאל! איך האָב מיך גאָר אַנדערש מיישב געווען: מיין דעה

העט געוועןָ, אַז איר זאָלט אייך אַ ביסעלע מיט רעדלעכן צעשמועסן, נאָר פאַרשטייט איר מיך, אַזוי קלוג, טאַקע קלוג, אַז ער זאָל זיך גאָר נישט שטויסן. דאָס הייסט רעכט — איך באַדאַרף דאָך אייך נישט ערשט צו לערנען. און איך וועל מיך אַליין נעמען צו הינדען און זי ווידער אַביסל אויספאָרשן, און איך זאָג אייך, אַז דאָס האַרץ זאָגט מיר אַלץ, אַז מיר וועלמיר אַוודאי מיט גאָטס הילף אַלץ ביי זיי געוואָר ווערן.

ר׳ גבריאל דאָס, זעט איר, מחותנתטע־לעב, האָט מיר נישט פאַראיבל, רעדט איר ווי אַ קינד — וואָס מיינט איר, רעדלעך איז עפּעס אַ נאַר? רעדלעך וועט זיך נישט תיכּף שטויסן, ווי איך וועל נאָר אָנהייבן מיט אים צו שמועסן, נאָך וואָס איך בין צו אים געקומען? וכפּ־ט נאָך, אַז ער איז יאָ אַ גנבֿ — וועט ער זיך נישט היטן מיט איטלעכן וואָרט וואָס ער וועט רעדן? — איבער דאָס איז מיין עצה גאָר אַנדערשט, אַז איר זאָלט לעת־עתּה גאָר אינגאַנצן לאָזן גיין און אייך גאָר נישט וויסן מאַכן, אויב עס פעלט אייך גאָר עפּעס, און איך בין אייך בטוח, אַז אין אַ קורצער צייט וועט אַלץ אַרויסקומען ווי בוימל אויפן וואַסער; וואָרן דער גנבֿ וועט דאָך דאָס צירונג אַוודאי עמיצן וועלן פאַרקויפן. און ווער, זאָגט מיר נאָר, קען דאָס הי נישט אייער צירונג? — וועט מען אייך אַוודאי אַלץ אָפּברענגען אין שטוב אַריין גאָר אומגעריכט.

ספּערקעלע נו יאָ, איר זענט אפשר גערעכט; מיינט איר אָבער, אַז איך וועל עס ביז דעמאָלט קענען אויסהאַלטן? וועל איך קענען רוען? וועל איך קענען לעבן? — איז דאָס גאָר פאַר מיינע כּוחות אַזוי אַ ווייטאָג אויסצוהאַלטן? אָט גייט יום־טובֿ־לעב, און וואָס גייט מען אין דער הייליקער שול אַריין? איך וועל דאָך אַפילו נישט אַמאָל קענען אויף דער גאַס אַרויס מיך ווייזן, אוי מיינע כּוחות!

ר' גבריאל איך פֿאַרשטיי אָבער נישט — האָט מען איך דען גאָר דאָס גאַנצע צירונג אַוועקגעטראָגן? ווי קען מען ריידן, עס האָט דאָך איך פֿאָרט נאָך עפּעס געמוזט בלייבן?

סערקעלע וואָס טייטש? ווי אַזוי האָט מיר געקענט בלייבן, אַז מיין גאַנץ צירונג איז געלעגן נאָר אין איין קעסטל, און דער גנבֿ האָט עס אינגאַנצן צוגענומען, נו, ווי אַזוי איז מיר געבליבן? צו דעם אַלעם אָבער איז דער פֿינסטערער גזר-דין נאָך אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט דווקא געראָד אָן דעם טאָג גע-דאַרפֿט צו געשען, ווען דודס יאָרצייט איז, און דער גנבֿ האָט דאָס נאָך אַזוי אָפּגעטשעפּערט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עס קומט אָן דעם טאָג קיין שום שטיקל צירונג נישט אויף מיין לייב אַרויף! אוי, ווינד און וויי איז מיר! איך ווער דאָך שוין טאַקע שיר נישט משוגע פֿאַר צרות! און דאָס ערגסטע איז נאָך, אַז עס וויל מיר אַפֿילו קיינער קיין עצה נישט געבן, וואָס איך זאָל טון, אוי מיינע כּוחות! עס איז כּ׳לעבן טאַקע אמת, אַז ווען דער וואָגן פֿאַלט, זענען די רעדער צו שווער.

ר' גבריאל נו אַדרבא, וואָס קען מען איך דאָ פֿאַר אַן עצה געבן? — אָבער, אויב איך וויים.

סערקעלע נו בעט איך דאָך איך, פֿאָלגט מיך נאָר דאָס איינע און שמועסט מיט רעדלעכן; וואָס האָט איר מורא? ער וועט דאָך איך דאָ קיין פּאַטש נישט געבן — איך, ווייסט איין גאָט, קען דעם גנבֿ נישט אין פּנים אַריין קוקן.

ר' גבריאל נו, ווייסט איר זשע וואָס? מהיתּנתּטע-לעבּ, איך וועל איך שוין דאָס אויך צוליב טון, איר זאָלט דערנאָך נישט זאָגן אַזוי אָבער אַזוי, נאָר דאָס איינע וועל איך איך נאָך בעטן, אַז איר זאָלט מיר איך עפּעס נאָכגעבן.

סערקעלע נו זאָגט נאָר, זאָגט וואָס?

**ר׳ גבריאל** איר זאָלט מוחל זיין שיקן נאָך ר׳ יוחנן, אַז ער זאָל מיר אויך אַביסל העלפן, און איר מאָגט בטוח זיין, אַז איך וועל מיט אים ביינאַנד דעם בחור איבערפרעגן, וועלן מיר אוודאי פון אים געוואויר ווערן אפילו דאָס וואָס ער האָט אונטער דעם לעבער, וואָרן וואָס צוויי איז פאָרט נישט איינער.

**סערקעלע** יאָ, דאָס איז אמת, נאָר ווען קען דאָס זיין?

**ר׳ גבריאל** ווען איר ווילט, פון מיינעטוועגן באַטש נאָך היינט.

**סערקעלע** נו גוט, אָט גיי איך תיכף שיקן נאָך ר׳ יוחנן, און איר קענט איך דאָ ביידע אַנידערזעצן און אים לאָזן אַריינרופן; איך וויל אפילו גאָרנישט דערביי זיין. זי הייבט זיך אויף אַוועקצוגיין.

**ר׳ גבריאל** וואו איז ער דען, דער בחור? ער איז דאָך אַוודאי ביי זיך אין דער היים; ווער ווייס, אויב ער וועט גאָר וועלן אַהער קומען?

**סערקעלע** ע, וואָס רעדט איר! ער איז שוין דאָ ביי מיר, דער אַלבראָש! איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם, אַז ער וועט נישט קומען, האָב איך אים געלאָזט אַהער פאַרנאַרן און האָב אים געהייסן זאָגן, אַז מיין משה רופט אים, — און ווי ער איז אַהער געקומען, האָב איך אים שוין נישט מער געלאָזט אהיים, און אַזוי זיצט ער דרינען אין קיכשטוב, און צוויי שמשים פילנעוועןאים.

**ר׳ גבריאל** דאָס האָט איר זייער גלייך געטון. איצט אָבער מאַכט זשע שוין גאָר קיין שהיות נישט און שיקט תיכף נאָך ר׳ יוחנן, וואָרן עס וועט שפעט ווערן; און זייט אים טאַקע

מודיע נאָך וואָס, און גרייט אָן עפּעס אַ טרונק, כּדי ער זאָל גיכער קומען, וואָרן ער האָט דאָס נישט פֿײַנט.

**סערקעלע** איך וועל שוין דאָ אַליין אַרײַנשיקן זי וויל אַוועקגיין.

**ר׳ גבריאל** עיקר שכחתי, קומט נאָר צוריק, נאָך איינס האָב איך אײַך צו פֿרעגן.

**סערקעלע** קערט זיך אום צוריק וואָס נאָך ווילט איר, וואָס?

**ר׳ גבריאל** וואָס וועט אָבער זיין, אַז רעדלעך וועט זיין אַזוי אַקלוגער יונג און וועט זיך האַלטן בײַ אײַן וואָרט? וואָס וועט איר טון, אַז ער וועט נישט וועלן מודה זיין דעם אמת, הע?

**סערקעלע** פֿאַר דעם זאָרגט אײַך גאָר נישט! אַז ער וועט דאָ נישט וועלן מודה זיין, וועט ער שוין ערגעץ אַנדערש מודה זיין! טוט איר נאָר דאָס אייעריקע און זאָרגט אײַך גאָר נישט פֿאַר מיר, איך וועל שוין טון דאָס מײַניקע זי גייט אַוועק.

## צווייטער אַרײַנקום

### ר׳ גבריאל אַליין.

פֿאַר איר כּוח זאָל זי דאָס האָבן, וואָס זי וועט בײַ אים אויספֿאָרשן. רעדלעכן האָט זיך אײַך גראָד דעמאָלט פֿאַרגלוסט אַהער צו קומען מיט הינדען זיך צו שפּילן! דאָ וועט שוין גאָרנישט העלפֿן: אַז זי האָט זיך אײַנמאָל אײַנגערעדט, אַז רעדלעך האָט זי באַגנבֿעט, איז שוין אַן עק. און אַז עס זאָל דאָ אַפֿילו שוין קומען דער נשיא פֿון בבֿל, וועט ער איר דאָס אויך שוין נישט

קענען אויסרעדן. אַ רחמנות, כ'לעבן! — זי וועט אים אַוודאי אָנ־טון געברוינטע לייד, ער וועט זיך דאָכ נעבעך אַ קריעה רייסן. נאָר קיליקאָווער משפט! איך מוז אָבער פּאָרט זען אים עפּעס אַ טובֿה צו טון, איך מוז זי זען צו בעטן, אַז זי זאָל אים כאָטש נישט אָפּגעבן אין קרימינאַל אַריין. איך ווייס אָסור נישט, וואָס מען הייבט דאָ אָן מיט אים צו רעדן! נאָר עס וועט דאָך זיין אַ קערמעש. זי מיינט, אַז פֿון ר' יוחננס וועגן האָב איך דאָס געהייסן אָנגרייטן אַ שוועך, ניין, ניין, איך אַליין נעבעך באַדאַרף די מעשה! גבֿריאל, מאַך דיר אַ האַרץ!

# דריטער אַריינקום

## ר' גבריאל, ר' יוחנן, חיים

מיט אַ לאַנטער, אַ פלאַש מער און צוויי גלעזער

**ר' יוחנן** גוטן אָוונט איך, ר' גבֿריאל!

**ר' גבריאל** גוטן אָוונט, גוט יאָר, ברוך־הבא, ר' יוחנן!

**ר' יוחנן** צו חייםען גיי זשע און רוף אים אַריין און זאָג אים גאָרנישט, ווער עס רופט אים, הערסטו?

**חיים** גייט אַוועק גוט

**ר' יוחנן** דעם משא־ומתן, האָט אַ פּנים, האָב איך איך צו פאַרדאַנקען, איר האָט דאָס געמוזט נאַראַיען, מען זאָל שיקן נאָך מיר.

**ר' גבריאל** ווער, איך? אָסור! איך ווייס מער נישט, בערקע האָט מיך געשיקט אַהער הינן, און ווי איך בין געקומען, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט שוין נאָך איך אויך געשיקט, אַז מיר זאָל'מיר דאָ זען ביידע ביי רעדלעכן אויסצופאַרטטן, אויב

ער האָט איר קעסטל צירונג גענומען; אין ס'אַנדערע, וואָס אַרט אייך דאָס? אָט, מער איז דאָ געווג.

**ר' יוחנן** יאָ, דאָס איז שוין רעכט. ער זעצט זיך אין גיכט און ביידע גלעזער נאָר נאָך וואָס האָט מיר דאָס געטויגט? איך זאָג אייך דעם אמת, עס וועט די גאַנצע שטאָט פּאַדריסן, מען זאָל פלוצלינג נעמען אַן ערלעכן יונג און אים מאַכן פאַר אַ גנב. קומט מיין שמועה אַפּ׳ר, איך קום אייך הי אין נגידישע הייזער אריין און האָב אים עטלעכע מאָל געהערט לויבן פאַר אַן ערלעכן סטודענט. אַפילו ר' דוד עליו־השלום האָט זיך אַמאָל אַרויס־געכאַפּט מיט אַוואָרט, אַז ער וויל אים גאָר נעמען פאַר אַן איידעם, איך האָב מיך דעמאָלט געריכט אַ סך שדכנות צו פאַר־דינען.

**ר' גבריאל** נו, עס איז דאָך אָבער שוין פאַרפאַלן. גלייבט מיר, אַז די גאַנצע מעשה איז מיר אַליין אייך נישט ניחא, און איך האָב כ'לעבן חרטה, וואָס איך האָב דער מחותנתטע גאָר צוגעזאָגט מיך צו פאָרען אַרום דעם עסק, נאָר מיר זענען דאָך שוין אין דער אַרבעט, מען קען דאָך עס שוין נישט בעסער מאַכן. ער טרינקט לחיים, ר' יוחנן!

**ר' יוחנן** לחיים ולברכה! ער טרינקט קיין חיות נישט פון אַגלעזל מער.

## פערטער אַריינקום

**ר' יוחנן, ר' גבריאל, רעדלעך, צוויי שמשים** פירן אים.

**רעדלעך** וואס וואָלט איהר פאָן מיר? וואָהין פירט איהר מיך?

**ר׳ יוחנן** האָב נאָר גאָר קיין מורא נישט, אונז וועל׳מיר דיר דאָ גאָרנישט טון. *צו די שמשים* און עץ גייטס איך צוריק אַריין; אַז מען וועט איך דאַרפֿן, וועט מען איך שוין אַריינרופֿן.

**שמשים** *גייען אַוועק.*

**ר׳ גבריאל** *צו רעדלעכן.* זעצט איך אַנידער. *צו ר׳ יוחנן* ווי געפֿעלט איך דער משרת, דער שוטה! נאָר צוויי גלעזלעך האָט ער אַריינגעבראַכט! *ער טרינקט אויס זיין גלעזל מעד, גיסט ווידער אָן און גיט רעדלעכן* טרינקט אַ גוט גלעזל מעד!

**רעדלעך** איך דאַנקע איהנען, איך טרינקע קיינע גייסטיגע געטרענקע.

**ר׳ גבריאל** נישט קשה, טרינקט, טרינקט, איר שטודירט דאָך דאָקטעריי, עס מוז דאָך ביי איך אין די ביכער איך שטיין געשריבן, אַז מעד איז ווייער אַ געזונטע משקה?

**ר׳ יוחנן** נו, וואָס נייט איר אים דאָ? קימט מין שמועה אַפֿיר, פֿרעגטס נישט דעם רופא נאָר דעם חולה: מיר צו מיינע מערידן, ווייס איך, מאַכט דער מעד זייער גוט, פֿונדעסטוועגן האָב איך פֿיינט, אַז מען נייט מיך, איך זאָל דווקא טרינקען. *ער טרינקט.*

**ר׳ יוחנן** *צו רעדלעכן* זאָגט זיך מיר, איך האָב דיך אַמאָל געזען איבן ביי ר׳ יצחק רויטפֿעלד?

**רעדלעך** מעגליך.

**ר׳ יוחנן** פֿלעגסטו דאָרט אָפֿט אַריינצוקומען?

**רעדלעך** ווען עס מיר די צייט ערלויבטע.

**ר׳ יוחנן** דו האָסט דאָרט עמיצן געמוזט געבן אַ שעה?

**רעדלעך** ניין.

**ר׳ יוחנן** וואָס דען ביזטו דאָרט געווען פֿאַר אַ מחותן?

**רעדלעך** ער איז מיט מיר אויך איינער שטאָדט אונד איז צוגלייך מיין בעסטער פריינד.

**ר׳ יוחנן** דיין פריינד? אָך איז מיר! ר׳ יצחק רויטפעלד— דיין פריינד? ווי קומסטו צו אים? דו רעדסט דאָך עפּעס נאַרישקייט! ער איז אַ גרויסער עושר און פון שיינע לייט דערצו, כאָטש ער גייט דייטש—מילא, ווי קומסטו צו אים?

**רעדלעך** ער פלעגט מיט מיינעם זעליגען פאָטער אין דער אינטימסטען פריינדשאַפט צו לעבען אונד איזט עס נון מיט מיר.

**ר׳ יוחנן** דיין טאַטע האָט געהייסען זעליג?

**רעדלעך** מיין פאַטער וואַר ר׳ סאַלאָמאָן רעדליך אויס פּראַג.

**ר׳ יוחנן** ר׳ זלמן רעדלעך פון פּראָג? — איך האָב איך אַמאָל פסח געהאַלטען אין פּראָג ביי איינעם ר׳ זלמן רעדלעך, נאָר, קומט מיין שמועה אַפּיר, איין רויטע קו איז פאַרהאַנגען? מסתמא האָבען דאָרט געמוזט זיין צוויי ר׳ זלמן רעדלעכס; וואָרן דער, וואָס איך האָב ביי אים געגעסען פּסח, איז געווען אַ גרויסער גביר, אַ גרויסער אדיר, און צו דעם דייער אַ כשרער ייד, כאָטש ער איז געגאַנגען דייטש. איך האָב מיר דאָרט ביי אים געהאַט אַ קוינץ־לעכען יום־טוב! די מאכלים! די משקאות! עס איז עפּעס געווען אין איטלעכען טויזנט טעמים, און אַלץ אין זילבערנע כלים! איך געדענק אַזוי ווי היינט, מען האָט דעם אַנדערן טאָג פּסח אין דער פרי אויפגעגעבען אויפן טיש אַ צימעס — דאָרט אין טיף־דייטשלאַנד רופן זיי עס אָן אויף דייטש „אַ צאָמאַס“ — קען איך בנאמנות שווערן, אַז דער טעם ליגט מיר נאָך אין מויל. און ווער שמועסט נאָך דעם עסן, האָט דער מענטש אַ ביסל אָנגעהויבן צו שיטן מיט תורה, מעגט איר מיר גלייבן, קומט מיין שמועה אַפּיר, מען קען דאָך

נישט אַליך אַזוי געדענקען, אָבער איך זאָג אייך, איך בין גאָר נבהל ונשתומם געוואָרן — עס איז עפּעס געווען מָתוק מדבש! ער טרינקט.

**ר׳ גבריאל** צו זיך אין דער שטיל דער טעם פֿון דעם צאָמאַכ ליגט אים נאָך אין מויל, אין די תּורה קען ער נישט געדענקען!

**ר׳ יוחנן** און איסרו־חג, צום געזעגענען, האָב איך נאָך געקריגן זייער אַ פֿיינעם צידה־לדרך; איך זאָג אייך, איך האָב פֿון דעם ר׳ זלמן אַזוי מקבל תּענוג געווען, וואָס איך קען אייך גאָר נישט דערציילן אַזוי פיל. מילא, אַז דו ביזט יאָ אַ פֿרעגער, האָכטו דאָך אים געמוזט קענען? זיין ווייב האָט געהייסן לאה. זי מעג הייסן לאה, וואָרן אַזוי אַ צנועה, אַזוי אַן אשה כשרה איז גאָר ביי אונז נישט בנמצא — האָסטו זיי געקענט?

**רעדלעך** ווישט זיך אוים די אייגן און וויינט אָ, ליידער זינד זי ביידע ניכט מעהר.

**ר׳ יוחנן** אַזוי? זיי זענען גאָר אַרויס פֿון פּראָג? עס איז מיר אַפֿילו אַ גרויס חידוש. — צו האָבן זעלכע נחלאות אין אַזוי אַ גרויסער שטאָט ווי פּראָג איז, און זיך פּלוצלינג גאָר פֿון העלער הויט אויסצוציען? וואו וואוינען זיי אַצינד?

**רעדלעך** וויינט זייער שטאַרק און ווייזט מיט דעם פינגער אַרויף צום הימל דאָרט, וואָ יעדער אונטערשייד אויפֿהערט, דאָרט, וואָ יעדער נאַך וואַהרען פֿערדינסטען בעלאָהנט ווירד; דאָרט, וואָהין, די וועלטליכען גיטער היר צוריקלאַססענד, יעדער מענש וואַנדערן מוס.

**ר׳ יוחנן** וואָס? ר׳ זלמן איז געשטאָרבן? ברוך דיין אמת! אָ וואַ! אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, כּלעבן! אַ כשרער ייד געווען. און לאה אויך? — דאָס הייסט אַ צרה, רחמנא ליצלן. ער איז זיך

אַ ביסל מישבֿ מילא, זאָג זשע מיר נאָר, איך בעט דיך, עס האָט עפּעס געמוזט איבערבלייבן אַ בהיל נאָך זיי? קומט מיין שמועה אַפּיר, איך דערמאָן מיך נאָך אַזוי ווי היינט, איך האָב דאָרט געזען זייער אַ שיין יינגעלע ביים טיש זיצן — וואו איז עס נעבעך אַהינגעקומען?

**רעדלעך** ווישט זיך אוים די אויגן אָ, דיזעס בהיל האָט ניכט נור אַליין זיינע בראָפע, ליבענסווירדיגע עלטערן, זאָנדערן אויך איהר גאַנצעס הינטערלאַססענעס פערמעגען דורך פער־שידענע אונגליקספעללע פערלאָרען אונד שטעהט יעצט אויף דען פּונקט אויך. זיינען גוטען רוף צו פערלירען.

**ר׳ יוחנן** וואָס? דאָס פאַרמעגן האָט ער אינגאַנצן אָנגעוואָרען? איך בין אַוועק, אַזוי אַן עשירות! אַזוי אַ האָב, ווי אין דעם הויז האָט געשטעקט! אָ וואַ! וויסטו, איך פלאַג שיר פאַר עגמת־נפש! ער טרינקט מילא, זאָג מיר נאָר, זאָלסט מיר געזונט זיין, ווער איז דאָס דער גוטער רבֿ, וואָס דו זאָגסט עפּעס, אַז דער קליינער וועט אים פאַרלירן?

**רעדלעך** איך רעדע היר פאָן קיינען רבֿ, זאָנדערן פאָן דען גוטען רוף, דאָס הייסט, פאָן דען שם טובֿ, דען דער יונגע רעדליך יעצט פערלירען זאָלל.

**ר׳ יוחנן** דעם שם טובֿ מיינסטו? דערציייל מיר נאָר, איך בעט דיך, ווי אַזוי פאַרלירט מען דאָס אַ שם טובֿ? ער טריגקט.

**ר׳ גבריאל** טריגקט אויך פונדעסטוועגן באַהאַלט איר נישט אַזוי צו וויינען, מיין ליבער ר׳ רעדלעך, וואָרן מאַלעס עס שטאַרבט אין שטאָט אַן עושר אָדער אַ שיינער ייד, פונדעסטוועגן יאָמערט מען גאָר נישט אַזוי שטאַרק.

**רעדלעך** הערען זי ערשט, דאַן ווערדען זי צו אורטיילען

וויכּסען. דיזער ר׳ סאַלאָמאָן רעדליך זאַמט זײַנער פֿרױ לאה זינד, נאַכדעם זי צוויי יאָהרע בעשטענדיג קראַנק וואַרען, אין איינעם מאָנאַטע געשטאָרבּען. נאָך וועהרענד איהרעם לעבּענס ערבּטען די בּעריהמטעסטען ערצטע אונד אַפּאָטהעקער די איינע העלפֿטע איהרעס פֿערמעגענס, זאָ ווי די אַדפֿאָקאַטען די אַנדערע העלפֿטע נאַך איהרעם טאָדע, אונד איהר צוריקגעלאַססענעס בּחור׳ל ווארדע גענעטהיגעט צו דער מילדטהעטיגקייט איינעס פֿרעמדען, נאַמענס ר׳ דוד גוטהערץ, דער איין אַלטער בּעקאַנטער זיינער עלטערען וואַר, זיינע צופֿלוכט צו נעהמען. דיזער ר׳ דוד נאַם זיך דיזעם קינדעס אַן אונד פֿערטראַט בּיי דיזעם די פֿאַטערשטעללע. אַלס אַבּער דער קעלך דער ליידען נאָך ניכט צום איבּערפֿליסען פֿאָלל וואַר, זאָ געפֿיל עס דער פֿאָרזעהונג, איהן מיט דעם טהייערסטען זיינער יעצטיגען קאָסטבּאַרקייטען צו ערפֿיללען: נעהמליך, דיזער ר׳ דוד גוטהערץ שטאַרבּ פּלעצליך אויף זיינער רייזע נאַך אַמעריקאַ אונד זעטצטע זיינע שוועסטער סערקעלע אַלס אוניווערזאַל־ערבּין זיינעס גאַנצען פֿערמעגענס איין. נון מוססטע דיזער איינציגע זאָהן דעם ר׳ סאַלאָמאָן רעדליך זיין שטיקכען בּראָט מיטטעלסט לעקציאָנען געבּען מיהזאַם פֿערדינען. איינע דיזער לעקציאָנען האַטטע ער בּיי גענאַנטער בּערקעלע צו געבּען... ער גיט זיך פּלוצלינג אַ שטעל אויף פֿאַר ר׳ יוחנן אונד שטעהט יעצט פֿאָר איהנען, פֿאָן דיזער בּערקעלע איינעס שענדליכען דיבּשטאַהלס בּעשולדיגט. ער וויינט.

**אלע** בּלייבּן זיצן אַ פּאָר מינוטן גאָר שטיל.

**ר׳ גבריאל** מילא, האָט דאָך עפּעס אַ פּנים, אַז איר אַליין זענט דאָס ר׳ זלמנס זון?

**ר׳ יוחנן** וואָס? דו בּיזט דאָס ר׳ זלמנס בּן־יחיד?

**רעדלעך** ליידער בּין איך עס זעלבּסט. ער וויינט און פֿאַרהאַלט זיך דאָס פּנים מיט אַ פֿאַרטשיילע.

**אלע** בלייבן ווידער זיצן אַ פּאָר מינוטן שטיל.

**ר׳ גבריאל** צו זיך אין דער שטיל גבֿריאל! געדענק, אָן דיר אַליין, למען־השם מאַך דיר אַהאַרין! ער טרינקט דער מעד איז זייער גוט, טרינקט, ר׳ יוחנן!

**ר׳ יוחנן** טרינקט צו רעדלעכן לחיים, ר׳ זלמנס זון! ער טרינקט אויס, גיסט ווידער אָן און גיט רעדלעכן טרינק׳ בּ׳לעבן. אַ גלעזל מעד, טרינק, טרינק, וועכט אַ הנאה האָבן, דער מעד איז אַ ביכל מחיה, טרינק, איך בעט דיך.

**רעדלעך** איך דאַנקע איהנען, איך טרינקע ווארהאַפּטיג קיינע גייסטיגע געטרענקע.

**ר׳ יוחנן** נו, קומט מיין שמועה אַפּיר, עס איז תמיד זייער גוט, אַז מען צעשמועסט זיך אַ ביסל. זאָג זשע מיר איצט אָבער, אַדרבא, אַז דו ביזט יאָ ר׳ זלמנס זון, אַז איך האָב יאָ געקענט דיין טאַטן און דיין מאַמען — פֿון וואַנען קומט דאָס, אַז דו זאָלסט אַזוי אַ נישט שיינע זאַך טון? מאָל דיר, דו האָסט דאָך אוודאי אַמאָל געמוזט לערנען חומש און ווייסט דאָך, אַז עס שטייט ביי אונז אין דער הייליקער תורה אָנגעשריבן „לא תגנוב"? קומט מיין שמועה אַפּיר, דאָס איז דאָך עפּעס גאָר קיין שטייגער נישט, און אַז עס גייט שוין אַ מענטש יאָ אַמאָל שלעכט, מוז ער שוין פֿאַר דאָס ווערן אַ גנבֿ?

**ר׳ גבריאל** אַוודאי איז אמת, שיקט זיך דאָס גאָר פֿאַר אַזוי אַ יונגן מאַן ווי איר זענט?

**רעדלעך** הערען זי, מיין ליבער ר׳ גבֿריאל! איך זאָללטע אייגנטליך, אינדעם עס מיר זעהר גוט בעוואוסט איזט, דאַס אַללע מיינע וואָרטע פּראָטאָקאָלאַז בלייבען ווערדען, איהרע פֿראַגע אונבע־אַנטוואָרטעט לאַססען, דען איך וויס זעהר גוט, דאַס איהר איס פּאָראורטייל יעדען יידישען סטודענטען פיר איינען מענשען האַל־

טעט, דער יעדעס אונרעכט, יאַ זאָגאַר יעדעס לאַסטער, גאַנץ אָהנע געוויססענסביסע איסצאיבען פֿעהיג זיי, אונד זאָללטע דאַרום שאָן מיינע וואָרטע שפּאַרען; אַלליין איזט יענע זעלבסטבעוואוסט־הייט, דאַס מאַן פֿאָר דעם אַלמעכטיגען גאָטט מיט ריינעם געוויססען ערשיינען קעננע, איך הינרייכענד גענוג, דעם קורצזיכטיגען מענשען פֿאָן זיינער אונשולד צו איבערצייגען. אונד איזט עס דען ניכט איינעס יעדען פפליכט, זיך איך פֿאָר דיזעם צו רעכטפֿערטיגען, אונד, ווי וויט מעגליך איזט, צו פערטיידיגען? אַלזאָ, מיין ליבער ר' יוחנן, נור דיזע פפליכט אַלליין איזט עס, וועלכע מיך דאַצו נעטיגעט, היר אָדער אין דער הייליגען שולע ביי אַללעם, וואַס נור הייליג איזט אין דער וועלט, אין געגענוואַרט דעס היזיגען עהרענ־ווערטען ראַבינערס מיטטעלסט אַבלעגונג איינעס פֿירכטערליכען שוואורעס מיינע אונשולד צו בעצייגען.

**ר' גבריאל** אַשבֿועה? באַ!—דאָס איז עפּעס פֿאַר־בערקעלען קיין גרויסער מורה מורינו.

**ר' יוחנן** צו ר' גבריאלן. האָט מיר נישט פּאַראיבל, פּאַר־וואָס? אַשבֿועה איז טאַקע אַשבֿועה, נאָר, קומט מיין שמועה אַפֿיר צו רעדלעכן ר' גבֿריאל מיינט נאָר, איז דען בערקעלע אַזוי אַנאַר, אַז זי זאָל איך גלייבן איף אַשבֿועה?

**רעדלעך** כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט ביים קאָפּ נון, ווען איך מיין ערשטער שוואור, דען איך אין מיינעם לעבען אַב־צולעגען בעשלאָססען האַבע, נון, ווען איך דיזער מיר זאָ איי־בערסט שווערע שריטט מיך ניכט צו רעטטען פֿערמאַג — ער הייבט איף ביידע הענט קעגן דעם הימל נון, זאָ רעטטע דו, דו אַלל־ווימענדער גאָטט, דיין אונשולדיגעס געשעפּף פֿאָן דיזער שענדליכען פֿערלייםדונג! ער וויינט.

**ר׳ גבריאל** צו זיך אין דער שטיל איך קום דאָ איך געַ־נוג אָפּ הבוט־הקבֿר.

**ר׳ יוחנן** פֿונדעסטוועגן באַדאַרפֿסטו נישט אַזוי צו וויינען, וואָרן, קומט מיין שמועה אַפּיר, סערקעלע איז אויך נישט זייער אומגערעכֿט, ביי איטלעכֿן מענטש איז דאָס וויניקע זייער טייער, נאָר דאָס גלייכֿסטע העט געוועזן, אַז דו זאָלסט דיך פֿאָרט מיישבֿ זיין און זאָגן דעם אמת; וואָרן איך מוז דיר מגלה זיין, אַז סערקעלע וועט אַוודאי נישט שווייגן, און איך האָב זייער מורא, אַז דו וועסט פֿון איר נישט גוט אָפּשניידן.

**ר׳ גבריאל** און איך זאָג אייך, מיין ליבער ר׳ רעדלעך, אַז איך האָב אויך זייער מורא דערפֿאַר, וואָרן איר קענט נאָך גאָרנישט די סערקעלע, וואָס דאָס פֿאַר אַ מענטש איז.

**רעדלעך** וויינט שוין נים, נאָר שמועסט מיט כוח גלויבען זי מיר, מיין ליבער ר׳ גבֿריאל, דאַס איך דיזע סערקעלע זעהר גוט קעננע אונד פֿילליכֿט פֿיל בעססער אַלס יעדער, דער זי קענט; יעדאָך פירכטע איך זי יעצט, טראָטץ איהרעס אייסערסט באָזהאַפֿטען כאַראַקטערס, .גאַנץ אונד גאַר ניכֿט; דען גאָטט דער וועלטענריכֿטער וויכט, דאַס מיין געוויססען ריין זיי אונד ווירד, האָפֿפֿענטליך אויך דאַס הערץ דעם קרימינאַלריכֿטערס זאָ לייטען, דאַס זיין אורטהייל מיינער אונשולד ענטשפרעכֿען ווירד.

**ר׳ גבריאל** צו ר׳ יוחנן מילא, וואָס טויג מיר דאָס, מאַכֿטזשע שוין אַ סוף, וואָרן ווי איך זע איין, וועלן מיר דאָ היינט מיט אים צו קיין עק נישט קומען. מיר האָבן דאָס אונזעריקע געטון און גענוג. מאַכֿט אַן עק.

**ר׳ יוחנן** גיסט אָן ביידע גלעזלעך און נייגט אוים די פֿלאַשג אַן עק איז אַן עק! קומט מיין שמועה אַפּיר, אונז האָ׳מיר געטון,

וואָס עס איז נאָר אין אונזער יכולת געווען, ער טרינקט אויס און אַן עק.

**ר׳ גבריאל** שרייט שמשים! קומט אַריין!

**שמשים** קומען אַריינצוגיין.

**ר׳ יוחנן** צו רעדלעכן איצט גיי מיט זיי צוריק, פֿון האַנעט דו ביזט געקומען צו די שמשים און הייסטס טאַקע אין איין וועגב מערקעלען אַריינקומען.

**שמשים** גוט, גוט.

**רעדלעך** גוטע נאַכט, מיינע העררען.

**ר׳ גבריאל** און **ר׳ יוחנן** ביידע מיט אַ מאָל גוט נאַכט, גוט יאָר.

**רעדלעך** מיט די **שמשים** גייען אַוועק.

## פֿיפֿטער אַריינקום

### ר׳ יוחנן, ר׳ גבריאל

**ר׳ גבריאל** צו זיך אין דער שטיל געלויבט צו גאָט, אַז איך בין שוין דעם פֿאַרשוואַרצטן קלאָפּאָט פּטור געוואָרן.

**ר׳ יוחנן** נייגט אויס די פֿלאַש פֿאַרוואָס האָט איר אָבער נאָך אַזוי וויניק מעד געהייסן אַריינברענגען?

**ר׳ גבריאל** און אַז איך זאָל שוין געווען הייסן, וואָלט מיך מערקע תיכף געווען געפֿאָלגט?

**ר׳ יוחנן** ע, ווי קען מעןריידן, קומט מיין שמועה אַפֿיר, עס איז דאָך דאָ קיינער נישט איר משרת! זי העט אויך גאַנץ גערן, מען זאָל איר אַרבעטן אומזיסט — איך וועל איר אָבער נישט שענקען, נישט קשה.

## זעקסטער אַריינקום

### ר׳ יוחנן, ר׳ גבריאל, סערקעלע

**סערקעלע** קומט אַריין צו לויפן נו? האָט ער מודה געווען?

**ר׳ גבריאל** באַ! עפּעס אַזוי, עפּעס אַזוי... מען קען נישט אַרויס פֿון אים.

**ר׳ יוחנן** וואָס זאָל איך אייך דאָ אַ סך דערציילן און אָנברייען, איך וועל אייך ליבער זאָגן בקיצור און קיין שהיות נישט מאַכן: מיר האָבן אים דאָ געגוג געפּאָרשט, אַהין און אַהער, איינער אויף דער זייט, און איינער אויף דער אַנדערער זייט, קורץ, קומט מיין שמועה אַפֿיר, — מיר האָבן ביידע, איך ווי אַ גוטער פֿריינד, און ר׳ גבריאל ווי אייער התן, אונזערע רייד נישט געזשאַלעוועט, מיט גוטן און מיט בייזן, וואָרן, קומט מיין שמועה אַפֿיר, אַז מען וויל עמעצן אַ טובה טון, מוז מען דאָך פּרובירן אויף אַלע זייטן; איך האָב באַזונדער און אים אַריינגערעדט, און אייער התן, זאָל לעבן, האָט זיך באַזונדער זייער אַ סך מי געגעבן אין דער זאַך, מיר האָבן אים געשטראָפֿט און מוראס געמאַכט און דערנאָך ווידער געבעטן מיט גוטע ווערטער, וואָרן, קומט מיין שמועה...

**סערקעלע** איז זייער אומגעדולדיק, זי פֿאַלט אים אין די רייד אַריין קומט מיין שמועה אַפֿיר אַהין, קומט מיין שמועה אַפֿיר אַהער, און צום סוף ווייס איך אַלץ נישט, וואָס ער האָט געזאָגט, — זאָגט מיר נאָר דאָס איינע וואָרט: האָט ער מודה געווען, צי ניין?

**ר׳ יוחנן** מודה געווען, הייסט עס, האָט ער, פּראַווע, נישט, נאָר ער זאָגט, אַז ער וויל גיין אין שול אַריין אין קיטל

און טלית שווערן בײַ אַ ריינינקײט, אַז ער ווייסט נישט פֿון נישט צו זאָגן.

**סערקעלע** שמייכלט מיט כּעס און מאַכט חוזק. פּשיטא?! — זעט איר, דאָס איז גאָר קיין קאַטאָוועס נישט! רעדלעך וויל גיין שווערן! אָ וואַ! עס גייט זיך גאָר אַ מורא אָן. צו ר׳ גבריאל איך פֿאַרשטיי אָסור נישט, וואָס שווייגט איר נאָך, ר׳ גבריאל? רעדט איר איך אויך דאָס איין, אַז איך בין דער נאַר און גלייב אָן דעם הולטייס שבועות?

**ר׳ גבריאל** איך האָב שוין דאָס דאָ פֿריער געזאָגט צו ר׳ יוחנן.

**סערקעלע** מילא, וואָס קומט מיר דאָ דערפֿון אַרויס, פֿון די רייד? איך האָב מיך איצינד שוין גאָר אַנדערש מישב געווען, איך וועל מיר שוין מיט אים אַן עצה געבן. נישטקשה, סערקע איז נאָך נישט געשטאָרבן. ער האָט זיך גוט דערפֿרייט. איך וועל נאָר אָבער נאָך איין פּרווו מאַכן און הינדען אַ ביסל איבפֿרעגן, אפֿשר וועל איך בײַ איך עפּעס מער פּועלן, ווי איר האָט בײַ אים געפּועלט — וואָרן ווי איך זע איין, איז מיט פֿרעמדע הענט נאָר גוט פֿייער צו שאַרן.

**ר׳ גבריאל** איך בעט אייך, מהותנתטע־לעב, וואָס זענט איר אונז חושד? מיר האָבן אַוודאי געגנוג געטין; אַז ער האַלט זיך אָבער בײַ אײן וואָרט, דאָ, דאַכט זיך מיר, העלפֿט שוין קיין תּלין אויך נישט.

**ר׳ יוחנן** נו אַדרבא, וועלן מיר זען וואָס איר קענט; וועלן מיר זען, אויב איר וועט בײַ הינדען עפּעס מער געוואָר ווערן, און גלייבט מיר, אַז איך ווינטש עס אייך בתּם לבֿ, אַז איר זאָלט מער פּועל זיין, ווי מיר, נאָר ער ציט אויף די פּלייצעס מיר דאַכט זיך, אַז אייער טרחה געבעך איז גאָר אומזיסט.

**ר׳ גבריאל** אי, פאַרוואָס? איך האַלט מיט דער מחותּנתּ־טע, אַז פֿון הינדען קען זיין, זי וועט זי נאָר אַ ביסל פֿטראַשען, וועט זי תּיכּף מודה זיין.

**סערקעלע** און אַז זי וועט אַפֿילו נישט וועלן מודה זיין, איז דאָך נאָך דאָ עפּעס אַ קרימינאַל אויף דער וועלט, אוי מיינע כּוחות!

**ר׳ יוחנן** עס מוז שוין שפּעט זיין? ער שטייט אויף איך וועל שוין גיין אַהיים, און איך, סערקעלע, בעט איך, איר זאָלט איך פֿאָרט נישט אַזוי איילן מיט דעם קרימינאַל, וואָרן, קומט מיין שמועה אַפֿיר, עס איז פֿאָרט בעסער מיט גוטן, ווי מיט בייזן.

**ר׳ גבריאל** דאָס איז ר׳ יוחנן זייער גערעכט, וואָרן אַזוי אַ זאַך קען זיך אַמאָל אַוועקשלעפּן אַ צייט, איידער מען קומט אַמאָל איבער הונדערט יאָר צו אַ סוף, אין דערוויל קאָסט געלט. אָט קומט דער מחותּן זאָ לעבן איך. כּ׳לעבן! איבערלייגט איך דאָ נאָך אַ מאָל דעם גאַנצן אינטערעס מיט אים, איידער איר הייבט אָן אין גרויסע דרכים אַריינצוגיין.

**סערקעלע** אָ, דאָ האָט איר אָנגעטראָפֿן דעם רעכטן בעל־עצה, אוי מיינע כּוחות! זי ווינקט צו זיי, זיי זאָלן נישט דערציילן ר׳ משהן.

## זיבעטער אַריינקום

### ר׳ משה, סערקעלע, ר׳ גבריאל, ר׳ יוחנן

**ר׳ משה** קומט גאַנץ שטיל אַריינצוגיין, פֿאַרטראַכט און אומעטיק, און קוקט זיך גאָר נישט אום צו קיינעם.

**ר׳ יוחנן** גוטן אָוונט, ר׳ משה!

**ר' משה** קוקט זיך אום   גוטן אָוונט, גוט יאָר, ר' יוחנן! ברוך הבא! וואָס פֿאַר אַ גאַסט זענט איר דאָס דאָ אַזוי שפּעט?

**ר' יוחנן** איך האָב געהערט פֿון אייער גנבֿה, בין איך אויך אַהער געקומען געוואָר ווערן, וואָס עס טוט זיך, צי ווייסט איר שוין עפּעס, צי נישט. וואָס מיינט איר, מיין ליבער ר' משה, ווער האָט דאָס געקאָנט טון?

**ר' משה** איך מיין גאָר פּראָסטע, אַזוי ווי זי האָט עס פֿון אַלטע שוואַרצע יאָר גענומען, אַזוי האָט זי עס ווידער צו אַלטע שוואַרצע יאָר צוריקגעגעבן! אָט פֿרעגט זי, איך פֿלעג איר תּמיד...

**סערקעלע** פֿאַלט אים אין די רייד אַריין און לאָזט אים ניט אויסרעדן   וואָס שמועסט איר דאָ מיט אים? וואָס ער קען אַלץ זאָגן! איך האָב עס פּלוצלינג גאָר אַליין אַוועקגעגעבן? איך זאָל נישט היינט גאַנץ פֿרי אַליין מיט מיינע אייגענע הענט אַריינלייגן אין קעסטל אַריין דאָס שטערנטיכל מיט די צווייערלייפּערל און צושליסן מיט דעם שליסעלע און האָב נאָך דאָס שליסעלע צוויי מאָל איבערגעדרייט, דערנאָך דאָס קעסטל טיף אונטערן שטרויבײַ מיר צוקאָפּנס אין בעט אַרונטערגעשטופּט! איך ווייס ניט, עמיץ זאָל טאַקע האָבן צען קעפּ פֿון עוג מלך הבשן, העט ער זיך אויך נישט געשטויבן, אַז דאָרט שטייט גאָר אַ קעסטל, אוי ווי מיינע בוהות! האָט זיך דען גאָר נאָך פֿאַרלאָפֿן אַזוי אַ מעשה? איז דען נאָך גאָר אין דער וועלט אַזוי אַ שטראָף דערהערט געוואָרן, ווי אויף מיר איז דאָ געקומען?

**ר' משה** אי, איך האָב תּמיד געוואוסט, אַז דער סוף וועט אַזוי זיין, איך האָב דיר אייביק געזאָגט: „סערקע! אין דעם געלט וועסטו קיין ברכה נישט האָבן!“ אי, פֿרעג נישט, סערקע, מיר האָבן זיך געקויפֿט מפּטיר! אי, הלוואי אונזער סוף זאָל אַמאָל גוט זיין.

**סערקעלע** צו ר׳ יוחנן און צו ר׳ גבריאלן וואָס טויגן מיר דאָ זיינע משוגענע רייד? וואָרן ער ווייסט נעבעך אַליין וואָס ער פּלוידערט? נו, מילא, פֿאַר היינט איז שוין אַן עק, וואָרן עס איז שוין אַנדאָס שפּעט, איר מעגט איך שוין גיין געזונ־טערהייט, נאָר מאָרגן, אם ירצה השם, בעט איך אייך, איר זאָלט ביידע ווידער קומען צו גיין, וואָרן איך ווייס פֿיל, טאָמער באַדאַרף מען עפּעס, אוי מיינע כּוחות!

**ר׳ גבריאל** נו, נו, איך וועל אַוודאי שוין מיט דעם באַגין דאָ זיין, וואָרן איך וועל אַוודאי נישט קענען שלאָפֿן די נאַכט.

**ר׳ יוחנן** איך וועל אַוודאי אויך קומען צו גיין, נאָר איך בעט אייך נאָך אַ מאָל, סערקעלע: האָט אין זין, וואָס איך האָב אייך דאָ פֿריער געבעטן, וואָרן, קומט מיין שמועה אָפּיר, טוט עס נישט אים, נאָר זיין טאַטן אין קבֿר צוליב, — איך האָב אים זייער גוט געקענט, ער איז געווען אַ כּשרער ייד.

**סערקעלע** נו, נו, איך וועל אייך שוין צוליב טון, גוט נאַכט, גוט נאַכט, גייט געזונטערהייט.

**ר׳ יוחנן** און **ר׳ גבריאל** ביידע מיט אַ מאָל גוט נאַכט! גוט נאַכט, ר׳ משה! זיי גייען אַוועק.

# אַכטער אַריינקום

## ר׳ משה, סערקעלע

**סערקעלע** משה! משה! דו ווילסט מיר נאָך צום איבעריקן דעם טויט מאַכן! זאָג מיר, וואָס ווילסטו? וואָס ווילסטו נאָך פֿון מיר האָבן? די פֿרעמדע מענטשן זענען אין שטוב, און דו רעדסט דיר זעלכע ווערטער? זאָג, זאָל איך דיר נישט אָפּטער

שיקן נאָך דעם רבֿ, אַז דו זאָלסט פֿאַר אים מתוודה זיין? אוי
ווי, משה, משה! וואו איז היינט שלל אַהינגעקומען? — כּלעבֿן,
עס איז מיר נאָר אַ גרויס חידוש, וואָס דו שטעלסט דיך ניט אַנדער
אויף דער גאַס פֿאַר איטלעכן אויסשרייען אַלץ וואָס דו ווייסט!
דער טאַטע, עליו השלום, פֿלעגט זייער אמת צו זאָגן, אַז מיט
אַ ייד איז נאָר גוט אין שול אַריין צו גיין. עס גייט אים גאָר
נישט אָן, וואָס איך בין שוין אַזש קראַנק פֿאַר צרות, אוי ווי,
מיינע כּוחות! (זי וויינט) וועל איך קענען די נאַכט כאָטש אַן אויג
צוטון? עס גייט אים גאָר נישט אָן: האָט מען אים באַגנבֿט —
נו, האָט מען אים באַגנבֿט!

ר׳ משה אוי ווי, וואָס ווילסטו פֿון מיר האָבן, וואָס?
נו וואָס זאָל איך דיר טון? איך פֿרעג דיך, — ווייס איך דען ווער
דער גנבֿ איז?

סערקעלע וואָס טייטש? עס האָט דאָס קיינער נישט
געטון, נאָר דער גנבֿ, דער רעדלעך! אין ווען עס זאָל דאָ קומען
די גאַנצע וועלט פֿון מנחה און פֿון מעריב צונאַנד און זאָל מיך
אָפּשפּאַרן, האָט עס פֿאָרט קיינער נישט געטון, נאָר ער, דער
אַכבּראָש, דער גנבֿ!

ר׳ משה אוי! איך ווייס שוין גאָר נישט וואָס דו
קענסט אַלץ אויסטראַכטן, פּלוצלינג קען דיר גאָר איינפֿאַלן, אַז
אויף דעם הימל איז אַ ייד! וואָס טייטש? איז דען נאָך דאָ
אַזוי אַן ערלעכער יונג, ווי רעדלעך איז? פּלוצלינג איז ער גאָר
ביי דיר געוואָרן אַ גנבֿ! זאָג מיר, וואָס ווילסטו נאָך פֿון אַנדערע
די עבֿירות אַראָפּנעמען, — האָסט אפֿשר ווייניק צו טראָגן אָן דיינע?
אוי, איך, איך האָב געעוג.

סערקעלע אוי מיינע כּוחות! זע נאָר, וואָס פֿאַר
אַ שלימזלניק דו ביזט, אַדרבּא, הער נאָר אַליין צו. ווי איך

בין היינט נאָכמיטאָג פונעם שלאָף אויפגעשטאַנען, איז דאָ קיינער נישט געווען אין שטוב נאָר דער גנבֿ, דער רוצח, מיט דעם שלימזל, מיט הינדען, אומשטיינבגעזאָגט; און זי איז דאָך אַליין מודה, אַז ווי זי איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט זי נאָר אים אַליין דערזען. וואָס ער האָט דאָ געטון, ווייל זי האָט נאָך נישט אויסזאָגן דעם אמת, און אפשר וועט ער מיר דאָס אויך אָפּלייקענען? האָב איך דען נישט מיט מיינע אייגענע אויערן געהערט, ווי ער האָט געזאָגט צו דעם פירעניות, אַז ער איז שוין זייער גליקלעך, ער האָט פּערל און דימענטן גענוג? פרעג אים, לאָז ער מיר זאָגן אין די אויגן אַריין, אייב עס איז ליגנד? דער גנבֿ! וואו האָט ער דאָס גענומען, דער רוצח? דער הרגב! וואו האָט ער גענומען פּערל און דימענטן? וואָס? אַ מלאך האָט אים אפשר פונעם הימל עפּעס אַראָפּגעוואָרפן? געזונט זאָל ער אַזוי אין זיך האָבן!

ר׳ משה און אַז דו וועסט מיר דאָ זאָגן ביז מאָרגן, האָט ער עס פאָרט נישט געטון — ער וועט נישט טון אַזוי אַ זאַך!

סערקעלע נו גוט, מילא, איך און דו האָמיר עס נישט געטון; אַלטעניו אויך נישט; חיים... האָט דאָך גאָר קיין שכל דערצו נישט; פאַר הודן, כאָטש זי איז דאָך גאָר אַן אייסווערפלינג, וועל איך שווערן, אַז זי איז קיין גנב נישט, — וואָרן זי גייט דאָך איבער אַלעם תמיד אַליין, אַזוי לאַנג זי איז ביי מיר, און עס פעלט קיין מאָל נישט אַפילו אויף אַ האָר; פאַר ר׳ גבֿריאלן, ווייסטו דאָך אַליין, אַז מען מעג אַפילו אומגעציילטע רענדלעך אַנידערלייגן, און סאַנדערע, ער איז דאָך דעמאָלט גאָר געווען אויף דער פּאָטשטע; און ווייטער איז דאָך קיין שום בן־אָדם דאָ נישט געווען. נו זאָג זשע איצט דו אַליין! איך ווייס נישט, מען זאָל טאַקע אַנידערזעצן צוויי פיצעלעך קינדער וועלן זיי אויך

נישט קענען אַנדערש זאָגן, אַז נאָר אַ היימישער גנבֿ האָט דאָס געטון, און דאָס נאָך רעדלעך, אוי ווי מיינע כּוחות! פֿאַרשוואַרצט און פֿאַרפֿינצטערט בין איך געוואָרן, אַז איך האָב דיך פֿאַר אַ מאַן, און אַז דו עקנסט נאָך זאָגן: „ער וועט נישט טון אַזוי אַ זאַך!“

ר׳ משה יאָ, יאָ, איך זאָג עס נאָך, ער וועט אַזוי אַן עבֿירה נישט טון.

סערקעלע אַוודאי טוט ער גאָר קיין עבֿירות נישט, דער הולטיי! האָסטו אים ווען געזען קושן די מזוזה? האָסטו אים ווען געהערט בענטשן, קריאת־שמע לייענען? — דאַוונט ער? לייגט ער תּפֿילין? קושט ער ציצית, ווי עס קער צו זיין? ווייסט ער, ווי אַ שבת, אַ יום־טובֿ בכּבֿוד צו האַלטן? זעסטו, ווייבלעך, מיידלעך, אַז ער דערזעט, דאָ לעבט ער, דער דראַב! דאָ קוועלט ער, דער אויסגעלאַסענער מענטש. נאָר וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל אים שוין באַגראָבן! לאָז מען אים נאָר איינפֿירן אין דער פּאָליציי אַריין, לאָז ער נאָר כאַפּן אַזוי אַ דרייסיק שטעקנס, וועט ער שוין מודה זיין, דער רוצח!

ר׳ משה נו גיי שוין און טו דיר שוין וואָס דו ווילסט — איך וואַש מיר גאָר דערפֿון די הענט אָפּ, איך וויל דערפֿון גאָר נישט וויסן, איך האָב שוין גענוג! לאָמיך זען, אַדרבּא, ווי דו וועסט ווייטער מיט דיינע שפּעקולאַציעס די וועלט אויספֿירן. (ער וויל אַוועקגיין.

סערקעלע נו? וואו גייסטו, וואו? ר׳ שמואל וועט דאָך דאָ באַלד קומען, ווייסטו דען נישט, אַז מען מוז מאָרגן גאַנץ פֿרי אַיינרייכן אין דער פּאָליציי אַריין? — איך האָב דאָך געשיקט נאָך אים.

ר׳ משה שרייב דיר און טו דיר, וואָס דו ווילסט —

צו זעלכע מעשיות קענסטו דיר שוין אליין אן עצה געבן. ער וויל ווידער אוועקגיין.

**סערקעלע** שיקן מיר כאטש אריין הינדען.

**ר׳ משה** בלייבט שטיין ביי דער טיר אין קוקט אן סערקעלען מיט דעם גרעסטן כעס זאג מיר, וואס ווילסטו נאך פון דער ארעמער באגזלטער יתומה נעבעך האבן? — איז זי דען שוין נישט אין דער ערד?

**סערקעלע** וואס האסטו אזוי מורא, איך וועל דאך איר דא נישט אַ שטיק אפבייסן? האב קיין מורא נישט, איך וועל איר גארנישט טון, איך וויל נאר האבן, זי זאל מיר דא עפעס צוניייען. וואס ציטערסטו אזוי איבער איר?

**ר׳ משה** הער נאר, סערקע! איך וועל זי דיר דא אריינשיקן, נאר וועסטו איר חלילה עפעס וועלן טון, אזוי ווי דיין טבעלע איז, זאלסטו וויסן, סערקע, אז איך בין דא אין דער אנדערער שטוב! ער גייט אוועק דורך דער טיר, וואס איז אין דער רעכטער זייט.

## ניינטער אַריינקום

**סערקעלע** אליין

איך וועל מיט איר פריער אַ ביסל מיט גוטן שמועסן, טאמער וועט זי מיט גוטן מודה זיין; וועט זי זיך אָבער האַלטן ביי איין וואָרט, ווינטש איך מיר אָסור נישט אין איר הויט צו שטעקן! האָט זי זיך יאָ פאַרליבט אָן דעם רעדלעכן, וועל איך זיי שוין זען ביידע התונה צו מאַכן אויך. נישטקשה, ער וועט שוין חרטה האָבן, וואָס ער האָט נישט געוואָלט קומען. איך וועל זיי שוין ביידע אויסרייסן, ווי די הינט!

# צענטער אַריינקום

## סערקעלע, הינדע

**הינדע** בלייבט שטיין בײַ דער טיר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און וויינט.

**סערקעלע** קום נאָר אַהער, הינדעלע! קום אַהער — נענטער — נאָך נענטער — האָב קיין מורא נישט, קום אַהער — נענטער — נאָך נענטער — אַזוי, זעץ דיך דאָ, מיין לעבן, נעבן מיר אַנידער אויף דער קאַנאַפּע.

**הינדע** גייט מיט מורא אַלעמאָל ביסלעכווייז נענטער און זעצט זיך.

**סערקעלע** האָסטו שוין געטרונקען דאָס ביסל קאַווע, מיין האַרץ? זעסטו, איך האָב דיר גאָר פֿאַרגעסן צוקער אַריינצושיקן....

**הינדע** וויינט הויך און קושט סערקעלען די האַנט.

**סערקעלע** לאַכט קלאָמערשט הע־הע־הע, נו גיי שוין, נאַר, וויין נישט. איך ווייס אַליין, אַז עס אַרט דיך זייער, וואָס איך האָב דאָ אַזוי אַגרויסן שאָדן געהאַט; נאָר פֿונדעסטוועגן באַדאַרפֿסטו נישט אַזוי צו וויינען, די קענסט דאָך מיר נאָך חלילה ווהם קראַנק ווערן, און וואָס איז דאָס עפּעס, אַסך בײַדערנטעלטער האָב איך. דאָס? — אוי מיינע כּוהות! — עס טוט מיר נאָר איין זאַך באַנג — די דימעטענע אוירינגלעך און די קליינע פּערעלעך מיט דעם פּאָרמאָאַרל — וואָס איך האָב מיר תּמיד געחזרט, אַז ווען דו וועסט אם ירצה השם אַ כּלה ווערן, וועל איך זיי דיר שענקען — האָב איך אויך ערשט איערנעכטן אין דעם קעסטל אַריינגעלייגט, אוי ווײַ מיינע כּוהות! זי קוקט הינדען שטאַרק אין פּנים אַריין, זיי שווייגן ביידע אַ פּאָר מינוט גאַנץ שטיל.

**הינדע** מומעניו! איר האָט דאָך מיך עפּעס געהייסן אַריינקומען, איך זאָל עפּעס צוגייען? וואָס זאָל איך צוגייען?

**סערקעלע** עס וועט נאָך, מיין לעבן, צייט זיין מאָרגן אויך. הער נאָר צו, מיין קינד! איך זאָג דיר דעם אמת, איך האָב מיר שוין לאַנג אַמכוּנה געמאַכט, איך זאָל מיך מיט דיר, מיין האַרץ, אַביסל צעשמועסן; דו ווייסט דאָך, אַז חוץ דעם אַלעם וואָס דו ביזט נעבעך אַזוי יונג פֿאַריתומט געוואָרן האָסט קיין טאַטן און קיין מאַמען נישט זי ווישט זיך די אויגן און האָסט געקענט, חלילה וחס, צו ווער ווייסט וואָס נאָך קומען, ווען איך זאָל דיך נישט גענומען צו מיר אין מיין הויז אַריינגענעמען, — אוי מיינע כּוחות! — איך מיין חוץ דעם אַלעם האָב איך דיך דאָך אַזוי ליב, טאַקע ווי מיין אייגן קינד, און מיר דאַכט זיך, אַז דו אַליין קענסט נישט זאָגן, אַז דו האָסט ווען ביי מיר אַקשיוודע געהאַט! — אַי וואָס, איך בייזער מיך אַמאָל אויף דיר? דאָס, מיין לעבן, ווייסטו, דאַכט זיך מיר, אַליין אײנזען, אַז איך מיין אַלץ נאָר דיר לטובֿה. וואָרן דו ביזט דאָך גאָר קיין נאַר נישט און זעסט דאָך, פֿאַרוואָס אַרט מיך נישט, אַז איך זע אַ פֿרעמד קינד עפּעס אַ נאַרישקייט טון? פֿאַרוואָס? ווייל איך דערמאַן מיך, אַז אַזוי ווי איינער רעדט „רבי! די קו איז אייער“.

**הינדע** וויינט און קושט סערקעלען די האַנט.

**סערקעלע** מילא, זעסטו דאָך אַליין, אַז כאָטש איך ווייז נישט אַרויס, אָבער אינעווייניק אין האַרצן ביזטו מיר איינגעבאַקן, האָב איך דיך אַזוי ליב ווי מיך אַליין; דו זאָלסט נאָר וועלן גוט אין פּנים זיין, ווי זיין ליבער הייליקער נאָמען געבאָטן האָט, אוי מיינע כּוחות! וואָס פֿאַרלאַנג איך דען, מיין לעבן, פֿון דיר, וואָס? איך פֿאַרלאַנג דאָך דאָ נישט פֿון דיר, אַז דו זאָלסט, חלילה וחס, איבערן דאַך אַריבערשפּרינגען, — איך וויל נאָר האָבן,

דו זאָלסט מיר דערציילן איטלעכעס פּיצעלע, וואָס דו ווייסט נאָר פֿון אים — פֿון רעדלעכן, מיין איך. און גלייב מיר, זאָל מיך גאָט שטראָפֿן אויף מיינע יונגע יאָר, אויב עס וועט דיר, אָדער אַפֿילו אים כאָטש אַ האָר געקרימט ווערן; וואָרן וואָס איז דאָס עפּעס — אַ נאַר בין איך? איך ווייס נישט? און אַז מען מאַכט יאָ שוין אַמאָל אַ קליין פֿעלערל, מיינסטו, עס איז עפּעס חיות? אָסור. דער מענטש איז דאָך קיין מלאך נישט. נישטקשה, מיין לעבן, פֿאַר מיר האָט אָסור נישט איפֿזיך, מעגסט מיר אַלץ דערציילן.

**הינדע** גילדענע מומעניו, בייזערט אייך נאָר נישט, וועל איך אייך שוין אַלץ דערציילן! איך ווייס, אַז ווען איר וועט מיך נאָר אויסהערן, וועט איר מיר אַוודאי מוחל זיין. *זי קושט סערקעלען די האַנט* איר זענט דאָך מיין האַרצעדיקן טאַטנס שוועסטער; איך ווייס אַליין, אַז איך האָב זייער אַ גרויסע עוולה געטאָן, וואָס איך האָב אייך ביז אַהער נישט דערציילט.

**סערקעלע** נו, נו, האָב נאָר קיין מורא נישט, דערצייל מיר נאָר אַלץ, אָבער נאָר דעם אמת; דעם אמת, מיין לעבן, האָט גאָט ליב, וועסטו זען, מיין קינד, אַז וועסט קיין חרטה נישט האָבן, אוי מיינע כּוחות!

**הינדע** עס וועט זיין אין דעם אַ יאָר צוויי, ווען איר זענט געווען אין וואַרעמבאָד, געדענקט איר? געדענקט איר? — בין איך דעמאָלט, ווי איר ווייסט, עפּעס שלאַף געוואָרן; איר זענט נישט געווען, און דער פעטער זאָל לעבן איז אויך גראָד געהאַט ערגעץ אַוועקגעפאָרן. דערווייל איז מיר אין מיין קרענק אַלעמאָל ערגער געוואָרן, אַזוי, אַז איך האָב שוין גאָר קיין כּוח נישט געהאַט אַפֿילו אַרומצוגיין איבער דער שטוב, רעדלעך אָבער פֿלעגט — איך בעט אייך, מומעניו, בייזערט אייך נאָר נישט...

**סערקעלע** דערצייל נאָר, דערצייל ווייטער — נו? איך

וועל מיך אָסור נישט בייזערן, ביזט דאָך אַ נאַר, אַז איך שווער מיך? דו ווייסט דאָך, אַז אַ שבועה איז ביי מיר זייער טייער, דערציי־ל נאָר, דערצייל, — רעדלעך אָבער פלעגט...

**הינדע** רעדלעך אָבער פלעגט טאָג און נאַכט ביי מיר צו זיצן, ער האָט מיר שוין איין מאָל געהאַט געזאָגט, אַז איך זאָל מיר לאָזן רופן אַ דאָקטער, „איך", האָט ער געזאָגט, „האָב זייער מורא, הינדעלע, אַז דו ביזט זייער קראַנק". — איך האָב מיך אָבער זייער געשעמט פאַר אים צו זאָגן, אַז איך האָב קיין געלט נישט צו באַצאָלן דעם דאָקטער. ווי ער האָט אָבער געזען, אַז עס ווערט מיר אַלע טאָג ערגער, איז ער געגאַנגען און האָט מיר געבראַכט צו פירן אַ דאָקטער. איך בין דערנאָך געלעגן און האָב גאָר נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. ערשט, אַז איך האָב אָנגעהויבן עפּעס צו מיר צו קומען, האָט מיר ערשט היים דערציילט, ווי איך האָב אַלץ גערעדט אויס דעם וועג, און אַז איך ליג שוין צוועלף טאָג אין בעט, און אַז איך בין שוין איין מאָל אַזוי הרוב געווען, אַז רעדלעך האָט זייער געיאָמערט און האָט גערופן דריי דאָקטוירים, און אַז איך האָב זייער אַ סך איינגענומען פון דער אַפּטייק גענומען, קורץ, עס איז גאָר קיין קאַטאָווע נישט געווען, וואָס איך האָב אַלץ געקאָסט. איך בין דערנאָך, געלויבט צו גאָט, געזונט געוואָרן און האָב ערשט דער־נאָך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז אַלץ געווען פאַר רעדלעכס געלט, ער האָט פון מיינעטוועגן גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן און אַלע זיינע קליידער און זאַכן, אַפילו דאָס זייגערל, פאַרקויפט. איך האָב עטלעכע מאָל געבעטן און האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל זען אים דאָס ביסלעכווייז אָפּצוגעבן, וואָס איך האָב אים גע־קאָסט...

**סערקעלע** פאַלט איר אין די רייד אַריין: נו וואָס איז?

ביי איטלעכן מענטש איז זיין געזונט דאָס טייערסטע, נו וואָס איז, מיין לעבן, האָסטו אים פאַר דאָס אַצינד געהייסן נעמען דאָס קעסטעלע מיט דעם צירונג, נישט וואָר, מיין קינד!?

הינדע קוקט אָן סערקעלען וואָס? זאָל גאָט היטן, איך האָב פאַרקויפט די אוירינגלעך. וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמען עליה השלום ער האָט אָבער קיין איינציקן קרייצער נישט געוואָלט נעמען ביי מיר. געזאָגט האָט ער אָבער, אַז פון מיינעטוועגן וואָלט ער זיין גאַנץ לעבן איך אַוועקגעגעבן, און איך באַליידיק אים זייער, אַז איך וויל אים אָפּגעבן. און פון דעמאָלט אָן... זי בלייבט פּלוצלינג שטיל שטיין און שעמט זיך:..

סערקעלע נו? וואָס פון דעמאָלט אָן?

הינדע און פון דעמאָלט אָן האָב איך ערשט אָנגעהויבן איינצוזען, ווי ליב ער האָט מיך. זי קוקט סערקעלען שטאַרק אָן.

סערקעלע נו יאָ, דאָס איז שוין רעכט; וואָס האָט איר אָבער היינט נאָכמיטאָג דאָ געטון, הע?

הינדע גילדענע מומעניו! איך וועל אייך זאָגן דעם רעכטן אמת. ער איז דאָ געוועזן און האָט מיר געזאָגט, אַז ער זשאַלעוועט מיך, וואָס איך לייד ביי אייך זייער גרויסע צרות, אַז איר פאַרגינט מיר נישט אַפילו דאָס ביסל עסן; האָב איך אים געזאָגט, אַז עס איז גאָר ליגנר, אַז ער איז זיך גאָר טועה, אדרבא, איר זענט זייער גוט קעגן מיר. האָט ער מיך פאַר די רייד אָנגעהויבן זייער צו איבערבעטן און האָט מיר אַ... אַקוש געגעבן. האָב איך אָבער מורא געהאַט, עס זאָל נישט עמעץ גראָד אָנקומען, האָב איך אים זייער געבעטן, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, האָט ער נישט געוואָלט, האָב איך אים ווידער געבעטן, און ווייס אַליין נישט, ווי איך פאַל אים... אים איך אַקוש צו געבן.... זי בלייבט שטיל שטיין און שעמט זיך.

**סערקעלע** אַליין אמת. *שוין אַ ביסל מיט כעס* איך בין דיר שוין דאָס אויך מוחל; וואָס האָט ער אָבער געזאָגט, אַז ער האָט פּערל און דימעטן גענוג? האָט ער דען שוין דעמאָלט געהאַט גענומען דאָס קעסטל מיט צירונג, העט?

**הינדע** פּלוצלינג! ווי פאַלט איר אויס, ער וועט פּלוצלונג נעמען אייער קעסטל מיט צירונג? — ער? ער ווייסט גאָר נישט פון דער גאַנצער מעשׂה; ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ווען איך האָב אים ליב, מאָג שוין די גאַנצע וועלט האָבן פּערל און דימעטן, וויפל זיי ווילן, — אַז ער האָט נאָר מיך, האָט ער שוין פּערל און דימעטן גענוג!

**סערקעלע** און מיין קעסטל מיט צירונג וואו איז?

**הינדע** וואָס פרעגט איר מיך? וויס איך?

**סערקעלע** *גיט זיך פּלוצלינג אַ שטעל אויף מיט כעס* וואָס? דו ווייסט נישט? דו ווייסט נישט, אַז רעדלעך האָט געגנבֿעט מיין צירונג? ווער[ע]מען ווילסטו דאָס נאַרן, דו ליידאַטשקע!? דו מיינסט אפשר ווייל איך האָב ביז אַהער מיט גוטן געשמועסט, מיינסטו, אַז דו וועסט מיך שוין גאָר אָפּנאַרן? איך וועל דיר אָבער ווייזן, אַז איך היים סערקע! *זי שרייט אַלע מאָל העכער מיט דעם גרעסטן כעס* וואַרט נאָר, איך וועל אים נאָר לאָזן קייטעלעך אויף די הענט און אויף די פיס אָנטון, ער וועט שוין זאָגן דעם אמת! לאָז מען אים נאָר אַזוי אַריינוואַרפן אַ פּאָר הונדערט קאַנטשיקעס, אַז דאָס קאָכעדיקע דם זאָל פון אים רינען ווי וואַסער, וועט ער שוין זאָגן, וואו מיין צירונג איז! שטיקווייז וועל איך לאָזן פון אים לעבעדיקערהייט רייסן, און דו, דו גנבֿטע, מוזט שטיין דערביי און צוזען, צוהערן מוזטו, דו בעסטיע, ווי ער וועט קוויטשען און שרייען, אַז דאָס קול וועט גיין ביז אין הימל אַריין! פאַרפוילן וועל איך אים לאָזן אין קרימינאַל, און דו, אויסוווערפלינג,

וועסט אַלע טאָג מוזן פֿון אים קופּעסווייז די ווערעם אַראָפּשאַרן! ניין, איך וועל נישט רוען, איך וועל נישט זשאַלעווען, איך וועל נאָך ליגן דאָס לעבעדיקע אויף דעם טויטן, איך וועל מיך צום איבעריקן בדלות שטעלן, און דאָס מייניקע — מוז ער מיר אָפּ-געבן!

**הינדע** *האָט זיך זייער דערשראָקן און האָט זיך מיט בײדע הענט דאָס פּנים פֿאַרהאַלטן; פּלוצלינג לויפֿט זי צו צו סערקעלען און פֿאַלט פֿאַר איר אַנידער אויף דער ערד* מומעניו! גילדענע מומעניו! — ניין — ניין — ניין — איך קען — שוין לענגער — נישט — איבהאַלטן — ניין, מומעניו!

**סערקעלע** *שרייט זייער הויך, מיט דעם גרעסטן כּעס* נו, זאָג זשע מיר תּיכּף, וואו איז מיין צירונג? — וואו האָט עס רעדלעך אַהינ-געטון? זאָג, וואו איז מיין האָב? וואו איז מיין פּראַצע?

**הינדע** *שטייט אויף און ציטערט* ניין — ניין — רעדליך — איז — נישט — קיין — גנב!

**סערקעלע** *לויפֿט צו צו הינדען און הייבט אויף בײדע הענט און וויל זי שלאָגן. דערווייל גיט זיך אָן עפֿן די טיר וואָס איז אין דער רעכטער זייט, און ר' משה קומט אַריין צו לויפֿן און גיט סערקעלען אַ וואָרף אַנידער אויף דער קאַנאַפּע און כאַפּט הינדען ביי דער האַנט און לויפֿט מיט איר אַוועק דורך דער טיר וואָס ער איז געקומען; סערקעלע שרייט גאַנץ הויך, מיט אַ יאָמער-לעך קול* אוי וויי! אוי וויי מיינע כּוחות! *דער פֿאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.*

סוף פֿון דעם פֿערטן אויפֿצי

# פיפטער אויפצי

דער אַנדערער טאָג אין דער פרי. עס קומט פאַר אַ געסל, מען זעט דעם אָפענעם טויער אין די פענסטער פון ר׳ שמעלקע טרויניקס אײַנפאָרהויז. אויף אַ לאָדן פון אַ פענסטער שטייט אויפגעמאָלט, ווי די מרגלים טראָגן אויף דראָנגען אַ גרויסן בינט ווײַנטרויבן, און אונטערגעשריבן מיט גרויסע אותיות „שמעלקע טרויניקס". פאַר דער טיר שטייט אַ גרויסע באַנק.

## ערשטער אַרײַנקום

### דער פרעמדער אַליין

ער זיצט פאַר דער טיר, אויף דער באַנק, האַלב אײַנגעטון און האַלב נאָך ווי אַ וועגסמאַן אָנגעטון אין דײַטשע קליידער איך בין אויסעראָרדענטליך מידע. דאַס וואַר אײַנע רײַזע! טאַג אונד נאַכט צו לאַנד אונד צו וואַססער, אָהנע אירגענדוואָ רעכט אויסצורוהען — דאָך דעם אַללמעכטיגען זיי עס געדאַנקט, איך בין נון ווידער, נאַך פערפלאָססענען זעקס יאַהרען, אין מײַנער הײמאַט. ווי מיר היר אַללעס זאָ פערענדערט, פערבעססערט, יאַ פערשענערט, קענט איך זאַגען, פערקאָממט, די שטראַססען — ווי זויבער, די הײַזער — ווי נידליך אונד שעהן! גאָטט! ענטשפּריכט איך דאַס אינגערע דעם אייסערען? זאָנדערבאַר! וואַרהאַפטיג זאָנדערבאַר גענוג איזט עס, דאַס נאַך זאָ פילען מאַרטערפאָללען יאַהרען, נאַך דיזעם אויססעראָרדענטליכען שמאַכטען אונד זעהנען נאַך דעם ליבלינג מײַנעס הערצענס, איך מיך ניכט אײן מאַהל געטרויע ערקונדיגונגען איבער איהר בעפינדען אײַנצוציהען. ער שווײַגט אַ ביסל שטיל און טראַכט נאָך גליבעם

קינד! ווי ערגינג עס דיר היר ווערדענד דער צייט מיינער אַב־ וועזענהייט? האַט דיינע געזונדהייט מיט מיינעם רייכטומע גלייכען שריטט געהאַלטען? האָלדעס טעכטערכען! וויא זיהסט דוא דען יעצט אויס? — איזט דער צאַרטע שפּרעסלינג צום האָפּפנונגספאָללען ביימ־ כען הערויפגעוואַקסען? ביזט דו דעם וואונשע דיינעס דיך איבער אַללעס ליבענדען פאַטערס געמעס זיינער ני פערגעסליכען זעליגען רהלע עהגליך געוואָרדען? אָדער... ער בלייבט זיצן גאַנץ טרויעריק פאַרטראַכט. דערנאָך גיט ער זיך אַ כאַפּ אויף ניין, ניין, וועג מיט דיזעם העללישען געדאַנקען. אָ אַללגיטיגער שעפּפער, דער דו מיר זאָ אָפט אין מיינער נאָט בייגעשטאַנדען, היממלישער פאַטער אַללער וועזען! נעהמע מיר דיינען זעגען, מיינע געזונדהייט, מיין לעבען, נעהמע מיר אַללעס, אַללעס, נור דיזעם ליבע, דיזעם שעהנע קינד ניכט! ער שווייגט אַ ביסל שטיל.

## צווייטער אַריינקום

### דער פרעמדער, ר׳ שמעלקע

**ר׳ שמעלקע** קומט פון דער גאַס מיט אַ שטעקן אין דער האַנט אין וויל גיין אין מיר אַריין; ער בלייבט שטיין, ווי ער דערזעט דעם פרעמדן.
אָ וואַ! גוט — גאָט ברוך הוא, האָט דאָך מיר באַסערט אַ גאַשט! ער נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק און נייגט זיך גאַנץ טיף פאַר דעם פרעמדן
וויטאַמי פּאַנאַ דאָבראָדזיעיאַ, יאַק סיע יאַסניע וועלמאָזשני פּאַן דאָ־ בראָדזע מאַ?

**פּרעמדער** זעט נאָך נישט ר׳ שמעלקען און שמועסט ווייטער צו זיך אַליין וואָס ווערע מיין גליק, מיין לעבען, אָהנע דיזעם קינדע?

**ר׳ שמעלקע** צו זיך אין דער שטיל אַהאַ! ער איז זיך אַ דייטש!

**פרעמדער** קוקט זיך אום און דערזעט ר׳ שמעלקען זינגט זי פּיללייכט דער ווירט דיזעם הויזעס?

**ר׳ שמעלקע** גייט נעענטער צו צו דעם פרעמדן און נייגט זיך ווידער אַזוי ווי פריער; ער בלייבט שטיין פאַר דעם פרעמדן און רעדט צו אים גאַנץ געשווינד יאַ, מיין האַר! זייען זי מיר גאָר סיין ווילקאָמען, איירע גנאָדן! וואָס סאַפּן, וואָס באַפּעלן איירע גנאָדן? אַ סיינע, פּיינע, געמאָלטע, ליכטיקע צימערל, אַ פרעכטיקע סטאַל, פּריס היי, אַ וואוילע האָבער, אַ הערלעכע עסן און טרינקען, וועלכעס איירע גנאָדען זיך ווינטן, אַ גוטע אַלטיטסקע מעד, אַ ווינטראַזונע גלעזעלע ווין, פון די וואוילע גאַטונקעס, — סאַפּן נאָר איירע גנאָדן! באַפּעלן נאָר איירע גנאָדן! אַ גלייך, אַ באַלד וועט מען זיך לויפן און ברענגען צו טראָגן אַ טסי, אַ קאַווע, אַ סטאַרקע גלעזל פּאָנטס, אַ ליקווער, אַ סווייצער קעז, אַ סטאָק מאַרינאַט, אַן אָנגאַריכע בראָנדזע, אַ לענדעריסן הערינג, אַלץ, אַלץ קענען זיך איירע גנאָדן באַקומען ביי דעם גראָבן סמעלקע טרויניקס, אין גאָר פאַר אַ ספּאָט געלט, סאַפּן נאָר איירע גנאָדן! באַפּעלן נאָר איירע גנאָדן!

**פרעמדער** צו זיך אין דער שטיל גאָט פרייט מיך אונגעמיין, דאָס מאַן מיך אין דיזער טראַכט היר ניכט מעהר ערקענט! הויך צו ר׳ שמעלקען איר זענט אייך טועה, מיין ליבער ר׳ שמעלקע! איך בין אַ ייד.

**ר׳ שמעלקע** טוט זיך גאַנץ געשווינד אַן דעם ספּאָדעק אַ יידל! צו זיך אין דער שטיל מיין בייזער חלום צו זיין קאָפּ זאָל זיך אָנהייבן אוישלאָזן, איך העט זיך געטוואָרן — אַ סלאַכציין! ער זעצט זיך אַנידער לעבן דעם פרעמדן און גיט אים די האַנט שלום־עליכם! פון וואַנעט זייטס איר זיך? וואוהין פאָרט איר זיך?

**פרעמדער** עליכם השלום! איך קום דאָ נישט ווייט פון די...

**ר׳ שמעלקע** ווייסט איר זיך אפשר אַ קאַרדאָנער? האָט איר ניט חזיר־האָר, חלב, ענים, יוכטן אָדער באַקאַליעס צו פאַר־קויפן?

**פרעמדער** ניין, איך האָב גאָרנישט צו פאַרקויפן.

**ר׳ שמעלקע** אָדער באַדאַרפט איר זיך אפשר בײַ אונז עפּעס צו קויפן? סניט־סחורה, צעלניק, געוואַנד און אפשר גאָר קאָשעש? — ניין? זאָגט זיך נאָר מיר, איך וועל זיך מיט אײַך גיין, איך וויל זיך אײַך ווײַזן, וועט איר זיך בוודאי אַלץ בחצי־חינם קויפן. זאָגטס נאָר, זאָגטס, וואָס ווילט איר זיך בײַ אונז אין דער לעמבערג האַנדלען? איך בין זיך אַ מבֿין גדול אויף כל מיני סחורות.

**פרעמדער** איך דאַרף איצט גאָרנישט צו קויפן, איך וויל אײַך נאָר בעטן, אויב איר האָט נישט עפּעס אַ באַזונדערע סטאַנציע פון מיינעטוועגן?

**ר׳ שמעלקע** פון אייערטוועגן? ניין, ניסטאָ. ער וויל אַוועקגיין.

**פרעמדער** טאָמער יאָ, איך וועל אײַך גוט באַצאָלן, בילעבן.

**ר׳ שמעלקע** ניין, ניין, ניסטאָ. איך מיין, אַז איר ווייסט אײַך גאָר סלעכט אַהער פאַרפאָרן.

**פרעמדער** איר האָט דאָך אָבער ערשט אַליין געזאָגט, אַז איר האָט יאָ ווײַער אַ שיין געמאָלט שטיבעלע?

**ר׳ שמעלקע** נו יאָ, איך האָב זיך טאַקע אַ סך ווײַער פיינע שטיבעלעך, אָבער נאָר פון סלאַכציצעס וועגן, — היינט איז זיך בײַ מיר די צײַט פון די קאָנטראַקטעס. ער וויל אַוועקגיין און מאַכט אויס דעם פרעמדן חוזק ניסטקסה, מיין ליבער ר׳ קרובֿ, אייערע

כאַרפּאַט אַלפּים קערבלעך מעגט איר אַפילו דאָרט הינטן אין די סענקסטוב אויך אַנידערלייגן, עס וועט זיי אייך, אָסור חזיר, קיינער ניכט באַגנבֿענען! ער לאַכט.

**פרעמדער** אַנטלויפט נאָר נישט, קומט נאָר אַהער, איך וועל אייך נאָר עפּעס זאָגן, אַנטלויפט נאָר נישט, קומט נאָר אַהער, נאָר אויף איין וואָרט!

**ר' שמעלקע** קומט צוריק צו גיין נו, וואָס?

**פרעמדער** וואָס אַנטלויפט איר? זעצט איך נאָר דאָ נעבן מיר אַ ביסל אַנידער.

**ר' שמעלקע** מיט כעס נו זאָגט, זאָגט, וואָס ווילט איר? איך האָב זיך קיין צייט ניטט מיט אייך דאָ אַסך צו באַלאַמוצען, היינט איז זיך ביי מיר אַמינוט אַ שעה, אַ שעה — אַ טאָג, אַ טאָג — דאָס מינדשטע אַ רענדל.

**פרעמדער** איך וועל אייך זאָגן גאָר דעם אמת, איך קום דאָ אַצינד פֿון זייער אַ ווייטן וועג; איך בין געפֿאָרן טאָג און נאַכט, אַצינד בין איך זייער מיד און העט מיך גערן ערגעץ נאָר אויסגערוט. בעט איך אייך, מיין ליבער ר' שמעלקע: גיט מיר אַ באַזונדער שטיבל, עס מעג זיין וואו עס איז, אַבי איך זאָל מיך נאָר האָבן וואו אויסצורוען; איך וועל אייך אַוודאי זייער גוט באַצאָלן, אפשר בעסער, ווי אַ גרויסער שררה, קורץ — איך וועל אייך געבן וויפֿל איר ווילט אַליין.

**ר' שמעלקע** איך קען זיך סיין די יידישע צאָלעכץ; וויפֿל קענט איר זיך גאָר געבן פֿאַר אַ מעת-לעת? און ווי לאַנג קענט איר זיך גאָר אויפֿהאַלטן אַ שטיבעלע? זאָגט, זאָגט!

**פרעמדער** צו זיך אין דער שטיל אוים דיזער נאַט מוס מיר איינע ליגע העלפֿען. הויך צו ר' שמעלקען איך קען אייך אַליין

נאָך נישט רעכט זאָגן, ווי לאַנג איך וועל הי דאַרפֿן צו בלייבן, וואָרן איך מוז דאָ וואַרטן אויף אַ גראַף, וואָס האָט מיך דאָ באַשטעלט; ער וועט אַוודאי אַהער קומען היינט אָדער מאָרגן, ער וועט דאָ קומען מיט אַ גרויסן הויף, איר וועט זין אים אַוודאי זייער אַ סך לייזן, וואָרן ער איז זייער רייך, איר מעגט מיר גלייבן, אַז איר וועט צו נאָים נישט צולייגן.

**ר׳ שמעלקע** אַזוי? נו, אַ יידל צוליב מוז מען זיך זין אַלץ טון, פֿלעגט דער בערדיטשעווער עליו-השלום צו זאָגן; נו, איך וועל זיך אייך זין געבן אַ סטיבעלע, עס איז פֿראַוודע אַ ביסעלע נעבן דער סטאַל, אָבער פֿאַר אַ יידל איז עס גענוג אַ כיין סטיבעלע; איר וועט זיך מיר נאָר געבן וואַכט רייניפלעך אַ וואָך, כ׳לעבן גאָר בחינם, נאָר עס איז דאָך נאַסע נאמנה, וואָס טוט מען ניסט אַלץ פֿון אַ יידלס וועגן?

**פּרעמדער** *צו זיך אין דער שטיל* ווען דיזעס בחינם הייסט, וואַס קאַן נאָך בעצאַהלונג הייסען?

**ר׳ שמעלקע** וואָס? איר זייטס אייך ערפּט מיסב, געפֿעלט אייך אפשר ניסט? *ער וויל אַוועקגיין* נו, גייטכ, זוכטס אייך ערגעין אַנדערס וועלוועלער, און אפשר ווילט איר גאָר בחינם — גייט זיך אין די אורחים-הויז אַריין, דאָרט ביי דער טיל וואַרינט דער גבאי.

**פּרעמדער** *האַלט אים ביי דער האַנט און לאָזט אים נישט אַוועקגיין* נו, נו, איך וועל אייך שוין געבן וואַכט רייניש, הייבט נאָר שוין מיינע זאַכן אַהין טראָגן.

**ר׳ שמעלקע** נו, נו, מען וועט זיך כוין טראָגן, גיט זיך נאָר פֿריער אַהער די מטבע.

**פּרעמדער** *נעמט אַראָפּ פֿון זיך אַ בייגאַרטל מיט געלט און גיט*

ר׳ שמעלקען אַרויס אַ רענדל נאַ! דאָ האָט איר אַ רענדל, און לאָז די רעשט בלייבן בײַ איך ביז צום השבון.

**ר׳ שמעלקע** מאַכט העוויות, ווי איינער וואָס איז מלא שמחה אָ וואַ! באַמע רענדלעך! ער נעמט צו דאָס רענדל נו, גו, סוין גוט! ער וועגט דאָס רענדל אין דער האַנט און שרייט אַריין דורך דעם פענסטער בערל! טראָג זיך אַריין די זאַכן, דעם דייטשן סוהרכ זאַכן אין די ביינע געמאָלטע סטיבעלע. צום פרעמדן איר זאָלט (מיר מאַריך ימים ושנים זיין, מה שמיך? ווי הייסט איר?

**פרעמדער** איך הייס ער איז זיך אַ ביסל מישב איך הייס שלמה גוטהערץ.

**ר׳ שמעלקע** גוטהערץ! גוטהערץ! אפשר נאָר אַ קרוב פון די ר׳ הוד גוטהערץ, וואָס איז זיך פאַר עטלעכע יאָרן אַוועק פון אונז?

**פרעמדער** איך קען איך נישט זאָגן, צי יאָ, צי ניין, נאָר עיקר שכחתי, איר האָט דאָך עפעס פריער געזאָגט, אַז איר האָט אַ גוט גלעזל וויין?

**ר׳ שמעלקע** אוי ווי אַ וויין! אוי ווי אַ וויין! איך זאָג איך אַ וויטראַונע, אַ זיסינקע, אַ סטאַרקע, גאָר אַ מאַמלים! און כ׳לעבן, כסדר איך; דער סאַוראַניער רבי, זאָל מאַריך ימים ושנים זיין, איז אַמאָל הי געווען, האָט ער אָסור קיין אַנדערע וויין נישט געוואָלט טרינקען, נאָר די מיינע; איך האָב זיך בײַ דעם צדיק געלייזט אַ סך געלט. איר קענט זיך בײַ מיר קריגן אַלערליי גאַטונקעס: אי רויטע, אי ווייסע, צו צוויי ריינים, צו פיר ריינים און צו אַכט ריינים אַ בוטעלקעלע איך.

**פרעמדער** נו הייסט נאָר אַהער ברענגען אַ בוטעלקעלע וויין פאַר פיר ריינישׁ מיט צוויי גלעזלעך.

ר' שמעלקע מיט צוויי גלעזלעך? באַלד, זאַראַז, תּיכּף! ער שרייט אַריין דורך דעם פֿענסטער בּערל! בּרענג זיך נאָר געשווינט אַ בּוטעלקעלע ווײַן, פֿון די גוטע, מיט צוויי גלעזלעך, הערסטו? פֿאַר פֿיר רייניש, פֿון די גאַנץ גוטע, און מיט צוויי גלעזלעך, הערסטו? ער זעצט זיך אַנידער לעבּן דעם פרעמדן איך זאָג אייך, מיין האַרציקער, גוטיצקער ר' שלאַמקע, עס זענען זיך סיין גאָרניסט די צייטן, סיין גאָרניסט די יאָרן, סיין גאָרניסט די מענטשן וואָס פֿלעגן אַמאָל צו זיין. איך קען זיך גאַנץ גוט דערמאַנען, ווי פֿאַר עטלעכע יאָר, אַז עס איז זיך געקומען די צייט פֿון די קאָנטראַקטעס, פֿלעגט תּמיד בּיי מיר אומעטום פֿול צו זיין פֿון שרות, מען האָט ניסט געקענט אַ שפּילקע צו דער ערד וואַרפֿן; איטלעכער שרה האָט זיך געהאַט דריי קאַטשן צו זעקס פֿערד, גאָר ווי די ליבן, און אַפֿשר צוועלף לאָקייקעס, איך זאָג אייך, עס האָט טאַקע געשווימלט און געגריבּלט פֿון שרות, און די געלט איז זיך געפֿלויגן פֿון איין קעשענע אין די אַנדערע! עס איז טאַקע געווען אַ נחת; אַז עס פֿלעגט זיך אַזוי אַריינצופֿאָרן אַ שרה, האָט מען זיך אָן אים טאַקע געהאַט אַ פֿעניץ. הײַנטיקע צייטן אָבער, אַז עס קומט זיך סיין אַמאָל עפּעס אַ סלאַכצינקע, מאַכט ער זיך מיר גאָר משוגע! אמת, ער היקעט און סטוקעט, אַזוי ווי דעמאָלט, ער דרייט זיך די צופּרינקע אַזוי ווי דעמאָלט, ער לאַרעמט און כרייט, אַז ער וויל עפּעס, גאָר אַזוי ווי דעמאָלט; דערקעגן, אַז עס קומט זיך צו די בּידנענקע חשבון נעבּעך, ווערט ער זיך גאָר נשתּנה, ער ווערט זיך אַזוי אַ פּאָקאָרנינקע, אַזוי אַ סטילינקע, אַזוי אַ ספּאָקאָיניצקע, און מען הערט פֿון אים ניסט מער, נאָר „טסעקיי, מאָי סמעלקעניו! ניעמאַם טעראַז פּיעניאָנדזע, דאַם צי זבּאָושע“ — נו, וואָס טויג זיך מיר זיין תּבֿואה, איך בּאַדאַרף זיך די געלט, אוי די געלט, די געלט!

**פרעמדער** ווייסט איר אָבער, מיין ליבער ר' שמעלקע, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געוואָרן? ווייל פּאַרציייטנס פלעגט אַ שררה זייער וויניק צו פילנעוען זיינע גיטער, ער פלעגט נאָר צו פאָרן אין שטאָט אַריין הולטייען און חובות צו מאַכן, ביז ער האָט די גיטער פאַרהולטייעט אין עס איז אים צום סוף גאָר נישט געבליבן; און דאָס זעען מיר דאָך אַפילו, אַז די שררות, וואָס האָבן גע־פילנעוועט זייערע גיטער און זענען זייער וויניק צו אייך אין שטאָט אַריין געקומען, זענען נאָך אַסך רייכער אין גיטער און אין געלט.

**ר' שמעלקע** אי, וואָס! האָט מיר ניסט פּאַראיבל, איר ווייסט ניסט; איך וועל זיך אייך זאָגן, פון וואַנעט דאָס איז געקומען: פּאַרציייטנס, דאַכט זיך מיר, איז געווען אַ גרויסע ברכה אין דער מדינה, מע האָט גאָר ניסט געוואוסט פון די היינטיקע נייע מאַסינען צום אַקערן, צום זייען און צום מלאָצען, פלעגט זיך צו זיין די תבואה גאָר אַ ביסעלע, די יקרות אָבער זייער גרויס; האָט איינער געהאַט אַ ביסל ווייץ אָדער קאָרן, האָט מען ס'אים געמוזט מיט רויטע רענדלעך אָפּוועגן, — איז טאַקע געווען אַ תענוג, אי דער שררה, אי דער גוטער סמעלקע האָט געגוג געהאַט; אָבער אַצינדערט, זייט די מאַסינען זענען אַרוישגעקומען, איז אין אַלע ווינקלען דאָ תבואות זייער אַסך. און וואָס נאָך — די שררה קען סוין, כ'לעבן, גאַנץ גוט תסבונען אייך.

**פרעמדער** צו זיך אין דער שטיל ליידער ווערדען דיזעס איינען שעלמס וועגען מעהרערע עדעל־דענקענדע יודען פאָן אַנדערען פעראַכטעט.

**בערל** קומט דורך דעם טויער צו גיין און ברענגט אַ בוטעלקע וויין מיט צוויי גלעזלעך, שטעלט אַנידער אויף דער באַנק, גיסט אָן און גייט ווידער דורך דעם טויער אַוועק.

**ר' שמעלקע** נעמט אַ גלעזל וויין און טרינקט לחיים! אָט

דאָ פֿאַרזוכֿט עפּעס גוטס, זאָל מיך גאָט ברוך הוא סטראָפֿן, אויב איר קריגט אײַך אַזוי אַ ווײַנדל אין גאַנץ דער לעמבערג, טאַקע גאָר אַ מאַכֿלים, פֿאַרזוכֿט נאָר!

**פרעמדער** טרינקט לחיים! נאַ, זייער גוט קען מען נישט זאָגן, אַז ער איז אַ ביסל אונטערגעמאַכֿט, שײַנט ער אויך צו זײַן.

**ר׳ שמעלקע** וואָס? אונטערגעמאַכֿט? גלייבט זיך מיר בנאמנות סלי, אַז אין מײַן גאַנץ קעלערל וועט איר זיך נישט געפֿינען אַפֿילו אײן טרעפֿל ווײַן אונטערגעמאַכֿטן. איך באַדאַרף זיך אָסור חזיר נישט באַרימען, פֿרעגט אײַך נאָך אין גאַנץ דער לעמבערג, וועט אײַך איטלעכֿער זאָגן, אַז ביים גראָבן ליטוואַק איז דאָ די בעסטע ווײַן. איך בין זיך נישט אַזוי ווי אַנדערע, וואָס סיקן ערסט צו די סענקער, אַז אַן אורח וויל זיך אַ גלעזעלע ווײַן; ביי מיר זעט איר, ער ווײַזט אים דעם שילד אויף דעם לאָדן ביי „די מרגלים“, איז דאָ אַ גאַנץ סײַן קעלערל מיט ווײַן. און פֿאַר דאָס העלפֿט זיך מיר טאַקע דער איבערשטער, אַז איך האָב זיך מיר מײַן פּרנסה בכּבוד, לחיים! ער טרינקט.

**פרעמדער** עס האָט אַ פּנים, אַז איר שטייט אײַך אַלע הי נישט שלעכֿט?

**ר׳ שמעלקע** אָט מוצעט מען זיך אויף דער וועלט. ער טרינקט.

**פרעמדער** ווי גייט עס הי אײנעם ר׳ משה?...

**ר׳ שמעלקע** פֿאַלט אים אין די רייד אַרײַן גוט, גאַנץ גוט. ער טרינקט גאָר אַ וואונדער.

**פרעמדער** וועלכֿן ר׳ משה מיינט איר דען?

**ר׳ שמעלקע** ווייס איך? וועלכֿן מיינט איר? — איר טרינקט דאָך אָבער עפּעס גאָר נישט?

**פרעמדער** שמייכלט נישטקשה, איך וועל שוין טרינקען; איך מיין דעם ר' משה, וואָס מען רופט אים ר' משה מעל־ייד, ווייל דאָס ווייב זיינס זיצט מיט שפייז און מיט מעל.

**ר' שמעלקע** ר' משה מעל־ייד? אַהאַ! אַהאַ! איך ווייס מיין, איך ווייס מיין,— וואָס די ווייב זיינע הייסט זיך סערקעלע?

**פרעמדער** יאָ, יאָ, סערקעלע, סערקעלע, דעם מיין איך, דעם!

**ר' שמעלקע** דעם מיינט איר? האָ־האָ! וואו איז מיין די סערקע! וואו זיצט זי מיט די מעל! ער טרינקט האָ־האָ!

**פרעמדער** דערשראָקן וואָס? סערקע איז געשטאָרבן?

**ר' שמעלקע** אָט, וואָש רעדט איר דאָ געשטאָרבן, די מלאך־המות האָט זיך איבער סלעכטס גאָר קיין שליטה נישט, אָסור! ער טרינקט אויס זיין גלעזל וויין, דערגיסט דעם פרעמדנס גלעזל און גיסט זיינס ווידער אָן;

**פרעמדער** וואָס דען מיינט איר? זאָגט מיר, מיין ליבער ר' שמעלקע! זייער אומגעדולדיק איז זי אפשר חלילה וחס קראַנק?

**ר' שמעלקע** אָט, וואָס זאָגט איר, פּלוצלינג קראַנק! אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט איר געזונט און איר עסירות, געבעדיכט זאָל זי ווערן! פאַר וואָש פאַר אַ נויט זאָל זי זיך נאָך זיצן מיט די מעל? ווייסט איר דען נישט, אַז סערקע האָט אפשר צוועלעף טויזנט קערבלעך איר איגנס, און אפשר נאָך מער?

**פרעמדער** גאַנץ רואיק אַזוי! זי איז אַ נגידה? זייער פיין, דאָס איז עפּעס אַנדערש.

**ר' שמעלקע** וואָס? אַ נגידה? אַ נגידה, זאָגט איר? אַלץ הייסט אַ נגידה! עס איז דאָך איצט גאָר נישט צוצוטרעטן צו איר, זי איז זיך דאָך ביי זיך אַזוי גרויס, ווי אַ סוואַרק יאָר.

און פֿאַרוואָש, פֿאַר ווען ווייסט איך דער שוואַרצער יאָר; אפֿשר, ווייל זי האָט זיך די געלט? אָסור הויר! זי האָט זיך נאָך ניסט גאָט בײַ די פּים אָנגענומען; קיין פּלעקעלע קען זי זיך אויך ניסט פֿאַרסלאָגן! ניסטקסה, די רעדעלע קען זיך נאָך ווידער צוריקדרייען.

**פּרעמדער** האָט מיר נישט פּאַראיבל, מיין ליבער ר׳ שמעלקע, איר ווייסט דאָך, אַז איך בין גאָר אַ פּרעמדער, און די מערקעלע גייט מיך גאָר נישט אָן, נאָר טשעקאַווע בין איך פֿאָרט צו וויסן, פֿאַרוואָס איר זענט דאָס אַזוי בייז אויף איר?

**ר׳ שמעלקע** ווייל איך זע זיך, אַז איר זייט אַ קלוגער ייד, וועל איך זיך אייך די גאַנצע מעשה גאָר בקיצור דערציילן. ער טרינקט ווי איר זעט מיך אָן, הייס איך זיך ר׳ סמעלקע, אויף די דייטסע נאָמען סמעלקע טרוינקס, די היגע לייט אָבער נאָר צום מייסטן מיינע שונאים, רופן זיך מיר „דער ליטוואַק". און פֿאַרוואָס? ווייל איך בין זיך פֿון דער ליטע, אַ בירטיקער פֿון דער ווילנע; איך זאָג אייך, די ווילנע — אַ קהילה קדושה! איר זייט דאָך בוודאי אַמאָל דאָרט געווען, אין דער ווילנע?

**פּרעמדער** אַמאָל, אַמאָל.

**ר׳ שמעלקע** ווי געפעלט אייך דאָרט די גרויסע הענגל-לייכטער אין די הצות-בית-המדרשל? ניסט וואָר, סיין? כ׳לעבן, גאָר אַ צאַצקע! מיינע אָבֿות אַבֿותינו זענען זיך דאָרט תּמיד געווען פּרנסים און נגידים; מיין טאַטע דער צדיק עליו השלום, זיין זכות זאָל אונז בייסטיין, פֿלעגט תּמיד צו טרייבן זיין משא-ומתן מיט פּראָדוקטן קיין דער לעמבערג, אַמאָל מיט יולטן, אַמאָל מיט חלבֿ און אַמאָל מיט עניש. איין מאָל איז ער זיך געפֿאָרן אַהער מיט הויז-האָר, האָט ער זיך מיסבֿ געווען און האָט אין איין וועגס מיך דאָ מסדך געווען מיט די בעל-בית אַטאַלטער, וואָס ער פֿלעגט זיך תּמיד בײַ אים איינצוסטיין. ער טרינקט בקיצור,

איך האָב זיך למזל התונה געהאַט, און גאָט יתברך הוא האָט
זיך מיר געשיקט די ברכה, — איך בין זיך געוואָרן אַ גרױשע אַדיר,
איך האָב זיך אַ סך אײנפאָרהױז, אַ סך קעלערל מיט װײן, אַ סך
ביסעלע זילבער, און די געלט גענוג. נו, האָט זיך מיר גאָט
פאַראַיאָרן אַ גרױשע צרה צוגעשיקט, דהײנו: מײן װײב פײגעלע
איז זיך פּלוצלינג פון אַלע סטיגן אַראָפּגעפאַלן און איז זיך נעבעך
יונגערהײט פאַרשטאָרבן. איך האָב זיך געװײנט, געהלסט און גע=
יאָמערט; נו, װאָס העלפט אָבער דאָס קלאָגן? פאַרשטאָרבן בלײבט
פאַרשטאָרבן, און איך האָב זיך געמוזט אַלײן אַן עצה געבן. *ער*
אַ סך ביסעלע צירונג האָט זי מיר איך איבערגעלאָזט, *טרינקט*
בקיצור, איך דאָ ניסט לאַנג צו באַלאַמוצען, — איך בין זיך אַ
יוסטער נגיד...

**פּרעמדער** *אומגעדולדיק* נו, בקיצור!

**ר' שמעלקע** מילא, בקיצור, גאָר ניסט מאַריך צו
זײן, *ער טרינקט אױס זײן גלעזל און גיסט אים װידער אָן* האָב איך זיך
דאָ פאַר אַ פאָר װאָכן געשיקט אַ סדכן, אײנעם ר' כמערעלע, אַ כּשרן
ייד, צו דער סערקעלע; זי האָט זיך אַ מײדל, אַפילו אַ פײן מײדל,
זי איז זיך פּראַװדע אַ קאַפּיצקע אַ פראַנצימירקע און פון די הײנטיקע
װעלט אױך, — אין אַ גאָשפּאָדע אָבער, נאָך דערצו אַזױ אַ גאָשפּאָדע,
װי די מײנע איז זיך, באַדאַרף מען טאַקע אַזױנס האָבן, װײש
איך פיל, מאָלטס איך, אַ מאָל מיט אַ שׂרה צו סמועכן און אים
בכבוד צוצונעמען, און װידער אַמאָל זיך צו קענען אַ בײזער און
אַ געשרײ אױך צו געבן; איר װײשט דאָך אַװדאי, װי עס פירט
זיך אין אַזױ אַ גאָשפּאָדע, װי די מײנע איז זיך?

**פּרעמדער** *אומגעדולדיק* נו, נו, װײטער, נאָר בקיצור!

**ר' שמעלקע** מילא, בקיצור, איך װיל זיך איך דאָ
ניסט לאַנג דאָקטסען, איר זײט מיר פונעם װעג, מילא! יאָ!

דאָס! הע! — זעט איר, איך פֿאַרגעס זיך איינס פֿאַר ש'אַנדערע. די עיקר, פֿאַרוואָס האָב איך זיך פֿאָרט געשיקט צו סערקעלען? ווייל איך האָב זיך געהערט מפּי איש נאמן, אַז זי וויל נאָכגעבן דעם מיידל ערך פֿערצן הונדערט קערבלעך מזומן, חוץ מתּנות און מאַר ירקות, און אַ בת־יחידה איז עס דאָך אויך. מילא בקיצור, קען זיך אַזוי אַ סערקעלע וואָס איז ערסט פֿאַר עטלעכע יאָרן געזעצן מיט די ספּייז און די מעל און איר פֿאָטער איז זיך אויך קיין סופר ניסט געוועזן, — נו וואָס, ער האָט זיך יאָ געקענט לערנען, זאָגט די וועלט, נו, וואָס איז זיך נאָך דער מער, איך האָב זיך סיין געזען אַ גאַנץ סך יידן וואויללערנערס אַרומגיין אין די הייזער קבצנען!

**פּרעמדער** ליידער איזט עס וואַרהייט. נו, דערציילט שוין, בקיצור.

**ר' שמעלקע** מילא ספּיץ בקיצור... *ער טרינקט אויס זיין גלעזל וויין און גיסט ווידער אָן* זאָל איך זיך היישן נאָך איין בוטעלקעלע אַרויסנעמען, יאָ?

**פּרעמדער** דערציילט נאָר, דערציילט נאָר.

**ר' שמעלקע** תּיכּף, תּיכּף. *ער שרייט אַריין דורך דעם פֿענסטער* בערל! נאָך איין בוטעלקעלע!

**פּרעמדער** *צו זיך אין דער שטיל* ווי ער מיך יעצט זאָ גוט בעדינט, ער ערוואַרטעט ניכט איינמאַל מיינע בעפֿעהלע. *הויך צו ר' שמעלקען* נו, שפּיץ בקיצור...

**ר' שמעלקע** מילא ספּיץ בקיצור, וואָס איז דאָ מיט דער כּל־הכּלבֿימטע די יחוס? איר ברודער איז יאָ אפֿשר עפּעס אַ סטיקעלע לייט געוועזן, האָט ער אויך געמוזט פֿאַר עטלעכע יאָרן עוקר זיין איבער אַ מעשה שהיה און איז טאַקע סוין ניסט

מער צוריקגעקומען, — מילא קען זיך אַזוי אַ צרה, אַזוי אַ ליִד, אַזוי אַ סמערקעלע, מיר, אַ היגן נגיד, *ער גלעט זיך דעם בויך* אַן עוכר כּ׳לעבן, הורך דעם ר׳ סמערעלע באַפֿעלן כּהאַי ליסנא: „מיין בת־יחידה וועט זיך ערסט לערנען מעסטן די האָבער און רעדן די ליטווישע לשון, דערנאָך וועט זי אפשר ערסט קענען ווערן שמעלקע ליטוואַקס כּלה". דאָס קען זיך אַזוי אַ פּראָסטע מעלי־ ידענע מיר באַפֿעלן! איך האָב זיך נאָר געבעטן פֿאַר די סרכן, פֿאַר די ר׳ סמערעלע; נו וואָס איז, אַז איך רעד זיך סוין יאָ די ליטווישע ספּראָך? דאָ אין דער לעמבערג לאַכט מען זיך אויס די ליטווישע ספּראָך, און בײַ אונז אין דער ווילנע לאַכט מען זיך ווידער אויס די היגע ספּראָך, — איך האָב זיך אָסור הויר די אַלע פּראָבעס ניכט געמאַכט.

**בערל** *ברענגט ווידער אַ בוטעלקע ווײַן און גייט אַוועק.*

**ר׳ שמעלקע** זעט איר, מיין גוטיצקער ר׳ כלאַמקע, איך האָב זיך גאָר ניסט מאַריך געווען. פֿאַרוואָס טרינקט איר אָבער ניכט, עס איז דאָך טאַקי גאָר אַ מאַסלים! *ער טרינקט מיט אַ מאָל אויס זיין גלעזל ווײַן.*

**פּרעמדער** נישטקשה, טרינקט איר נאָר, איך וועל שוין טרינקען. *ער טרינקט* אַזוי, מיין ליבער ר׳ שמעלקע, האָט איר טאַקע אַ טעם פֿאַר עפּעס בייז צו זיין.

**ר׳ שמעלקע** *דערגיסט דעם פרעמדנס גלעזל און גיסט זיינס אויך אָן* לחיים! *ער טרינקט* אויב איך האָב זיך אַ טעם! און אַפילו אַ גוטן טעם!

**פּרעמדער** איך קען זי פֿון לאַנג, די מערקעלע, איר מאַן אָבער איז אַ גאַנץ ערלעכער ייד, נישט וואָר?

**ר׳ שמעלקע** ווער, ר׳ משה? יאָ, ער איז זיך נעבעך גאָר אַ פּראָסטאַק, ער גייט זיך נאָך זיין סטייגער, — נאָר צו וואָס

טויג זיך אַפילו די גוטע מכּה, אַז זי איז זיך בּיי די פלעבּטע פענקער אין די האַנט? די מסקה איז זיך טאַקע בּאמת גוט, די כּענקער איז זי אָבער מבֻלה — דאָש איז די מזל, און דאָש איז זיך, די נמזל: פערקעלע קען זיך סוין מיט די ר׳ מסה אַן עצה געבּן; זי פאַרדרייט אים סוין גוט די קעפּעלע. ער טרינקט.

## דריטער אַריינקום.

### דער פרעמדער, ר׳ שמעלקע, ר׳ גבריאל

**ר׳ גבריאל** קומט צו גיין פון דער גאַס און גייט זיך אַזוי אַ פּאָר מאָל אַהין און אַהער פאַרבּיי דעם פרעמדן און קוקט אים אַלעמאָל אָן; ער שפּילט זיך מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנט און זינגט אַזוי פאַר זיך אין דער שטיל אַ ניגונדל. אין דער אַנדערער האַנט טראָגט ער אַ קעסטל, גאַנץ גוט פאַרבּונדן אין אַ סערוועט:

**ר׳ שמעלקע** אַזוי? איר קענטס איך גאָר די סערקעלע? עס האָט אַ פּנים, אַז איר האָט סוין אַמאָל געמוזט זיין בּיי אונז אין דער לעמבּערג?

**פרעמדער** אַמאָל, אַמאָל, עס איז אָבער שוין זייער לאַנג.

**ר׳ גבריאל** בּלייבּט פּלוצלינג שטיין פאַר דעם פרעמדן און פרעגט ר׳ שמעלקען דער האַר שיינט מיר עפּעס זייער בּעקאַנט צו זיין — איז ער נישט אַ בּראָדער? האַ? נישט וואָר? געטראָפן?

**ר׳ שמעלקע** שוין אַ ביסל פאַרשלאָפן געטראָפן, יאָ, איך ווייש נישט...

**פרעמדער** צו ר׳ גבריאלן ניין, איך בּין נישט קיין בּראָדער.

**ר׳ גבריאל** אָבער קיין היגער אַוודאי נישט, האַ?

גיט דעם פרעמדן די האַנט ? ער שטעלט אַנידער דאָס פאַרבונדענע קעסטעלע אויף דער באַנק און גיט דעם פרעמדן די האַנט. שלום עליכם!

**פרעמדער** גיט ר׳ גבריאלן די האַנט. עליכם השלום!

**ר׳ שמעלקע** כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף און טרינקט אָבער, מיין גוטיצקער ר׳ סלאַמקע־לעבן! איר טרינקט דאָך גאָרניסט. ער ווערט אַנטשלאָפן אויף דער באַנק זיצנדיק און האַלט די האַנט ביי דער בוטעלקע.

**ר׳ גבריאל** צו דעם פרעמדן וואָס הערט מען דאָרט עפּעס אין אייער ווינקל?

**פרעמדער** ביי אונז? גאָר קיין נייס.

**ר׳ גבריאל** ווער איר הי עפּעס האַנדלען? אָדער האָט איר אפשר עפּעס צו פאַרהאַנדלען? האָט נישט פאַראיבל וואָס איך פרעג אייך, וואָרן, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אויך אַ היגער כוהר און ווי הייסט, טאַקע אַ גרויסער, שפּעקולאַנט — איך האַנדל איבער וועלטן; מיין נאָמען איז אומעטום באַקאַנט; וואו איר וועט נאָר אָנכאַפּן, קען מען מיך אַלץ; איך האָב תמיד בריות פון אַלע גרעסטע סוחרים פון אַלע גרעסטע שטעט! אָט, זענט איר עפּעס אין קונדשאַפט מיט די געברידער וואַלצמאַן אין מאָסקווע?

**פרעמדער** ניין.

**ר׳ גבריאל** ניין? אַ חידוש כ׳לעבן, ווער קען די לייט נישט? איך וועל אייך דאָ וויזן אַ בריוו, ער זוכט אין די קעשענעס וואָס איך האָב ערשט אייערנעכטן פון זיי געהאַט, וועגן אַ קליין קאָמיסיאָנדל פון צוועלף טויזנט צענטן באַוול.... אַ שאָד, איך האָב דעם בריוו נישט ביי מיר... אָדער, קענט איר אפשר דאָס הויז קיטאַיאָף אין בערלין?

**פרעמדער** ניין, איך קען די אַלע הערן נישט, איך האָב אפילו קיינמאָל פון זיי נישט געהערט.

ר׳ גבריאל צו זיך אין דער שטיל איך אויך אָסור נישט! זיך וואָס? דאָס הויז קיטאַיאָף קענט איר נישט? איר טרייבט קאַטאָוועס, — ווי קען מען נישט אַזױנע גרױסע שפּעקולאַנטן? ווי זענען דאָך ממש די גרעסטע סוחרים אין גאַנץ האָלאַנד!

פּרעמדער אין גאַנץ פּרייסן, ווילט איר זאָגן, וואָרן בערלין איז די הויפּטשטאָט פון פּרייסן.

ר׳ גבריאל דאָס האָט גאָרנישט צו דער זאַך; פונ־דעסטוועגן האָב איך תמיד בריוו פון זיי. אָט, ווען איז עס גע־ווען, הע? מיר האָבן זיך דעם עלעפטן, יאָ, האָבן זיי מיר דאָ איינגעשיקט אַ גאַנץ קעסטעלע מיט צירונג, פּערל אין דימענטן, — זענט איר עפּעס אַ מבין אויף זעלכע זאַכן?

פּרעמדער איך פלעג אַמאָל אַ גרויסער מבין צו זיין אויף דימענטוואַרג, איצט ווייס איך נישט, ווייל איך האָב שוין לאַנג דערמיט נישט געהאַנדלט.

ר׳ גבריאל איר זאָלט מיר הונדערט און צוואַנציק יאָר לעבן, איר זענט מיר פאָרט וייער קענטלעך, זענט איר נישט אַמאָל געווען אין ברעסלע?

פּרעמדער יוידך ברעסלע בין איך אַ צײַנדער הורלגעפאָרן, ווייטער בין איך דאָרט קיינמאָל נישט געווען.

ר׳ גבריאל צו זיך אין דער שטיל איך אויך נישט. הויך אָבער פון מיר האָט איר קיינמאָל נישט געהערט? אַ חידוש בײַלעבן איר זאָלט מיך נישט קענען: מען קען מיך, געלויבט צו גאָט, אומעטום פאַר אַן ערלעכן מאַן. אָט פרעגט נאָר אייער בעל־בית.

ער פאַרדרייט זיך צו ר׳ שמעלקען ר׳ שמעלקע! קענט איר מיך? אָהאָ! ער שלאָפט גאָר! ער שרייט ר׳ שמעלקע! ר׳ שמעלקע!

ר׳ שמעלקע כאַפּט זיך אויף הע? וואָס? וואַראַס!

**ר׳ גבריאל** קענט איר מיך? ר׳ שמעלקע!

**ר׳ שמעלקע** גוט, זייעד גוט, פּטיט סיין ביי מיר אין קעלער אַליין אַוודאי אַכט יאָר, נאָר אַ מאַכלים! (ער טרינקט אויס דער בוטעלקע און שטעלט זי ווידער אַנידער אויף דער באַנק) אָ, נאָר אַ מאַכלים! (ער ווערט ווידער אַנטשלאָפן).

**פרעמדער** לאָזט אים גיין, ער האָט אַ ביסל צו־פיל געטרונקען.

**ר׳ גבריאל** יאָ, ער האָט דאָס נישט פֿײַנט, דאָס איז שוין זיין טבֿע אַזוי פֿון לאַנג. זאָגט מיר נאָר, מיין ליבער ר׳ קרובֿ, אַז מיר זעמיר יאָ שיין אַ ביסל צווישנאַנאַנד באַקאַנט געוואָרן, העט איך נישט געקענט דאָבן דאָס גליק, איר זאָלט מיר עפּעס געבן צו לייזן, פֿאַר פּערל, דימענטן, אירינגלעך, פֿינגער־לעך שיינע? בילעבן, קויפֿט: קויפֿט עפּעס אויף אַ שפּעקולאַציע, אָדער לאָמיר שטעלבעהען אויף עפּעס: איך וועל אייך אַוודאי ערלעך באַהאַנדלען — איר וועט אַליין מודה זיין, אַז איר קויפֿט ביי מיר נאָר אַ גניבֿה. קויפֿט נאָר, קויפֿט, איר וועט מיר בוודאי דאַנקען.

**פרעמדער** איך זאָג אייך דעם אמת, איך האָב מיך אַצינד גאָר פֿונעם האַנדל אָפּגעלאָזט.

**ר׳ גבריאל** איך זאָג אייך אָבער גאָר אַ מציאה, איר וועט אַוודאי מיתר זיין דריי מאָל אֶחד באֶחד, — אָדער ווייסט איר וואָס? קויפֿט עפּעס אַהיים פֿאַר אייער ווייב און קינדערלעך, זאָלן לעבן! — אויף נאמנות, איך וועל אייך גאַנץ וואָלוויל פֿאַרקויפֿן, טאַקע אונטערן קרן, ווייל איך באַדאַרף געלט. מאַכט מיר אַ גוטן פּעטשאַנטעק.

**פרעמדער** ווייס איך! איך זאָל זען די סחורה, העט מיר אפֿשר געקענט עפּעס געפֿעלן: האָט איר דען דאָ ביי אייך עפּעס סחורה?

**ר׳ גבריאל** איך האָב דאָ גראָד בײַ מיר אַ ביסעלע סחורה, וואָרן איך קום דאָ איצט פֿון דער גרעפֿין סטרעלקאָווסקאַ — זי האָט מיך היינט באַשטעלט, איך זאָל איר אַ ביסל פּערל און דימענטן ברענגען, האָב איך זי איצט נישט געטראָפֿן אין דער היים; עס איז שוין, ווי איך זע, אײַך באַשערט. אויב איר ווילט, וועל איך אײַך ווייזן די סחורה. ער קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן, אויב עס קוקט ניט עמיץ.

**פרעמדער** לאָמיך נאָר זען.

**ר׳ גבריאל** פּאַקט אויף דאָס קעסטל און רעדט אַוודאי, וואָס שאַדט אײַך דאָס באַקוקן, איר וועט דאָך מיר פֿאַר דעם נישט באַצאָלן. ער קוקט נאָך אַ מאָל אויף אַלע זייטן.

**פרעמדער** וואָס קוקט איר אײַך אַלץ אַזוי אום? צי האָט איר מורא פֿאַר עמיצן, צי וואָס?

**ר׳ גבריאל** איר קענט קיין היגער נישט, האָט מיר נישט פֿאַראיבל, ווייסט איר נישט: אין לעמבערג מוז מען מורא האָבן מיט אַלע סחורות, ובפֿרט מיט דימענטוואַרג, וואָרן איינס קענען די מער שכּיח גנבֿים, ווי ערגעץ אַנדערש, און בּאַנדערע, האָב איך טאַקע מורא פֿאַר אַן עין הרע. ער עפֿנט אויף דאָס קעסטל קוקט נאָר, ווי דאָס פֿאַרבלישטשעט די אויגן! ער נעמט אַרויס אַ פּאָרטרעטל אין דעם קעסטל ווי געפֿעלט אײַך דאָס פּאָרטרעטל מיט בריליאַנטן? דאָס מוז אַוודאי זיין אסתּר המלכּהס פּאָרטרעט. ער מאַכט צו דאָס קעסטל און פֿאַרדעקט עס מיט דעם סערוועט און גיט דעם פֿרעמדן דאָס פּאָרטרעטל.

**פרעמדער** איז איבער דער צייט וואָס ר׳ גבריאל האָט זיך דאָ געפּאָרעט מיט דעם קעסטל געשטאַנען פֿאַרטראַכט; איצט נעמט ער בײַ ר׳ גבריאלן דאָס פּאָרטרעטל אין באַקוקט עס, און גיט פּלוצלינג אַ פֿאַל אַנידער אויף דער ערד נעבן ר׳ שמעלקען, חלשות, מיט אַ געשריי אַך גאָטט! מיינע רחלע! ער שלעפּט אין פֿאַלן ר׳ גבריאלן מיט ביים גאַרטל.

**ר׳ גבריאל** פֿאַלט אויף דעם פּרעמדן אַרויף, ווייל זיך אויפֿהייבן און קען נישט: ער וואַרפֿט מיט דער אַנדערער האַנט דאָס קעסטל אונטער דער באַנק אַרונטער און דעקט עס צו.

**ר׳ שמעלקע** כאַפּט זיך אויף פֿונעם שלאָף מיט ווייער גרויס דערשרעק און פֿאַלט איבער ר׳ גבריאלן, שלאָגט אים און שרייט גאַנץ הויך

בערל! פֿייוול! הערשל! וועלוול! סכּנה! ראַטעוועט! ראַטעוועט! געשווינד! אוי ווי! געשריגן! געשווינד, געשווינד, די רייכע סוחר חלשט!

## פֿערדער אַריינקום

**בערל** מיט עטלעכע **יונגען** קומען פֿון דעם טויער אַרויס צו לויפֿן **דער פּרעמדער, ר׳ גבריאל, ר׳ שמעלקע**

**בערל** מיט די **יונגען** הייבן אויף ר׳ שמעלקען און שרייען

געוואַלד! וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס?

**ר׳ שמעלקע** שרייט נעמט אים, האַלט אים, כאַפּט אים, דעם רוצח! בערל! ראַטעווע די רייכע סוחר, געשווינד, געשווינד, נעם זיך די ווין, רייב זיך די דפֿק!

**בערל** כאַפּט די בוטעלקע מיט ווין און באַגיסט דעם פּרעמדן און רייבט אים די שלייפֿן און דעם דפֿק.

**די יונגען** הייבן אויף ר׳ גבריאלן, האַלטן אים און שרייען

האַלט אים, דעם גנבֿ! האַלט אים, דעם גזלן!

**ר׳ שמעלקע** שרייט גאַנץ הויך און גאַס אַריין. אויף ביידע זייטן

געוואַלד! קומט אַהער! געוואַלד! ראַטעוועט, ראַטעוועט!

# פיפטער אַריינקום

**לאַמפּערטעס** און דריי **שמשים** קומען פון דער גאַס און פירן **רעדלעכן** און **הינדען** ביידע מיט אַ שטריק צונויפגעבונדן; **חוה** און **חיים** גייען נאָך און וויינען; **די פריריקע פּאַרשוינען**

**שמשים** שרייען וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס דאָ פאַר אַ לאַרעם?

**ר׳ שמעלקע** קומט איך, קומט נאָר אַהער — אַ גנב, אַ רוצח האָט מען געכאַפּט.

**שמשים** גוט, גוט, גיט אים נאָר אַהער, מיר פירן שוין צוויי, גיט אַהער דעם דריטן אויך, וועל׳מיר האָבן דריי מאָל יידן געדעכט.

**ר׳ שמעלקע** ווייזט אויף ר׳ גבריאלן דאָ איז ער, נעמט אים צו בערלען רייב גוט, רייב די סחורה.

**שמשים** נעמען ר׳ גבריאלן צווישן זיך קום, ברודער!

**ר׳ גבריאל** ווייזט אויף הינדען מיט רעדלעכן לאָזט מיך אָפּ, אָט אָ די מענטשן קענען מיך, וואָס ווילט איר פון מיר האָבן, וואָס? איך בין אַ היגער סוחר, אַוועק פון מיר, אַוועק, לאָזט מיך גיין! אַדרבא, פרעגט די מענטשן, אַז איך בין אַן ערלעכער מאַן! ער וויל זיך אויסרייסן פון די שמשים און קען נישט.

**לאַמפּערטעס** שרייען אַטשי! אַבע! האַלטס אים, דעם גנב, אַטשי! אַבע!

**רעדלעך** צו די שמשים לאָזט איהן לאָז, עס איזט וואָהר, וויר קעננען איהן, ער איזט איין היזיגער קויפמאַן.

**הינדע** יאָ, יאָ, איך קען אים אויך גאַנץ גוט, אַזוי גוט, ווי מיך אַליין.

**ר׳ שמעלקע** יאָ, יאָ, איך ווייס זיך שוין, דו קענסט אים, ווי דיך אַליין; איר זייט אייך פֿון איין משפּחה, ער איז דיך אַ גנבֿ, און דו אויך. ער שרייט צו די שמשים נעמט זע, שלעפּט זע אין די חדר.

**שמשים** שרייען נעמט אים, דעם הונט! זיי ווילן אַוועקגיין מיט רעדלעכן, הינדען און ר׳ גבריאלן.

**חוה** גיט פלוצלונג אַ פֿאַל אַנידער לעבן דעם פרעמדן און שרייט גוואַלד! מיין בעל־בית! גוואַלד! ראַטעוועט! הינדעלע! ראַטע־ווע! ראַטעווע! גוואַלד! דער טאַטע! דיין טאַטע! אוי ווי, בעל־בית־לעבן! גוואַלד!

**שמשים** בלייבן שטיין וואָס איז דאָס ווידער? וואָס איז דאָס ווידער פֿאַר אַ געשריי?

**הינדע** און **רעדלעך** לויפֿן צו צום פרעמדן און שרייען ביידע אויף אַ מאָל מיין טאַטע? וואו? וואו איז ער? גוואַלד! זי רייסט אים דער גוטהערציק? אים גאָטטעס הייללען! רעטטעט! ער כאַפּט אַרויס אויס דער קעשענע אַ פלעשעלע און האַלט עס דעם פרעמדן פֿאַר דער נאָז.

**פרעמדער** קומט ביסלעכווייז צו זיך ווער — וואָס — הינדע־לעבן! וואו?... וואו?... מיין קינד!

**אלע** שרייען מיט אַ מאָל ער לעבט! ער לעבט!

**ר׳ שמעלקע** צו בערלען ברענג זיך נאָר געשווינד צוויי דריי בוטעלקעס וויין, די רייכע סוחר לעבט, געשווינד, געשווינד, — אָדער ניין, ניין, טרייב זיך נאָר אויף, וועט שוין גענוג זיין, נאָר געשווינד, געשווינד!

**פרעמדער** ליגט גאַנץ שטיל און קען זיך נאָך ניט דערמאָנען.

**חוה** שטייט אויף פון איין זייט און פאַכט אויף דעם פרעמדן מיט דעם פאַרטוך און שרייט גוואַלד! ראַטעוועט מיין גילדענעם בעל־בית!

**חיים** שטייט פון דער אַנדערער זייט און פּאַקט אויף דעם פרעמדן מיט די פּאָלעס און שרייט גוואַלד! מיין גילדענע חוה־לעבן!

**פרעמדער** רייבט זיך אויס די אויגן גאָטט! איזט עס ווירק־ליכקייט, אָדער בלאָס איין טרוים?

**הינדע** קושט דעם פרעמדן און העלפט אים זיך אויפהייבן. ניין, גילדענער טאַטעניו! עס איז נישט קיין חלום, איך, הינדע, שטיי דאָ נעבן דיר, איך בין דיין טאָכטער, דערמאַן דיך נאָר, טאַטעניו! די ביזט דאָ ביי דיין קינד!

**פרעמדער** וויל הינדען מיט בײדע הענט אַרומנעמען, און ווי ער זעט, אַז זי איז געבונדן, לאָזט ער זי פּלוצלינג נאָך און כאַפּט זיך אָן מיט בײדע הענט ביים קאָפּ און שרייט אַך! וואַס איזט דאַס? מיינע טאָכטער געבונדען? — ניין, ניין, דיזע איזט ניכט מיינע טאָכטער, וועג, וועג, עס וואַר איין טרוים. דו ביזט ניכט מיין קינד. ניין, ניין. ער פאַרהאַלט זיך מיט בײדע הענט די אויגן.

**הינדע** פאַרהאַלט זיך דאָס פּנים מיט בײדע הענט און וויינט זייער שטאַרק גאָט! איצט לאָמיך שוין שטאַרבן.

**רעדלעך** אַבער טייערער הערר גיטהערין! פּאַססען זי זיך ניר, אים גאָטטעס ווילען! הערען זי אינס נור איינע מינוטע: איינע שענדליכע פערליימדונג בראַכטע אינס אין דיזען באַנדען!

**הינדע** טאַטעניו! אונז זענען אומשולדיק! זי וויינט און יאָמערט גאַנץ הויך.

**חוה** געלויבט צו גאָט, בעל־בית־לעבן, אַז איר לעבט! הערט מיך נאָר אויס, איך וועל אייך דערציילן, די מעשה איז אַזוי געווען: מע האָט דער בעל־ביתטע, אייער שוועסטער סער־קעלע, דאָס גאַנצע צירונג אַוועקגעטראָגן, האָט זי פּלוצלינג זיי בײדע אַ בילבול געמאַכט, אַז זיי האָבן דאָס געטון; איך וועל זיין שווערן, אַז עס איז ליגנד. אַז עס איז...

**פרעמדער** פאַלט איר אין די רייד אַריין. וואָס? מיין שוועכטער? סערקען? דאָס צירונג — באַגנבעט? צו ר׳ שמעלקען ר׳ שמעלקע! וואו איז אַהינגעקומען דער בחור? וואו איז דער יונגערמאַן, וואָס האָט מיר דאָ געוואָלט צירונג פאַרקויפן? וואו איז דאָס קעסטל? גאָטט! וואו איז דאָס בילד מיינער זעליגען רחלע? ער זוכט איבער דער ערד און הייבט אויף דאָס פּאָרטרעטל און קושט עס; דערנאָך הייבט ער אויף דאָס קעסטעלע פון אונטער דער באַנק אָ געטטליכע פאַרזעהונג! וואונדערפאָלל זינד דיינע האַנדלונגען!

**חווה** און **חיים** שרייען מיט אַ מאָל אוי ווי מיר! דאָס איז דאָך דער בעל־ביתטעס צירונג!

**ר׳ שמעלקע** ער איז דאָ, דער בחור! צו די שמשים גיט זיך נאָר אַהער דאָס כּסרע יידעלע, יוי, יוי, אַ פייניצקער סוחר! ער קויפט זיך אַליין מיט זיינע כּסרע הענטעלעך. גיט אים נאָר אַהער, דעם בחור!

**שמשים** פירן ר׳ גבריאלן צום פרעמדן דאָ איז ער.

**פרעמדער** ווייזט אים דאָס צירונג מאַך־זשע גאָר קיין צערעמאָניעס נישט, זאָג דעם אמת, וועסטו בעסער אָפּשניידן. וואו האָסטו גענומען דאָס צירונג? זאָג, איז דאָס דין, צי ניין?

**ר׳ גבריאל** איך איבערבעט נישט איין מאָל, נאָר טויזנט מאָל אייער כּבוד, איך וועל אייך תּיכּף זאָגן דעם אמת, נאָר איך בעט אייך, לאָזט מיך נאָר נישט אַזוי האַלטן, האָט רחמנות, איר זענט דאָך אַ ייד, איר מאַכט מיך אומגליקליך אויף איביק.

**חווה** אַהאַ! איר זענט דאָס, ר׳ גבריאל? איצט פאַרשטיי איך שוין די גאַנצע מעשה. וואָס מאַכט איר גוטס, ר׳ גבריאל? קומט אייך שוין אַ מזל־טוב? זי נעמט אָן חיימען ביי דער

האַנט קום נאָר, חיים! לאָמיר נאָר לויפן געשווינד דער בעל־ביתטע דערציילן וואָס דאָ טוט זיך! זיי לויפן ביידע אַוועק.

**פרעמדער** צו די שמשים לאָזט אים נאָך די הענט, ער וועט נישט אַנטלויפן.

**שמשים** לאָזן ר׳ גבריאלן נאָך די הענט האָט קיין מורא נישט, פון אונז אַנטלויפט מען נישט אַזוי געשווינד.

**ר׳ גבריאל** פאַלט אַנידער פאַר דעם פרעמדן אויף דער ערד און קושט אים די פיס פאָטער־לעב! גיטער ייד! האָט גאָט אין האַרצן, האָט רחמנות אויף מיינע יונגע יאָר, איך וועל אייך אַליין מודה זיין, — זיי זענען ביידע גאָר אומשולדיק! ער שטעלט זיך אויף טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, איך אַליין בין דער גאַנצער גנב, איך אַליין בין דער שולדיקער, זיי האָבן פון גאָרנישט געוואוסט, איך אַליין האָב עס געטון... האָט רחמנות!

**ר׳ שמעלקע** גיט ר׳ גבריאלן אַ פּאַטש דאָ האָסטו רחמנות, אַרוס אין דיין טאַטן, דו גנב! ער שרייט צו די שמשים נעמטס אים, סלעפּטס אים אין די חדר.

**לאַמפּערטעס** שרייען און לאַכן האַ־האַ־האַ, אַטשי, אַבע! אַטשי, אַבע!

**שמשים** ווילן נעמען ר׳ גבריאלן קום!

**פרעמדער** לאָזט אים גיין, רירטס אים נישט אָן ביז מיין שוועסטער וועט קומען, נאָר היטס אים, ער זאָל נישט אַנטלויפן.

**שמשים** פאָלגן אים גוט, גוט, אונז וועלמיר אים שוין היטן, זאָרגטס אייך נישט.

**פרעמדער** בינדט אויף הינדען מיט רעדלעכן יאָ, דו ביזט אומשולדיק, מיין קינד! ער כאַפּט זי אַרום מיט ביידע הענט און קושט זי

געלויבט איז גאָט! ער האָט מיר מיין קינד, מיין גילדן קינד, מיין טייער קינד צוריקגעגעבן! ער קושט זי גיך אַן מיין רחלע אויפן אויג. ער קושט זי איך האָב דיך ווידער, מיין טאָכטער, מיין הינדע־לעבן! ער הייבט זי אויף אין דער הייך און גיט איר אַ קיש.

**הינדע** נעמט אַרום דעם פרעמדן און קושט אים און וויינט מיין גילדענער, האַרציקער טאַטע!

**פרעמדער** צו רעדלעכן נידערטרעכטיג! איך זי וואַרען געבונדען? ער נעמט אים אַרום און קושט אים פּיז־בּטער זי נור ניבּטם, איך בין ווידער ביי איהנען! ער קוקט אָן רעדלעכן מיט הינדען מיינע טייערע קינדער!

**רעדלעך** קושט דעם פרעמדן די האַנט. מיין וואָהלטעטער! מיין שוטצענגעל!

## זעקסטער אַריינקום

### ר' משה, חוה, חיים און די פריריקע פאַרשוינען

**ר' משה** מען הערט זיין קול נאָך פון וויטן מיין הוד! איי! וואו איז ער? מיין שוואָגער! וואו איז ער? מיין גילדענער שוואָגער! ער קומט אַריינצולויפן אָן דער היטל, אָן דעם גאַרטל, דעם קאַפּטן צעלאָזט, ער פאַלט דעם פרעמדן אַרום דעם האַלז און קושט אים דו ביזט דאָ, מיין הוד! מיין שוואָגער־לעבן! מיין דערלייזער! געלויבט איז גאָט, דו ביזט ווידער דאָ, דו לעבסט. ער קושט און גלעט אים, ווי מען גלעט אַ קליין קינד יאָ, מיין נחת, מיין גדולה, דו ביזט דאָ. ער רעדט אַ ביסל אַזוי ווי מבלבל יאָ, איך ווייס דאָס גאַנץ גוט, דיך האָט גאָט צו אונז געשיקט; יאָ, יאָ, איך ווייס, דו קומסט פון גאַנץ וויט; איך ווייס אַלין, איך האָב דיך געזען. איך האָב שוין לאַנג געוואוסט, אַז דו וועסט קומען: איך געדענק,

אוי, איך געדענק גאַנץ גוט, ווי דו האָסט מיך געפֿרעגט: „קענסטו מיך?“ ער קוקט דעם פֿרעמדן אַצינד בעסער. אַצינד איז שוין פֿאַר מיר געוואָרן גאַנץ גוט קלאָר, אַצינד איז צייט צו שטאַרבן. ער נעמט דעם פֿרעמדן אַרום און קוועטשט אים שטאַרק צו זיך נאָך, איצט וועל איך דיך שוין מער נישט אַוועקלאָזן, ניין, ניין! ער גלעט אים און ווייזט: איך בעט דיך, מיין הערצלעבן, מיין האַרץ, פֿאָר שוין נישט מער אַוועק פֿון מיר, לאָמיך שוין נישט איבער אַליין! אָדער ניין, נעם מיך מיט מיט דיר, וואָרן אָן דיר בין איך ווי געוואָרן אַ גזלן אַ רוצח! יאָ, יאָ, דיין קינדס רוצח! ער פֿאַלט גאַנץ מיד אַנידער אויף דער ערד, נעבן דעם פֿרעמדן.

**פֿרעמדער** דערכאַפּט אים משה! משה! וואָס טוט זיך מיט דיר? זיי נאָר רואיק.

**ר׳ משה** אוי! הערצלעבן, זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל, איך האָב מיך אָן דיר זייער שטאַרק פֿאַרזינדיקט. אָדער ניין, ניין, זיי מיר נישט מוחל, ניין, באַשטראָף מיך ליבער, אַזוי ווי רעכט איז: באַשטראָף מיך, מיט וואָס דו קענסט נאָר, אַזוי ווי איך האָב עס ביי דיר פֿאַרדינט. יאָ, יאָ, לאָז מיך איינזעצן, לאָז מיך שמייסן, קאַטעווען, שפּיזן, בראָטן, ברענען! אוי, איך האָב עס זייער פֿאַרדינט.

**פֿרעמדער** משה! ביסטו משוגע? פֿאַרוואָס, פֿאַר ווען? זיי נאָר רואיק, אים גאָטעס ווילן, דערמאָן דיך נאָר אַ ביסל, פֿאַר וואָס זאָל איך דיך באַשטראָפֿן? זיי נאָר אַ ביסל געלאַסן, זיי נאָר רואיק.

**ר׳ משה** אַ ביסל שטילער און געלאַסענער ניי יאָ... שוין... אַז דו הייסט... יאָ, איך וועל שוין רואיק זיין, איך בין שוין רואיק... אַז דו הייסט, יאָ, איך פֿאָלג דיך... איך וועל דיך אַלץ פֿאָלגן, הערצלעבן! אָבער באַשטראָף מיך...

**פרעמדער** נו, לאָז זיין אַזוי, פאָלג מיך, אַבי זיי נאָר רואיק, זעץ דיך נאָר אַ ביסל אַנידער. (צו רעדלעכן) הערר רעדליך! האָבען זי די גוטע אונד העלפען זי איהם, זעטצען זי איהן דאַ אויף די באַנק.

**ר' משה** (דערזעט רעדלעכן מיט הינדען און גיט פלוצלינג פאַר זיך אַ פאַל אַנידער אויף דער ערד) אוי ווי מיר! קענט איהר מיר מוחל זיין?

**הינדע** פעטער־לעב! איר זענט גאָר נישט שולדיק!

**רעדליך** הערר דאַנציגער! בלייבען זי נור רוהיג! (זיי הייבען אים אויף און זעצן אים אויף דער באַנק אַנידער.)

**ר' שמעלקע** (צו זיך אין דער שטיל) אָט אַ דאָס איז בלייבען סיין, עפעס אַ גאַנץ משפּחהלע מיט שאַמע גנבים!

## זיבעטער אַריינקום

**סערקעלע, אלטעלע, ר' יוחנן** און די **פריריקע פאַרשוינען**

**סערקעלע** (מען הערט איר קול נאָך פון ווייטען) וואָס האָט עך איך דאָ ווידער אַנידערגעשטעלט שמועסן, אוי ווי מיינע כוחות! טויזנט מאָל מוז איך מיר דאָס האַרץ אַרויסשרייען, אידער זיי פאָלגן איין מאָל: נו גייטס שוין, פירטס זיי שוין אין קרימינאַל אַריין, די גנבים: און איר, מיין ליבער ר' יוחנן, באַמיט איך נישט אומזיסט און בעט נישט פאַר זיי, וואָרן איר וועט נישט פועלן ביי מיר.

**ר' שמעלקע** (לויפט סערקעלען אַקעגן מיט ליב) איך אייער גאַסט, סערקעלע! אייער ברודער ר' דוד איז זיך געקומען! (ער ווייזט איר דעם פרעמדן.)

**סערקעלע** (לויפט צו צו ר' דודן און וויל אים מיט בײדע הענט אַרומנעמען) אוי ווי מיר! געהרגעט בין איך געוואָרן—מיין דוד־

לעבן! אוי, אין דער ערד בין איך! מיין האַרציקער ברודער!
אוי. ווי! דו לעבסט!?

**פרעמדער** גיט סערקעלען אַ שטויס אַוועק פון זיך אַוועק, דו בעסטיע! אַוועק פֿון מיר — דו ביזט נישט מיין שוועסטער.

**לאַמפּערטעס** שרייט אַטשי! אַבע! אַטשי! אַבע!

**סערקעלע** שטייט מיט דעם קאָפּ אין מיט די הענט אַראָפּגעלאָזט און וויינט.

**אַלע** בלייבן אַ פּאָר מינוטן גאָר שטיל.

**פרעמדער** דו וויינסט? יאָ, צום וויינען, צום שרייען. צו דעם ביזט אַגרויסע בריה, דאָס איז ביי דיר אַקליינקייט, אָבער ערלעך האַנדלען — דאָס איז ביי דיר אַ שווערע זאַך. קענען מיין קינד, קענען מיין איינציק אומשולדיק קינד, קענען זיין איינציקער ברידערנטאָכטער אַזוי צו האַנדלען?! — זאָג אַליין, די ביזע שלאַנג, — האַנדלט אַ מענטש, וואָס האָט נאָר עפּעס אַ געוויסן, קיגן דעם אַנדערן אַזוי? — קוק דיך נאָר אָן, ווי דו שטייסט אַצינד, — האָסטו דאָס געדאַרפט? דו, האָב איך געמיינט, וועסט האָ מיין קינד דערציען, דו וועסט מיין קינד לערנען, דו וועסט מיין קינד טרייסטן, דו וועסט מיין קינד פֿאַר אַלעם אומגליק באַשיצן: און איך האָב שוין אַהאַלבע טרייסט אין דער פרעמד געהאַט, אַז איך פֿלעג מיך צו דערמאַנען, אַז מיין אייגענע שוועסטער גיט איין מיין איינציק קינד אַכטונג. וואָס פֿאַר אַתענוג פֿלעג איך דאָס צו האָבן, אַז איך פֿלעג מיר פֿאָרצושטעלן די מינוט, וואָס איך וועל שוין אַהיימקומען, ווי דו וועסט מיר מיין הינדע־לעבן אַקייגנברענגען געזונט און פֿריש, ערלעך און געלערנט! יאָ, איך פֿלעג מיך אָפּט אין געדאַנקען אַזוי צו פֿאַרגעסן, אַז איך פֿלעג פּלוצלינג ביידע הענט אַרויסצושטרעקן אין די געדאַנקען דיך אַרומצונעמען און צו קושן און צו האַלזן. ניין, ניין, דאָס האָב איך

מיר נישט פארגעשטעלט, דאס איז מיר נישט אויף די געדאנקען געקומען — דו װאלסט פלוצלינג מיין קינד אזוי מיאוס באהאנדלען! דיין אייגענער בזידערנטאקטער װעלבע הרפות און בושות אנטון! צו מאכן פאר א גנב, צו לאזן בינדן מיט שטריק און צו לאזן פירן אין קרימינאל אריין! ניין, ניין, דאס האט זיך מיר נישט געחלומט. נאך דערצו, װי איך האב געהערט, האט דיך גאט ברוך הוא אויך נישט פארלאזט: דער אייבערשטער האט דיך געבענטשט, דו ביזט אויך געװארן א גרויסע עשירות, דו האסט נישט געדארפט קיין סך פון מיין פארמעגן צו דירן, גאט האט דיר באזונדער א סך געלט באשערט, — נו, מוז מען פונדעסטװעגן בײ זיך שוין אזוי גרויס און קייגן אנדערע אזוי שלעכט װערן?

ר׳ משה פאלט אים אין די רייד אריין װאס זאגסטו, שװאגער־לעבן! גאט האט איר באשערט? גאט האט זי געבענטשט? פאר־װאס? אפשר פאר איר גוטסקייט? אפשר פאר איר פרומקייט? ניין, גאט, ברוך הוא וברוך שמו באלוינט נאר דעם גוטן, דעם ערלעכן, דעם פרומען, — אבער זי? איר? פאר װאס? פאר װען? איר הארציקער דוד־לעב! דו װייסט נעבעך נאך גאר נישט, װי זי האט מיך און זיך און אונז אלע באגראבן! אוי! מיר װעל׳מיר פאר דיר, פאר גאט און פאר לייט קיין פארענטפער נישט האבן.

ר׳ גבריאל צו זיך אין דער שטיל אצינד איז צייט, אצינד מוז אלין ארויסקומען, האב איך מיך אין דער ערד אריינגע־ליגט, לאמיך זעהן זי איך שוין אין איין װעגס באגראבן! צו דעם פרעמדן זייט זשע הונדערט מאל מוחל, מיין ליבער ר׳ דוד־לעבן, און זוכט נאר אין דעם קעסטעלע, װעט איר דרינען נאך עפעס טיי׳ערס װי צירונג געפינען, איר װעט אודאי א גרויסע הנאה האבן, איר װעט שוין אצינד אלין געװאויר װערן.

**פרעמדער** עפֿנט דאָס קעסטל און זוכט עס איז נישטאָ מער גאָרנישט, נאָר ציהונג.

**ר׳ גבריאל** זוכט נאָר גוט, זוכט, עס ליגט דאָרט נאָר אונטן אַ פּאַפּיר אויך.

**פרעמדער** אַ פּאַפּיר? ער זוכט אין דעם קעסטל יאָ, עס איז דאָ, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּאַפּיר ווידער?

**ר׳ גבריאל** לייענט נאָר, זייט מוחל, איבער, איר ועט שוין געוואוירד ווערן.

**פרעמדער** נעמט אַרויס אויס דעם קעסטל אַ צונגעלייגט פּאַפּיר, עפֿנט עס און לייענט עס פֿאַר זיך אין דער שטיל, דערנאָך גיט ער אַ געשריי גאָטט! אַללמעכטיגער אים הימעל! וואָ ווייט קאַן זיך דיין עבענבילד, דיין געשעפּף פֿערשאירדען! אָ! דאָס איזט וואַס אויסערארדענטליכעס! — אַ פֿאַלשע צוואה!

**ר׳ גבריאל** יאָ, יאָ, נעכטן איז ערשט געווען אייער יאָרצייט, מיין ליבער ר׳ דוד־לעבן!

**סערקעלע** גיט זיך פּלוצלינג אַ וואָרף אַנידער פֿאַר דעם פרעמדן אויף דער ערד אוי! טו מיט מיר שוין וואָס דו ווילסט, איך בין דאָך איינגאַנצן ביי דיר אין דער האַנט! זי וויינט שטאַרק.

**ר׳ משה** מיט גרויסער שמחה אָט אַ דאָס איז גוט, אַזוי קער צו זיין, ועסטו, סערקע — פֿון דעם האָב איך הענוג!

**פרעמדער** כאַפּט הינדען אַרום און קושט זי דיך, מיין איינציק קינד, האָב איך מעביר נחלה געווען? דיך, מיין לעבן, דיך, מיין נשמה! צו סערקעלען פֿע! שעם דיך! דו קענסט מיר נאָך קוקן אין די אויגן אַריין? עס איז מיר שוין גאָר קיין חידוש נישט וואָס פֿרעמדע האָבן מיר אַמאָל שלעכטס געטאָן, אַז דו, מיין אייגענע שוועסטער, האָסט קענען מיר אַזוי געהאַנדלט! צו־

הינדען אוי, איך פֿאַרשטיי שוין איצט, וואָס דו האָסט נעבעך דאָ געמוזט ליידן.

**הינדע** קושט דעם פרעמדן ניין, ניין, טאַטעניו! נישט אַזוי אַסך, ווי דו מיינסט; איך האָב געליטן — דאָס איז אמת — איך האָב אָבער נישט אַליין געליטן. זי נעמט אָן רעדלעכן ביי דער האַנט און פירט אים צו דעם פרעמדן דיזער דאַ וואַר דער געפֿעהרטע מיינער ליידען; דיזער דאַ וואַר מיין טיילנעהמער, מיין ערציהער, מיין לעהרער, מיינע שטיטצע אין דער נאָט.

**פרעמדער** נעמט רעדלעכן אַרום און קושט אים איך דאַנקע איהנען, מיין טייערער! איך דאַנקע איהנען, בעלאָהנע זי גאָטט מיט מעהרערעם, איך קאָן איהרע עדלע האַנדלונג ניר מיט דיזעם, וועלכעס מיר אַם טייערסטען איזט, בעלאָהנען. ער נעמט אָן רעדלעכן מיט הינדען און לייגט זייער הענט אין איינער אַריין, נעמט זיי ביידע צוזאַמען אַרום און קושט זיי וועלעט איהר אימער גאָטטעס גונסט צו ערוועהרבען, אונד ער, דער אַללמעכטיגע, ווירד אייך ניכט פֿערלאַססען! ער לייגט זיינע ביידע הענט אויף זייערע קעפּ אַרויף און בענטשט זיי לעבעט גליקליך, מיינע קינדער!

**הינדע** און **רעדלעך** נעמען ביידע אַרום דעם פרעמדן און קושן אים.

**ר' יוחנן** גיט דעם פרעמדן די האַנט שלום-עליכם, ר' הוד! געלויבט צו גאָט, מע זעט זיך געזונטערהייט! כּלעבן, ווייער אַ גלייבער שידוך, איך האָב דעם שידוך נאָך אין זין געהאַט, ווען מען האָט זיי מיט דעם שטריק צונאַנדגעבונדן, נאָר, קומט מיין שמועה אַפיר, „כּל עירב למינו“ שטייט ביי אונז אין דער הייליקער תורה אָנגעשריבן: איר, מיין ליבער ר' הוד-לעבן, טוט איצט אַ שידוך אויף דייטשערישער מאָדע, ווייסט איר אָבער מיט וועמען איר טוט? ווער אייערע מחותנים זענען געווען? דאָס מוז איר

נאָר מיך, ר׳ יוחנן שתּדלן פרעגן. איך קען דאָס דייטשעלע, ווי איר קוקט עס אָן, פון פיטשעלעדייז אויף; איך האָב געקענט זיין פאָטער טאַטן, עליו השלום, און זיין מוטער די צנועה אויך, ער איז דאָך דאָס טאַקע ר׳ זלמן רעדלעכס זון פון פראַג, טאַקע דער גרויסער פיינע בריה, — על כן זאָג איך איך פריער, אַז מיר קומט אַמך, אַ סך שתּדלנות.

**פרעמדער** נו, נו, עס וועט שוין רעכט זיין.

**הינדע** נעמט אָן דעם פאָטער ביי דער האַנט און בעט אים טאַטעניו! נאָך איינס האָב איך דיך צו בעטן.

**פרעמדער** זאָג, מיין לעבן! וואָס ווילסטו? אַלץ, אַלץ, וואָס די פאַרלאַנגסט נאָר, וועל איך דיר טון — זאָג נאָר, זאָג, וואָס ווילסטו?

**הינדע** גיט אים אַ קוש אין דער האַנט אַריין. האַרציקער טאַטע־לעבן! זיי דער מומען מוחל, זי וועט שוין בעסער ווערן, איך בעט דיך, גילדענער טאַטע! זיי איר מוחל.

**פרעמדער** וועמען? — סערקען? — מוחל זיין? ניין, ניין, זי פאַרדינט עס נישט — ניין, איך וויל זי ניט קענען. ער איז זיך אַ ביסל מישב נאָר. איך מוז עס דיר, מיין קינד, צוליב טון! — נאַ, עס איז פאַרפאַלן, איך האָב דיר צוגעזאָגט. נאַ! דיר צוליב מיין קינד! קום אַהער, סערקע!

**סערקעלע** איז ביז אַהער געלעגן אויף דער ערד, איצט כאַפּט זי זיך אויף און לויפט צו צום פרעמדן מיט ביידע הענט אויסגעשטרעקט און מיט זייער אַ גרויס געוויין. ברודער־לעבן! דערמאַן דיך, מיר קומ׳מיר דאָך אַרויס פון איין טאַטע־מאַמע, דערבאַרעם דיך איבער מיר, איבער מיין משהן, איבער מיין איינציק קינד! מיר האָ׳מיר זיך דאָך נישט צו קיינעם צו קערן און צו ווענדן, מיר האָ׳מיר דאָך צו קיינעם

קיין שום האָפֿנונג נישט, נאָר צו דיר, גוטער ברידער־לעבן! זי
וויינט שטאַרק אוי ווי מיר! מיר וועלמיר דאָך אַלע שטאַרבן פֿאַר
הונגער, אַז דו וועסט איבער אונז אָרעמע לייט קיין רחמנות נישט
האָבן!

**פרעמדער** נו, וואָס קען מען טון, אַ ברירה האָב איך?
דו ביזט דאָך אַ שוועסטער — קום אַהער, איך בין דיר מוחל, נאָר
ווער שוין אַ ביסל בעסער, עס איז שוין בלעבן צייט: ביזט
שוין אויף דער עלטער, ביזט שוין אַלט עטלעכע פֿערציק יאָר.
איך העט דיר נישט געדאַרפֿט מוחל צו זיין, נאָר וואָס קען איך
טון — אַ שלעכטע שוועסטער איז פֿאָרט אַ שוועסטער. און האָב קיין
מורא נישט, וועסט נישט שטאַרבן פֿאַר הונגער — גאָט ברוך הוא
האָט מיר גענוג געגעבן, און איך פֿאַרהאָף, אַז ער וועט מיך
ווייטער נישט פֿאַרלאָזן.

**ר׳ גבריאל** אַ חידוש, בלעבן! פֿין נעכטן אָן איז
זי מיט זעקס טויזנט קערבלעך אָרעמער און מיט צוואַנציק יאָר
רייכער געוואָרן.

**ר׳ שמעלקע** אָט דאָס איז סין, בלעבן! איך העט
זיך געלאָזט פֿון איהר פּאַסעם ריסן, פֿון דעם צוקערדיקן סהעסטערל!
ער גייט צו צו סערקעלען סערקעלע! וועט איר זיך האָבן עפּעס
סין מעל אויף סבת?

**אלטעלע** איז ביז אַהער געשטאַנען אין געוויינט גאָר שטיל, איצט
גייט זי צו צו דעם פרעמדן און שמועסט מיט גרויס חן **אייטלער הערר אָנקעל!**
איך געבע איהנען מיינען ליבסטען דאַנק פֿאָר אַלעם, וואָס זי
האַבען די עהרע געהאַבט אַן מיינער צערטליכען מוטטער צו פֿער־
ריכטען, אונד איהר הערצליכעם הערין, פֿאַר וועלכעם איך גראָס
אַבשיי האַבע, אונד איהרע גוטע גיטע לאַססען מיך ניכט רוהען.
זי צו בעטען, דאַס זי מיינעם בריטיגאַם, מיינעם געליבטען גאַבריעלע

הענדלער, די פּאָגעלפּרייהייט שענקען מעכטען. זי קישט אים די האַנט.

**פרעמדער** לאַכט זייער און פרעגט רעדלעכן איך פערשטעהע קיין וואָרט — ווער איזט דען דיזעס מעדכען? אונד וואַס וויל זי?

**רעדלעך** זי איזט די טאָכטער איהרער שוועסטער אונד די פערשפּראָכענע ברויט דעס ר׳ גבריאל הענדלער. ער ווייזט אויף ר׳ גבריאלן.

**פרעמדער** זאָ, נון קאָם העד, מיין קינד! זאָג, וואָס ווילסטו? פאַרוואָס רעדסטו נישט ליבער יידיש? וואָס שעמסטו דיך יידיש צו רעדן? זאָג, וואָס ווילסטו?

**אלטעלע** שווייגט גאָר שטיל, שעמט זיך און פאַרהאַלט זיך דאָס פנים מיט אַ פאַרטשיילע.

**הינדע** איך וועל דיר זאָגן, טאַטעניו: זי האָט געזאָלט אַכלה ווערן מיט ר׳ גבריאל הענדלער, בעט זי איצט, אַז דו זאָלסט אים פריי לאָזן.

**פרעמדער** ניין, מיין לעבן, דאָס וועסטו נישט פועלן ביי מיר, איך בין דיין פעטער און מוז דיך בעסער זען צו פאַרזאָרגן ווי דיין מאַמע האָט געוואָלט. ניין, איך קען אי בנישט פריי לאָזן, ער וועט שוין ערגעץ אַנדערשט זיין פסק האָבן, אַזוי ווי ער האָט פאַרדינט. צו די שמשים לעבט נאָך מיין אַלטער גוטער פריינד, דער פאָליציי-רעוויזאָר רעכטזאַמער?

**שמשים** יאָ, ער לעבט, ער זאָל לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר, דער גוטער מענטש.

**פרעמדער** נו, פירט אים נאָר אַהין צו אים, דער רעכטשאַפענע מאַן ווירד שאָן וויסען, וואָס מיט אים צו טון.

**שמשים** גוט, גוט, מיר וועל׳מיר אים שוין אַהין פירן. ווי זיי ווילן אים אָוועקפירן, קומט זיי ירחמיאל זייער פאַרסאָפּעט אַקעגן צו לויפן.

# אַבטער אַריינקום

## ירחמיאל, די פריעריקע פאַרשוינען

**ירחמיאל** לויפט צו צו ר׳ גבריאלן בע=בע=בע=בעל=בית! רוימט אייך אויף, נאַ=אַר געשווינד — ר׳ שמואל טאַ=טאַ=טאַ=טאַנדעטניק איז געקומען מיט פּאָ=אָ=אָליציינִיקעס און האָ=אָט שוין אייערע זאַ=אַ=אַכן אַוועקגענומען, איצט זוכן זיי אַ=אַ=אַייך, זיי ווילן דווקא אַ=אַייך תּפיסה אַ=אַ=יינזעצן.

**ר׳ שמעלקע** גיי זאָג זיך ר׳ שמואלן, אַז אונז האָמיר זיך אים פאַרשפּאַרט אַ וועג, מען פירט אים אַרין, דעם גנב, אין די פּאָ=ליציי אַריין.

**ירחמיאל** וואָס, מע=מע=מע=מע פירט אים שוין אין די פּאָ=אָ=אָליציי אַ=אַריין? וואו איז זשע מיי=ין שכירות פאַ=אַר אַגאַנץ יאָר, וואָס איך האָ=אָ=אָב ביי אים קריעה געשניטן? אי=יך וועל דאָך שריי=יען: געוואַלד, באַ=באַ=באַצאָלט מיר מיי=ין שכירות!

**ר׳ גבריאל** וואָס שרייסטו אַזוי? דיין יאָר איז דאָך אָנדאָס נאָך נישט אויסגעגאַנגען, עס פעלן דאָך דיר נאָך זעקס טאָג צום יאָר. ווייסטו וואָס: קום בלייבן מיט אין מיין נייער דירה אַריין.

**ירחמיאל** ליגט איר אַ=אַ=אין דער ערד מיט אייערע שכירות, אַזוי ווי אַ=אַ=אייערע דירות! ער נעמט אַרויס אויס דער קע=שענע אַ זייגערל און ווייזט עס ר׳ גבריאלן זעט איר, אי=אי=איר גנב: דאָ=אָב זייגערל גיט גאַ=אַר אַליין, און אַ=אייך פירט מען:

**ר׳ גבריאל** צו די שמשים נעמט אים אַוועק דאָס זייגערל, עס איז מיין!

**ר׳ שמעלקע** צו גבריאלן דו גנב! אַרוה אין דיין טאַטע

אַריין! איך וועל זיך פאַר אים אָננעמען — באַצאָל דו אים זיין שכירות, אַז ניט וועט ער דיר אָמיר הזיר ניט אָפּגעבן די זייגער; איך קען זיך אים, ער איז זיך געווען אַ משרת ביי מיר פינף יאָר, ער איז זיך טאַקע אַן ערלעכער יונג און דו ביזט אַ גנב, אַ גזלן, אַ רוצח — נעמטס אים, כלעפּטס אים אין די חדר!

**לאַמפּערטעס** שרייען אַטשי! אַבע! אַטשי! אַבע!

**שמשים** נעמען ר' גבריאלן און בינדן אים מיט דעם שטריק איצט קום, ברודער, אין חדר אַריין.

**ר' יוחנן** כאַפּט אָן ר' גבריאלן ביי דער האַנט. פונדעסטוועגן, קומט מיין שמועה אַפיר, קער נישט איינס צום אַנדערן — מיר קומט נאָך שכר טרחה ביי איך פון דעם שידוך, איך האָב פיינט צו שענקען, ובפרט אַ גנב.

**ר' גבריאל** גיט ר' יוחנן אַ וואָרף אַוועק פון זיך דאָ האָט איר שדכנות!

**לאַמפּערטעס** שרייען אין לאַכן אַטשי! אַבע! האַ־האַ־האַ! אַטשי! אַבע!

**ירחמיאל** מע זעט אָן אָ־אָ־אָן די אונטערפירערס, וואָס דער ה־ח־ח־התן מוז זיין!

**שמשים** פירן ר' גבריאלן אַוועק, עטלעכע לאַמפּערטעס לויפן נאָך און שרייען אַטשי! אַבע!

## לעצטער אַריינקום

פריעריקע פּאַרשוינען, אָן ר' גבריאלן און אָן די שמשים

**פרעמדער** נו, איינעם האָ'מיר שוין פּאַרזאָרגט, איצט לאָמיר גיין ווייטער; און איר, ר' שמעלקע, געדענקט איר נאָך, וואָס

איר האָט מיר דאָ פֿריער דערציילט פֿון מײן שװעסטער סערקען מיט ר׳ שמערל שדכן?

**ר׳ שמעלקע** װײסט איך, עפּעס געדענק איך זיך יאָ און עפּעס ניסט.

**פּרעמדער** נעמט אָן אַלטעלען בײַ דער האַנט און פֿירט זי צו ר׳ שמעלקען. שטייט איך עפּעס אָן צו נעמען מײן שװעסטערנ־טאָכטער פֿאַר אַ כּלה?

**ר׳ שמעלקע** װײסט איך, סערקעלע די מעל־ײדענע זאָגט זיך, אַז זי װעט מיר ניסט אָנסטײן, און פֿאַרװאָס? װײל זי איז זיך איר בת־יחידהלע און קען זיך ניסט מעשטן די האָבער און קען זיך ניסט סמועשן די סלעכטע, צרהדיקע ליטװיסע לשון, — אפֿשר איז זי גערעכט, װײסט איך?

**פּרעמדער** נו, נו, הערט שוין אויף בײז צו זײן; איך בין אײך ערב, אַז אין אַ האַלב יאָר אַרום װעט זי שוין מיט אײך רײדן ליטװיש און װעט אײך אַלץ פֿאָלגן, װאָס איר װעט נאָר הײסן. צו אַלטעלען נישט װאָר, מײן קינד?

**אַלטעלע** מיט גרױס חן יאַ זי כאַפּט זיך צוריק אין די רײד נײן... נישט יאַ, יאָ װיל איך זאָגן.

**פּרעמדער** לאַכט און נעמט אָן ר׳ שמעלקען בײַ דער האַנט נו, ר׳ שמעלקע, שלאָגט צו! זעט איר, זי הײבט שוין אָן ײדיש צו רײדן, און װי איך זע אײן, װעט איר מיר נאָך אַמאָל דאַנקען — אײער אײנפֿאָרהױז באַדאַרף אַזױ אַ בעל־ביתטע. שלאָגט צו.

**ר׳ שמעלקע** קראַצט זיך אין קאָפּ יאָ — אַלץ אמת — נאָר — דאָש — איר פֿאַרגעשט זיך אָבער גאָר — איך מײן — איר פֿאַר־סטײט זיך סײן — דערמאַנטס זיך נאָר — פֿאַרסטײט איר — איך מײן — נאָר דאָש — די עיקר...

**פרעמדער** שלאָגט נאָר צו, איך זאָג אייך, אַז איך וועל שוין זען, זי זאָל נישט געראָטן נאָך דער מוטער.

**ר׳ שמעלקע** יאָ, מיין ליבער ר׳ בלאָם — ר׳ הזד, וויל איך זאָגן, איך מיין זיך אָבער, די עיקר — פאַרבטייט איר זיך?

**ר׳ יוחנן** קומט מיין שמועה אַפּיר, איטלעכער משא־ומתן באַדאַרף אַ מעקלער, און איטלעכער שידוך אַ שדכן! איך זאָג אייך, מיין ליבער ר׳ הזה, אַז הזין דעם וואָס איר טוט דאָ אָן דעם ר׳ שמעלקען ווייער אַ גוטן געלט־שידוך, איז ער דאָך נאָך הערצו ווייער אַ גרויסער יחסן אויך, קומט מיין שמועה אַפּיר, דעם אמת מעג מען דאָך זאָגן איטלעכן אין די אויגן אַריין; איך זאָג אייך, אַז דער ר׳ שמעלקע איז אַ שלשלת־היוחסין, און זיינע הורי־דורות זענען געווען גרויסע מופלגים און רבנים, טאַקע גאָר קדשי־קדשים. אַז איר וועט אייך נאָר אַמאָל אַליין מיט אים צעשמועסן, וועט ער אייך אַליין בעסער איסרעכענען זיין יחוס־בריוו. — מילא, וואָס קומט דאָ דערפון אַרויס? דער ר׳ שמעלקע איז דאָך ווייער געדעכט, וואָס האָט דאָס איצט סעדקעלעס טאָכטער איר אייגנס?

**ר׳ שמעלקע** יאָ, טאַקע יאָ, אָט־אַ־דאָס מיין איך אייך, אַזוי, מיין ליבער ר׳ סמער — ר׳ יוחנן, וויל איך זאָגן, האָב איך זיך אייך טאַקע ליב, אַז איר סטוישטם אייך, וואָס איך מיין; וויפל איז זיך איצט די סילוק, און ווער איז זיך די מסלק?

**פרעמדער** אַזוי? דאָס מיינט איר דאָס דעם עיקר. ער נעמט דאָס קעסטעלע צירינג און גיט עס ר׳ שמעלקען לאָזט אייך דאָס שאַצן, און וויפל מע וועט אייך זאָגן, עס איז ווערט, וועל איך זיין דער מסלק.

**ר׳ שמעלקע** עפנט דאָס קעסטעלע און קוקט אַריין דרינען אוי וויי! אַ סיינע אַפּותיקא! ער איז מלא שמחה און נעמט ביי דעם פרעמדן די האַנט און שלאָגט מיט אים צי מזל און ברכה! אַזוי וועט איר,

מיין ליבער ר׳ דודל, איז זיך גאָר עפּעס אַנדערסט! יאָ, סיין גוט. ער נעמט פֿון אַלטעלען ביי דער האַנט זיי זשע סיין קיין נאַר ניסט אין סעם דיך ניסט מיט די ליטווישע ספּראָך, זיי זיך אַגוטע בעל־ביתטע; — האָב גאָר קיין מורא ניסט, דו וועסט זיך ביי מיר ניסט באַדאַרפֿן אַליין צו מעסטן די האָבער, איך האַלט זיך מסרתים געגנוג און נאָך.

**ר׳ יוחנן** נו, האָב איך ווידער למזל אַ שידוך אויסגעפֿירט, — קומט מיין שמועה אַפֿיר, וואָס עס איז מין השמים, איז טאַקע מן השמים. ער שרייט מזל טוב!

**לאַמפּערטעס** שרייען מזל טוב! מזל טוב!

**סערקעלע** פֿאַלט ר׳ דודן אַרום דעם האַלז, וויינט און קושט אים גילדענער, האַרצעדיקער ברודער־לעבן! איך בין גאָר נישט ווערט אַזוי פֿיל, וואָס דו טוסט אַליין אָן מיר און אָן מיין קינד — גאָט זאָל דיר דאָס באַלוינען.

**פֿרעמדער** גאָט האָט מיר שוין באַלוינט טויזנט מאָל אַזויפֿיל, איך טו דאָ גאָר קיין איבעריקס נישט, איך טו נאָר וואָס איך בין מחויב צו טון; זעסטו ווי שיין עס איז גוטס צו טון? פֿיר דו דיך פֿון איצט אָן אויך גוט אויף, וועל איך אָן אַלעם פֿאַרגעסן וואָס דו האָסט געטון און וועל דיר אַזוי לאַנג, ווי גאָט ברוך הוא וועט מיר נאָר געבן, אויך גוטס טון.

**חווה** אָבער אָן מיר, בעל־בית־לעבן, האָט איר יאָ גאָר, גאָר פֿאַרגעסן, איר געדענקט שוין גאָר נישט אייער דינסט־מויד חווה? איר געדענקט שוין גאָר נישט די גוטע פֿלעדלעך וואָס איך פֿלעג אייך צו באַקן?

**פֿרעמדער** אַהאַ! חווה! וואָס מאַכסטו גוטס? ביי וועמען ביזטו אַצינד?

**הינדע** זי האָט מיך ביז איצט נאָך נישט אָפּגעטרעטן; זי האָט פראַווּדע נעבן מיר אויך קיין האָניק נישט געלעקט, אָבער מיך האָט זי נישט פאַרלאָזט, זי איז אַצינד ביי דער מומען.

**פרעמדער** צו חייהן נו, זיך דיר ערגעץ אויס אַ פיינעם חתן, וועסטו זען, אַז דו וועסט נישט האָבן אומזיסט געליטן. דעם נדן האָסטו ביי מיר.

**חווה** נעמט אָן חיימען ביי דער האַנט און פירט אים אַהין צו ר׳ דורן איך וועל שוין, בעל־בית־לעבן, אַזוי פרעגן, ווי איר האָט ר׳ שמעלקען געפרעגט — וועט מיר חיים אָנשטיין פאַר אַ חתן? ער איז אַן ערלעכער יונג און גאָר נישט פויל צו דער אַרבעט.

**פרעמדער** יאָ, האָסטו נאָר שוין אים געפרעגט, אויב דו וועכט אים אָנשטיין פאַר אַ כלה?

**חיים** אוי! אוי! אוי! וועט זי מיר דאָס אָנשטיין! נאָך דאָס איינע מוז זי מיר צוזאָגן — אַז זי זאָל שוין מער קיינמאָל נישט פאָרן אין וואַרעמבאָד אַריין.

**ר׳ יוחנן** צו חיימען מיט חווהן זעט עין, מיינע קינדער, דאָס איז אַ גליקלעכער שידוך, קומט מיין שמועה אָפּ, — איטלעכס טעפעלע געפינט זיין שטערצעלע. נאָר מיר קומט שדכנות, וואָרן איך זאָג אייך בהן שלי, אַז נאָך פאַר אַ וואָך דריי איז מיר דער שידוך איינגעפאַלן.

**פרעמדער** נו, נו, איך וועל אייך שוין פאַר אַלעם באַפרידיקן. אַצינד קומטס, קינדער! לאָמיר גיין אַריין צו ר׳ שמעלקען, און היינט ביינאַכט וועלן זיין אַלע דריי תנאים.

**ר׳ משה** איז ביז אַהער געזעסן שטיל פאַרטראַכט, איצט גייט ער צו ר׳ דידן און זאָגט גאַנץ רואיק נו, דוד־לעבן, דו האָסט שוין אַלין רעכט געמאַכט, מאַך זשע מיט מיר אויך אַן עק און באַשטראָף מיך שוין אַזוי ווי איך האָב פאַרדינט; וואָס דו ווילסט, טו מיט מיר, הייס מיך אויך איינפירן...

**פרעמדער** פאַלט אים אין די רייד אַריין: קום, איך וועל דיך שוין אַליין איינפירן! ער נעמט אַרום ר׳ משהן און קושט אים: קום, קום, משה! קום צו מיר אין הויז אַריין, דאָרט וועסטו, שוואָגער־לעבן, האָבן נחת און פרייד.

**ר׳ משה** פאַלט דעם פרעמדן אַרום דעם האַלז, וויינט זייער שטאַרק און קושט אים; ער וויל עטלעכע מאָל אָנהייבן צו רעדן און ווייזט מיט דער האַנט, אַז ער קען נישט אַרויסרעדן.

**פרעמדער** ווישט זיך אויס די אויגן און קושט ר׳ משהן: איך פאַרשטיי דיך שוין, שוואָגער־לעבן! קום נאָר, קום. קומטס, קינדערלעך, קומטס. עס וועט שוין מיט גאָטס הילף אַלץ רעכט זיין.

**ר׳ יוחנן** שרייט שטיל: זשע, קינדערלעך: מזל טוב!

**לאַמפּערטעס** שרייען: מזל טוב! מזל טוב!

**ירחמיאל** שרייט: מ־מ־מ־מ־מזל טוב!

**אַלע** גייען פּאַמעליך דורך דער טיר צו ר׳ שמעלקען אין הויז אַריין; דער פאָרהאַנג פאַלט אַראָפּ.

# אַ וואָרט דערנאָך

זענען דיר מיינע ווערטער
אויף זייער אַסך ערטער
זייער נישט גוט, זייער שלעכט געווען, —
טו איצט אַ שבֿועה, זיי נישט מער צו לעזן.

האָט עמעץ אָבער סערקעלע געליינט
און מיינט, איך האָב זי דערמיט געמיינט,
זאָל זי עס שוין דאָס אַנדערע מאָל נישט ליינען,
און איך וועל מיך אָסור נישט זעצן וויינען.

סוף פון דעם גאַנצן טעאַטערשטיק

# [דער פעטער פון אמעריקע]

## ערשטער אויפצוג

### ערשטער אַריינקום

לאה און מלכה זיצן ביי אַ טישל און נייען

**לאה** באַ, באַ, באַ, איך זאָל געווען רעמאָלט דעם שכל האָבן וואָס איך האָב אַצינד, העט אַוודאי אַנדערש געווען. מיר האָט זיך דאָך אָבער געדאַכט, אַז מיין איגענע מאַמע הייסט, אַז איך זאָל מיך גטן מיט משהן, פאַרשטייט זי אַוודאי בעסער פון מיר, אַז משה מוז טאַקע זיין אַ שלימזל, אַ צרה, אַ לייד, כאָטש עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז גאָר אַ וואונדער פון אַ יונגנמאַן — זי לאַכט איך מוז שוין לאַבן פאַר צרות. איך דערמאַן מיך אַזוי ווי היינט, ווי די מאַמע עליה השלום, זאָל אַ גוטע מליצה זיין, האָט איס צו להכעיס, ווייל ער האָט דאָס פיינט געהאַט, דווקא אַלע טאָג געקאָכט פענציק אונטער דער יויך. און כאָטש איך האָב דאָס אויך זייער פיינט, פלעגט זי מיך אָנצורעדן, אַז איך זאָל, איס צו להכעיס, דווקא אַסך עסן און זאָגן, אַז עס איז זייער וואויל. וואָס איז דער סוף געווען? איך בין קראַנק טאַקע געוואָרן דערפון. אַן אַנדערער העט געווען אויס מיר געלאַכט און נאָך אפשר אַ נקמה אויך געהאַט. העסטו אָבער נאָר געזאָלט זען, ווי ער איז געווען גאָר אויס מענטש. דאָס צאַפלען, דאָס פאָרען זיך אַרום מיר! אַ גאַנצע נאַכט איז ער געזעסן נעבן מיין בעט. מיט איין האַנט האָט ער מיר די פליגן אָפגעיאָגט, און מיט דער

אַנדערער האָט ער זיך די טרערן אָפּגעווישט. עס האָט מיך מער געאַרט זיין ווינען ווי מיינע ווייטאָגן. וואָס איז אָבער דער סוף געווען? ווי איך בין צו מיר געקומען, האָב איך געהאַט אַ פינסטערן סוף פון דער מאַמען — גאָט זאָל אירס דאָרט מוחל זיין — פאַרוואָס איך לאָז אים גאָר צו צו מיין בעט.

מ ל כּ ה  פאַרוואָס האָט זי דאָס אָבער אויף אים אַזוי אַן אומחן געוואָרפן? איך הער דאָך נאָך אַצינד אַלץ דערציילן וואָס פאַר אַ פיינער מענטש דאָס איז געווען. פאַרוואָס איז ער איר נישט געפעלן?

ל אַ ה  אַן אומחן רופסטו עס אָן? אַ שׂנאה ווילסטו זאָגן. זי האָט אים נישט געקענט אָנקוקן, זי האָט זיין נאָמען נישט געקאָנט הערן. און פאַרוואָס? עס האָט זי אַלין געאַרט, פלוצלינג, עס האָט זי פאַרדראָסן, וואָס ער מאַכט מיט מיר צו פיל מחוקות. דהיינו מאָל דיר, ער איז געווען זייער אַ שיינער פאַרשוין און קלוג, וואָס מען זעט דאָס גאָרנישט. דאָס גוטקייט איז אָבער נאָך מיין געווען פון אַלעם. עס איז געווען בּיי אים פשוט: עס האָט געמעגט זיין אַ פולע שטוב מיט געסט בּיי דער מאַמען, פלעגט ער זיך גאָרנישט אויף זיי אומצוקוקן און נישט צו שעמען, נאָר פּראָסטע צוצוגיין צו מיר און מיר זאָגן: „לאה־לעבן! מיין האַרץ, מיין קרוין, מיין גדולה!“ און מיך צו קושן גאָר פאַר אַלע אין די אויגן. עס איז אים גאָרנישט אנגעגאַנגען, וואָס די גרעסטע נגידותטעס פון שטאָט זיצן און קוקן. דאָס האָט דער מאַמען — זי זאָל מיר מוחל זיין — שטאַרק פאַרדראָסן. דאָס האָט בּיי איר געהייסן פאַרשאַרט, עזותקייט, אויסגעלאַסן. האָט זי זיך צולעצט מישב געווען און האָט געזוכט טענה־לעך צווישן אונז אָנצומאַכן אַ מחלוקת דורך דער גרעסטער קלייני־קייט, בּיז זי האָט איסגעפירט דאָס איריקע: מיר האָ'מיר זיך געמוזט גטן.

**מלכה** ווי הייסט, דו האָסט דיך געמוזט גטן? מען זאָגט דאָך, אַז צו אַגט טאָר מען נישט גייטן? און אַז דו האָסט אים נישט פיינט געהאַט, פאַרוואָס האָסטו ביי אים גענומען גט? לאָז די מאַמע זאָגן וואָס זי וויל, איך האָב ליב מיין מאַן און וויל מיך נישט גטן.

**לאה** מלכה־לעבן, דו ביזט גערעכט וואָס דו פרעגסט דאָס; וואָרן דו ווייסט נעבעך נישט, וואָס דאָס איז ליב האָבן אַ מאַמען; דו האָסט נעבעך דיין מאַמען עליה־השלום נישט געקענט. אָבער ווען דו זאָלסט וויסן, ווי מען האָט ליב אַ מאַמען, ווי מען מוז ליב האָבן אַ מאַמע, העסטו דאָס נישט געזאָגט. — מעגסט מיר גלויבן, אַז איך האָב משהן ליב געהאַט ווי מיין לעבן. איך זאָג דיר דעם אמת, איך האָב דעמאָלט אַליין גאָר נישט געוואוסט, ווי ליב איך האָב אים. איצט ווער איך ערשט געוואויר — דיר מעג איך עס זאָגן — אַז איך האָב אים ליב געהאַט און האָב אים נאָך זייער ליב. נאָר אַז מען איז אַלט פופצן יאָר און מען לעבט נישט אָן דער מאַמען איין מינוט, וואָס די מאַמע זאָגט איז געזאָגט, און די אַלטע מאַמע שטעלט זיך נאָך אַנידער וויינען, אַז משה וועט איר נאָך דעם טויט מאַכן, משה פאַרקירצט איר אירע יאָר, מוז מען טאַקע האָבן אַן אייזערן האַרץ, אַז מען זאָל קענען זאָגן: זאָג דו, מאַמע, וואָס דו ווילסט, וואָס גייסטו מיך אָן; איך האָב משהן ליב און קען דיך נישט פאָלגן. איין טרייסט איז מיר נאָר געבליבן, וואָס ער איז נישט קיין כהן...

**מלכה** איז דען גאָר קיינער נישט געווען, וואָס זאָל זי אָפּווענדן און איר אַ ביסל אויסרעדן?

**לאה** ווער האָט איר געזאָלט אויסרעדן, און ווער האָט איר געקענט אויסרעדן? ביי איר האָט קיינער קיין דעה נישט געהאַט, נאָר דער איינציקער פעטער בנימין; אים האָט זי זייער ליב גע־

האַט, און ער האָט געגוג אין איר און אין מיר אַריינגערעדט; ער האָט מיך נעכעך טויזנט מאָל געוואָרנט: „לאה!, פלעגט ער צו זאָגן מיט זיינע קאַטאָוועסלעך: לאה, זע, דו וועסט פאָלגן די מאַמען און וועסט דיך גוט מיט משהן, דערנאָך וועסטו זיצן אין שויצן און וועסט פאַרזיצן, ביז דו וועסט צו גאָרנישט ניצן". וואָס האָט דאָס אָבער געהאָלפן; ער איז נאָר אַוועק פון אונז, איז תיכף די אַנדערע וואָך געווען דער גט. און אומשטיינסגעזאָגט, אַזוי ווי ער האָט מיר דעם חלום פותר געווען, איז ער טאַקע מקיים געוואָרן; איך זיץ און שווין טאַקע.

מלכּה וויסט, דעם פעטער בנימין העט איך גערן געקענט, איך זאָג דיר, אַז מע שמועסט פון אים און מע דערציילט זיינע קלוגע ווערטלעך און זיינע מעשהלעך וואָס ער פלעגט צו טון, ווער איך אַזוי טשעקאַווע און זשאַלעווע, וואָס איך קען אים נישט.

לאה. נו, נו, וואָס ווילסטו? וועסט אים באַלד קענען; עס איז שוין דריי חדשים, אַז ער האָט אַהער געשריבן צו אונז, אַז ער האָט נעבעך אַ גרויס אומגליק געהאַט; דאָס פאַרמעגן האָט ער אָנגעוואוירן און איז געבליבן נאָר אין איין העמד. אַצינד וויל ער אַהיים קומען; ער קען דאָרט אין אַמעריקע נישט בלייבן, ווייל ער איז געבליבן אַ גרויסער בעל־חוב. אַ שאָד, כּ'לעבן! וואָס פאַר אַ וואוילער מענטש דאָס איז געווען! זיין קלוגקייט, זיין גוטקייט! מיט מיין משהן האָט ער געלעבט ווי צוויי ברידער. און דערצו פלעגט ער צו זיין תמיד לוסטיק. עס איז נישט געווען אַ מענטש וואָס זאָל אים פיינט האָבן, וואָרן ער האָט אויך קיינעם נישט פיינט געהאַט.

מלכּה אַזוי! ועסטו, און איך קען איינעם, וואָס ער איז אים נאָך אַ שונא.

**לאה** איך ווייס אויך, פּישלען מיינסטו. וועמען איז דען פּישל נישט קיין שונא? ער האָט דאָך די גאַנצע וועלט פיינט. איך געדענק, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין מיידל, פלעגט מיך דער פעטער בנימין אָנצונעמען ביים קליינעם פינגערל און צו זאָגן: „וואַרט, איך וועל זען, אויב דו ווילסט אַ חתן".

**מלכּה** ווי אַזוי האָט ער דאָס געקענט ווייסן?

**לאה** גיב אַהער די האַנט, וועל איך דיר ווייזן ווי אַזוי (זי נעמט זי אָן ביים קליינעם פינגער) זעסטו, אַז מען גיט אַ קוועטש ביים קליינעם פינגערל, און מען שרייט „אוי!", איז אַ סימן, אַז מע וויל אַ חתן. און אַז נישט, וויל מען נישט. (זי גיט איר אַ קוועטש.)

**מלכּה** (שרייט הויך) אוי! אוי! אוי!

**לאה** זעסטו, דו ווילסט אַ חתן.

**מלכּה** נו יאָ, מען מוז דאָך שרייען; עס טוט דאָך וויי.

**לאה** (לאַכט) איך האָב אויך געשריגן, ווייל עס האָט מיר וויי געטאָן, אָבער אַ חתן האָב איך אויך געוואָלט האָבן ווי אַצינד.

**מלכּה** ווי לאַנג איז שוין, אַז דער פעטער איז אַוועק פון הי?

**לאה** שוין דאָס אַכטע יאָר. יאָ, יאָ, אַקוראַט צען טעג נאָך שבועות וועט ווערן אַכט יאָר, אַז מיין גט איז געווען.

**מלכּה** ווי אַלט איז ער דעמאָלט געווען, אַז ער איז אַוועק?

**לאה** דער פעטער האָט דעמאָלט געמוזט אַלט זיין אַן ערך פון 17 יאָר.

**מלכּה** איז ער אַצינד מער נישט אַלט ווי פינף און צוואַנציק יאָר?

לאה  אַוודאי איז 17 און אַכט אַלע מאָל 25. נאָר וואָס רעכנסטו אַזוי ערנסט נאָך זיינע יאָר, גלייך דו העסט אים גע־וואָלט נעמען פאַר אַ חתן? הלוואַי ער העט געהאַט אַזוי ערנסט זיין פאַרמעגן גערעכנט, העט ער אַצינד נישט געדאַרפט אַהיים צו קומען.

מלכּה  וואָס אַרט עס דיך אַזוי, וואָס ער קומט אַהיים?

לאה  און דיך אַרט דאָס נישט, וואָס ער קומט צוריק אַזוי אַ ווייטן וועג פון אַמעריקע?

מלכּה  ניין, אָסור! איך זאָג דיר דעם אמת. איך האָב אַפילו אַ גרויסע הנאה וואָס ער קומט. גוט, איך וועל אים אויך קענען. אַדרבא, לאָמיך אויך וויסן, ווער עס האָט רעכט: צי עַיִן, וואָס עַין ליבּט אים, צי פּישל, וואָס ער שענדט און שעלט אים טאָג און נאַכט.

לאה  אַוודאי האָט ער געדאַרפט די עטלעכע גילדן אָנ־צווערן און אַהיימצוקומען פון דיינעטוועגן, אַז דו זאָלסט אים קע־נען. שיינע עטלעכע גילדן האָט ער דאָס אַ ביסל אַנידערגעלייגט; די גאַנצע ירושה פון דעם עלטער־פעטער ר' שמחה עליו־השלום.

מלכּה  איך בעט דיך, לאה־לעבן, דערצייל מיר אויך, ווי אַזוי איז דאָס עפּעס געווען מיט דער ירושה פון דעם פעטער ר' שמחה?

לאה  וואָרן דו ווייסט נישט?

מלכּה  פון וואַנעט זאָל איך דאָס וויסן; איך בין דאָך פון קינדהייט אויף נאָר ביים טאַטן אויף דעם דאָרף געווען, און דער טאַטע זאָל לעבן האָט גאָר קיינמאָל ניט געשמועסט פון קיין ירושה. ער האָט נאָר אין זין די פעלדער, ווען מען זאָל אַקערן, וואָס מען זאָל זייען, ווען מען וועט שניידן, היינט ווידער די בהמות,

די שאָף, ער האָט גאָר קיין צייט אַפילו נישט געהאַט אין זין צו האָבן אַ ירושה. נאָר תּמיד, אַז מיר פלעג'מיר אַמאָל אַהער אין שטאָט אַריינצוקומען, פלעג איך תּמיד נאָר צו הערן, ווי די משפּחה רייסן און קריגן זיך איבער דעם פעטער ר' שמחהס ירושה, און פישל שעלט דעם פעטער בנימין מיט די ביטערסטע קללות. און אַז מיר פלעג'מיר אַהיימצופאָרן, פלעגט דער טאַטע תּמיד צו זאָגן, אַז עס איז אים נמאס אין שטאָט אַריינצוקומען צו דער משפּחה, ווייל ער קען נישט צוהערן דאָס געקריגעריי וועגן דער ירושה. —

ל א ה  אַז דו ווייסט יאָ נישט, וועל איך דיר דערציילן. זעסטו, דער עלטער-פעטער ר' שמחה איז געווען אַ גרויסער אַדיר, איך זאָג דיר, גאָר אַ מיליאָנער. ער האָט געוואוינט אין אָדעס, וואָרן ער האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסע קאַנטאָר. מיטאַמאָל האָט ער זיך עפּעס אין משא-ומתּן זייער פאַרטיפט, און עס האָט אים אָנגעהויבן זייער שלעכט צו גיין. עס איז שוין געווען אַ שם אומע-טום, אַז ער מוז אָנזעצן. האָט ער זיך מישב געווען און האָט אַהער געשריבן צו דער משפּחה, ווייל ער פלעגט זיי תּמיד גרויסע טובות צו טון, און זיי זיינען אויך גרויסע עשירים געווען, אַז זיי זאָלן אים העלפן מיט עטלעכע טויזנט קערבלעך אויף אַ צייט, אָדער זיי זאָלן מיט אים חברותא מאַכן, כּדי ער זאָל זיך קענען ראַטעווען און בלייבן אַן ערלעכער מאַן. דו קענסט דאָך אָבער אונזער משפּחה. ער האָט געשריבן איין בריוו נאָך דעם אַנדערן, און זיי האָבן זיך גאָרנישט געמאַכט הערן. פּלוצלינג האָט זיך דער פעטער בנימין פון דער העלער הייט מישב געווען און האָט גאָר קיינעם אום קיין דעה נישט געפרעגט, קיין טאַטע-מאַמע האָט ער נישט געהאַט, אַ בחור אַ געשיקטער איז ער געווען, עטלעכע טויזנט קערב-לעך האָט ער פאַרמאָגט, און איז זיך גאָר אומגעריכט אַוועקגעפאָרן צום פעטער קיין אָדעס.

**מ ל כּ ה** זעסטו, איך האָב תּיכּף געחאַפּט, אַז ער וועט אַזוי טון, איך האָב מיך דאָס תּיכּף געשטויסן.

**ל א ה** הער־זשע אויס ווייטער! ווי ער איז געקומען קיין אָדעס, האָבן זיי תּיכּף חברותא געמאַכט, און בּנימין האָט אָנגעהויבן מיט זיין קלוג קעפּעלע די געשעפטן צו פירן. קורץ, אַזוי לאַנג און אַזוי בּרייט, ער האָט דעם פעטער ר' שמחה אַרויסגעדרייט פון אַלע צרות, און ער איז געוואָרן נאָך מער מיליאָנער ווי פריער. דערווייל האָט זיך דער פעטער ר' שמחה גאָר פון אַלעם מישב געווען און איז זיך אַ ביסעלע געשטאָרבן. קיין ווייב און קינד איז נישט געבליבן נאָך אים, און טויזנטער געלד האָט ער איבערגעלאָזט. העט'מיר דאָך אונז איינגעטלעך געדאַרפט צו זיין די יורשים. הייבט זיך אויף מיין גוטער בּנימין און לאָזט זיך גאָר אַראָפּ קיין אַמע־ריקע און ווייזט דער גאַנצער משפּחה צוואַנציק פייגן. עס איז דאָ געוואָרן זייער אַ גרויס געראַש און אַ גערודער צווישן דער משפּחה. זיי זיינען געלאָפן אין אַלע סאָנדעס אַריין, זיי האָבן געשריבן און געאַרבעט און זיך געלאָזט זייער אַ סך געלט קאָסטן. וואָס העלפט דאָס אָבער? הענג דעם גנב, אַז ער איז נישטאָ.

**מ ל כּ ה** וואָס רופסטו אים נאָך גנב?

**ל א ה** וואָס דען? פאַרוואָס זאָל דאָס אים די קישקע אומ־זיסט אַרויסקריכן? די אַנדערע שוועסטערנקינדער און ברידערנקינדער זיינען דאָך אַזוי גוט יורשים ווי ער. נאָר זעסטו, וואָס גאָט קען; אונז גייט עס טאַקע בּרוך־השם אַלע זייער גוט, און ער איז טאַקע אַ קבצן — וואָס עס איז באַשערט, איז טאַקע באַוועגט.

**מ ל כּ ה** און איך זאָג דיר, אַז איך האָב גרויס רחמנות אויף אים. אַצינדערט, נאָך דעם פעטערס טויט, זענט עין אַלע געוואָרן ברידערנקינדער און שוועסטערנקינדער. פאַרוואָס האָט עין אייך גאָרנישט ווייסנדיק געמאַכט פריער, ווען ער האָט שיר נישט אָנ־

געזעצט? גיי, דו ביסט בּלעבּן אומגערעכט.. פאַר זיין גוט האַרץ. וואָס ער האָט דעם פעטער ר' שמחה אַליין אַרויסגעהאָלפן פון אַלע צרות, רופסטו אים נאָך גנב און שעלסט אים נאָך מיט קיש־קעס אַרויסקריכן. איך האָב מיך דאָס אויף דיר, לאהלע, אָסור גאָרנישט געריכט, אַז דו זאָלסט אַזוי שמועסן. דאָס שטייט אָן פּישלען, אָבער נישט דיר; דו האָסט דאָך עפּעס אַ שם פאַר אַ גוטע.

**לאה** נו יאָ, ווי זאָגט מען אָבער נישט: הונט, טייוול, מענטש — נאַטס איך עפּעס. פאַרוואָס קומט דאָס אים די גאַנ־צע ירושה?

## צווייטער אַריינקום

### לאה, מלכּה, ר' זונדל

**ר' זונדל** קומט פּלוצלינג אַריין און גיט אַ לויף איבער דער שטוב: ר' בּעריש נישטאָ?

**מלכּה** און **לאה** גיבן זיך אַ שטעל אויף מיט דערשרעק;

**לאה** צו מלכּהן ווי געפעלט דיר דער? דאָס הייסט אַ בּיסל אַן אַריינקום!

**מלכּה** ווייסטו, איך האָב מיך אַזוי דערשראָקן, אַז דאָס האַרץ פּלאַטערט אין מיר.

**ר' זונדל** גייט צו נאָענט צו איטלעכער באַזונדער און קוקט איר אין פּנים אַריין העט ר' בּעריש נישטאָ? אַלע שווייגן שטיל נו, זענט עך טויב צו שטום? — ר' בּעריש דאָ, צי ניין?

**לאה** איר זעט דאָך, אַז ער איז נישטאָ.

**ר' זונדל** קוים אַמאָל, אַז די ענטפערסט, קוים אַמאָל

אַז דו האָסט דאָס פּיסקל געעפנט. נו יאָ, איך זע, ער איז נישטאָ, איך מיין אָבער טאַקע מיט דעם דאָזיקן דאָס, אייב ער איז אין אמת נישטאָ.

**מלכּה** אַז מ׳זאָגט אייך, אין איר זעט אַליין אייך, אַז ער איז נישטאָ, וואָס פרעגט איר דאָ צוואַנציק מאָל?

**ר׳ זונדל** צוואַנציק מאָל? דו, מיין קינד, ביזט גאָר אַ בהמהלע; דו קענסט נאָך קיין צוויי נישט ציילן. איך מיין דאָס קעגן דעם דאָזיקן דאָס, איך האָב ערשט געפרעגט צוויי מאָל, און צוויי איז נישט צוואַנציק. און אַז איך פרעג, דאַרף איך מסתמא עפּעס וועגן אַן עסק.

**לאה** נו, ער איז דאָך אָבער פאָרט נישטאָ, וואָס זאָל מען אייך טון?

**ר׳ זונדל** ביסט ג׳רעכט מיין קינד! יאָ, איך פרעג דאָך דיך אָבער, מיין קינד, וואו איז ער, וואו?

**לאה** ווייס איך, וואו ער איז? ער זאָגט דאָך אונז נישט אָן, וואו ער גייט.

**ר׳ זונדל** נו יאָ, איך ווייס, איך ווייס דאָס. איך מיין אָבער קעגן דעם דאָזיקן דאָס, ווען וועט ער אַהיימקומען?

**מלכּה** אונז ווייס׳מיר גאָרנישט, גאָרנישט: נישט וואו ער איז געגאַנגען, נישט ווען ער וועט קומען; אַ כּלל, אונז ווייס׳מיר גאָרנישט. קומט זייט מוחל שפּעטער!

**ר׳ זונדל** נו, נו, מיין לעבן, בייזער דיך נישט אַזוי! נו נו, אַז ער איז נישטאָ, איז ער נישטאָ. איך מיין דאָס קעגן דעם דאָזיקן דאָס, אַז דו ווייסט נישט, ווייסטו נישט. ער נעמט זיך אַ שטול און זעצט זיך אַנידער.

**מלכּה** צו לאהן אין דער שטיל אָט אָ דאָס איז אַן אָנגעשיקטע קרענק.

**לאה** צו ר' זונדלען צי איר ווילט דאָ וואַרטן אויף מיין ברודער?

**ר' זונדל** אַז דו שטויסט דיך, האָב איך אַ הנאה, מיין קינד!

**לאה** איך בין מסופק, אויב איר וועט גאָר קענען דערוואַרטן אויף אים.

**ר' זונדל** ביזט אַ נאַרעלע, מיין קינד! ווי הייסט? איך מיין נאָר אַקייגן דעם האָזיקן דאָס, ער וועט דאָך מוזן אַמאָל אַהיימ־קומען אויך.

**לאה**, אַוודאי וועט ער אַהיימקומען, נאָר וועט איר דען דאָ אַזוי לאַנג וואַרטן?

**ר' זונדל** וועסט דאָך זען, מיין קינד.

**מלכה** צו לאהן אין דער שטיל פרעג אים נאָר, וואָס ער דאַרף דאָס אַזוי געניטיק, טאָמער וועל'מיר אים קענען אַזוי פטור ווערן.

**לאה** צו מלכהן אין דער שטיל אַוודאי וועל איך מיך נאָך שטעלן דאָ מיט אים איינטענהן. לאָז ער זיצן: איך וועל אים אָפּ־טרעטן.

**ר' זונדל** זינגט זיך אַ חסידיש ניגונדל, נעמט אַרויס אַ לולקע־ציבעך, ליינט זי אָן מיט טיטון און שלאָגט אויף פייער נאָך דעם טאַקט פונעם ניגון.

**מלכה** קען זיך ניט איינהאַלטן פאַר לאַכן, לויפט צו דער טיר און לאָזט אַרויס אַ גרויס געלעכטער און לויפט אַוועק.

## דריטער אַריינקום

### לאה, ר׳ וונדל

**ר׳ וונדל** קוקט איר נאָך מיט כעס אַ העזה דאָס איז, נאַ! — אַ חוצפּה דאָס איז, באַ! ער שלאָגט ווייטער פייער ווער איז דאָס די חוצפּה? ווער איז דאָס די דינסטשיקסע, הע?

**לאה** האָט מיר נישט פּאַראיבל, דאָס איז נישט קיין חוצפּה און נישט קיין דינסטשיקסע; דאָס איז מיין געשוועסטערקינד.

**ר׳ וונדל** דיין געשוועסטערקינד? נו יאָ, מיין לעבן, פּאַרוואָס האָט זי זיך אַזוי צעלאַכמערט? ווייסטו אָבער, מיין קינד, ווער איך בין? איך בין ר׳ וונדל מלמד. איך קנעל שוין דעם דריטן זמן ביי דיין פעטער דעם פּראַמפּאָליער רב — פּאַרשטייסטו, מיין ווייבעלע? — און בין, איך מיין קייגן דעם דאָזיקן דאָס, אַ שדכן אויך. ער רייכערט.

**לאה** אַזוי, איר זענט דאָס ביים פעטער אין הויז?

**ר׳ וונדל** ווי הייסט אין הויז? איך בין אין הויז, אין שטוב און אומעטום, מיט דעם דאָזיקן דאָס, וואו עס גלוסט זיך מיר. ניין, ניין, ביים פעטער לאַכט מען נישט אויס מיר. ניין.

**לאה** איך גלייב אייך; וואָס האָט מען אויס אייך צו לאַכן?

**ר׳ וונדל** רעדט און רייכערט ווי הייסט מע האָט נישט אויס מיר צו לאַכן? לאָז מען נאָר אַמאָל פּרוּוון און יאָ לאַכן! מיינע תלמידים זענען אויך גרויסע שקצים און לאַכן אויך. אָבער אַז איך גיב אַ פּאַטש אין פּרעסער אַריין, לאַכט מען שוין נישט, הע? איך מיין דאָס נאָר קייגן דעם דאָזיקן דאָס, אייך ווייבעלעך און מיידעלעך קען אַזוי אַ שדכנדל ווי איך אייך דערלאַנגען אַ פּעטשעלע.

און הייסט, מיין קינד, ווי אזוי? אַ שדכן קען אויספירן און קאַליע מאַכן אַ שידוך אויך. פאַר אַ שדכן מוז מען תּרבות האָבן, בפרט אַ גרושה. קען אַמאָל, אַז דער שדכן וויל, פאַרוויצן אייך. פאַר־שטייסטו מיך, מיין קינד?

**לאה** אויב איך פאַרשטיי! איך פאַרשטיי דאָס גאַנץ גוט.

**ר' זונדל** גייט נענטער אַהין צו לאהן, נעמט אַרויס אויס דער קעשענע אַ ביכל מיט אַ רעמעטל אַרומגעבונדן, ער בינדט עס אויף און לייענט

זאָג נאָר, מיין קינד: דו הייסט לאהלע?

**לאה** יאָ.

**ר' זונדל** ביזט אַ גרושה?

**לאה** יאָ.

**ר' זונדל** האָסט דיין אייגנס אַ האַלב הויז, אַכצן הונדערט קערבלעך און פאַר זיבן הונדערט קערבלעך צירונג און זילבער?

**לאה** יאָ.

**ר' זונדל** גיט איר אַ קניפּ אין דער באַק אַריין. ביזט אַ פיין ווייבעלע, כ'לעבן!

**לאה** רוקט זיך אַוועק פון אים.

**ר' זונדל** נישקשה, מיין לעבן, איך מיין נאָר קיינן דעם דאָזיקן דאָס, איך ריכט מיך מאָרגן, אם ירצה־השם, צו האָבן פון דיינעטוועגן זייער אַ פיינעם שידוך.

**לאה** לאַכט ווי הייסט ערשט מאָרגן, פאַרוואָס נישט היינט?

**ר' זונדל** ניין, מיין לעבן, היינט נאָך נישט. אָבער מאָרגן וועט עס, מיט גאָטס הילף, שוין קענען זיין.

**לאה** וואָס איז דאָס? איר דאַרפט בוודאי ערשט צו וואַרטן אויף אַ בריוו פון ערגעץ?

ר׳ זונדל ניין, מיין קינד, איך באַדאַרף צו דעם שידוך קיין בריוו ניט, וואָרן דאָס תתנדל איז אַ היגער.

לאה אַ היגער גאָר? נו, וואָס וואַרט איר דאָס ערשט אויף מאָרגן?

ר׳ זונדל איך וועל דיר זאָגן, מיין לעבן, עס איז דאָך פאַר דיר קיין סוד נישט, דו קענסט דאָך ר׳ זלמן ראָזנ־צווייגס זון דודל? נישט וואָר, אַ שיינער יונגערמאַן? איך מיין נאָר קיגן דעם דאָזיקן דאָס, נישט וואָר, אַ תכשיטיק בעל־ביתל?

לאה נו, וואָס ווילט איר פון ר׳ דודלען האָבן? ער האָט דאָך אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

ר׳ זונדל שווייג נאָר שטיל, מיין קינד, וועל איך דיר זאָגן. דודל האָט אַ ווייב, הייסט זי רעכעלע. זי איז אַפּילו, איך מיין קיגן דעם דאָזיקן דאָס, אַ פיין ווייבעלע געוועזן.

לאה ווי הייסט געוועזן? זי איז נאָך זייער אַ קינצלעך ווייבעלע.

ר׳ זונדל גיי, ביזט אַ נאַרעלע, מיין קינד! איך קום אַצינד פון דאָרטן. איך בין שטאַרק מסופק, אויב זי וועט שוין די נאַכט אויסהאַלטן; זי גוססט שוין באַלד. נישט וואָר, עס וועט אם־ירצה־השם זיין אַ גלייך שידוכל, העי?

לאה (ערשרעקט זיך) אוי! (אין דער שטיל צו זיך) אַצינד איז שוין צייט צו אַנטלויפן פון דעם רוצח. יאָ, ווי לאָזט מען אים אָבער איבער אַליין אין שטוב? (זי קוקט זיך אום) אָט, גוט, כ׳לעבן! מנשה קומט. געלויבט צו גאָט! איך וועל דעם גזלנס פטור ווערן.

## פערטער אַריינקום

### לאה, ר׳ זונדל, משה

**מנשה** *צו לאהן* לאהלע, גיי נאָר! עס רופט דיך דאָרט עפּעס אַ יידענע.

**לאה** *צו מנשהן אין דער שטיל* טאָמער קענסטו דאָ דעם שיינעם ייד אַרויספּטרן?

**מנשה** גיי דו נאַר, גיי! מלכּהלע האָט מיר שוין געזאָגט. *אין דער שטיל* איך קען דאָס שטיקל סחורה. ער וועט דאָ נאָך מיך בעטן, אַז איך זאָל אים אַרויסלאָזן פון דאַנען. זאָג דו נאָר דאָרט בערלען, ער זאָל אַזוי טון, ווי איך האָב געהייסן.

**לאה** *גייט אַוועק.*

## פיפטער אַריינקום

### ר׳ זונדל, מנשה

**מנשה** אַ! וואָס מאַכט איר גוטס? — געלייבט צו גאָט, מע זעט זיך געזונטערהייט.

**ר׳ זונדל** *זיצט, רייכערט, זינגט און קוקט נאָר אַוועק פון מנשהן.*

**מנשה** *זעצט זיך נעבן אים* וואָס הערט מען דאָרט עפּעס אין אייער ווינקל?

**ר׳ זונדל** *גיט אַ זיפץ און רייכערט ווייטער.*

**מנשה** ווי גייט עס אייך, מיין ליבער ר׳ טעכטערל?

**ר׳ זונדל** *קוקט זיך אום* צו וועמען שמועסט ער דאָס אַזוי? ווער איז דאָס דער ר׳ טעכטערל?

**מנשה** ע, ניין, נישט ר׳ טעכטערל, ר׳ זונדעלע האָב איך געוואָלט זאָגן. יאָ, יאָ, וואָס מאַכט איר גוטס, ר׳ זונדעלע?

**ר׳ זונדל** וואָס גייט דאָס דיך אָן, שקץ?

**מנשה** אָ! שקץ! וועמען מיינט איר דאָס, ר׳ זונדעלע? ווער איז אַ שקץ?

**ר׳ זונדל** צו דיר רעד איך און דיך מיין איך. (ער פאַרדרייט זיך פון אים.)

**מנשה** אַזוי? מיך מיינט איר דאָס. פאַרשטייט איר, איך האָב געמיינט, ווייל איך מיין קייגן דעם דאָזיקן דאָס, איך בין דאָך קיינמאָל נישט געוועזן אייער תלמיד מיט דעם דאָזיקן דאָס, בין איך נישט קיין שקץ מיט דעם דאָזיקן דאָס.

**ר׳ זונדל** (הייבט זיך אויף מיט בעס און זעצט זיך דאָ, וואו לאה איז געזעסן.)

**מנשה** (גייט צו אים אַהין) זאָגט מיר נאָר, מיין ליבער ר׳ זונדל, איר וועט נאָך אַלץ ביים פראַמפּאָליער רב זאָל לעבן?

**ר׳ זונדל** נו, יאָ! וואָס ווילסטו דען?

**מנשה** (בעט אים בלומרשט) איר זאָלט מיר געזונט זיין! קענט איר מיר ניט אַקליינע טובה טון?

**ר׳ זונדל** (מיט בעס) אַ טובה? וואָס איז, וואָס?

**מנשה** קענט איר מיר ניט זאָגן, וואָס מאַכט דאָרט צאָרטל די מויד? איר קענט דאָך איך זייער גוט מיט איר. איך מיין נאָר, פאַרשטייט איר, קייגן דעם דאָזיקן דאָס.

**ר׳ זונדל** (מיט בעס תרבות.) די שקץ! די עזות־מחוצף־פנים! (ער שטעלט זיך אויף) פאַרשטייסטו, די גראָבער יונג? מיט מיר מוזטו וויסן, איך מיין נאָר קייגן דעם דאָזי... (ער כאַפּט זיך צוריק) מיט מיר, אַ שיינער ייד, אַ ייד אַ למדן, שמועסט מען נישט אַזוי, דו ווינער־יונג!

**מנשה** אַװדאי בין איך אַ פײַנער יונג, נאָר װאָס זאָל איך טון? קיין תּורה קען איך מיט אײך נישט שמועסן, װאָרן זייט דער מלאך האָט מיר אַ שנעל געגעבן, האָב איך גאָר דאָס ביסל תּורה פאַרגעסן. אָבער פון צאָרטלען, איבּ איר װילט, װעל'מיר אַ ביסעלע שמועסן... ער גייט זיך נעמען אַ שפּול און מאַכט ווי אַ קאַץ „מי-יאָ!"

**ר' זונדל** דערשרעקט זיך און האָרכט. מען הערט הינטער דער טיר קװיטשען „מי-יאָ".

**מנשה** װאָס די קעץ װאָיעװען! ער קוקט אַרונטער די קאַנאַפּע אַהאַ! דו ביזט דאָס! איך האָב מיך טועה געװען; דאָס זענען נישט קיין קעץ.

**ר' זונדל** נישט קיין קעץ? געלויבּט צו גאָט! איך האָב מיך דערשראָקן; איך האָב געמיינט, עס זענען דאָ ערגעץ קעץ.

**מנשה** ניין, האָט גאָר קיין מורא נישט, מיין ליבּער ר' זונדעלע! דאָס זענען נישט קיין קעץ, נאָר קאָטערס. װאַרט איר דאָ, ר' זונדל לעבּן, איך װעל נאָר גיין דעם שװאַרצן קאָטער ברענגען עפּעס צו עסן! ער װייל בלומרשט אַװעקגיין און מאַכט ווי אַ קאַץ „מי-יאָ".

מען הערט הינטער דער טיר קװיטשען „מי-יאָ".

**ר' זונדל** באַהאַלט געשווינד די לולקע אין קעשענע אַריין נו, עס האָט אַפּנים, איך װעל מיך דאָ נישט דערװאַרטן אויף ר' בּעריש; איך װעל אויך שוין אַװעקגיין.

**מנשה** צו זיך אין דער שטיל אַהאַ, דאָ איז דער הונט באַגראָבן! הויך הע! װאָס איילט איר אײך אַזוי? בּלייבּט נאָך דאָ אַ ביסל! דער בּעל-הבּית קומט תּיכּף. ער פּאַרדרייט זיך פון אים און קװיטשעט „מי יאָ"

מען הערט הינטער דער טיר קװיטשען „מי-יאָ".

**ר׳ זונדל** לויפט צו דער טיר און וויל אַרויסגיין. ער קען נישט עפענען; זי איז פאַרשלאָסן מנשה־לעב! לאָז מיך אַרויס!

**מנשה** צו זיך איז אין דער שטיל אוי, נישט אַזוי געשווינד. הויך זיצט נאָך אַ ביסל אַנידער! איך וועל נאָר גיין דאָס ווייסע קאָטערל אַריינלאָזן צו דעם שוואַרצן קאָטערל, וועט איר הערן, ווי זיי וועלן דאָ אייך אָפּזינגען אַ שיין חסידיש ניגונדל.

**ר׳ זונדל** לויפט צו צו מנשהן און ציטערט איך בעט דיך, מנשה־לעב־קרוין, לאָז מיך אַרויס!

**מנשה** נו, זאָגט־זשע מיר, שבע איז עפּעס אַ פיין מיידל?

**ר׳ זונדל** ציטערט שבע? אוי!... נו יאָ! ער שטייט און קראַצט זיך.

**מנשה** נו, וואָס? נו יאָ?

מען הערט הינטער דער טיר קוויטשען „מי־יאָ״.

**ר׳ זונדל** נו יאָ, זי איז אַ פיינע מויד. לאָז־זשע מיך שוין אַרויס!

**מנשה** און אַ שיינע מויד? הע?

**ר׳ זונדל** נו יאָ.

מען הערט הינטער דער טיר „מי־יאָ״.

**מנשה** איך מיין אָבער קעגן דעם דאָזיקן דאָס, אַ קלוגע מויד, הע?

**ר׳ זונדל** לויפט ווידער צו דער טיר אוי ווי מיר געשען! נו יאָ, יאָ, יאָ!

**מנשה** גייט צו דער טיר ווער זאָל אַזוי געזונט זיין?

**ר׳ זונדל** נו, שוין, איך זאָל אַזוי געזונט זיין.

**מנשה** ניין, שווערט אייך, אַזוי ווי איר זענט אַ דאָזיקער דאָס!

ר׳ זונדל נו, נו, אַזוי ווי איך בין אַ דראָזיקער דאָס.

מנשה איצט גלייב איך איך, אַז איר זענט אַ מבין אויף אַ מויד, כאָטש מע מעג אייך אָן אַ שבועה אויך גלייבן. — (ער לאָזט אים אַרויס) גייט מיר געזונטערהייט צו אַלע דאָזיקע דאָס!

ר׳ זונדל (גייט אַ לויף אַרויס).

## זעקסטער אַריינקום

### מנשה · אַליין

(ער לאַכט) האַ, האַ, האַ, אַ הונט מיט אַ קאַץ האָבן קיינמאָל קיין שלום ניט, ער איז אַנטלאָפן ווי אַ הונט פון זאַק אַרויס. איך קען אים, דעם חסיד: איך האָב געוואוסט פון לאַנג, אַז מע קען אים גיכער אַ מורא מאַכן מיט אַ קאַץ ווי מיט אַ שיינער מויד. ער העט דאָ נאָך געוועזן גצזעסן צוויי שעה און אַלע חסידישע ניגונים אויסגעזונגען און אַ פולע שטוב מיט זיין פּאַסקודנע טיטון אָנגערייכערט. זעטס נאָר אָבער דאָס מיסט, וואָס ער האָט דאָ אָנגעמאַכט מיט דער לולקע! דער בעל־בית זאָל דאָ אַזוי אַריינקומען און דאָס זען, ווער העט געהאַט דעם שוואַרצן סוף? מנשה. און ער העט אַפילו גערעכט געווען; נאָך וואָס לאָז איך גאָר אַריין זעלכע קאַ־טשעלאַפּעס אין שטוב אַריין? איצט מוז איך נאָך אים נאָכקערן. (ער נעמט אַ באַרשט און קערט, און ווי ער קומט קעגן דעם שפּיגל, קוקט ער אין אים אַריין) גוט מאָרגן, מנשה! וואָס מאַכסטו גוטס? האָ׳מיר זיך לאַנג נישט געזען. וואָס טוסטו? קערסט אויס? גוט! אַז וועסט אַרבעטן, וועסטו האָבן. (ער קערט ווייטער) אַז מע אַרבעט נישט, האָט מען נישט. איך האָב מיר תמיד ליב אַ ראיה צו נעמען פון אַזוינעם וואָס אַרבעט. און אַז איך האָב מיר פון קיינעם שוין קיין ראיה נישט צו נעמען, אַרבעט איך און נעם מיר אַ ראיה פון מיר אַליין.

# זיבעטער אַריינקום

מנשה, ר׳ בנימין, משה ביידע אָנגעטון ווי אָרעמע לייט

**ר׳ בנימין** גאָט העלף אייך!

**מנשה** לאָז אייך גאָט העלפן! גייט געזונטערהייט! דאָ גיט מען נאָר ראש־חודש.

**ר׳ בנימין** צו זיך אין דער שטיל גוט! דער קען מיך נישט. צו מנשהן הייך נאָר ראש־חודש? און פון וואָס לעבט מען אָבער אַ גאַנצן חודש?

**מנשה** אַז מען אַרבעט, דאַרף מען נישט צו גיין בעטלען.

**ר׳ בנימין** און אַז מע קען אָבער נישט אַרבעטן?

**מנשה** אַז מען איז קראַנק און מען קען נישט אַרבעטן, גייט מען אין הקדש אַריין, און אַז מען איז געזונט אַ שטייגער ווי דער יונגערמאַן, וואָס איז דאָ ערשט אַריינגעקומען ער ווייזט אויף ר׳ בנימינען אין מען גייט פאָרט בעטלען, דעם זאָגט מען, אַז דאָ גיט מען נאָר ראש־חודש.

**ר׳ בנימין** און ראש־חודש?

**מנשה** גיט מען אים טאַקע: נאָר ווייסט איר וואָס מע גיט אים? מע גיט אים אַן עצה, ער זאָל גיין אַרבעטן, וועט ער האָבן צו עסן.

**ר׳ בנימין** אין דער שטיל צו זיך דער יונג געפעלט מיר.

**מנשה** נו, וואָס שטייט איר נאָך?

**ר׳ בנימין** קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן.

**מנשה** גייט צו אים צו האָט איר עפּעס מורא פאַר אַ קאָן?

ר׳ בנימין נײן.

מנשה און פאַר אַ מויד?

ר׳ בנימין פאַר אַ מיאוסער? יאָ.

מנשה קוקט אים שטאַרק אָן אָ וואַ! איר זענט דאָך עפּעס אַ וואוילער יונג! איר זעט מיר עפּעס נישט אויס ווי אַן אָרעמאַן. זאָגט, וואָס דאַרפט איר?

ר׳ בנימין קוקט זיך אום אײַך אַלע זײַטן. הער נאָר, אַז דו ווילסט יאָ נישט געבן ער נעמט אַרויס אַ קלײן בײַטעלע אויס דער קעשענע און וויײַזט עס מנשהן טאָמער וועסטו נעמען?

מנשה שטײט און קוקט אים אָן נעמען?... נעמען?... דאָס מוז מען זיך ערשט אַ ביסל מישב זײַן און פרעגן, פאַרוואָס איך זאָל נעמען און פאַרוואָס איר גיט מיר דאָס.

ר׳ בנימין פריער נעם צו, דערנאָך פרעג! „לעולם תּקח“, האָט אײנער אַמאָל געזאָגט.

מנשה קוקט אָן אַמאָל ר׳ בנימינען און אַ מאָל דאָס בײַטעלע הערט נאָר, מײַן ליבער ייד! אונז האָט מיר זיך בײדע טועה געווען. איך האָב מיך אין אײער פּנים טועה געווען, — איך האָב אײַך געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן מאַן, און איר האָט אײַך אין מײַן פּנים טועה געווען — איר האָט געמײנט, איך בין אַזוי אַ בחור ווי איר זענט.

ר׳ בנימין לאַכט איך זאָג דיר אָבער נײן; דו האָסט דיך אין מיר גאָרנישט טועה געווען. דו האָסט נאָר אין דעם אַ טעות, וואָס דו מײנסט, אַז איך בין מיך אין דיר טועה.

מנשה נו, זאָגט זשע, פאַרוואָס גיט איר מיר געלט? איך זאָג אײַך דעם אמת, איך בין אויך אַ נעמעראָוער, אָבער וויסן מוז איך, אויב עס איז פאַרהאַן ערלעכקײט.

ר׳ בנימין האָב קײן מורא נישט, נעם נאָר לעת־עתּה,

דערנאָך וועסטו הערן, פאַרוואָס איך גיב דיר; וועסטו דערנאָך די ברירה האָבן אויך צו געבן. נעם ברודער, נעם צו!

**מנשה** נאַ, איר זענט גערעכט. ער נעמט דאָס בייטעלע איצט זאָגט מיר, ווער זענט איר און וואָס ווילט איר? זעט איר, איך הייס מנשה און דין דאָ אין דעם הויז שוין זעקס יאָר. איך בין נאָר אַ פּראָסטער משרת, אָבער אַ גוטער ברודער; און דערצו נאָך אַזוינעם, ווי איר זענט ער ווייזט אויף דעם בייטעלע האָב איך ליב אַ טובה צו טון, נאָר פאַרשטייט איר, אויף אַן ערלעכן שטייגער. זאָגט־זשע מיר צום ערשטן, ווער זענט איר?

**ר' בנימין** איך בין איצט אַ משרת ביי אַ גרויסן סוחר און קום אַזש פון אַמעריקע און הייס בנימין.

**מנשה** דערשרעקט זיך פאַר שמחה בנימין? — ר' בנימין? — דער פעטער? — ער לויפט צו אים און וויל אים די האַנט קושן איך האָב מיך תיכף געשטויסן, אַז דאָס איז קיין אָרעמאַן נישט.

**ר' בנימין** כאַפּט אַוועק די האַנט לאָז געמאַך, מנשה! זיי נאָר שטיל, וואָרן איך באַדאַרף נאָך דאָ אַ סך מיט דיר צו רעדן, עס זאָל קיינער נישט הערן.

**מנשה** וואַרט, איך וועל לויפן זאָגן לאהלען.

**ר' בנימין** ניין, ניין, מנשה, מאַך קיין לאַרעם נישט. איך וויל מיט דיר פריער אַליין אָפּשמועסן. אָבער עס זאָל קיינער נישט וויסן וואָס מיר האָבן דאָ געשמועסט. מעג איך מיר פאַר־לאָזן אויף דיר?

**מנשה** אויף מיר? האָט קיין מורא נישט. איר קענט מיך נישט, איך קען אייך אָבער; און דאָס וואָס לאהלע און וואָס די גאַנצע שטאָט דערציילט פון אייך, איז שוין גענוג פאַר אַזוי אַ יונג ווי איך בין, אַז איך זאָל אייך געטריי זיין און טון וואָס אייער האַרץ ווינטשט.

**ר׳ בנימין** נו, איך באַדאַנק מיך בײַ דיר, וואָס דו האָסט אַזױ אַגוטע מײנונג פון מיר. נאָר זע, עס זאָל נאָר אַלץ בלײַבן בסוד, וואָס איך װעל דיר דאָ זאָגן.

**מנשה** זאָגט, ר׳ בנימין-לעבּ, וואָס איר װילט. עס װעט בלײַבן בסוד װי בײַ אײך אַלײן.

**ר׳ בנימין** מנשה, דו װײסט, אַז איך בין געװעזן אַ גרױסער עושר?

**מנשה** אױב איך װײס! און אַצינד?

**ר׳ בנימין** װײזט מיט דער האַנט אױף זײַנע קלײדער װי דו זעסט, אַן אָרעמער משרת.

**מנשה** גיט זיך אַ כאַפּ אָן בײַם קאָפּ אַ משרת, אַזױ! איך בין אַװעק! דער רײַכער פעטער בנימין! ער קוקט אים אָן מיט רחמנות און װישט זיך אױס די אױגן אַ משרת! נעבעך!

**ר׳ בנימין** איך האָב אָנגעװאױרן גאָר מײַנע עטלעכע גילדן אין אַמעריקע און האָב אַפילו נישט געהאַט אױף הוצאות אַהײמצוקומען. האָב איך מיך געמוזט שטעלן פאַר אַ משרת בײַ —— בײַ —— ר׳ שמואלן, װײַל איך האָב געהערט, אַז ער פאָרט אין דעם געגנט אַרײַן.

**מנשה** נעמט אַרױס דאָס בײַטעלע און װיל עס אים צוריקגעבן נעמט דאָס, זײַט מוחל, צוריק! איך באַדאַרף עס, געלױבט צו גאָט, נישט.

**ר׳ בנימין** שמײכלט לאָז געמאַך, מנשה! דאָס באַהאַלט, דאָס איז דײַן. איך גיב דיר דאָס נישט, נאָר מײַן בעל-בית.

**מנשה** אײַער בעל-בית? פון װאַנעט קען מיך אײַער בעל-בית? און פאַרװאָס גיט ער מיר געלט?

**ר׳ בנימין** באַהאַלט נאָר דאָס און הער מיך אױס. הערט מען נאָר נישט פון די אַנדערע שטובן װאָס מע רעדט דאָ?

מנשה ניין, נישקשה! זאָגט, זאָגט וואָס איר ווילט.

ר' בנימין צום ערשטן זאָג מיר, האָט לאהלע שוין חתונה געהאַט?

מנשה ניין, זי זיצט נעבעך נאָך.

ר' בנימין רעדט מען איר עפּעס שידוכים?

מנשה טאָג און נאַכט. מע האָט איר שוין אפשר הונ־דערט שידוכים אָנגעשלאָגן, און אַלע זייער וואוילע, ווי די וועלט זאָגט. וואָס העלפט דאָס אָבער? זי זוכט אויס בײַ איטלעכן שידוך עפּעס אַ חסרון, און צום סוף ווערט נישט דרויס.

ר' בנימין און מלכּהלע וואָס מאַכט?

מנשה אָ, זי האָט דאָס געגעבן אַ וואַקס אונטער, ווי אויף הייוון, דאָס זאָלט איר זען, איז דאָס געוואָרן אַ קינצלעך מיידל! און ווי גוט און ווי קלוג! עס איז אַ תּענוג מיט איר צו שמועסן.

ר' בנימין איז זי שוין אַ כּלה?

מנשה דער איז איך נישט צוצוקלייבן קיין חתן.

ר' בנימין און ווי גייט דאָס דאָ דער איבעריקער משפּחה?

מנשה עס גייט זיי, ברוך־השם, אַלע זייער גוט; זיי זענען אַלע די גרעסטע נגידים אין דעם ווינקל. אוי, הלוואי אויף אייך געזאָגט כאָטש די העלפט וואָס איטלעכער פאַרמאָגט! ניין, מיר דאַכט זיך, אַז זיי וועלן אייך נישט לאָזן זיין קיין משרת; זיי וועלן אייך אַוודאי העלפן מיט אַלעם וואָס מעגלעך איז. און איצט נעמט אייך צו דאָס בײַטעלע אויך.

ר' בנימין ניין, באַהאַלט דאָס אין קעשענע אַריין. דאָס שיקט דיר מיין בעל־בית פאַר דעם, אַז דו זאָלסט מיר אַלעמאָל נאָכריכט געבן, וואָס דו וועסט נאָר הערן דאָ שמועסן אין דעם הויז; וואָרן ער איז אַ יונגער אלמן, אַ גרויסער אַריר, און זייער

אַ פּיינער מענטש דערצו. ער זוכט איצט אַ כּלה. און האָט חשק מלכּהלען צו נעמען.

**מנשה** אוי, כ׳לעבּן אַ גלייכער שידוך!

**ר׳ בנימין** איצט באַדאַרף ער אָבער אַלעמאָל צו וויסן, וואָס מען וועט דאָ זאָגן דערצו. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה, אַז איך זאָל מיט דעם הויז-משרת באַקענט ווערן און אים בעטן, אַז ער זאָל אַלעמאָל מיר צו וויסן טון וואָס מען וועט דאָ זאָגן.

**מנשה** איז זיך אַ ביסל מישב עס איז פּראָוודע אַ ביסל נישט רעכט אָפּצודערציילן וואָס אין שטוב טוט זיך, נאָר איך איך, ר׳ בנימין-לעב, דאַכט זיך מיר, מעג מען זיך פאַרלאָזן, אַז איר ווילט אַוודאי טון נאָר גוטס פון דער משפּחהס וועגן און פון מלכּהלעס וועגן. ווען איר וועט זי נאָר זען, וועט איר אַליין זען, אַז דאָס מיידל פאַרדינט, אַז מען זאָל איר גוטס טון. און דאָס געלט, וואָס אייער בעל-בית שיקט מיר, איז כ׳לעבּן גאָרנישט נייטיק, וואָרן פון אייערטוועגן וועל איך אַליין טון אָן געלט איך. ער דערלאַנגט אים ווידער דאָס בייטעלע.

**ר׳ בנימין** גיי, ביזט אַ נאַר! נעם צו! לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז דו ביסט אַ שדכן.

**מנשה** נו, קומט דאָך אייך די העלפט שדכנות.

**ר׳ בנימין** איך האָב שוין מיין חלק פריער אָפּגענו־מען. נעם צו און באַהאַלט.

**מנשה** נו, אַז איר ווילט דווקא, ער באַהאַלט דאָס בייטעלע. וועל איך שוין צונעמען. נאָר מוז איך אייך זאָגן, אַז דער שידוך וואָס איר זאָגט דאָ וועגן מלכּהלען וועט נישט קענען אַזוי גרינג ווי איר מיינט אויסגעפירט ווערן.

**ר׳ בנימין** פאַרוואָס?

**מנשה** קענט איר דעם גוטן ר׳ פישלען? ער וועט נישט צולאָזן דעם שידוך.

**ר׳ בנימין** פאַרוואָס?

**מנשה** ווייל ער וויל, אַז זי זאָל אַ כּלה ווערן מיט זיין שמחהלע. און איר קענט דאָך ר׳ פישלען אַוודאי גוט און ווייסט, וואָס דאָס פאַר אַ מענטש איז. אַז ער וועט זיך איינשפּאַרן, וועט די גאַנצע משפּחה בוודאי נישט וועלן דערקייגן זיין.

**ר׳ בנימין** נישקשה, טו דו נאָר דאָס דייניקע און האָרך אַלץ, ווען מען וועט דאָ שמועסן. אונז וועל׳מיר זיך שוין אַן עצה געבן. דאָס ערשטע וואָס דו האָסט צו טון איז, אַז דו זאָלסט מיר שיקן עפּעס אַ שדכן, וואָס ער זאָל דעם שידוך אָנשלאָגן.

**מנשה** אַ שדכן איז שוין דאָ; אונז האָ׳מיר דאָ איינעם ר׳ זונדל. ער איז אַ מלמד ביי אייער ברודער, ביים פּראָמפּעלער רב, אַ גוטער שווינדלער; אים, אַז איר וועט נאָר צוזאָגן אַ גוטן חורש, וועט ער שוין אַרבעטן, אַז עס זאָל אַזוי זיין ווי איר ווילט, כאָטש שמחה לערנט ביי אים.

**ר׳ בנימין** וואָרן דער פּראָמפּעלער רב וואוינט שוין הי?

**מנשה** שוין דאָס פינפטע יאָר. לאָז איך נישט פאַר־דריסן; דאָס שטעטל האָט אים אָפּגעזאָגט און האָט אַן אַנדערן רב איינגענומען. נאָר ער באַדאַרף עס נישט; ער איז אַ גרויסער עושר און האָט אַ גרויס געוועלב מיט סחורה. וואָס טויג אים דער רב?

**ר׳ בנימין** און לייבושן ווי גייט עס?

**מנשה** דער זיצט נאָר אין זיין פּאָטעסיע און פּילנעוועט זיך זיינע פעלדער, זיינע בהמות, און קומט נאָר זעלטן אין שטאָט

אַריין. מלכּהלען האָט ער אַהער געבּראַכט אין שטאָט אַרײַן, זי זאָל דאָ לערנען לעבּן לאהלען. אוי, איר זאָלט זען, וואָס פאַר אַ קינצלעך מיידל דאָס איז! איך זאָג אייך, אַזוי גוט ווי דער טאָג, און שיין, קלוג; און אַ בעל-ביתטע וואָס מע זעט עס גאָרנישט.

ר׳ בּנימין אַזוי, מלכּהלע איז גאָר הי.

מנשה אוודאי האָט זי ר׳ לייבּוש פאַר אַ וואָך זעקס אַהער געבּראַכט. און ר׳ פישל ריכט זיך שוין אויף תּנאים, און דער שדכן איז טאַקע דער ר׳ זונדל, וואָס איך האָב אייך דאָ פריער געזאָגט פון אים, אַז איך וועל אייך אים שיקן. לאָז אים נאָר אייער בעל-בּית צוזאָגן אַ בּרען, וועט ער ווידער בּיי אייך זיין אַ שדכן און דאָרט קאַליע מאַכן. — נאָר שטיל, מיר דאַכט זיך דער בעל-בּית קומט; איך הער שוין זיין גאַנג אויף די טרעפּ.

ר׳ בּנימין געדענק זשע, מנשה, וואָס מיר האָמיר געשמועסט! זאָל אַלץ זיין בּסוד, און דו קענסט מיך גאָרנישט.

מנשה דאָס פאַרשטייט זיך. איר מעגט אייך אויף מיר פאַרלאָזן. ער נעמט די בּאַרשט און קערט.

## אַכטער אַריינקום

### ר׳ בּנימין, ר׳ בּעריש, מנשה

ר׳ בּעריש בּלייבּט שטיין בּיי דער טיר און קוקט אָן ר׳ בּנימינען וואָס דאַרפט איר?

ר׳ בּנימין שמייכלט.

מנשה איך ווייס גאָרנישט; שוין פון אַ האַלבּער שעה שטייט דער ייד דאָ און זאָגט אַלץ, ער דאַרף עפּעס צו אייך.

ר׳ בּעריש צו ר׳ בּנימינען צו מיר דאַרפט איר? וואָס דאַרפט איר?

**ר׳ בנימין** קענסט מיך נישט, בעריש?

**ר׳ בעריש** כאַפּט אים אַרום און קושט זיך מיט אים בנימין! איך האָב דיך אָסור נישט דערקענט. ער קוקט אים אָן, שאָקלט מיט דעם קאָפּ און באַדויערט אים זייער שיין זעסטו אויס. ווען ביזטו געקומען?

**ר׳ בנימין** נעכטן ביינאַכט.

**ר׳ בעריש** נעכטן נאָך? פאַרוואָס ביזטו נישט אַהער פאַרפאָרן? צו מנשהן גיי נאָר, היים מאַכן קאַווע!

**מנשה** גייט אַוועק תיכּף. איך וועל טאַקע איינאיינוועגס מודיע זיין לאהלען.

**ר׳ בעריש** לאהלען מיט מלכּהלען האָב איך באַגעגנט אַוועקגיין, ביידע מיט פאַרוויינטע אויגן. זיי וועלן אַזוי געשווינד נישט קומען; זיי זענען געגאַנגען מבקר־חולה זיין זייער חברטאָרין, ר׳ זלמן רויזנצווייגס שנור.

## ניינטער אַריינקום

### ר׳ בעריש, ר׳ בנימין

**ר׳ בעריש** זיין אַנידער! קוק דיך נאָר אָן, ווי דו זעסט אויס. האָסט נישט עפּעס אָנדערשט אָנצוטון? ווי קומט מען אַזוי צו גיין? עס איז דאָך אַ חרפּה פאַר מענטשן; זעסט דאָך אויס ווי אַ משרת.

**ר׳ בנימין** זעצט זיך וואָס מען איז, אַזוי מוז מען גיין אָנגעטון. גוט וואָס איך האָב דאָס אָנצוטון.

**ר׳ בעריש** ווי הייסט, ביזט דען אַ משרת?

**ר׳ בנימין** וואָס האָב איך געקענט טון? עס זאָל זיך מיר נישט געווען טרעפן אַזוי אַ גוט אָרט, העט איך קיינמאָל נישט

געקענט אַהיימקומען איך. איך דאַנק און לויב גאָט, וואָס ער האָט מיר דעם בעל־בית צוגעשיקט. אַ קאַטאָוועס, מיינסטו, אָן אַ גראָשן פון אַמעריקע אַהער צו קומען?

ר׳ בעריש ביזטו טאַקע אין אמתן אַ משרת? ער זיפצט און ווישט זיך אויס די אויגן האָסט גאָר דאָס פאַרמעגן אָנגעוואוירן? איז דיר גאָרנישט געבליבן?

ר׳ בנימין יאָ, איך בין געבליבן אין איין העמד און האָב קוים מיך אַליין געקענט אַרויסראַטעווען אויס דעם פייער. מיין לעבן איז שוין נישט ווערט געווען איין גראָשן.

ר׳ בעריש נאַ, דאָס הייסט אַן אומגליק!

ר׳ בנימין וואָס ווייסטו? וואָרן דו קענסט דיר דאָס גאָר משער זיין? איך זאָל דיר דערציילן, ווי אַזוי דאָס איז געווען, העסטו ערשט געקענט פאַרשטיין, ווי גרויס מיין אומגליק איז געווען.

ר׳ בעריש וואָס וועסטו מיר דאָ איצט דערציילן; איך זע לעת־עתּה די צרה גענוג פאַר מיר. איך וועל שפּעטער אויך צייט האָבן די איבעריקע צרות צוצוהערן. זאָג מיר נאָר אָבער אַצינדערט, וואָס האָסטו ווייטער בדעה צו טון? קיין משרת קענסטו דאָך נישט בלייבן.

ר׳ בנימין פרעגסט מיך, וואָס איך האָב בדעה. עס האָט אַפּנים, עס ווענדט זיך אָן מיין דעה. גלייב מיר, גאָט זאָל מיך אום אַ דעה פרעגן, וואָס איך זאָל זיין, העט איך אַוודאי געזאָגט, אַז איך וויל בעסער זיין אַ סוחר ווי אַ משרת. גאָט וויל דאָך מיך אָבער גאָר אום קיין דעה נישט פרעגן.

ר׳ בעריש לאַכט די עטלעכע גילדן האָט מען דיר אַוועקגענומען, און ביי דיינע קאַטאָוועסלעך ביזטו אַליין געבליבן. מילא, וואָס טויג מיר דאָס? דאָרט וואו מע קען דיך נישט, האָסטו געמעגט

זיין אַ משרת אין דער נויט, אָבּער הי וואו מ'קען דיך און וואו דו האָסט משפּחה בּאַראַפסטו דאָך נישט צו זיין בּיי פרעמדע. ממה־נפשך, וועל'מיר מוזן זען עפּעס דיר צו העלפן. דיין ברודער, דער פּראַמפּעלער רב, איז אַן אַדיר, פּישלען גייט עס אויך זייער גוט, און איך וועל אַוודאי טון וואָס איך וועל קענען. לאָה וועט אויך מוזן עפּעס צושטייער געבּן.

ר' בּנימין לייבּושן רעכנסטו נישט; עס האָט אַפּנים, אַז ער איז נישט אימשטאַנד צו העלפן.

ר' בּעריש לאָמיר לייבּושן גאָר לאָזן גיין. עס גייט אים אַפילו גאַנץ גוט, ער האָט אָבּער עטלעכע קינדער און בּאַדאַרף אַ מיידל חתונה צו מאַכן אויך.

ר' בּנימין כ'לעבּן, אויבּ ער האָט עפּעס אַ פּיין מיידל, העט איך אים אָנגעשלאָגן אַ שידוך פון אירעטוועגן.

ר' בּעריש ווועמען? אפשר דיך אַליין?

ר' בּנימין לאַכט אַז איך האָבּ שוין אין די אַלע מדינות, וואו איך בּין געוועזן, נישט געקענט געפינען קיין כּלה, וואָס איך בּין יינגער און דער גרויסער עושר געוועזן, וועל איך בּיי מיין איצטיקן שטאַנד אַוודאי שוין נישט קענען קיין כּלה קריגן.

ר' בּעריש וועמען דען שלאָגסטו איר אָן?

ר' בּנימין מיר דאַכט זיך, אַז איך האָבּ איר מיטגעבּראַכט אַ וואוילן חתן, וואָס עך וועט אַלע פון אים צופרידן זיין; ער איז פון גרויסע לייט, זייער גוט, קלוג, ערלעך און שיין; און וואָס בּיי איך די גרעסטע מעלה איז, ער איז אַ גרויסער עושר אויך.

## צענטער אַריינקום

ר׳ בעריש, ר׳ בנימין, מנשה טראָגט אַ טעצל מיט צוויי גלעזער קאַווע.

**מנשה** דערלאַנגט די קאַווע מיר דאַכט זיך, אַז ר׳ פישלס וואָגן איז דאָ אַהער פאַרפאָרן.

**ר׳ בעריש** פישל האָט געמוזט אַהער קומען. צו ר׳ בנימינען וועל׳מיר זען, אויב ער וועט דיך דערקענען. נאָר איך בעט דיך, שווייג גאָר, ווען ער וועט דיר עפּעס רעדן. לאָז דיך נישט פאַרדריסן; דו געדענקסט דאָך אים נאָך פון לאַנג. ער איז נאָך דער אייגענער.

**ר׳ בנימין** איך וועל אים שווייגן, האָב קיין מורא נישט, ער מעג רעדן וואָס ער וויל.

**ר׳ בעריש** צו מנשהן גיי ברענג אַריין נאָך אַ גלאָז קאַווע פון ר׳ פישלס וועגן.

**מנשה** גייט אַוועק.

## עלעפטער אַריינקום

ר׳ בעריש, ר׳ בנימין, ר׳ פישל, ר׳ זונדל

**ר׳ פישל** איך זוך אים אַרום אין דער גאַנצער שטאָט און ער זיצט זיך דאָ און טרינקט קאַווע. וואו ביזטו געווען, וואו?

**ר׳ בעריש** וואו האָב איך געזאָלט זיין? איך קום ערשט פון דער קאַנטאָר. וואָס דאַרפסטו מיך דאָס אַזוי נייטיק, וואָס? זעץ דיך נאָר אַנידער און זע, עפּעס אַ באַקאַנטער מענטש דאַרף עפּעס אַ געשעפטל צו אונז צו ר׳ זונדלען זיצט אַנידער, ר׳ זונדל!

ר׳ זונדל זעצט זיך און קוקט פריער אונטער דער קאָנאָפּע אַרונטער.

ר׳ פישל גייט צו ר׳ בנימין און קוקט אים אָן אַ פּאָר מינוטן

בנימין! וואו האָסטו דיך דאָ גענומען? איך האָב געוואוסט, דער פינסטערער סוף וועט אַזוי זיין; אַז ער וועט האָבן אויסגעבראַכט דאָס פאַרמעגן, וועט ער אַהיים קומען אונז איבערן האַלז צו ליגן.

ער פאַרדרייט זיך אַוועק פון ר׳ בנימינען צו ר׳ בערישן בעריש, קום נאָר אַריין אין יענער שטוב, איך האָב עפּעס מיט דיר אַן עסק צו שמועסן.

ר׳ בעריש זעץ דיך נאָר אַנידער. וואָס איז דאָס געוויילעריי? ביזט דאָך ערשט אַריינגעקומען. שמועס נאָר פריער אַ ביסל מיט אונזער גאַסט.

ר׳ פישל אַ שיינער גאַסט! לאָמיך גאָט היטן פאַר זעלעכע געסט! ווען ער האָט אונז צוגענומען די ירושה, האָט זיך אים נישט געגלוסט דעמאָלט אונזער גאַסט צו זיין; אַצינד, אַז ער איז אַ בעטלער געוואָרן, איז ער דאָ. ער מיינט אפשר אונז נאָך צום איבעריקן בדלות צו שטעלן? זאָג אים פון מיינעטוועגן, אַז ער מעג גיין פון וואַנען ער איז געקומען. ביי מיר האָט ער גאָרנישט וואָס צו טון. ער מעג אַפילו היינט שטאַרבן פאַר הונגער, גייט מיך אויך נישט אָן. ווי ער האָט זיך געבעט, אַזוי לאָז ער ליגן.

ר׳ בנימין ביזט נאָך אַליין ביין אויף מיר, פישל? דו זעסט, אַז גאָט האָט מיך שוין גענוג געשטראָפט און האָט מיר די עטלעכע גילדן אויך אַוועקגענומען; דאָס גאַנצע פאַרמעגן איז פאַרברענט געוואָרן, איך בין קוים מיט דער נשמה אַרויס פונם פייער, און דו ביזט אַליין נאָך אין כעס אויף מיר.

ר׳ פישל אָוואַ, טאַקע אַ שאָד כ׳לעבן, וואָס דו ביזט נישט מיט פאַרברענט געוואָרן, העט׳מיר איצט פאַרשפּאָרט דיך איבערן האַלז צו האָבן.

**ר׳ בעריש** צו ר׳ פישלען נו, שטיל שוין, שטיל! גיסט אים אָפּ דעם שיינעם שלום־עליכם, כּלעבן.

**ר׳ פישל** ווי הייסט, פאַרוואָס זאָל איך שווייגן? דעם הולטיי, דעם אויסבּרענגער, וואָס האָט אַזוי אַ גרויס פאַרמעגן פרעמד געלט, אונזער געלט, אויסגעבּראַכט. דו ווייסט שוין זען, ווי איך וועל אים שווייגן, דעם קבּצן.

**ר׳ בעריש** נו, שוין גענוג. וואָס האָסטו בּיי אים איצט צו נעמען? וואָס ווייסטו איצט מיט אים אויסקריגן? אָט האָב בּעסער איצט רחמנות אויף אים! ער איז נעבּעך פאַר נויט געוואָרן אַ משרת.

**ר׳ פישל** אויף אים רחמנות? לאָז ער זיין אַ משרת כאָטש אויפן קברות.

**מנשה** בּרענגט אַריין אַ גלאָז קאַווע, גיט עס ר׳ פישלען.

**ר׳ בעריש** צו מנשהן גיב ר׳ זונדלען אויך אַ גלאָז קאַווע!

**מנשה** גייט אַוועק.

**ר׳ פישל** נעמט אָן ר׳ בּערישן בּיי דער האַנט קום נאָר, איך האָב מיט דיר עפּעס נייטיק צו שמועסן. ער שלעפּט אים אין דער אַנ־דערער שטוב אַריין; זיי גייען אַוועק.

## צוועלעפטער אַריינקום

### ר׳ בנימין, ר׳ זונדל

**ר׳ זונדל** ער נעמט אַרויס זיין לולקע אין פאַררויכערט זי זאָג נאָר, דו הייסט בּנימין?

**ר׳ בּנימין** איז געזעסן אַ בּיסל פאַרטראַכט און גיט זיך פּלוצלינג אַ קער איבּער צו ר׳ זונדלען וואָס איז דען? יאָ, איך הייס אַזוי.

**ר׳ זונדל** אַזוי הייסטו? איך האָב נאָך קיינמאָל ניט גע־

הערט, אַ מענטש זאָל הייסן „אַזוי". איך האָב געמיינט, דו הייסט בנימין.

ר׳ בנימין (שמייכלט) יאָ, איך הייס בנימין. ווי הייסט איר?

ר׳ זונדל איך הייס, איך מיין קיגן דעם דאָזיקן דאָס, ר׳ זונדל.

ר׳ בנימין און אַז נישט קיגן דעם דאָזיקן דאָס, ווי הייסט איר?

ר׳ זונדל איך הייס ר׳ זונדל, ר׳ זונדל הייס איך.

ר׳ בנימין ווער זענט איר, ווער?

ר׳ זונדל איך בין נישט קיין משרת. איך בין מיט דעם דאָזיקן דאָס אַ מלמד ביי דעם פּראָמפּעלער רב און ביי ר׳ פּישלען, און בין מיר חוץ דעם ב״ה אַ שדכן קיגן דעם דאָזיקן דאָס פאַר דער גאַנצער וועלט.

ר׳ בנימין אַהאַ, איר זענט עס דער ר׳ זונדל שדכן.

ר׳ זונדל איך בין אַ שדכן ביי די גרעסטע לייט. און באָטש די צוויי נגידים סודען זיך דאָרט דרינען, הייס איך פאָרט שוין מיט דעם דאָזיקן דאָס פּר״ד וואָס דער סוד איז, וואָרן איך בין דער שדכן צווישן ר׳ פּישלס שמחהלע וואָס לערנט ביי מיר און ר׳ לייבושעס מלכהלע. אַ קינצלעכער שידוך!

ר׳ בנימין יאָ, יאָ, ר׳ לייבוש קער האָבן אַ פיין מיידל.

ר׳ זונדל אַ פיין מיידל? זאָג בעסער, אַ פיינע מויד. זי וועט דאָס ערשט מאַכן אויס שמחהן אַ מענטש. באָטש ער איז איצט קיגן דעם דאָזיקן דאָס גאָר אַ גולם.

ר׳ בנימין אַז איר זענט יאָ אַזוי אַ וואוילער שדכן, האָב איך פון אייערטוועגן אויך אַ שידוך, וואָס איר העט געקענט

אָן אים אַסך, אַסך געלט פֿאַרדינען, ווען איר זאָלט אים נאָר אויספֿירן.

ר׳ וונדל וואָס, איר זענט ערשט מסופּק, אויב איך וועל אים אויספֿירן? איך מיין קיינגן דעם דאָזיקן דאָס, איך בין נישט מסופּק. אַסך געלט, זאָגט איר? יאָ, איך וועל אים אַוודאי אויס־פֿירן, וואָרן ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך דאָס אַ זראַטנע ייד. איך קען אַלץ; איך בין אַ מלמד, אַ קורא, אַ מוהל, אַ שדכן, אַ בעל־תוקע, אַ חזן, קען שניצן מנורות, גרעגער, המנקלעפּערלעך און בײַ־שטידלעך צו מזוזות, פֿלעכטן הדסים און הבדלות, גיסן חנוכּה־לעמפּלעך און דריידלעך, קנייטשן פֿאַפּירענע לאַנטערלעך, קען מאַכן רייזעלעך אויף שבועות אויס ריבנשאָלעכץ; בקיצור כּל הקיצורים, איך בין מיר מיט דעם דאָזיקן דאָס טאַקע אַ זראַטנע יידל, און אַז געלט צו פֿאַרדינען, און נאָך דערצו אַ סך אויך, בין איך דער מענטש דערפֿון, וואָס איר מעגט אייך אויף מיר פֿאַרלאָזן און טאַקע גאָרנישט מסופּק זיין, אַז איך וועל אויספֿירן אַפֿילו דעם קרומסטן שידוך פֿון דער וועלט, און דערצו נאָך אַזוי מאַכן, אַז די גאַנצע וועלט וועט מוזן זאָגן, אַז ער איז מן־השמים. זאָגט מיר נאָר, מיין ליבער ר׳ בנימין־לעב, ווער איז דער שידוך, ווער?

ר׳ בנימין צו זיך אין דער שטיל אַ־האַ! ער אירצט מיך שוין. צו ר׳ וונדלען דעם שידוך וועל איך אייך זאָגן, נאָר דאָ איז נישט דאָס אָרט און די צייט דערצו. קומט, זייט מוחל, שפּעטער צו מיר אין סטאַנציע אַריין. אונז שטיי׳מיר בײַ דעם טויבן אברהם, דאָרט וועל׳מיר די זאַך קענען אָפּשמו׳סן.

ר׳ וונדל מעג זיין כאָטש היינט נאָך מיטאָג, יאָ?

ר׳ בנימין אויך יאָ.

ר׳ וונדל זעט־זשע, אַז איר זאָלט שוין צו דער זאַך קיין אַנדערן ניט ניצן נאָר מיך. איר מעגט אייך מיט דעם דאָזיקן

דאָס אויף מיר פאַרלאָזן. איך בין אייך בטוח, אַז איך באַדאַרף קיינעם נישט וואָס זאָל מיר העלפן.

ר׳ בנימין נו, געוווּנג אַצינדערט, וואָרן איך הער בע-ריש מיט פישלען קומען שוין אַריין. לעת-עתּה נעמט צו אויף הוצאות די צוויי קערבלעך, און מיט דעם שידוך פון מלכּהלען האַלט איך נאָך אַ ביסל אויף, ביז איך וועל אייך זאָגן.

ר׳ זונדל כאַפּט צו שנעל דאָס געלט און באַהאַלט עס אין קעשענע אַריין גוט, גוט, עס וועט שוין אַלץ רעכט זיין מיט דעם דאָזיקן דאָס.

## דרייצעטער אַריינקום

### ר׳ בעריש, ר׳ פישל, די פריערדיקע פּאַרשוינען

ר׳ בעריש שמייכלט צו ר׳ זונדלען איר האָט אייך דאָ דערווייל געדאָסט מיט דעם דאָזיקן דאָס?

ר׳ זונדל ווער, איך? ניין, אָסור! איך האָב אים נאָר אַ ביסעלע אויסגעפרעגט וואָס מ׳ע הערט דאָרט אין אַמעריקע.

ר׳ בעריש נו, וואָס האָט איר געהערט?

ר׳ זונדל הע! הכּל הבל, אומעטום איין וועלט. איך מיין קיגן דעם דאָזיקן דאָס, אָרעמע לייט זענען דאָרט אייך אַזוי פיל דאָ ווי הי.

ר׳ פישל דאָס האָט איר ערשט געדאַרפט צו פרעגן? קוקט אים נאָר אָן, וועט איר שוין וויסן וואָס אין אַמעריקע טוט זיך.

ר׳ בעריש נו, נו, לאָז אים שוין גיין! וואָס שיטסטו אים נאָך זאַלץ אויף די וואונדן? שטיל שוין! לאָז אים גיין! לאָז

ער זיך כאָטש אַ ביסל אָפּרוען. ווּעסט נאָך צייט האָבּן זיך מיט אים צו קריגן. ער וועט דאָך דיר שפּעטער אויך ניט אַנטלויפן.

**ר׳ פישל** איך ווייס דאָס גאַנץ גוט; ער האָט דאָך שוין נישט דעם פּעטערס ירושה, וואָס ער זאָל ווידער מיט איר אַנט־לויפן.

**ר׳ זונדל** צו ר׳ פישלען נו, ווי אַזוי איז געבליבן צווישן אייך?

**ר׳ פישל** קומט, קומט, איך וועל אייך שוין דערציילן. האָבּ אַ גוטן טאָג, בעריש, און זיי דיך נאָך אַמאָל מישב וועגן דעם, וואָס מיר האָ׳מיר געשמו׳סט.

**ר׳ בעריש** נו, נו, איך וועל מיר די זאַך נאָך אַמאָל איבערלייגן. אַ גוטן טאָג, אַ גוט יאָר!

**ר׳ זונדל** זייט געזונט, ר׳ בעריש! ער ווינקט צו ר׳ בנימינען זייט געזונט! זיי גייען אַוועק.

## פּערצעטער אַריינקום

### ר׳ בעריש, ר׳ בנימין

**ר׳ בעריש** איך האָבּ אַ גרויסע הנאה געהאַט, בנימין, וואָס דו האָסט פּישלען גאָר געשווינגן. דו קענסט דאָך אים פון לאַנג; עס איז תמיד בעסער, אַז מען שווייגט. לאָז ער רעדן וואָס ער וויל. נאָר אַצינד מוז מען דאָך פּאָרט עפּעס טראַכטן, דערווייל וואו דו וועסט האָבּן אַ דירה. מיר איז גאַנץ רעכט, אויב דו ווילסט, זיי בּיי מיר, איך וועל דיר ניט ווערן.

**ר׳ בנימין** ניין, בעריש־לעבּ! איך קען לעת־עתה נאָך בּיי דיר נישט זיין; איך קען קיינן מיין בעל־בית אַזוי שלעכט נישט

האַנדלען; ער האָט מיר זעלכע טובות איבער דעם גאַנצן וועג גע־טון, און איך זאָל אים אַצינד פאַרלאָזן? דאָס איז קיין יושר נישט.

ר׳ בעריש וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש? וואָס איז ער עפּעס, אַ סוחר? ווי הייסט ער, ווי?

ר׳ בנימין ער הייסט ר׳ שמואל אַמעריקאַנער, ער איז אַ גרויסער אַדיר, אַ יונגערמאַן מיט אַלע מעלות און האָט זייער אַ גוט האַרץ. איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן אין אַמעריקע. גע־בוירן איז ער פון די היגע מדינות. זיינע געשעפטן זענען זייער גרויס. זיין אַצינדיק פאָרן אָבער איז אייגנטלעך נאָר דאָס: ער וויל דווקא פון די היגע מדינות נעמען אַ ווייב, פאָרט ער אַרום און זוכט אַ שידוך.

ר׳ בעריש נו, האָט ער שוין עפּעס געפונען?

ר׳ בנימין ניין, ער קען זיך נישט דערקלייבן; עס געפעלט אים אַלץ נישט. טאָמער ווייסטו עפּעס אַ שידוך פין הי? זאָג מיר. נאָר עפּעס גוטס, וואָרן ער פאַרדינט, אַז איך זאָל אים אָפּדינען מיט אַלעם וואָס נאָר מעגלעך איז פאַר די טובות וואָס ער האָט מיר ביז אַהער געטון.

ר׳ בעריש איך זאָל דעם מענטש קענען, העט איך אפשר געהאַט אַ שידוך פון זיינעטוועגן. מען באַדאַרף צו וויסן, ווער ער איז, אויב ער איז עפּעס אַן עושר, אויב ער קען עפּעס, אויב ער טויג צום האַנדל און אויב ער איז גוט, ערלעך און קיין הולטיי נישט.

ר׳ בנימין איך קען דיר ערב זיין, אַז ער איז דאָס אַלץ נאָך מיין ווי דו פאַרלאַנגסט, ער זאָל זיין. אָן זיין שמועס וועסטו שוין דערקענען, אַז ער מוז אַרויסקומען פון אַ פיינע־ברייהש הויז, און אַז ער איז אַ גרויסער קענער. מעגסט מיט אים שמועסן פון תורה; ער איז אַ בקי אין תנ״ך, גמרא און אין פוסקים. מעגסט

מיט אים שמועסן פון מילי דעלמא; ער קען עטלעכע לשונות און איז אַ קענער פון אַנדערע חכמות. אַן עושר איז ער אַ גאַנץ גרויסער, וואָס ער קען באַווייזן מיט קרעדיטיוו־בריוו. זיין גוטקייט האָט אַ שם אין האַלב אַמעריקע, און וואָס דו פרעגסט, אויב ער איז קיין הולטיי נישט — איך האָב פון אים קיין שום זאַך ניט געזען און ניט געהערט וואָס עס זאָל ווייזן אויף אַ הולטיי. איך האָב פון אים נאָר געזען גוטס און ערלעכקייט. נאָר זאָג מיר, ווען ווילסטו אים אָנשלאָגן?

ר' בעריש איך זאָג דיר דעם אמת, ווען דאָס זאָל אַלץ אַזוי זיין ווי דו זאָגסט, וואָלט איך אים אָנגעשלאָגן איינער פון די צוויי, ענטוועדער אונזער לאהלען אָדער מלכּהלען.

ר' בנימין און איך זאָג דיר, אַז מעגסט דיך פאַרלאָזן אויף מיינע רעד, און די גאַנצע משפחה וועט מיר דאַנקען פאַר דאָס וואָס איך האָב אים אַריינגעבראַכט צו זיי. דער עיקר איז אָבער דאָס, ער וויל נישט נעמען קיין ווייב, ביז ער וועט זי אַליין זען און מיט איר רעדן, אַז ער זאָל ווידער וויסן וואָס זי איז. איבער דאָס באַדאַרף מען צו וויסן, צי ווילסטו, ער זאָל נעמען לאהלען צי מלכּהלען.

ר' בעריש מיר דאַכט זיך, אַז מיט מלכּהלען וועט עס גיכער קענען אויסגעפירט ווערן, וואָרן לאהלע קלייבט זייער שטאַרק, עס געפעלט איר קיין שום שידוך נישט פון די הונדערט שידוכים וואָס מען האָט איר ביז אַהער אָנגעשלאָגן. באַדאַרף מען נאָר צו טראַכטן אויף אַ המצאה, ווי אַזוי ער זאָל זיך זען מיט מלכּהלען.

ר' בנימין מיר דאַכט זיך, אַז דאָס גלייכסטע העט געווען, אַז די זאָלסט אים גאָרנישט זאָגן נאָך פון קיין שידוך, נאָר זאָלסט אים אַזוי אַהער פאַרבעטן אויף אַ מיטאָג צו דיר, וועט ער קענען ביידע זען און מיט זיי שמועסן.

ר׳ בּעריש איך האָבּ שוין דאָס אַליין אויך אין זינען געהאַט, וואָרן איך בּאַדאַרף דאָך אים נאָך כאָטש צו דאַנקען פאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט אָן דיר געטון. איך גיי תּיכּף שיקן מנשהן נאָך אים, ער זאָל אים אויף היינט מיטאָג אַהער פאַרבּעטן, און דו וועסט גיין צו לאהלען און צו מלכּהלען און זיי דערציילן, וואָס דאָס פאַר אַמענטש איז. זיי גייען בּיידע אַוועק, איטלעכער אויף אַן אַנדערער זייט;

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

## צווייטער אויפצוג

לאהלעס שטוב מיט שיין מעבל, אין איין שאַפקעלע ביכער, אַ קליין שאַפקעלע מיט קלייניקייטן.

### ערשטער אַריינקום

### לאהלע, מלכה

זיצן ביי איין קיילעכדיק טישל און נייען. ר׳ בנימין זיצט נעבן זיי.

לאה ניין, ברודער-לעבן! דו מעגסט מיר לויבן טויזנט מאָל דיין אַמעריקע, נאָך מיין גייסט איז עס נישט; מיר געפעלט עס גאָרנישט, איך העט דאָרט קיין טאָג נישט געקענט אויסהאַלטן.

ר׳ בנימין ע, לאָז זיך דיר נאָר טרעפן עפּעס אַ גוטער שידוך פון דאָרט און דער מאַן זאָל דיר געפעלן, וועסטו שוין דאָס נישט זאָגן. שמועס דו נאָר פריער מיט מיין ר׳ שמואלן, וועסטו שוין זען, וואָס דאָרטן פאַר אַ מענטשן זענען.

מלכה מיר דאַכט זיך אויך, אַז דאָס איז נישט קיין מעגלעכע זאַך, אַז דאָרט זאָלן נאָר סאַמע גוטע מענטשן זיין; אין אַ גרויסן טייך זענען דאָ גוטע און שלעכטע פיש.

ר׳ בנימין דו ביזט גערעכט, מיין לעבן, עס געפינען זיך דאָרט שלעכטע מענטשן אויך, אָבער אַזוי אַ שלעכט פישל ווי מע געפינט הי וועסטו דאָרט נישט געפינען.

לאה ע, פון אים לאָמיר ניט שמועסן. נאָר געלויבט צו גאָט, אַז דו ביסט ווידער דאָ ביי אונז. אַ שאָד, עס האָט

דיר נאָר געדאַרפט אַ ביסל בעסער צו גיין, וואָלט שוין אַלץ רעכט געווען. נאָר זאָרג נישט, ברודער־לעבן! גאָט קען העלפן, און ער וועט דיר בוודאי העלפן.

מלכה איך מיין אויך אַזוי, וואָרן גאָט העלפט אַלע גוטע און ערלעכע מענטשן, וועט ער אָן דיר בוודאי אויך נישט פאַרגעסן.

ר׳ בנימין איך האָב כ׳לעבן געמיינט, אַז איך וועל דיך, לאהלע, שוין דערווישן מיט אַ מאַן און מיט קינדערלעך, און דיך, מלכהלע, מיט אַ חתן אַ פיינעם.

לאה וואָס האָט זי זיך צו איילן; זי איז דאָך ערשט אין זיבעצענטן יאָר.

ר׳ בנימין איך זע דאָך אָבער, אַז דו איילסט דיך אויך נישט זייער. פאַרוואָס איז דאָס? איך בין מיר משער, דו האַלטסט דיך אָן דעם וואָס מען זאָגט, אַז דער וואָס פאַרבריט זיך אָן דעם הייסן בלאָזט דערנאָך אויף דעם קאַלטן.

מלכה האָב מיר נישט פאַראיבל, פעטער־לעבן, דו ביזט דיך טועה! אַזוי פיל איך ווייס וואָס לאהלע האָט מיר אַליין דערציילט, האָט זי זיך גאָר קיינמאָל נישט פאַרבריט, נאָר אַנדערע האָבן דאָס פייער אונטערגעבלאָזן, עס זאָל ברייען, און זי גענייט, אַז זי זאָל שרייען: „עס בריט!“

לאה שמייכלט און זיפצט וואָרן דו גערענקסט ניט, וואָס דעמאָלט האָט זיך געטון, וואָס איך האָב געליטן? נאָר דאָס איז אַלץ נישט קיין דעם, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען פון דער מאַמען עליה־השלום נאָך דיין אַוועקפאָרן; זי האָט זיך איינגעשפאַרט, נאָר גטן און גטן, און אַזוי האָט עס געמוזט זיין.

ר׳ בנימין  איך געדענק גאַנץ גוט די אַלע מעשיות, נאָר זי זאָל מירס דאָרט מוחל זיין, איך בלייב דערביי, אַז זי האָט אַ גרויסן פעלער באַגאַנגען.

לאה זיפצט שטאַרקער  אוי! אַ פעלער! אַ פעלער! נאָר זי איז דאָך געווען מיין מאַמע און האָט מיך ליב געהאַט ווי איר לעבן, און אַז זי זאָל מיך געווען הייסן שפרינגען אין פייער אַריין, וואָלט איך זי אויך געווען געפאָלגט.

ר׳ בנימין  נו, וואָס פאַרביי, איז פאַרביי, נאָר צווישן אונז געשמועסט, איז פון דיר אַ שטיקל אומרעכט, וואָרן ווי בעריש האָט מיר דערציילט, קלייבסטו צו שטאַרק צווישן די שידוכים וואָס מע רעדט דיר; עס געפעלט דיר קיין שום שידוך נישט.

לאה  זאָג דו אַליין, קען מיר נאָך משהן אַזוי גע־שווינד אַ שידוך געפעלן?

ר׳ בנימין  וואו איז ער אַצינד משה, וואו?

לאה  באַ, באַ, באַ, איך זאָל וויסן וואו ער איז!

ר׳ בנימין  נו, וואָס וואָלט געווען?

לאה  וואָס עס וואָלט געווען?... העט איך דיר געווען געזאָגט, וואו ער איז.

מלכה מיר דאַכט זיך, דו העטסט אים פאַרשפאָרט צו זאָגן וואו ער איז; ער וואָלט שוין אַליין אויך געוואוסט, אָן דיין זאָגן.

ר׳ בנימין  אָט אָ דאָ קען מען זען, אַז פון געקריג קען קיינמאָל קיין גוטס ניט אַרויסקומען; די גאַנצע מעשה איז דאָך נאָר אַרויסגעקומען פון דעם, וואָס די מאַמע עליה השלום האָט זיך אַמאָל געקריגט מיט זיין מומען, האָט זי פון דעמאָלט אָן אַ־

שנאה געהאַט קייגן זיין גאַנצער משפחה און קייגן אים צום מייסטן, ווייל ער פלעגט זי צו בעטן, אַז זי זאָל זיין משפחה נישט זידלען.

**מלכּה** אָבער דאָס זאָג איך תמיד, אַז דאָס גלייכסטע העט געווען, אַז מען זאָל זיך משדך זיין נאָר פון זיין אייגענער פאַמיליע.

**לאה** אַזוי זאָגסטו? נו אַדרבא, פאַרוואָס ווילסטו נישט שמחהן?

**מלכּה** דו ווייסט אַליין אויך פאַרוואָס. איך וויל אים נישט שענדן; איך קען מער נישט זאָגן, נאָר ער געפעלט מיר נישט. און ס'אַנדערע, אַז דו, לאה־לעבן, וועסט מיר ראָטן, אַז איך זאָל ווערן שמחהס כלה, וועל איך עס דיר צוליב טון.

**לאה** נעמט זי אַרום און זיי קושן זיך נייַן, מלכּה־לעבן, איך וויל דיר צו אַזוי אַ נאַרישקייט נישט ראָטן. ווען שמחה זאָל האָבן צוואַנציק מאָל אַזויפיל געלט, וואָלט ער אויך נישט ווערט געווען דיך צו האָבן פאַר אַ כלה.

**ר' בנימין** אָט אָ דאָס געפעלט מיר, פון דעם האָב איך אַ הנאה! האָט עך אייך תמיד אַזוי ליב?

**מלכּה** ווי דאָס לעבן! אונז קען'מיר איינע אָן דער אַנדערער נישט זיין. איך קאָן דיר אָבער זאָגן, פעטער־לעבן, אַז ווען אונז האָ'מיר ליב, האָ'מיר אים ליב אויף תמיד.

**ר' בנימין** רעכט אַזוי! אַזוי דאַרף צו זיין!

## צווייטער אַרייַנקום

**שבע,** אַ ביסל דערנאָך: **ר' בעריש, ר' משה** ער הייסט איצט **ר' שמואל בריליאַנט** — גייט דייטש אָנגעטאָן מיט אַ בערדל; **די פריערדיקע פּאַרשוינען.**

**ש ב ע** קומט ואַנק געשווינד אַרייַנצולויפן דער בעל־בית, ר' בעריש, גייט אַהער מיט עפּעס זייער אַ שיינעם דייטש. איך קען אים נישט.

**לאה, מלכה** און **בנימין** שטעלן זיך אויף.

**ר' בנימין** צו שבען נו, וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקן צו לאהן און מלכהן און עך אויך, שרעקטס אייך נישט! דאָס איז דאָך מיין בעל־בית, ר' שמואל, וואָרן בעריש האָט געזאָגט, אַז ער וועט אים אויף מיטאָג היינט אַהער פּאַרבעטן.

**ר' בעריש** פירט **ר' שמואלן** אונטער דעם אָרעם גאָט העלף אייך, קינדער! דאָ האָב איך אייך געבראַכט אַ וואוילן גאַסט, דאָס איז ר' שמואל בריליאַנט. ער קומט אַצינד פון אַמעריקע און האָט זייער אַ סך גוטס געטון אָן אונזער בנימינען. ער פירט אים צו צו לאהן דאָס איז מיין שוועסטער לאהלע, אַ גרושה. ער פירט אים צו מלכהן און דאָס איז מיין ברודערנטאָכטער מלכהלע.

**ר' שמואל** איז שטאַרק פאַרמישט און נייגט זיך אַ ביסל, פריער צו לאהן און דערנאָך צו מלכהן איך קען אַזויפיל נישט אַרויסזאָגן, וואָס פאַר אַ הנאה איך האָב פון דעם, וואָס איך ווער דאָ מיט אייך באַקאַנט.

**לאה** רעדט זייער פאַרמישט איך... איך בין... יאָ... איך בין זייער צופרידן! אַזוי אַ גאַסט!... איך מיין... אַזוי אַ טייערן גאַסט... ביי מיר צו זען.

**מלכה** קוקט אָן לאהן און וואונדערט זיך וואָס זי איז אַזוי פּאַרמישט און זאָגט צו ר׳ שמואלן אונז באַדאַנק׳מיר זיך זייער פאַר אייערע גוטע ווערטער, און איך מיין, אַז אַזוי אַ גאַסט, וואָס מיין פעטער רעקאָמאַנדירט אים אונז, מוז אַוודאי זייער אַ פיינער און טייערער גאַסט זיין. זי ברענגט נאָך שטולן בעט׳מיר זיצן. מיט וואָס איז מען דאָ מכבד אַזוי אַ גאַסט? זי לייפט צו שבען אין שמועסט מיט איר אין דער שטיל.

**שבע** גייט אַוועק.

**ר׳ בנימין** האָט מלכהן געהאָלפן שטולן שטעלן.

**ר׳ בעריש** צו ר׳ שמואלן; זיי זעצן זיך אָט איז דאָך אייער משרת אויך דאָ.

**ר׳ שמואל** מיין משרת? ניין, מיין פריינד, מיין בעסטער פריינד, ווילט איר זאָגן, איך האָב אים תמיד נאָר פאַר דעם געהאַלטן, ווייל דאָס אומגליק האָט אים נעבעך געטראָפן, ער איז פאַראָרעמט געוואָרן, און איך בין רייך, פונדעסטוועגן האַלט איך אים נישט פאַר קיין משרת חלילה, נאָר פאַר מיין בעסטן פריינד.

**ר׳ בנימין** איך ווייס אָבער וואָס איך בין אייך מחויב צו זיין פאַר אייער גוטס, וואָס איר האָט אָן מיר ביז אַהער געטאָן.

**ר׳ שמואל** מאַך נישט אַזוי אַ גרויס ווען פון אַזוי אַ קלייניקייט און טו מיר דאָס צוליב און שמו׳ס גאָר פון דעם שוין נישט.

**לאה** איז שוין אַ ביסל צו זיך געקומען מיין ברודער בנימין האָט מיר פון אייער גוטקייט אַסך דערציילט, אַז דאָס וואָס איר האָט אָן אים געטון ביי אייך אין די אייגן גאָר אַ קלייניקייט איז; ביי אונז אָבער איז דאָס אַזוי אַ גרויס גוטס, אַז מיר ווייס׳מיר גאָר נישט ווי אַזוי אייך דערפאַר צו דאַנקען.

ר׳ שמואל  עס איז שוין אין דער וועלט אַזוי; גוטע מענטשן מאַכן באַלד אויס דער גרעסטער קליינִיקייט אַ גרויס גוטס.

לאה  דאָס האָט געמוזט בנימין איינרעדן, אַז אונז זענ־מיר גוטע מענטשן. איר טאָרט אייך אָבער אין דער זאַך נישט זייער אויף זיינע רעד פאַרלאָזן, וואָרן איטלעכער לויבט גערן זיין משפחה, וואָרן ער לויבט אינאיינוועגס זיך אַליין.

ר׳ שמואל  ביי מיר זענען בנימינס ווערטער הייליק.

ר׳ בעריש שטעלט זיך אויף  נאַ, האָטס נישט פאַראיבל, איך דאַרף נאָך אויף איין אָרט צו גיין, אַ נייטיק געשעפט אָפּ־צומאַכן. אייך, מיין ליבער ר׳ שמואל, לאָז איך דאָ, אונטערהאַלטס אייך דאָ אַ ביסל, ביז איך וועל צוריקקומען. צו מיטאָג זענט איר מיין גאַסט. ער גייט אַוועק.

מלכה  לאהלע, אויב דו ווילסט, פאַרבעט דעם גאַסט אין גאָרטן אַריין, און איך וועל הייסן שבען, אַז זי זאָל אַהין ברענגען וואָס איך האָב זי געהייסן.

לאה  כ׳לעבן, גאַנץ גליך! אויב ר׳ שמואל וועט אַזוי גוט זיין און זיך וועלן אַהין באַמיען.

ר׳ שמואל  יאָ, פאַרוואָס נישט? אין אַזוי אַ געזעלשאַפט בין איך אומעטום מיט פאַרגעניגן. זיי גייען אויף איין זייט און מלכה אויף דער אַנדערער זייט אַוועק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

# [די פריילעכע יונגעלייט]

**יאָסל** *קען נישט שטיין אויף די פיס* וואָס, דו מיינסט, איך בין אפשר שיכּור, הע? איך וועל דיר דאָ ווייזן שיכּור! וואָלף! מיט מיר שמועסט מען נישט אַזוי! הערסטו?

**וואָלף** אָט, זאָל גאָט היטן, פּלוצלינג שיכּור? דו וועסט זיין שיכּור? איך מיין נאָר דאָס אַזוי, זאָלסט דיך גיין לייגן שלאָפן.

**יאָסל** נו, יאָ, איך בין שיכּור, נו, וואָס קומט מיר דער־פאַר? האָב איך דיין געלט פאַרשיכּורט? *ער שלאָגט זיך אין האַרץ אַריין* פאַר מיין געלט, מיין געלט מעג איך זיין שיכּור! דער בעל־בית איז אויך אַמאָל געווען שיכּור. ווערסט אים אפשר שלאָגן? וועסט מיך אפשר שלאָגן? אוי, איך וועל דיר ווייזן שלאָגן. דו, וואָלף, דו!

**וואָלף** *פאַר זיך אין דער שטיל* אָט אָ דאָס שלימזל האָט מיר נאָך געפעלט. *צו יאָסלען* ע גיי, ביזט אַ נאַר, וואָס טייטש, איך וועל שלאָגן דעם בעל־בית? איך וועל דיך שלאָגן? אונז זענ'מיר דאָך גוטע ברידער! געדענקסטו, יאָסל, ווי איך האָב דיך אָפּגעבעטן ביי דעם בעל־בית, אַז ער האָט דיך געוואָלט הרגענען איבער די כאָמעטעס, אַז מען האָט זיי אַוועקגעטראָגן, געדענקסטו?

**יאָסל** יאָ, איך געדענק. *ער פאַלט איבער וואָלפן און קושט אים* איך געדענק, מיין גילדענער וואָלף, איך געדענק עס אַזוי ווי היינט. דו ביזט אַ יונג, וואָלף! איך האָב דיך ליב. דו מיינסט אפשר, איך האָב דיך געוואָלט שלאָגן? זאָל מיר אָסור זיין! איך, האָב דיך

ליבּ. וואַרט! איך זאָל דיר ווייזן וואָס איך האָבּ? ער זוכט אין די קעשענעס

זעסטו, דו בּיזט ניכטערן, און איך בּין שיכּור, איז נאָך ניט גלייך.

ער נעמט אַרויס אַ בּריוו זעסטו, וואָס איך האָבּ: אַ בּריוו! און צו וועמען? צום בּעל־בּית! איך מעג שוין זיין שיכּור, דער בּעל־בּית וועט מיר נישט טון; איך וועל אים נאָר ווייזן דעם בּריוו. ער איז שווער, געלט איז אַוודאי דאָ אין אים; דער טאַטע האָט געשיקט געלט, וואָלף, וועל'מיר לעבּן ווי די יונגען. עס איז דאָ געלט. ס'וואָר איך בּין אַ יונג?

**וואָלף** פאַר זיך אין דער שטיל דער אַלטער טאַטע נעבּעך. הויך אויבּ דו בּיזט אַ יונג! נאָר זאָג מיר, וואו האָסטו אַזוי שפּעט דעם בּריוו גענומען?

**יאָסל** איך וועל דיר דערציילן, בּרודער, ווּעסטו וויסן, אַז יאָסל איז טאַקע אַ יונג, וואָס אַ פּאָר שטיוול הייסן. הערסטו, דו בּיזט ניכטערן און איך בּין שיכּור, איז נאָך ניט גלייך.

**וואָלף** אַוודאי בּיזטו גערעכט, נאָר דערצייל מיר: ווער האָט דיר דעם בּריוו געגעבּן?

**יאָסל** ווער עס האָט מיר דעם בּריוו געגעבּן? אַ קאַרע פּערד.

**וואָלף** לאַכט.

**יאָסל** לאַכט אויך הע, הע, הע, יאָ, לאָמיר לאַכן, זינגען און שפּרינגען. ער זינגט און טאַנצט

לוסטיק, בּרידער, וועל'מיר זיין,
טרינקען וועל'מיר מעד און ווין,
שיכּורן וועל'מיר אַ גאַנצע וואָך,
געלט איז דאָ נאָך און נאָך.

**וואָלף** שווייג שטיל! דער בּעל־בּית וועט קומען, וועט ער זיך בּייזערן, וואָס דו לאַרעמסט דאָ אַזוי.

**יאָסל** וואָס? איך מעג זיין שיכּור; דער בעל־בּית איז אויך געווען שיכּור. וואָס, ער וועט זיך בּייזערן אויף מיר? פאַרוואָס? אפשר האָב איך עפּעס געגנבט? איך האָב געגנבעט? ער וויינט און ווישט זיך די אויגן איך בּין נישט קיין גנב, איטלעכער קען יאָסלען; אַ שיכּור איז ער, אָבער ערלעך, ערלעך.

**וואָלף** יאָ, איך ווייס, דו בּיזט אַן ערלעכער יונג, אמת, נאָר וואו האָסטו דעם בּריוו גענומען?

**יאָסל** אַ קאַרע פערד האָט מיר אים געגעבן, ווי איך בּין אויס דער שטאַל אַרויסגעגאַנגען.

**וואָלף** וואָס טייטש, וואָס רעדסטו? אַ קאַרע פערד האָט דיר געגעבן אַ בּריוו?

**יאָסל** פאַלט אים אין די רייד און מיט געלט! כּ'לעבן, אַ קאַרע פערד, אַזוי ווי איך בּין אַ שיכּור!

**וואָלף** ווער איז געזעסן אויפן קאַרע פערד?

**יאָסל** ווייס איך? אפשר איז עמיץ געזעסן דרויף אויך, איך האָב אָבער נאָר געזען אַ קאַרע פערד, און איך זאָג דיר, אַ קאַרע פון די וואוילע בּראַטוניעס, וואָרן ווי איך האָב נאָר גענומען דעם בּריוו, זאָגט זיך מיין קאַרע: „יאָסל, טראָג דעם בּריוו בּאַלד אַרויף צום בּעל־בּית". און אין איין רגע, האַ, האָ, מיין קאַרע איז שוין אַוועקגעפלויגן.

**וואָלף** איז דער בּריוו נישט פון דער פּאָטשט? האָט דיר אים נישט דער פּאָטשטטרעגער אָפּגעגעבן?

**יאָסל** לאַכט האַ, האַ, האַ, דער פּאָטשטרעגער איז אַ גלער ייד, נישט קיין קאַרע פערד, און יאָסל האָט אויגן, כאָטש ער איז אַ שיכּור. ער זינגט

שיכּור, שיכּור כ'לעבּן בּין איך,
טרינקען, טרינקען כ'לעבּן וויל איך,
אוי, דײ די, דאַם, דײ, די, די.

מע קלאַפּט דרויסן.

**וואָלף** שטיל, יאָסל! מע קלאַפּט, הערסטו? אַוודאי דער בּעל-בּית; ער האָט אַוודאי געהערט דיין לאַרמען און זינגען. ער וועט דיר דאָ דערמאָנען אָן די כאַמעטעס, גרייט אָן די פּלייצעס!

**יאָסל** בּלייבּט פּלוצלינג שטיין פאַרזאָרגט און גאַנץ שטיל. דרויסן קלאַפּט מען שטאַרקער.

**וואָלף** זײ נאָר דאָ, יאָסל, און גײ נישט אַוועק; איך גײ נאָר אַראָפּ עפענען. ער גייט אַוועק.

## דריטער אַריינקום

יאָסל אַליין

**יאָסל** קוקט, אויבּ וואָלף איז שוין אַוועקגעגאַנגען איך זאָל דאָ בּלייבּן? נישט אַוועקגיין? איך זאָל אָנגרייטן מיינע פּלייצעס? אוי! אַ רוח אין דער וועלט אַריין! מיינע פּלייצעס? מיך שלאָגן? אוי, עס טוט וויי, אַז מען שלאָגט. מיין קאַשטאַן לויפט, אַז איך שלאָג, איך וועל אויך לויפן. אָבּער וואו? צו מיין קאַשטאַן? טאָמער בּאַגעגן איך דעם בּעל-בּית? ער קראַצט זיך אין דער פּלייצע אוי, מיינע פּלייצעס! מען הערט רעדן דרויסן ער איז דאָ. געשווינד בּאַהאַלט דיך, יאָסל! ער לויפט אין אַלקער אַריין.

## פערטער אַריינקום

**בּערל** און **משה** פירן **דודן** אונטער די אָרעס, **וואָלף**.

**משה** גיט זיך אַ וואָרף און זעצט זיך אויף אַ שטול.

דוד וואָלף, גיי בעט אין אַלקער אויף שטולכער פון משהס וועגן! בערל וועט שלאָפן אין מיין בעט.

בערל און דו וואו וועסט שלאָפן?

דוד איך וועל שוין די נאַכט נישט שלאָפן. וואָלף! צינד אָן אַ ליכט, און שטעל אויף דעם סאַמאָוואַר אויף טיי. וואָלף גייט אָנצינדן אַ ליכט.

משה איך וויים גאָרניט וואָס עס טוט זיך היינט מיט דיר. האָסט שוין אַמאָל מער פאַרשפּילט, און ביזט קיינמאָל נישט אַזוי פאַרמרה־שחורהט געוועזן ווי היינט.

בערל גיי, ביזט אַ נאַר! דו ווייסט גאָרניט וואָס דאָס איז, אַז די קאָרט גייט ניט. עס איז ביי מיר אַזוי, אַזוי ווי אַ יונגערמאַן נאָך דער חתונה כאַפּט זיך אַלע מאָל אָן אָן אַ נייעם משא־ומתן און ווערט אַלע מאָל מער אָן דעם נדן.

משה אַז מען האָט אַ רייכן טאַטן, שאַדט נישט, אַז מען ווערט אָן דעם נדן אויך.

דוד אוי, אַ רייכן טאַטן! וואָס קאָסט איך שוין אָפּ דעם טאַטן?

וואָלף בעל־בית, האָט איר אָפּגענומען דעם בריוו פון יאָסלען?

דוד כאַפּט זיך אויף אַ בריוו? וואו איז יאָסל?

וואָלף ווייס איך? ער איז ערשט דאָ געוועזן שיכור ווי לוט און האָט מיר געוויזן אַ בריוו. ער איז זייער שווער געוועזן, אַוודאי פון דעם אַלטן בעל־בית.

משה און מיט געלט, אַוודאי!

דוד נו, וואו איז יאָסל?

וואָלף ער איז ערשט דאָ געווען, ער האָט געמוזט גיין אין שטאַל אַריין.

דוד נו, גיי נאָר, רוף אים אַרויף, אָדער נעם בײַ אים דעם בריוו. וואָלף גייט אַוועק.

משה נו, וואָס ביזטו נאָך פאַרמרהשחורהט? נו, האָסטו געלט געננוג; דער טאַטע שיקט געלט.

בערל געלויבט צו גאָט! אויף וואָס מען ריכט זיך נישט, דאָס קומט דווקא. הער זשע דו, דוד, איך שלאָף היינט בײַ דיר, אָבער דו מוזט מיר צוזאָגן, אַז דו זאָלסט נישט אויפזיין די גאַנצע נאַכט. איך בעט דיך.

דוד אַז עס וועט מיך שלעפערן, וועל איך מיך לייגן. ווען ניט דער בריוו, איך זאָג דיר דעם אמת, איך בין זייער פול מיט עגמת־נפש.

וואָלף קומט צוריק אַט, וואו איז דער שיכּור? ער האָט געמוזט ווידער אַריבערגיין שיכּורן.

דוד גיי נאָר אַריבער און נעם בײַ אים דעם בריוו!

וואָלף באַלד, איך וועל מיר נאָר די לייכטער אָנצינדן.

בערל איך גיי מיך לייגן שלאָפן, וואָרן איך קען שוין קיין אויג נישט אויפמאַכן, גוטע נאַכט! ער גייט אַרום אין צאַלקעזר.

דוד גוטע נאַכט! לייג דיך דאָרט אין מיין בעט אַריין.

משה וויפל מיינסטו האָב איך דען געוואונען? אָסור אויב מער ווי צען גילדן! בערל האָט געמוזט דאָס איבריקע געווינען, און ווי אַזוי, דאָס ווייס איך.

דוד וואָס? ער האָט, מיינסטו, עפּעס שקרס געטון?

משה שקרס? זאָל גאָט היטן! דו האָסט דאָך געזען. נאָר איך מיין דאָס אַזוי.

**ד ו ד** בערל וועט מיט מיר אַזוי נישט שפּילן, ווי דו מיינסט, די קאָרט איז מיר נישט געגאַנגען און געגיי. וואָס האָב איך דאָ צו קלערן?

**מ ש ה** דו ווייסט דאָך, און איך שפּיל נישט ערליך?

**ד ו ד** וויס איך? מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט נאָר דאָס איינע מאָל שקרס געטון, ווען איך האָב דיך געכאַפּט דערביי.

**בערל** און **יאָסל** שרייען אין אַלקער גערוואַלד! אַ גנב! אַ גנב!

**ד ו ד** און **מ ש ה** כאַפּן זיך אויף אַ גנב! געוואַלד! וואו? וואו? זיי לויפן צום אַלקער.

**בערל** קומט אַרויס האַלב איינגעטון געוואַלד! אַ גנב! אַ גנב איז אין אַלקער. זיי לויפן אַלע אַריין און שלעפּן יאָסלען אַרויס און שלאָגן אים און שרייען דו גנב! דו גנב!

**וואָלף** קומט צוריק.

**יאָסל** איך בין נישט קיין גנב, בעל־בית! איך בין אַן ערלעכער יונג, בעל־בית־לעבן, בעל־בית! אַלע בלייבן פאַרצייליגן שטיין שטיל, דערנאָך לאַכן זיי אַלע.

**ד ו ד** יאָסל, דו ביזט דאָס? ווי קומסטו אין אַלקער אַריין?

**י אָ ס ל** איך ווייס אַליין נישט: איך האָב געמיינט, איך ליג אין שטאַל און עמיין וויל מיך פאַרגנבענען, האָב איך אָנגעהויבן צו שלאָגן, צום סוף איז עס ר' בערל. אַלע לאַכן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

# דאָס אײַזן

בײַ אַ גאָלדשמיד בין איך אַמאָל געווען.
דאָרט האָב איך צוגעזען,
ווי ער האָט מיט אַ האַמער גאָלד געשלאָגן.
דאָס גאָלד האָט זיך נעבעך געקרימט, —
האָב אָבער נישט געהערט שרייען און קלאָגן.

אויך בײַ אַ מאַשינאַשניק בין איך געווען.
דאָרט האָב איך ווידער געזען
מעש און קופער מיט אַ האַמער שלאָגן.
זיי האָבן זיך נעבעך געקרימט,
זיי האָבן געקרעכצט, געברימט, —
האָב אָבער נישט געהערט שרייען און קלאָגן.

בײַ אַ קאָוואַל בין איך אָבער געווען, —
דאָרט האָב איך אָבער צוגעזען,
ווי מען האָט אײַזן מיט אַ האַמער געשלאָגן:
מײַן האַרץ האָט זיך אַזשע דערבאַרעמט,
וואָרן עס האָט געשריען, געלאַרעמט,
און מיט געשריי האָב איך געהערט קלאָגן.

הױ אײַזן, טאָמער קענסטו מיר זאָגן,
פאַרוואָס ביזטו דאָס מער מיוחס פון זיי?
פאַרוואָס הער איך דיך מער שרייען [און] קלאָגן,
פאַרוואָס מאַכסטו מער ווי מעש און קופער אַ געשריי?

## מײַן קינד

קוקטס נאָר אָן מײַן שײן קינד
מיט די געקרײזלטע לעקעלעך
און די קײַלעכדיקע בעקעלעך;
װײַבעלעך, האָט עך אױך אַזױנס, הע?
װײַבעלעך, עך האָט נישט אַזױנס, בע!

קוקסט נאָר אָן מײַן זיס קינד
מיט דעם װײַסן פעטן קאַרגל,
גאָר זיס, װי אַ צוקערװאַרגל;
װײַבעלעך, האָט עך אױך אַזױנס, הע?
װײַבעלעך, עך האָט נישט אַזױנס, בע!

קוקטס נאָר אָן מײַן זיס קינד
נישט פאַרצױגן, נישט פאַרצאַרט,
נישט קײן לאַמפּערט און נישט פאַרשאַרט,
װײַבעלעך, האָט עך אױך אַזױנס, הע?
װײַבעלעך, עך האָט נישט אַזױנס, בע!

קוקטס נאָר אָן מײַן פרום קינד:
ערלעך, גלײַך עס העט פון זיבן
געװען מיר איבערגעבליבן.
װײַבעלעך, עך װילט אױך אַזױנס, הע?
נײַן, אָסור, עך קריגט נישט אַזױנס, בע

קומט אַמאָל אַ סוחר צו אַהער,
הונדערט מיליאָן טאָלער

גאָר דאָס עשירות באַצאָל ער,
ניין, ער קריגט נישט אַזוינס, בע;
לאָז ער קויפן אַן אַנדערס, פּע!

[צו...]

אין מיר מוז איך עס טראָגן,
איך קען נישט אַרויסזאָגן,
שווייגן מוזן מיינע ליפּן.
אין האַרץ נאָר, איך פיל,
קלאַפּט ווי אין אַ מיל
גאָר שרעקלעך אָן מיינע ריפּן.

זאָגן ווען ער האָט ליב,
ביז ער וועט ליגן אין גריב,
מעג יעדער זאָגן, ווער עס וויל.
מיר פרעסט עס מיין לונג,
ווי האַלץ ווערט מיין צונג,
איך מוז ווי אַ שטומער זיין שטיל.

מיין האַרץ זאָל טאַקע פּענקען,
מוז איך שטיל גאָר בענקען;
ווי פייער ברענט עס דאָרט דרינען.
און עס ברענט נאָך מער
פון איטלעכער טרער —
איך קום טאַקע שיר פון זינען.

די זון גייט אויף, גייט אונטער
צי אום זומער, צו ווינטער,

און איך ווייס אַלץ נישט, וואו איך בין:
איך ליג נאָר פאַרטראַכט
אזוי טאָג ווי נאַכט
און האָב נאָר דיך אַליין אין זין.

קוקן אין הימל אַריין,
צו זען דער לבנהס שיין,
ווען קען מען דאָס פאַרווערן?
מיין הימל ביזטו,
מיין לבנה דערצו,
נאָר דיך וויל איך זען און הערן.

ניין, מיך קען נישט דערקוויקן
דאָס אויף דעם הימל קוקן
. . . . . . . . . . . . . . . . .

איך געדענק איטלעכס אָרט,
פון דיין מויל איטלעכס וואָרט,
ווי מי' האָ'מיר זיך באַגעגנט.
און דאָס לעצטע מאָל
דאָרט אונטן אין טאָל,
ווי טרערן האָבן גערעגנט.

ווער איז געווען מיר גלייך,
מיט שמחה און נחת רייך,
ווען אונז זענ'מיר געווען ביינאַנד?
און איצט זאָג צו מיר, זאָג,
ווער איז מיט לייד און פלאָג
רייכער פון מיר אין גאַנצן לאַנד?

מעג דאָרט איינעם אין דער וועל.
געפעלן וואָס אים געפעלט,
בריליאַנטן, גילדענע צייטן:
געדענק איך אָן דיר,
קומט מיר דאָס אַלץ פיר
ווי חבריכים פון אַ טייטן.

דיין שיינער ליכטיקער כ״י
גיט טויטע לעבן צוריק,
דיין שמו״ס איז דאָך צוריקערוים:
אַ פייגעלע זינגט,
אַ גלעקעלע קלינגט,
ווען דו גיסט דיר דעם שיינעם שמי״ס.

די צווי ליכטיקע שטערן קלאָר
האָסטו אייגעלעך אַ פּאָר
און הערעלעך, דיק ווי פעל;
ווי היזן מיט שניי
האָסטו בעקעלעך צוויי
און אַ פיסקעלע ווי אַ קרעל.

אומזיסט וויל איך פאַרדאַרבן
פון דער וועלט אַלע פאַרבן,
איך זאָל דיינע מעלות מאָלן;
און די צו וועגן —
מוז מען ערשט פרעגן,
וואו נעמט מען אַזוינע שאָלן.

## [פראַגמענט]

גוטע לבנה! דו גיי...
צווישן די כמאַרעס....
און איך מיט עגמת־נפש...
קוק דיר אַזוי נאָך גאָר [שטום].
טרויעריק איז דיין איטלעכער קיק,
כאָטש דו ביזט גאָר מלא־חן;
אוי! זייער גרויס איז מיין אומגליק
וואָס איך קען דיר נישט נאָכגיין.

אוי, לבנה! דיר ווילל איך זאָגן,
נאָך ווען איך אַזוי בענק;
נאָר פֿאַר דיר וועל איך מיך קל...
אין וועמען איך אַלץ געדענק.
גוטע לבנה! דו מעגסט וויסן,
ווייל דו האַלטסט אַ סוד ביי דיר,
פֿאַרוואָס מיינע אויגן גיסן
און ווערן טאַקע בלינד שיר.

דאָרט אין טאָל ביי דעם גרויסן שטיין
איז אַמאָל אַ באַרג געווען;
דאָרט וועסטו ביי אַ טייכל גיין,
וועסטו אַ שטיבעלע זען...

## [זייטס געזונט!

צו מיין ליבן שוואגער
און צו מיין טייערע שוועגערין!

זייטס געזונט, מיינע ליבע, גוטע פריינד,
איך געזעגן מיך שוין מיט אייך אצינד;
היינט פאר איך שוין אוועק פון אייך היינט.
פון גאנצן הארץ זאג איך אייך: זייטס געזונט!

העט איך געקענט צו אייער הארץ צילן,
העט איך אייך געוועזן אסך מער געזאגט,
אזוי אבער מוז איך אליין פילן,
ווי אין מיר מיין הארץ שטארק קלאפט און שלאגט.

איך בין ביי אייך א גאנץ יאר געזעסן,
כ'לעבן טאקע גאר צו א לאנגער גאסט,
האב ביי אייך געטרונקען און געגעסן,
בין אייך געוועזן צו א גרויסער לאסט.

וואס האט עץ נישט אלין געטון אין מיין קרענק,
וועל איך דאס קענען אמאל פארגעסן?
אייביק וועט מיין הארץ צו מיר זאגן: געדענק!
דורך זיי האבן דיינע קינדער עסן.

עס לאזט מיך איצט אסור גארנישט ריען,
ביז איך וועל אייך נישט אפגעבן מיין דאנק
פאר דעם גוטס, וואס עץ האט מיר געטיען*,
פאר אלעם, פאר אלעם גאר דורך דער באנק.

* = געטאן.

נעמטס מײַן האַרצלעכן דאַנק גאַנץ האַרצלעך צ
איך װעל אײַך תּמיד דאַנקען ביז מײַן טױט,
איך װעל מעגן זײַן, איך װײס גאָרנישט װאָ,
סײַ־װי־סײַ, צי גאָר גליקלעך, צי אין נױט.

נישט לאַנגע צײַטן, נישט װײַטע ערטער
זענען אימשטאַנד גוטע פֿרײַנד צו שײדן;
זײ זאָגן זיך פֿון װײַטנס גוטע װערטער,
טײלן זיך מיט צרות װי מיט פֿרײדן.

און װען גאָט װעט מיר מײַן לעבן שענקען
און איך־װעל גאָר זײַן גאַנץ װײַט פֿון דאַנען,
װעל איך נישט אײנמאָל אָן אײַך געדענקען
און מיך אָן אײַער גוטסקײט דערמאַנען.

יאָ, װען איך װעל שפּעטער אַמאָל הײלן
דאָרט ערגעץ אַ געפֿערלעכן קראַנקן,
װעל איך געדענקען אים צו דערצײלן,
װי ער דאַרף נאָר גאָט און אײַך צו דאַנקען.

גאָט זאָל אײַך פֿאַר דאָס שיקן הצלחה
עס זאָל אײַך זײַן טאַקע גאָר אַ װוּנדער,
און אַלעם זאָלט עין זען גאָטס ברכה,
בפֿרט אין אײַערע גילדענע קינדער.

זײַטס געזונט! גאַנץ צופֿרידן און גליקלעך.
גאָט זאָל געבן, עס זאָל אײַך גוט גײן.
עין זאָלט האָבן אַן אוצר מיט שטיקלעך.
אײַ, װי דערלעבט מען דאָס! אָמן, אמן.

אָבּער נאָך אַבּקשה האָבּ איך אַקליינע:
יעטס וואָס פֿאַר אַן עזות־פּנים איך בּין!
איך בּעט, טוטס מיר צוליבּ נאָר דאָס איינע,
פֿאַרגעססס נישט, האָטס דאָ נאָכאַמאָל אין זין

אייער שוואָגער אין פריינד
ש. עטינגער.

## |צו...|

אַלע אייערע פריינד
קומען צו אייך היינט
און ווינטשן אייך יענץ און דאָס;
נאָר איך גאָר אַליין
בּלייבּ מיר נעבּעך שטיין
און האָבּ אייך שוין בּילעבּן צו ווינטשן גאָר ניט וואָס.
וואָרן וואָס איך זאָג
און ווינטש אַלע טאָג
זענען אייערע פריינד אַלע בּיינאַנד
פון גרויס בּיז קליין,
פון רייך בּיז געמיין,
עפּעס מער צו ווינטשן נישט אימשטאַנד.

נאָר עס איז נישט שיין
גאָר אַוועק צו גיין,
אַזוי ווי איך בּין צו אייך געקומען אַהער.
האָבּ איך מיך גענייט
און האָבּ אָנגעגרייט
היינט אייך אַקליין ווינטשעלע מער:

איך מיט אייער מאַן,
די פאַני מיט דעם פאַן
זאָלטס דערלעבן צו זען מיט ענקערע אייגן
קינדס־קינדס־קינדער,
געזונט איטלעכעס באַזונדער,
אָן אַ היינטיקן טאָג שיסן מיט אַ פיילנבויגן.
און ביים שיסן
זאָלט עך שמיס'ן,
ווען די קינדער וועלן דעם בויגן שפּאַנען,
פון ענקער גרויס גליק,
און טראַכטן צוריק
און זיך אויך אַ ביסעלע דערמאַנען

אָן אייער בעסטן פריינד

## ברכה

זאָל איצט מיין פענע געבן אַ זאָג
וואָס איך ווינטש דיר דעם היינטיקן טאָג —
בין איך דאָס נישט אימשטאַנד אַצינד,
ווייל איך בין עפּעס נישט געווינט.
נאָר זיי גאַנץ גליקלעך פרייד,
דערלעב שמחות און נחת אָן צאָל,
דערנאָך וועל איך זאָגן דיר:
אָט דאָס האָט דיר געוואונטשן אַמאָל

ש. עטינגער

## [צו...]

זעקס פאַטרעטלעך שיק איך דיר,
וואָלסט האָבן אַן אָנדענקען פון מיר,
און אין עטלעכע יאָר,
אַז וועסט האָבן קינדער אַ פּאָר
און זיי וועלן פרעגן וואָס דאָ הענגט,
בעט איך דיך, מיין קינד,
זאָלסט ענטפערן גאַנץ געשווינד:
דאָס האָט מיר מיין פריינד עטינגער געשענקט.

## [פראַגמענט]

בין איך נישט... געקומען
נישט צו טאַנצן, נישט צו שפּרינגען.
נישט צו הוליען, נישט צו זינגען,
נאָר דיר צו זאָגן מיינע רייד
וואָס דאָ געשריבן ווייטער שטייט.
אַלץ וואָס דיין האַרץ קען באַגערן
זאָל דיר תּמיד גאָט באַשערן;
אַזוי לאַנג דו וועסט נאָר לעבן,
זאָל ער דיר אַלדאָס גוטס געבן.
אים צו זאָגן וואָס, איז קיין קונץ,
ער ווייס שוין דאָס בעסער פון אונז;
אונז דאַרפ׳מיר נאָר נישט צו ריען,
נאָר בעטן, ער זאָל דאָס טיען.

און דיין טאַטע מיט דיין מאַמען
אַלע ביידע צוזאַמען
זאָלן ביז הונדערט יאָר זען,
ווי דאָס וועט געשען,
און ען וועט איך דערמאַנען,
ווען איך וועל זיין ווייט פון דאַנען,
אַז עס האָט אמת געזאָגט היינט
עטינגער אייער גוטער פריינד.

## דער יידישער זעלנער

די זון גייט שוין אונטער רויט ווי בלוט,
און דער לאַגער ווערט שוין טינקל;
פייער ברענען זיך ווי אַ הוט,
פייער ברענט אין איטלעכן ווינקל.
אין דעם לאַגער זעט מען אַמאָל ווייט
די שווערדן און די ביקסן גלאַנצן;
דער גייט און דער שפרינגט, דער לויפט, דער רייט,
מען הערט שפילן און מען זעט טאַנצן.
דער פויקער פויקט אַצינד זייגער ניין,
די טראָמפייטן דערהערט מען פון ווייטן;
עס הייבט שוין אַצינד אָן שטילער צו זיין,
און די וואַכן זעט מען זיך בייטן.
און מיט קולות גאָר ווי די לייבן
שרייען הויך די וואַכן דאָ און דאָרט:
איינער דעם אַנדערן שיר פאַרטייבן,
ווען זיי שרייען אַרויס דאָס וואָרט.

אויפגעהערט האָט שוין דאָס געררודער,
די זעלנער ווילן שוין אַ קאַפּ ריען;
פון וייטן וועג די מידע גלידער
ווילן זיי אַ ביסל אויסציען.

נאָר איין פייער זעט מען שטאַרק פלאַמען
דאָרט נעבן האַרמאַטע נישט ווייט.
צען זעלנער שטייען דאָרט באַזאַמען
מיט זייער פּנים קיין מזרח־זייט.
דוד, דער ייִנגסטער פון אַלע צען
איז ערשט פון דער וואַך געקומען;
פון פאָרנט דאָרט קען מען זען
דעם שיינעם זעלנער דעם פרומען.
זיינע אויגן זעט מען גיסן
טרערן גרויס ווי די גרעסטע שרויט:
קדיש זאָגט ער איצט דעם זיסן
אַ יאָר, אַז זיין טאַטע איז טויט.
„יעשה שלום עלינו" הויך
זאָגט דוד פרום מיט גרויס געוויין.
און אַלע זעלנער מיט כּוח
ענטפערן גלייך: אָמן, אָמן.

## [פראַגמענט]

אָכאַמאָל וועל איך מיין פּען פאַרשניצן,
נאָכאַמאָל מיר מיין פּעדער פאַרשפּיצן,
נאָכאַמאָל מיר די צייט פאַרטרייבן,
נאָכאַמאָל מיר עפּעס אויפשרייבן.

## [פראַגמענט]

אוי איז מיר דאָס נעבעך זייער ביטער,
נישטאָ מיין מאַן, דער ליבער, דער גיטער...
אוי, אַכט יאָר וועט דאָס שוין באַלד דאָ ווערן
וואָס ער לאָזט פון זיך קיין וואָרט נישט הערן.
ער זאָל איצט נאָך מיין ליבשאַפט געדענקען
און זאָל זיך משער זיין מיין שטאַרק בענקען
העט ער געוואוסט פון מיין גרויסער צרה
און העט מיר תיכּף געשיקט אַ התּרה.

## [פראַגמענט]

איידער דאָס קינד גיט נאָך אַ הויך,
עס ליגט נאָך אין דער מוטערס בויך,
ביזטו נאָך פון דאגות גאָר פריי,
מאַכסט קיין לאַרעם, מאַכסט קיין געשריי;
האָסט אַ הנאה לעת-עתּה:
וועסט באַלד ווערן אַ טאַטע.
ווערט עס אָבער נאָר געבוירן,
ליגט עס דיר שוין אין די אויערן.
דאגות האָט עס מיט זיך געבראַכט.
דו קלערסט שוין טאָג אַזוי נאַכט,
ווי מען זאָל דאָס קינד לייגן,
ווער עס וועט דאָס קינד-לעבן זייגן.
ליגט עס אָבער נאָך ביי דער ברוסט,
זאָרגסטו דיך אויך נאָך גאָר אומזיסט;

עס פאַרלאַנגט פון דיר קיין סך,
וואָס עס דאַרף איז קיין גרויסע זאַך.
זענען יאָרן צוגעקומען,
האָבן דאגות צוגענומען.
דאָס קינד ליגט דיר אין די אויגן,
העסט עס גערן שוין דערצויגן:
דאָ זאָל עס יאָ און דאָרט נישט שטיין,
דאָ זאָל עס יאָ און דאָרט נישט גיין,
עס זאָל זיך נישט איבערעסן
און דאָס לערנען נישט פאַרגעסן.

## [פראַגמענט]

ווען איך בין נאָך קליין געווען
און מיין היים ווייט פון דאַנען,
וואָס איך האָב דעמאָלט געזען
קען איך מיך איצט דערמאַנען.
איך בין געווען אַן אייל גרויס
און גאָר קליין די גרויסע וועלט;
בין געזעסן אויף דעם טאַטנס שויס
און האָב נישט געקענט דאָס געלט;
האָב נישט געוואוסט פון צייטן
וואָס עס טוט זיך אַרום מיר,
ווי עס גייט צו ביי לייטן
און וואָס אין דער וועלט גייט פיר.
פון גאָלד, האָט זיך מיר געדאַכט,
זענען לבנה און שטערן,

און פֿליגל וואָלט איך גערן
צו זיי צו פֿליען ביינאַכט.
די לבנה מיט די שטערן,
האָבן זיך מיר געדאַכט,
זענען אַליך נאָר לאַמטערן
זיי זאָלן לייכטן ביינאַכט.

## פֿראַגמענט: אַ גוטע נאַכט

אַ גוטע נאַכט, גוטע ברידער!
מאַכטס שוין איצט קיין גערידער.
עיך מעגט איצט אַ ביסל ריען,
גענוג געאַרבעט און געטיען,
ביז אַ נייער טאָג קומט ווידער.
אַ גוטע נאַכט, גוטע ברידער.

לאָז זיין שטיל, לאָז זיין רו,
מאַכטס די מידע אויגן צו!
די גאַס איז פֿון מענטשן ריין,
נאָר דער שומר רופֿט אַליין.
מאַכטס שוין טירן און טויערן צו,
לאָז זיין שטיל, לאָז זיין רו.

שלאָפֿטס געשמאַק, שלאָפֿטס גיט,
געדענקטס גאָר אָן דאגות ניט!
דאָס גן־עדן זעטס אין חלום;
שלאָפֿטס גאָר רואיק, שלאָפֿטס בשלום.
נעמטס דערביי דעם פֿריינד מיט;
שלאָפֿטס בשלום, שלאָפֿטס גיט.

## [פראַגמענט]

עס לאַרעמען טראָמפּייטן,
עס שפּילן הויך די פלייטן,
און דאָס פידעלע
זינגט אַ לידעלע.
איר ברומט אונטער אַ באַס,
די פּויק הילעכט ווי אַ פאַס,
און מען הערט שטאַרק דרימבלען
צימבלען.

וואו מען גייט און וואו מען שטייט
הערט מען נאָר שמחות און פרייד;
איטלעכער שפּירט אַ לוסט
אין זיין האַרץ אין זיין ברוסט.

## [פראַגמענט]

איך בין אַמאָל געגאַנגען פאַרנאַכט
אין פעלד אַריין זייער שטאַרק פאַרטראַכט.
עס איז מיר געווען ביטער אין האַרץ,
איך האָב געפילט אַ גרויסן שמאַרץ.
איך האָב די טרערן נישט געקענט איינהאַלטן,
דאָס האַרץ איז מיר שיר געוואָרן צעשפּאַלטן.
דערווייל איז מיר איינער פון הינטן געקומען
און האָט מיך מיט ביידע הענט אַרומגענומען
און זאָגט צו מיר:
„וואָס איז דאָס דיר?

וויינסטו ווידער שוין,
מיין זיסע קרוין?"
איך האָב מיך איבערגעדרייט
און האָב שוין געוואָלט אַהיים גיין;
„ניין, זאָגט זי, דו האָסט מיך דערפרייט
און מוזט מיט מיר אַ ביסל דאָ שטיין;
און אויב דו וועסט דיך עפּעס קוויילן,
וועל איך דיר נאָך עפּעס דערציילן,
אַז שוין פון עטלעכע וואָכן
האָב איך מיר דעם קאָפּ געבראָכן,
מיר צו מאַכן דאָס פאַרגניגן,
דיך דאָ אויף דעם אָרט צו קריגן.
אַך, ווי מוז מיין האַרץ פּענקען,
ווען איך טו דיך געדענקען!
און אַז איך וויל עפּעס פון דיר שמיסן*,
הייבן זיך מיר אָן טרערן צו גיסן;
עס פאַלט מיך אַזש אָן אַ היץ און אַ קעלט,
אַז איך העט גערן געדאַנקט פון דער וועלט.
וואָרן דאָס ליבשאַפט וואָס איך האָב צו דיר
איז דאָך עפּעס גאָר אָן אַ שיעור,
און איך גיי דערצו טאָג און נאַכט
אַרום נאָר אַליין זייער פאַרטראַכט,
אַז עס זאָל שוין אויסגעפירט ווערן דער פּלאַן
און אַז עס זאָל שוין טאַקע נאָר אַזוי זאַן**,
ווי איך הייס
און ווי דו ווייסט.

* = שמועסן. ** = זיין.

ניטאַנד ליבט דיך זאָ איניג אַלס איך,
דאָך גלויבע איך, דו ליבעסט אויך מיך

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## Am Geburtstage meines Freundes und Neffen LUDWIG KRASNOPOLSKI.

den 15ten März 1844.

Erlaube dass ich Dir sage,
Wie mich dieser Tag erheitert,
Wie an Deinem Geburtstage
Sich meine Brust erweitert.

Heute wurdest Du berufen,
Auf dieser Welt Mensch zu sein
Hingestellt auf Lebensstufen,
Sich des Lebenshauchs zu erfreun.

Nun so klimme immer weiter
Mit reinster Wonne Hochgefühl
Auf der Tugend Stufenleiter
Beglückt zum späten Lebensziel.

Werde nie des Strebens müde,
Treu der Tugend mit reiner Lust;
Dann durchglüht des Himmels Friede
Deine wie deines Oheims Brust.

S. Ettinger.

## AN MEINEM NICHTCHEN

Deiner Wünsche Ziele
Kenne ich wohl viele,
Jedoch ist mein Wille,
Dass Gott bald erfülle
Den rechten, den Einen,
Den wir beyde meynen.

Und sollten auch Tage,
Wie Jahre Dir schwinden
So höre! ich sage
Du wirst den doch finden,
Den, der Dich verehret
. . . . . . . . . . . . .

* *
*

Gott! erhalte Kaiser Nikolay
Stets auf Seinem Throne,
Erhalt auch uns Ihm treu,
Ihm und Sohne.

Verleih' Ihm alles Glück,
Lorbeer umwinde Seine Krone
Fremd sey Ihm Missgeschick,
Ihm und Seinem Sohne.

Triumphieren lass' Ihn im Kriege,
Seine Feunde werden zum Hohne,
Hoch wehe sein Panier zum Siege,
Ihm und Seinem Sohne.

Befestig' auf immer Seine Macht,
Seiner Tugend zum Lohne,
Leite Ihn in jeder Schlacht,
Ihn und Seinen Sohne.

In Frieden erhalte lang sein Leben,
Dies bitten wir in weinendem Tone,
Du kannst uns ja kein besseres geben,
Als Ihn und Seinem Sohne.

## אַן פּאַני גאָלד

צווישן רויזן זע איך דיך שטיין,
אַזוי ווי דאָס פֿייגעלע שטייט אַצינד.
נאָר מוזטו נאָך אויף אַ שנירעלע גיין,
כּדי דו זאָלסט נישט פֿליען צו געשווינד.

און דיין טאַטע מיט דיין מאַמען
האַלטן דאָס שנירעלע ביידע בייזאַמען.

זע וש"ע, מיין קינד, זיך גוט צו פֿלייסן,
דו זאָלסט נישט צו הויך פֿליען,
דאָס שנירעלע זאָל זיך נישט איבעררייסן,
דו זאָלסט עס נישט איבערציען.

## [פֿראַגמענט: דער וואָלף לערנט לשונות]

אום אַלעם אין דער גאַנצער וועלט
העט איך מיר גאָרנישט פֿאַרגעשטעלט,
אַז אַ וואָלף זאָל אַזוינס וועלן,
אַ וואָלף זאָל אַזוינס געפֿעלן,
צו לאָזן לערענען זיין זון לשונות אַ סך;
דאָס איז כּלעבן זייער אַ גרויסע זאַך.
נאָר אַ זאַך אַהער, אַ זאַך אַהין,
אַ וואָלף האָט דאָס פֿאָרט אַמאָל געטין.
ער האָט אים געלאָזט לערענען טאָג און נאַכט
לשונות פֿון די חיות, אפֿשר זיבן אָדער אַכט:
דהיינו אַפּיש, פּיקסיש, לייביש און בעריש,
האָזיש, הערשיש, העלפֿאַנטיש און טיגעריש.

# דער ראש=הקהל

נו! בין איך מיר אויך אַמאָל
אַ מאַשטשישקער ראש=הקהל.
איך גיב מיר מיט דעם... אַ דריי
און דעם גאַנץ גרויסן געשריי;
איך לאָז קיינעם קיין רו;
צו איטלעכן זאָג איך דו;
פאַר מיר מוז איטלעכער תּרבּות האָבּן,
וואָרן איך קען איטלעכן באַגראָבּן.
איך האָבּ קיין שום מורא
פאַר דעם רבס דין=תּורה,
וואָרן דער „יש דין בּישׂראל“
גייט נישט אָן בּיי אַ ראש הקהל.
איך מעג טון וואָס איך וויל,
איטלעכער מוז שווייגן שטיל.
דעם גיבּ איך אַ ריס,
דעם גיבּ איך אַ בּיס,
דעם זאָג איך „שווייג“,
דעם וויז איך אַ פייג,
דעם הייס איך אויס דער שטאָט אַרויסטרייבּן,
דעם — אין דער קאָנסקריפּציע איינשרייבּן,
דעם הייס איך אַרויסטרייבּן אויס דער דירה,
אויף דעם זאָג איך מיר אַ שטיקל מסירה,
דעם אַ סך נתינה שטעלן;
נו, זאָל איך נישט קוועלן?
און כאָטש מיין טאַטע איז געווען אַ פאַקטער.
און מיין שווער אַ מסור בּיים עקסאַקטער,

און כאָטש מיין מאַמע האָט זיך פאַראַירט
און איך האָב מיך נישט שיין אויפגעפירט,
בין איך פאָרט מאַשטשישקער רעגירער
און דער גאַנצער רעדלפירער.
ווי געפעלט אייך אָבער דער שלמה מנוחהס?
זאָגט, איך בין נישט קיין מיוחס!
האָט ער דען שוין נאָכגעטראַכט,
ווער עס האָט מיין ווייב געמאַכט?
אפשר מיינט ער עפּעס אַ פאַרשיווער ייד,
אָדער גאָר אַ זעלנער אַ אינוואַליד?
ניין, אָסור, טאַקע אַ פריץ אַ גרויסער מאַן,
און דערצו אַ יאַשניע-וויעלמאָזשנע פּאַן.
נאָר איך זאָג: אפשר טאַקע פאַרקערט,
אפשר בין איך טאַקע גאָרניט ווערט
צו זיין אַ ראש-הקהל
איבער די בני-ישראל?
וואו זענען אָבער מיינע זכות אָבות,
זענען זיי דאָס עפּעס אַ קאַטאָוועס?
וואו איז דער טשאַשניקער וואַנער*
און דער זשאָלקעווער אולאַנער?
וואו דער קראַסניבראָדער מטות
און מיינע עטלעכע הונדערט טאַטעס?
עס איז מיר נאָר אַ װוּנדער
אויף די יידישע קינדער,
וואָס זיי האָבן אָן מיר פאַרגעסן,
און זענען אַלע ביז אַהער געזעסן,

* = ווײנער.

אַזוי ווי איינער זיצט פאַרטראַכט,
און האָבן מיך ביז אַהער פאַר קיין ראש־הקהל געמאַכט.
האָב איך דען נישט איצט אַקוראַט
די אייגענע מעלות וואָס איך האָב פריער געהאַט?
מילא לערנען — וועט מיר איטלעכער זאָגן עדות,
אַז איך לערן אַזוי וואויל ווי מיינע זיידעס,
און לעזן — כאָטש איך פאַרשטיי אַ רוח,
לעז איך מיר פאָרט תמיד אַ בוך.
אין שרייבן איז דאָך די וועלט איצט אַזוי קלוג,
אַז פאַר אַ גרויסן מאַן איז חתמענען אויך גענוג.
און אויב עך האָט געהערט
בין איך זייער אויפגעקלערט:
איך שלאָג נישט קיין הושענות
און פאַסט נישט קיין תענית;
שבת איז ביי מיר אַזוי טייער
ווי ביי אַן עושר אַ דרייער;
איך בין נישט אין דער חברה־קדושה
און האַלט נישט זייער פון תורת־משה;
דערקעגן האַלט איך פיל אויף אַ קאָרט
און פוץ מיר מיט אַ שערעלע די באָרד.
די פאהלעך גיי איך פריזירט,
דעם גאַרטל האָב איך שוין קאַסירט.
איך גיי נאָך אין אַ פראַזשערקע אַרום
און בין אין יענער מעשה אויך נישט פרום.
נו, זאָגט עך, יידן מיט לאַנגע בערד,
בין איך אפשר נישט אויפגעקלערט?
צום סוף קומען נאָך די אַלטע רשעים,
איך מיין, די בית־מדרש־גבאים,

און הייסן מיך אויפרופן שישי.
קומט מיר דען נישט פון אָבות־אַבותי שלישי?
אָט דאָ שווער איך בײַ מײַנע קינדער,
בײַ איטלעכן קינד באַזונדער,
אַז נאָר דורך דער עליה
וועלן זיי זיך שנײַדן שוין אַ קריעה.
נאָר דאָס איינע העט איך שוין געגרן:
דעם שווער דעם שיכּור פּטור צו ווערן.
דעמאָלט וועל איך זיי בראָטן און ברענען,
איך וועל זיי טון וואָס איך וועל קענען,
דעמאָלט וועל איך זײַן זייער רייך,
קיינער וועט מיר ניט זײַן גלייך.
איך וועל זײַן הי דער ערשטער בעל־בית
אַלע וועל איך אַרומפירן בײַ דער נאָז,
אַלע, אַלע פון גרויס ביז קליין —
אָמן, אָמן, אָמן.

## די מורא

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר פיר,
פלעגט די באַבע צו שרייען צו מיר,
אַז איך פלעג זייער וויינען,
ווען זי פלעגט תּחינות צו לייענען:
„ווער שרייט דאָס דאָרט, ווער?
אָט רוף איך אַרײַן דעם בער!“

עס איז גאָר ליגנד געווען,
איך האָב קיין בער געזען;

דער בער איז נישט געקומען
און האָט מיך נישט גענומען.

ווען איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן
פלעגט זי צו שרייען מיט גרויסן צאָרן,
אַז איך פלעג צו שטיפן און פאַרפירן
און גאַנצע טעג צו לויפן שפּאַצירן:
„הערסטו, אַז דו וועסט אַלץ אַזוי שטיפן,
וועל איך הייסן דעם בעלפער ריפן!“

עס איז גאָר אַ ליגנד געווען,
איך האָב קיין בעלפער געזען;
דער בעלפער איז נישט געקומען,
ער האָט מיך ניט גענומען.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר זעכצן,
פלעגט זי שוין צו הוסטן און צו קרעכצן,
אַז איך פלעג עפּעס צו וועלן,
וואָס איר איז נישט זייער געפעלן:
„אוי, וועסטו דאָס פאַרשוואַרצט ווערן,
אַז גאָט וועט דיר אַ שוויגער באַשערן“.

עס איז גאָר ליגנד געווען,
איך האָב קיין צרה געזען,
איך בין צו דער שוויגער געקומען,
דער טייוול האָט מיך ניט גענומען.

איצט נעבעך אויף מיינע אַלטע יאָר
קומט מען צו גיין און מען זאָגט מיר גאָר,

אַז איך האָב יאָ אַמאָל קיין ברירה
און טו יאָ אַמאָל עפּעס אַן עבירה:
„אוי, וועסט דיר דאָס אַקריעה רייסן!
אוי, מען וועט דיך אויף יענער וועלט שמייסן!"

נו, איך האָב ביז אַהער מורא געהאַט
און עס האָט מיר אָסור נישט געשאַט;
באָ! זאָל איך גראָד איצט אָנהייבן
אָן ליגנד נישט צו גלייבן?

## [פראַגמענט]

די ערשטע, וואָס האָט אַ שטערנטיכל אויסגעטראַכט
און פּאַר שיינע ווייבער אַ שיין צירונג געמאַכט,
האָט עס געהאָפטן פּלאַטשיק, לאַנג און ברייט,
דימענטן און פּערל זייער צעשפּרייט,
און איז דרינען אַזוי געגאַנגען,
אויף ביידע באַקן אָנגעהאַנגען,
גאַנץ פּאַרצייטיש,
אָבער לייטיש.

באַלד נאָך דעם טויט פון דער קלוגער אשה
האָט עס די טאָכטער געקריגן בירישה*.
די טאָכטער האָט עס מער אַרויפגעצויגן,
עס זאָל נישט ליגן אַזוי אין די אויגן,
און האָט אָנגענייט שטיק און שפּיצן,
עס זאָל מער גלאַנצן און בליצן.

* = בירושה.

אוי! שרייען די ווייבער, דאָס איז שיין!
קוקט עץ! אַזוי דאַרף מען טאַקע צו גיין.

באַלד נאָך דעם טויט פון דער קלוגער אשה,
האָט ער די טאָכטער געקריגן בירושה.
די טאָכטער געפינט ווידער אַ פעלער:
עס דאַרף צו זיין קירצער און שמעלער.
עס איז, זאָגט זי, נאָך צו ברייט,
און האָט אַ לענקעטקעלע אָנגענייט.
אוי! שרייען די ווייבער, גאָר אַ גבורה!
איצט האָט עס ערשט אַ רעכטע צורה.

באַלד נאָך דעם טויט פון דער אשה,
האָט עס די טאָכטער געקריגן בירושה.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## [ר' שמערל]

רבי שמערל לימענעטאָל
איז געוועזן אַ ראש־הקהל
אין זיין שטאָט מער ווי צוואַנציק יאָר.
האָט געהאַט צו טון מיט די האָר
פון אָרעמע אַלמנות צו רייסן.
איז ער נישט געוועזן קיין בעסן.
עשירים פלעגט ער צו פאַרשוינען;
זיי פלעגן אים דערפאַר באַלוינען.
ער פלעגט נישט צו נעמען מתנות
פון אָרעמעלייט און אַלמנות;

האָבן זיי נאָר זיין ווייב באַלוינט,
האָט ער זיי שוין טאַקע פאַרשוינט.
ער איז געווען קהלס־מאַן אַ יאָר זיבן
און איז פאָרט אַן עושר געבליבן.

## די לאַמפּערטעס

[פראַגמענט]

מיט אַ שליטעלע ביי אַ באַרג מיט שניי
זענען געווען אַמאָל לאַמפּערטעס צוויי:
אַ גרויסער איז געווען איינער,
און דער אַנדערער אַ קליינער.
„זעץ דו דיך, זאָגט דער גרויסער, אַנידער,
און איך וועל שלעפּן דיך;
און דערנאָך וועסטו גיין ווידער
און וועסט שלעפּן מיך“.
דער קליינער האָט תּיכּף אַזוי געטיען*,
און דער גרויסער האָט אָנגעהויבן צו ציען;
און איידער מע האָט זיך אומגעזען,
זענען זיי אויף דעם באַרג געווען.
„איצט, זאָגט דער קליינער, זעץ דו דיך אַריין,
און איך וועל ווידער דער שלעפּער זיין“.
דער גרויסער זעצט זיך אַריין אין דעם שליטן
און זאָגט: „גיב נאָר, ברודער, אַ שלעפּ אַ גיטן“.
. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* = געטאָן.

[פראַגמענט]

משה רבינו האָט געמאַכט
מצרים פינסטער ווי די נאַכט.
פרעה האָט געזען, עס איז שלעכט,
האָט ער געגעבן אַ גרויס געשריי:
מען זאָל געשווינד אָנצינדן לעכט
אין איטלעכער גאַס אַ צוויי־דריי!

## לו ליעקב, עד הגל הזה והנה המצבה

הולך צדקות ודובר מישרים היית
מפעלותיך שמעו רחוקים אשר עשית
אתה כל עובר אורח פה ידמע[?] עין
כי כיונה יהגה לישע ואין.

* * *

את אבי במקל אכה
למותו בכל לבבי אחכה
הולל סבא וזולל אחרפהו אגדפהו
אקב אקללהו, נקלה ונבזה אכנהו,
כאלה דברי אל אבוש
יצחק בן מביש.

* * *

לחמו כל יגיע כפיו אחסר
אף טוב הונו לכליון אמסר.

## [זעצן]

דער סוחר פּאַרזעצט די פּערל און זיצט אויף קײן לײפּסק און נעמט סחורה אויפגעזעצט און קומט אַהיים און קען זיי נישט אָפּ־זעצן. ווייל מען האָט אים איבערגעזעצט, מוז ער אָנזעצן; הייסט דאָס געזעץ, מען זאָל אים איינזעצן, כּדי אַז ער זאָל אָפּזיצן וואָס ער האָט אָנגעזעצט. מוז ער פון האַנדל אויך אָפּזעצן, ווייל ער האָט שוין נישט וואָס איינצוזעצן.

## [פראגמענט, געשריבן 1833]

די וועלט אויף וועלכער אונז זענ׳מיר שטייט שוין 5593 יאָר. עס איז, דאַכט זיך מיר, ווערט, אַז איטלעכער מענטש זאָל זיך די מי נעמען צו וויסן, וואָס עס האָט זיך אויף דער וועלט אין אַזוי אַ לאַנגע צייט פּאַרלאָפן. די וועלט אַליין זעט גאָר איצט אַנדערש אויס, ווי זי האָט אַמאָל אויסגעזען; עס זענען איצט דאָ אויף איר אַזויפיל אומות, און די אומות זענען ווידער מיט זייערע לשונות, מידות, דינים, נאמנות אין נאָך אַנדערע זאַכן פונאַנאַנדער זייער פּאַר־שידן. איז דען די וועלט פון אייביק אָן אַזוי, ווי זי איז איצט געוועזן? און פון וואַנען האָט זיך דאָס פּאַרשידנקייט גענומען אין איר?

דאָס זעט מען גאַנץ גוט, אַז די מענטשן וואָס לעבן אויף דער וועלט זענען תמיד זייער באַשעפטיקט געווען, און זייער סטאַרען זיך און פּאָרען זיך אויף דער. וועלט איז תמיד געווען, אַז זיי זאָלן עפּעס האָבן אַ נוצן און אַ הנאה פון דער וועלט. האָבן זיי זיך אָבער אויך געסטאַרעט, אַז זיי זאָלן קלוג, ערלעך, פרום און גליקלעך ווערן אַזוי ווי גאָטס ווילן איז? און זענען דאָס אַלץ אין דער לאַנגער צייט געוואָרן, אָדער נישט געוואָרן? אָדער העטן זיי נאָך פיינער געקענט ווערן, ווי זיי זענען איצט?

די אַלע קשיות קענען נאָר די מעשיות פון די אַלטע צייטן פאַרענטפערן, און אונז, מיינע ליבע קינדער, מוזן מיר זען באַצייטנס די תירוצים געוואויר צו ווערן, וואָרן עס קען אונז, אַז גאָט ב"ה וועט אונז שענקען אונזער לעבן, זייער צונויף קומען אויף דער וועלט זעלכע מעשיות, וואָס זענען פול חכמה און מוסר, צו וויסן. אמת, די וועלט איז פאַר אונז נאָר אַ דירה, וואָס מיר וועל'מיר אין איר ניט לאַנג וואוינען, אונז מוז'מיר זיך אין פערציק, פופציק, זעכציק יאָר אַרום און אַמאָל נאָך פריער פון איר אויסציען און זי פון אַנ־דערעסוועגן איבערלאָזן. דערקענן טאַקע נאָר איבער דעם, ווייל אונז בלייב'מיר ניט לאַנג אויף דער וועלט, מוזן מיר זען באַצייטנס די מעשיות געוואויר צו ווערן. אַז מיר וועל'מיר וויסן די מעשיות, וואָס זענען אַמאָל געווען, וועלן ביי אונז שוין גאָרנישט אַזוי אַ חידוש זיין די מעשיות וואָס טרעפן זיך היינט אין אונזערע צייטן.

## [פראַגמענט]

גאָט אונזער האַר זאָל מיט אונז זיין, ווי ער איז מיט אונ־זערע עלטערן געווען; ער זאָל אונז נישט פאַרלאָזן אין אונז נישט פאַרשטויסן אונזער האַרץ צו אים צו נייגן, צו גיין אין אַלע

זיינע וועגן און צו היטן זיינע געבאָטן, זיינע געזעצן און זיינע גע־רעכטיקייטן וואָס ער האָט געבאָטן אונזערע עלטערן. און לאָזן די ווערטער, וואָס איך האָב געבעטן פאַר גאָט, נאָנט זיין פאַר גאָט אונזער גאָט אַזוי בייטאָג ווי ביינאַכט צו טון גערעכטיקייט צו זיין קנעכט און גערעכטיקייט צו זיין פאָלק ישראל איטלעכע טעגלעכע זאַך אין זיין טאָג. כדי עס זאָלן וויסן אַלע פעלקער פון דער ערד, אַז נאָר גאָט ער איז דער האַר און מער קיינער.

גאָט, פיר מיך אין דיין גערעכטן וועג שוין וועגן מיינע נאָכ־קוקערס, זאָלסט דיינע וועגן פאַר מיר רעכטפאַרטיקן. און איך וועל מיך מיט מיין אויפריכטיקייט.... דערלייז מיך און דערבאַרעם דיך איבער מיר, וואָרן איך בין עלנט און אָרעם. מ..... שטייט אין רעכטשאַפנהייט, אין דער פאַרזאַמלונג. וועל איך לויבן גאָט. גאָט איז מיין היטער, גאָט איז מיין באַשיצער ביי מיין רעכטער האַנט, מיין הילף איז פון גאָט, דער באַשעפער פון הימל און ערד. גאָט זאָל היטן מיין גיין און מיין קומען מיט לעבן און מיט פרידן פון אַצינד אָן ביז אייביק. קוק פון דיין הייליקער וואוינונג פון הימל און בענטש דיין פאָלק ישראל און דאָס לאַנד וואָס דו האָסט אונז געגעבן, אַזוי ווי דו האָסט געשוואוירן צו אונזערע עלטערן, אַ לאַנד, וואָס עס פליסט דרינען מילך און האָניק. ערבאַרער גאָט! איך וויל דיר געבן געזאַנג און לויב און וויל דיר דינען טאָג און נאַכט. געלויבט איז דער איינציקער, דער געאיינציקטער, דער וואָס איז געווען און איז אַצינד און וועט זיין. גאָט דער האַר, דער האַר פון ישראל, דער קיניג פון אַלע קיניגע, דער הייליקער, געלויבט איז ער! ער איז דער גאָט פון אַלע לעבעדיקע, אַ קיניג וואָס לעבט און דויערט באַשטענדיק און אייביק, געלויבט איז זיין קיניגלעך הייליקער נאָמען אויף אייביק! צו דיינער הילף האָף איך, גאָט, און אַזוי ווי אַלע פעלקער, גייען אין נאָמען פון גאָט, וועל איך

אויך גיין אין נאָמען פון גאָט, דעם לעבעדיקן, דעם אייביקן קיניג. מיין הילף איז פון גאָט, דעם באַשעפער פון הימל און ערד, גאָט וועט אייביק קיניגן.

## [איבערזעץ פון תהלים ס״ז]

צו דעם פירזינגער אויף נגינות איין געזאַנג ליד. גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען איבער אונז און זאָל אונז בענטשן, ער זאָל באַלייכטן זיין פנים ביי אונז, סלה. מען זאָל פאַרשטיין דיין פי־רעכין אויף דער ערד און דיין הילף ביי אַלע פעלקער; עס זאָלן דיך לויבן די פעלקער גאָט, עס זאָלן דיך לויבן די פעלקער אַלע. זיי וועלן זיך פרייען און וועלן זינגען די פעלקער, וואָרן דו וועסט ריכטן אַלע פעלקער גלייך און דו וועסט פירן די פעלקער פון דער ערד, סלה. עס וועלן דיך לויבן די פעלקער גאָט, עס וועלן דיך לויבן די פעלקער אַלע. ער וועט אונז בענטשן גאָט, און עס וועלן זיך פאַר אים פאָרכטן אַלע עקן פון דער ערד.

## [איבערזעץ: יִגדל אֱלהים חַי וישתַבח]

ער זאָל ווערן דערהייכט, גאָט דער לעבעדיקער, און געריםט: ער איז פאַרהאַנדן, און עס איז נישטאָ קיין צייט זייט ווען ער איז פאַרהאַנדן. ער איז איינער, און עס איז נישטאָ קיין איינציקער ווי זיין איינציקייט. ער איז פאַרבאָרגן, און עס איז קיין עק צו זיין איינציקייט. ער איז נישט גלייך צו קיין גוף, און ער איז קיין גוף. מען קען ניט אָפּשאַצן צו אים, ווי הייליק ער איז. ער איז אַ פריִ׳רעדיקער פון אַלעם וואָס איז באַשאַפן געוואָרן. ער איז דער ערשטער און עס איז נישט קיין אָנהייב צו זיין ערשטיקייט. און

ער איז דער אייביקער האַר פון אַלע באַשעפעכישן; באַווייזט זיין מעכטיקייט אין זיין מלוכה. אַ שטראָם פון זיין נבואה האָט ער גע־געבן צו די וואָס ער האָט ליב און צו זיינע באַרימטע. אין ישראל איז נאָך ניט געווען ווי משה קיין נביא, וואָס ער האָט געזען זיין געשטאַלט. די וואָרע תורה האָט גאָט געגעבן צו זיין פאָלק דורך זיין נביא, דער באַגלייבטער פון זיין הויז. גאָט וועט נישט פאַר־טוישן און פאַרבאָטן זיין געזעץ צו אַן אַנדער...

## [איבערזעץ: מַה טֹבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב...]

ווי גוט זענען דיינע געצעלטן, יעקב, דיינע וואוינונגען ישראל. און איך קום אַצינד מיט דיין גרויסן חסד אין דיין הויז אַריין און בוק מיך צו דיין הייליקן טעמפל מיט גרוים יראה. גאָט, איך האָב ליב דאָס הויז וואו דו וואוינסט און דאָס אָרט וואו דיין כבוד רוט, און איך וועל מיך נייגן און וועל קניען, איך וועל קניען פאַר גאָט מיין באַשעפער. און ווען איך בעט צו דיר, גאָט, לאָז זיין דעמאָלט אַ באַוויליקע צייט, און מיט דיין גרויסן חסד, מיין האַר, ענטפער מיר מיט אַ וואָרער הילף.

## [פראַגמענט]

איך רוף צו דיר, וואָרן דו וועסט מיר ענטפערן, גאָט, נייג דיין אויער צו מיר, הער מיינע רייד. איך, איך זע דיין פנים פול מיט גערעכטיקייט, און תיכף ווי איך דערוואַך ווער איך זאַט פון דיין געשטאַלט, וואָרן איך פאַרזיכער מיך נאָר אויף דיר, גאָט; איך זאָג תמיד, דו ביזט מיין האַר. הער דאָס קול פון מיין געבעט, ווען איך שריי צו דיר, ווען איך הייב אויף מיין האַנט צו דיין הייליקן פאַלאַץ. גאָט מיין האַר, איך האָב שוין צו דיר געבעטן,

אין דו האָסט מיך געהיילט; נאָר צו דיר גאָט וועל איך רופן, נאָר צו דיר גאָט וועל איך בעטן. לאָז ליכטיק זיין דיין פּנים איבער דיין קנעכט, און העלף מיר מיט דיין חסד, וואָרן צו דיר, גאָט, האָף איך, אַז דו וועסט מיר ענטפערן, גאָט מיין האַר. הער צו מיין געבעט, גאָט, און פאַרנעם מיין געשריי. שווייג נישט צו מיינע טרערן, הער מיך צו, גאָט, אין לייטזעליק מיך, גאָט; און בלייב מיין העלפער.

## [פראַגמענט]

א געזאַנג וואָס עס גייט אַלע מאָל העכער, צו דוד. איך פריי מיך, אַז מען זאָגט מיר, לאָמיר גיין אין גאָטס הויז אַריין. איך פריי מיך איבער דיינע ווערטער, ווי אַ קריגער איבער אַ גרויסן זאַק רויב. פאַרנעם דאָס קול פון מיין געשריי, מיין קיניג, מיין האַר, וואָרן צו דיר בעט איך, גאָט, הער מיין קול אינדערפרי. אינדערפרי גרייט איך עס אָן פון דיינעטוועגן מיט האָפנונג, איך רוף צו דיר, וואָרן דו וועסט מיר ענטפערן. גאָט, נייג דיין אויער צו מיר, הער מיינע רעד. מיין פּוס שטייט מיט גערעכטיקייט צו לויבן גאָט אין דער פאַרזאַמלונג.

אינדערפרי זאָל איך צו דיר בעטן, מיין באַשעפער, מיין שטאַר־קער, איך זאָל אָנברייטן פאַר דיר מיין מאָרגן־געבעט און מיין אָוונט־געבעט, בלייב איך שטיין פאַר דיינע מעכטיקייט אין שרעק, וואָרן דו קענסט די געדאַנקען פון מיין האַרץ, אַלץ וואָס דאָס האַרץ און די צונג קענען נאָר טון אין דעם כּוח פון דער נשמה וואָס איז אין מיר, און ווי אַזוי קען דיר געפעלן אַ מענטשנס געזאַנג. און דערצו פאָרט וועל איך דיך לויבן אַזוי לאַנג די געטלעכע נשמה וועט אין מיר זיין.

## [פראַגמענט]

איך האָב מיך געאײלט און האָב מיך מיט שלאָפן נישט פאַר־ווײלט, און מיט רײנע געדאַנקען האָב איך גאָטס הויז באַטרעטן פאַר אים מיט מײן מונד צו בעטן צו אים, וואָס איך האָף צו אים, גאָט! פאָרכט, ציטערניש און שרעק איז אויף מיר אַצינד, עס באַפאַלט מיך אַ שלאָף וועגן מײנע זינד. דאָך בעט איך צו גאָט מיט מײן מונד, טאָמער וועסטו דיך דערבאַרעמען. גאָט, מײנע אַלע סודות ווײסטו דאָך, גאָט, אַלײן. היט מיך, דו קענסט דאָך מײנע רײד פאַרשטײן. מאַך מיך פון מײנע זינד גאַנץ רײן; דײן בין איך דאָך, הײל מיך, גאָט! — וואָס קומט אַרױס, אַז איך וועל איצט מײן געבעט צו דיר קערן און דערנאָך ווידער מערן דײנע ווערטער צו פאַרשטערן, לאָז צו מײן קרענק אַ רפואה באַשערן, געדענק און דערמאָן דיך אָן מיר, גאָט.

## [די צוויי נגידים]

צו דער צײט פון דער הריגה פון פ... האָבן דאָרט געוואוינט צוויי נגידים, אײנער האָט געהײסן ר׳ אברהם לאַקס און אײנער ר׳ משה ערליך. דער ערשטער האָט געהאַט ווײב און קינד און האָט געטריבן זײן משא־ומתן מיט ליוועראַנגען צום מיליטער, און כאָטש ער איז געווען אַן עושר, האָט ער אָבער זיך אַ סך געלט געמוזט לײען, וואָרן זײנע ליוועראַנקעס האָבן זײער אַ סך מער באַ־טראָפן. ער איז געשטאַנען דורך זײן ערלעכקײט אין זײער אַ גרויסן קרעדיט, און דורך זײן גוטקײט האָט אים איטלעכער ליב געהאַט. צווישן אַלע בעל־בתים, וואָס זענען דעמאָלט מער אָדער ווײניקער פון דער הריגה בדלות געוואָרן, האָט ער צו מײסטן געליטן, וואָרן

חוץ די צרות וואָס יעדער בעל־בית איז אויסגעשטאַנען גלייך מיט איטלעכן, וואָס זיין ווייב און קינדער זענען צווישן די אַנדערע מענטשן געהרגעט געוואָרן, און חוץ דעם וואָס מען האָט זיין הויז צווישן די איבעריקע הייזער פאַרברענט איז ער נאָך מיט זיין גאַנץ פאַר־מעגן, וואָס מען האָט אים געליגן אין ליווערונקעס ביי דעם מיליטער, וואָס עס האָט די מלחמה פאַרשפילט, פאַרשטעקט געוועזן; אַזוי אַז ער האָט בפירוש געוואוסט, אַז זיין געלט איז אינגאַנצן פאַר־לוירן, און אַז עס איז אַפילו שוין אוממעגלעך ער זאָל אַפילו קענען די חובות באַצאָלן וואָס ער איז שולדיק געוועזן. קורץ, ער איז געבליבן גאַנץ אַליין, אַזוי ווי ער שטייט און גייט, אָן ווייב, אָן קינד, אָן פאַרמעגן. נאָר דאָס איינע, וואָס איז אים געבליבן, איז נאָך געוועזן די חובות וואָס ער האָט אָנגעזען, אַז ניט גענוג, וואָס ער האָט גרויס עגמת־נפש געהאַט אַז ער וועט נישט זיין אימשטאַנד זיי אַפילו אין אַ יאָר צו באַצאָלן, האָט ער זיך נאָך פאָרגעשטעלט די צרות וואָס עטלעכע צווישן די בעלי־חובות, וואָס ער האָט זיי געקענט פאַר נישט־גוטע מענטשן, וועלן אים אָנטון, און ער וועט זיך שפּעטער גאָר קיין שום עצה קענען געבן. ער האָט זיך איבער דעם געשווינד איבערגעלייגט זיין גאַנצן איצטיקן צושטאַנד און האָט געזען, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אַז כל־זמן דער עולם האָט נאָך איטלעכער מיט זיך צו טון, אַז ער זאָל פון דאַנען אַוועק, מען זאָל גאָרנישט וויסן, וואו ער איז אַהינגעקומען וואָרן דאָ איז נישט מעגלעך, ער זאָל זיך עפּעס קענען העלפן. און אַזוי האָט ער אויך געטון.

דער אַנדערער נגיד ר' משה האָט געהאַט אַ ווייב, אָבער קיין שום קינדער. ער האָט פראַוודע אַמאָל געהאַט אַ קינד, נאָר עס איז אים נעבעך נאָך עטלעכע יאָר פריער דורך אַ באַזונדערער סיבה אַוועק־געקומען. זיין הויז איז געוועזן זייער קליין ווי פאַר אַ פּאָר פאָלק,

וואָס האָבן זיך געוואָלט, שטיל, רואיק און ערלעך לעבן. עס איז אויך פאַרברענט געוואָרן, אָבער דער היזק איז נישט געווען אַזוי גרויס קעגן דעם עשירות, וואָס ער האָט געהאַט; זיין איבריק פאַר־מעגן איז באַשטאַנען אין באַר געלט, און דאָס האָט ער תּיכּף, ווי דער גערודער האָט זיך נאָר אָנגעהויבן, אין אַ קעלער טיף אונ־טער דער ערד פאַרגראָבן. ער מיט זיין ווייב האָבן זיך גוט באַהאַלטן. קורץ, ער איז געווען נאָר אפשר דער איינציקער, וואָס האָט צום ווייניקסטן געליטן אין דער גרויסער צרה. ווי ער איז אָבער אַ ביסל רואיקער געוואָרן, האָט ער זיך מיט זיין ווייב רבקה אָפּגעשמועסט, אַז גאָט האָט זיי יאָ אין אַזוי אַ גרויסע נויט געהאָלפן און האָט זיי ביים לעבן און ביי דעם פאַרמעגן געלאָזט, מוז דאָס אַוודאי נאָר זיין פונדעסטוועגן, ווייל גאָט האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן קענען אַצינד גוטס טון די איבערגעבליבענע מענטשן, וואָס זענען נעבעך אומגליקלעך געוואָרן. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטון, איז גע־ווען, ער האָט געלאָזט אַ הויז, וואָס ער איז ווייניק אָפּגעברענט געוואָרן, געשווינד רעפּערירן און האָט געדונגען געזונטע יונגען, וואָס זיי זאָלן אים העלפן אויפזוכן קראַנקע מענטשן אין זיי דאָרט אין דעם הויז אַריינלייגן, מען זאָל זיי דאָרט ראַטעווען. אָבער נישט ער. אַליין, נאָר אַפילו זיין ווייב האָט זיך אויך פיל מי געגעבן גוטס צו טון; זי איז געגאַנגען און האָט געזוכט עפּעס אַ קליין קינד, זי זאָל עס נעמען צו זיך אויפצוציען. זיי האָבן זיך אָבער ביידע קיין גרויס מי נישט געדאַרפט צו געבן, וואָרן וואָס זיי האָבן געזוכט, האָבן זיי תּיכּף געפונען; ער האָט געלאָזט אָנטראָגן אַ פול הויז מיט קאַליקעס און האָט נישט געקוקט צי אַ ייד, צי נישט אַ ייד, אַבי ער איז נאָר געווען אַ מענטש, אַזוי אַז עס איז שוין באַלד קיין פּלאַץ געווען מער וואו נאָך עמיצן צו לייגן. און זי ווידער האָט געפונען אַ קליין קינד, אַ יינגעלע, ליגן אין אַ טאָל צווישן אַנדערע טויטע און געוויינט: „מאַמע". ווי זי האָט דאָס קינד אַהיימ־

געבראַכט, האָט זי דערזען, אַז דאָס קינד גייט אָנגעטון אין אַ זילבערנע ה אויף אַ שנירעלע בערשטין אויפגעצייגן אויף דעם העל־זעלע. דאָס קינד האָט געקענט אַלט זיין אפשר אַ יאָר, וואָרן עס האָט ערשט קוים צוויי ציינדעלעך געהאַט. זי האָט עס געשווינד געגעבן אַ ביסעלע מילך און האָט עס פון אַלע אומריינקייטן גערייניקט, און אַזוי גרויס ווי איר שמחה איז געווען, אַז דאָס קינד איז שטיל געבליבן און איינגעשלאָפן, איז די שמחה אָבער נאָך טויזנט מאָל גרעסער געווען, ווי דאָס קינד איז אויפגעקומען און האָט זי אָנגעקוקט און געשמייכלט. זי האָט עס אָנגעהויבן צו קושן און צו האַלזן און האָט עס מיט טרערן אויסגעווייקט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## נומ׳ 1

[פון אָדעס צו יוסף צערעפּויטען אין זאַמאָשץ, אומטיטלבאַר פאַרן אַוועקפאָרן קיין לעמבערג, ד״ה בערך 1825].

שעצונגסווירדיגער און טהייערסטער פריינד! זיא וויססען דאס נאָטה דיא אורזאַכע וואר, אום דערענטוויללען איך מיך נאך אָדעססאַ בעגאַב, וויל איך איינזאה דאס איך אין זאמושץ נאך פיללייכט צום בעסטעלשטאַב קאָממען קענטע, אונד הויפּטזעכליך געשאה דיזע רייזע דורך דיא פערזיכרונגען מיינעס טהיירען שוואגערס, דעם מיין טרויריגעס שיקזאל צו הערצין גינג אונד דאכטע מיר היר געבין זיך עטוואַס הילפע לייסטען צו קענין. דאַ איך אבער היר הערקאַם, אונד פאַנד דיא שטאַדט אים האנדעל געשלאגען, אונד זעהר פיל גאנין געשיקטע לייטע אום בראָד שמאַכטען, דאַ ערפוהר איך איך ליידער באלד דאָס דיזע מיינע רייזע גאנץ אומזאָנסט געשעהין זייא. דאָך אָבער דאכטע איך היר איין פאר מאַנאטה צו ווייל^ען, אום מיך אין אללען היזיגען געשעפטין אומצו זעהין, אַב זיך דאָך פיל־לייכט איינעס דאַרשטעללין מעכטע, דאַס מיר אונד מיינער ליבען פרויא אונד קינד נאָהרונג פערשאפּפען קענטע. פערגעבענס אָבער זוכטע איך, דען אויך היר ווי אנדערווערטס איזט דאָס געלד זעהר ראַר, נאָך דאצו אָבער זינד היר דיא מענשליכע בעדירפניססע זעהר טהייער. צוואהר וואלטע מיר מיין וואָהלטהעטיגער שוואַגער 400 קערבליך געבין, אום מיט דיזען עטוואָס איין צו האַנדלין, אַללין דאַ איך איינזאה דאס דיזע וואהלטהאט גאַנץ אונפרוכטבאַר בלייבען אונד מיר ניכטס איין טראַגען ווירד, זאָ שלוג איך דיזע וואהלטהאַט אויס אונד בעדאנקטע מיך פיר זיינע גוטע געזינגונגען געגין מיר.

יעדאָך אַבער שטיללטע זיך זיין אייפער מיר בעהילפיג צו זיין ניכט, ער פארשטע אימּמער נאך, אב איך ניכט ווא איינע שטעללע האַבען קענטע. אומזאנסט אבער וואר זיינע מיהע אונד פערגעבענס אלל זיין פארשען אונד נאכזוכען. איך פינג אן זעהר בעזארגט צו ווערדען, אונד דאס פילע נאָך דענקען איבער מיינען יעציגען עלענדין שטאנד פערלייטעטע מיך בייאנאה צו דען פירכטערליכען געדאנקען, דען מיר איינסט גיסתי תי' זאגטע — אונד דער מיך מיין לעבין געקאסטעט העטטע. — צוואהר פעהלטע עס מיר היר אן זעהר גוט עססין, גוט טרינקען, אן וויין, ציטראנען, פאמעראנצין, מעלאָנען אונד דערגלייכען לעקערביססען, דיא מאן בייא אונס ניכט האט, ניכט, אונד איך קענטע היר, ווען ניכט דיא קליינע זארגע — פרויא אונד קינדער איינסט ערנעהרין צו קענין, זעהר דיק אונד פעטט ווערדין, אינדעססין מיינע פרויא זיך אין זאמושטץ אום נאהרונג בעקיממערט העטטע. אַללין איזט דיזעם מיינעס קאראקטער געמעס? זאגען זיא בע: פר:! זיא קעננין מיך. דען ווען איזט מיין קאראקטער אין דען וואהרען ציגען זא גוט בעקאנט אלס איהנען, בין איך פעהיג זאלכעס צו טהון? קורץ, איך ערפוהר יעצט, וואס דאס פירכטערליכע ווארט זארגען צו בעדייטען האט. — איינעס טאג'ס אבער, דא איינע געזעללשאפט גוטער פריינדע בייא מיינעם שוואגער פערזאממעלט ווארען, דא פיל דיא רעדע אויף מיר. מיין טה: שוו: ערמאנגעלטע ניכט מיך איהנען אין דען בעסטין ציגען פארצושטעללין אונד צייגטע איהנען אויך מיינע געמעהלדע, דיא איך אייגענהענדיג מאהלטע, פאן דענען זיא מיט בייאפאלל שפראכען. ענדליך בעפראגטע ער זיא אויך אום ראטה, וואס ער טהון זאָללטע, אום מיינען טרויריגען צושטאַנד לינדערין צו קענין. דיא גוטען לייטע בעראטהשלאגטען זיך מיט איינאנדער, אום עטוואס אויספינדיג צו מאכען, דאס מיר היר נאהרונג פערשאפען קענטע, אללײן אומזאנסט וואר אללעס נאך דענקין. דאך פיל איהנען ענדליך פאלגענדער

געדאַנקען איין: דאס ווען איך אונטערשטיצונג האבען מעכטע, איך דיא ארצנייא קונדע וויא אויך דיא מאהלערייא קונסט צו דער איך איינע אנלאגע האבע שטודירען קענטע, וייל מאן זעהר פילע בייא־שפילע האט, דאס דיזע קענטניססע זעהר פילע מענשען פאן דען עלענדסטין אין דען אללערבעסטין שטאנד פערזעצט האבען. אלסדאן ווערע דיזעס איהר בעסטער ראטה, ווען עס מיר נור ניכט אין אונ־טערשטיצונג מאנגעלטע. „אונטערשטיצונג" פיל איהנען מיין וואהלטהע: ש:* אין דיא רעדע: „אונטערשטיצונג, דיא האט ער פאן מיר, אונד איך בין זעהר צופרידען, ווען איך איהם אויך זא איינע ארט אונ־טערשטיצען קאן, דאס ער איממער זיינע פרויא אונד קינדער ער־נעהרין קענין זאל". נון בעפראגטע מאַן מיך אב איך מיט דיזעס פארהאבען צופרידען בין? איך פערלאנגטע בייא דיזער פראגע איינע פריסט פאן 3 טאגען, דאמיט איך מיר דיזעס פארנעהמין וועלכעס מיין גאַנץ קינפטיגעס לעבין אנבעלאנגט איבערלעגין זאללטע. מאן וויל־ליגטע מיר אויך זאלכעס איין, אונד זא ענדיגטע זיך דיא צוזאמענ־קונפט דער געזעלשאַפט. יעדער גינג נאָך הויזע אונד איבערליססען מיך מיינעם נאכדענקין. אונבעשרייבליך איזט עס טה: צ.ב:** וואס אין מיינע געדאנקין נון פארגינג, דען באַלד וואר איך – אין געדאנקען – שוין אלס דאקטאר דער ארצנייא אין זאמושץ אונד בעפאנד מיך אין דען גליקליכסטען צושטאנד, אין דען איך ניא וואר, אונד וואללטע איינוויללינגען אין דעם שטודיום; אַלליין באלד ערטענטע אין מיינען אהרען דער לערם דען מיינע פרוי מאכטע, אלס זיא זאלכעס ערפאָהר, אונד צאג מיך מיט דיזער איינוויללינגונג צוריק. פלעצליך אבער שטעללטע זיך מיר איינער דער עלענדעסטין צו־שטענדע פאר, אין דען איך מיין קינפטיגעס דאזיין צובריגגען ווערדע– וואס זאלל איך טהון? זאל איך הויר בלייבען בייא מיינעם שוואגער,

* = וואָהלטהעטיגער שוואגער. ** = טהייערער צעדערבוים.

נור עססין אונד טרינקען אונד איין מאנאטהליכעס ארער גאר יעהר־
ליכעס פערגניגען געניסען? וואס ווירד אבער דאס ציל מיינס קינפטי־
גען לעבענס זיין? — זאל איך צו הויזע רייזען, גאר ניכט טהון,
נור אללע טאגע הערען דען שאלל דער פרעכטיגע זאמושטשער
מיליטער מוזיק? זא צווייפלע איך זעהר אב איך פאן דיזעם פרויא
אונד קינדער ערנעהרען ווער קענין. — זאל איך אין זאמוש: זיטצין
אונד געדולדיג דאס ווענינע וואס איך נאך בעזיצע אויף עסין? זא
זאגען זיא מיר בע: פר:*! וויא לאנגע קענטע איך עס זא צו־
ברינגען? איין יאהר, אדער העכסטענס ווען מיר מיינע פרויא איהרע
פאמיליע וואהלטעהטיג נאך 100 קערבליך שענקין מעכטין, 2 יאהר?
אונד דאן? — דאן גערולדיג, רוהיג צו זעהין וויא מיינע פרויא אונד
נאקענדע קינדער נאך בראד שמאכטען? הא! צו דיזעם צילע זאלטע
איך דיזעס קליינע שעהנע אונשולדיגע קינד ערצייגט האבען, דאמיט
עס הונגערסנאטה ליידע? ניין, זאגטע איך, ניין, קיין זאלכער טיראן
וויל איך ניכט ווערדין. אונד — וויללינטע אין דען שטודיום דער
ארצנייא קונסט איין—.—זיא, בעסטער פריינד, קעננין זיך וואהל
פיללייכט נאך עראיננערין, וויא זיא אונד ידיד לבי המשכיל מ'
יוסף רעמר נ' וויא אויך ידידי המושלם מ"ה נייאמאן מזראנוב,
מיך איינסט ראטהעטין, נאך ברלין צו רייזען אום זאלכעס שטודיום
אנצופאנגען, אללייִן דא מיר דאמאלס אן אונטערשטיצונג פעהלטע,
זא וואר איך ניכט אים שטאנדע דיזען אייִרען פריינדשאפטליכען ראטה
פאללברינגען צו קעננין. יעצט אבער, דא מיר מיין טה: שוו:**
וואהלטהעטיג זאלכע לייסטעט, זא ערהאלטען זיא יעצט דען אינ־
ניגסטען דאנק פיר איהרען פריינדשאפטליכען ראטה, דען זיא מיר
איינסט מיטטהיילטען אונד דען איך יעצט גאטט זייא דאנק פאלל־
ברינגע.

---

* = בעסטער פריינד. ** = טהייערער שוואגער.

יעצט נאָך איינע קליינע ביטטע אן איהנען, הערצענספריינד! טהון זיא מיר גיטיגסט דיא געפעלליגקייט, דאס ווען זיא איינזעהין זוערדין, דאס מיינע פרויא – נאך איהרער געוואהנהייט – איבער דיזעם פארנעהמין בעזע איבער מיך אדער גאר לערמין, מיך פלוכען ווירד, זא זאגען זיא איהר, דאס עס מיר פיל ליעבער זייא, דאס זיא מיך פלוכעט, אלס דאס זיא איינסט – מיך זעגנענד – פיר הונגער דארבין זאל. – אונד ווען איהר פיללייכט מיין יעציגעס שטודיום ניכט אנשטענדיג גענוג איזט, זא בעליבען זיא איהר צו זאגען, דאס אויך בן הגביר המפור' היחסן מ' יעקב נ"ז *, וויא אויך בן הגביר היחסן מ' צ"ה בין מבראדי אין דער זעלבען שוהלע שטודירען, אין דער איך שטודירען ווערדע. אלסדען האט זיא גאר קיינע אורזאכע בעזע איבער מיך צו זיין, דאך קלוג אונד שעצונגסווירדיג ווערע זיא, ווען זי געדולדיג דיזע צייט מיינעס שטודיום'ס ערווארטע, אונד דאן אויך זעהען, וויא איך זיא זאמט מיינער שעהנער זעהר פיינער טאכטער, עהרענפאלל ערנעהרין ווערדע, אונד זיך איבערציינען פאן דער טרייע דיא געגען איהר העגעט איהר טרייער מאן אונד אייער פריינד

ש. עטטינגער.

## נומ' 2

[פון זאמאשק צו אן אומבאקאנטן אדרעסאט, מסתמא צו זיין שוועסטערקינד הנה־רוויזע (זע ז' XX), מיט א האלב יאר שפעטער]

שוין דענקטע איך מיך גאניץ אבגעשטומפפט געגען וואננעפאללע פערגניגונגען, שוין גלויבטע איך מיינע נערפען פערקנעכערט איינען רייטץ דער עמפפינדונג אויף צו נעהמען, אלס מיך איבער ברינגער דיזעס, דא ער מיר זא טהיירען גרוס אבשטאטטעטע,

* = נאטאנזאהן.

פאן דען געגענטייל איבערצייגטע, דען פילפאך זעהע איך מיך יעצט
מיט דיזער געטטליכען גאבע, דיא מאן עמפפינדונג נענט, בעגאַ־
בעט. אונד פערייניגט ערשיינט מיר דיזע פריידע אין ענגעלסגעשטאַלט,
דיא מיין איננערס דורכשטרעמעט — . יעצט, בעסטע פריינדין, איינ־
וועניג פאן מיינער יעטציגען לאגע, וועלכעס איך פיללייכט מיר
צור פערטהיידיגונג איבער מיינער יעטציגען טראַכט דינען ווירד.

זיא וויססען דאס מיך דיא יעצט אללגעמיינע נאטה מיינע היימאטה
צופערלאססען אונד אין אנדערן געגענדען אייראָפּאס דיא גליקס געטטין
אויף צו זוכען, נעטהיגטע. איך שווייפטע פילע שטעדטע הערום
אונד דראנג זאגאר ביז אן איינען אָרט, וואָ מאן נור דער זאגע
נאך דען זיטץ דיזער געטטין גלויבטע, נעמליך ביז אדעססע. היר
פאנד איך איינע שטאדט פאלל מיט אויסלענדישע בעטטלער אנגע־
פראָפּפט, צו דערען מיטגליד איך מיך גערעללען זאללטע. מיין שוואַ־
גער גאָלד, דער דאָרט אלס איינע אויסנאהמע גילט אונד דער דער
שפור דעס גליקעס נעהער צו זיין שיינט, נאהם מיך מיט פערגניגען
אויף אונד זוכטע אַללע מעגליכקייט מיר בעהילפיג צו זיין אויף.
אבער פרוכטלאז וואר זיין אייפער מיר צו דינען, דען זיין גליק
זוכעט דאס שפריכווארט „גלייכעס מיט גלייכעס געזעללט זיך גערן"
זעהר צו בעקרעפטיגען, דען נור גאלד פערדינט גאלד, יעדער
אנדערע אבער דער פיללייכט פיל געשיקטער פאן איהם צו זיין שיינט
מוס פיר הונגער דאַרבען. איך וואר בייא איהם 4 ½ מאנאטה אונד
איבערצייגטע מיך לײדער איממער מעהר, דאס מיין דארטיגער אויפענט־
האלט מיך מעהר אין נאטה אלס אין גליק פערזעטצען קעננע. איך
זאַנן אויף זעהר פילע מיטטעל דיא מיך אוים דיזער לאגע בעפרייען
מעכטען, אלס הגביר יעקב נאַטאַנזאָהן זיינען זאָהן נאך לעמבערג אויף
דער אוניווערזיטעט, אום דארט דיא אפאטעקער קונסט צו ערלערנען,
שיקטע. ער שלאָג מיר דאס נעהמליכע פאָר. דא איך אבער איינזאַה,
דאס איך טראָץ מיינעם פלייסע אונד קענטנים איך ניא איין אפאטהעקער

ווערדען קעננע, ווייל דיזער האנדעל זעהר פיל געלד בענעטהיגעט, דא דראנג ער אין מיר מיט דען געדאנקען, דאס איך אלס דאקטאר שטודירען זאללטע. דיא נאטה, וויא אויך מיין שטרעבען נאך קענטניססע נייגטען איהם מיין אהר, אונד דאמיט אויך מיינע איינווילליגונג. יעצט קאם דיא רייהע אן מיינען טהיירען שוואגער, אונד ער ליס זיך ניכט לאנגע ביטטען, אום מיך מיט עטוואס צו אונטערשטיצען, דען, זאגטע ער, ווען איך מיינען שוואגער אונטערשטיצע, זא פרייעט עס מיך, ווען עס אויך זא איינער ארט געשיהעט, דאס ער לעבענסלאנג זיינע פרויא נאהרונג פערשאפפען קעננען זאלל. אונד מיט דיזעם וואר מיין ענטשלוס רייף געווארדען. דאך וואר נאך איין אינסעקט־ וועלכעס דיזער פרוכט דען זיסען זאפט אויס צו זויגען דראהעטע מיר אין דען וועג: נעמליך דיא דייטשע טראכט. הא! איך זאה ערשט יעצט דען ריזען־בערג דען איך נאך איבערצושטייגען האבע, אונד ערשטוינטע. איין גאנצעס פראג אונד אנטווארט, הין אונד העהר דענקען הערשטע יעצט אין מיין איננערס; זא גינג איך
4 וואכען מיט דיזע געדאנקען שוואנגער הערום, אונד וואוסטע מיר קיינען ראטה צו געבען. דען, זאגטע איך מיר, איזט עס מעגליך? דוא עטינגער, דוא ווילסט דיינע יודישע קליידונג אבלעגען, איינע דייטשע אננעהמען, דוא ווילסט דיינען שווארצען ראצימארענען קאפטען מיט סטראקעס אין איינען טוכענען ראק פערוואנדלען, וויא? דאס שטריימעהיטל וועלכעס די אהנען רייהע בעצייכנעט מיט איינען הוט פערוועקסעלן? וועהע, וועהע ווירד דיינע אהנענפאללע פאמיליע איבער דיך רופען, ווען זי דיזעס ערפאהרען ווירד, אונד יעדער דיינער פריינדע ווירד אהנע מינדעסטען פארוואורף זיינען גראלל עפפענטליך געגען דיר בעצייגען מעגען, פערשטאסען אויס יעדעם יודענצירקעל ווירסט דוא אין דיינער הייםאטה הערום אירדען, אהנע דאס דיך יעמאנד צום געפעהרטע זיינעס געשפרעכעס ווירדיגען ווירד! מיט דיזען אונד דערגלייכען דראהונגען מארטערטע מיך מיין פאר־

אורטהייל, ביז מיר ענדליך איין ענגעל און מענשענגעשטאלט ערשין, נעהמליך איין געוויססער ר' שמואל לנדא דער זיך איהרען ווערטהען געמאהלס קאָזין נאנטע לור מיך איינעס אבענדס צו זיך איין. איך האטטע אויך ביא איהם דיא עהרע זיינע שוועסטער, דיא בעריהמטע בינה לנדא, צו ערקעננען. דיזע גוטע, מענשענפריינדליכע, אייסערסט געשיקטע, קלוגע מענשען בענאהמען מיר ערשט מיינע קוואהלען, אונד נור איהרע זיסע ווארטע ווארען פעהיג, מיך איבער מיין קינפטיגעס שיקזאל אויפצוקלערען. „דען, זאגטען זיא, קאן דען דיא טוגענד נור אין איין ראצימארענען קאפטען אויסגעאיבט ווערדען? זאללטען דען דיא געטליכען געזעטצע נור איינער יידישען טראכט הייליג זיין? דער לעווי פערליערט זיינע קרעפטע זעלבסט אין איינער עזועלס הוללע ניכט". – דיזע ווענינג ווארטע שפארענטען מיך גלייך צור אייפיפהרונג מיינעס פאָרהאָבענס אן, אונד דען פאלגענדען טאג ערשין איך שאן אין מיינער יעטציגען טראַכט אין איהרער מיטטע, אונד פערדרייזטע דיא אנדערע וואכע נאך לעמבערג, אום מיין שטודיום אָן צו פאנגען. גאט, זייא דאנק! איך האב אין דען ½ יאהר 3 קלאססען דייטש אונד דיא ערשטע קלאססע לאטיין, וויא אויך זעהר פיל פאן דער מעדיצינישען חירורגיא ערלערנעט. צוואר קאסטעטע עס מיך זעהר פיל פלייס אונד קערפערליכע אנשטרענגונג, אלליין דער פרייז מיינער מיהע פערשפריכט מיר אללעס צו פערגעלטען.

דיא פייערטעגע אונד דיא סעמעסטראלפריפונג ערלויבטען מיר יעצט איינען מאנאטליכען אויפענטהאלט אין מיינער היימאטה, נאך פערלויף דיזער צייט געהע איך ווידער נאך לעמבערג צו מיינער ארבייט. זאללטען מיינע שוואכען וואָרטע זאלכען איינדרוק אויף איהרע מענשען פריינדליכעס הערץ פערארזאכעט האבען, דאס זיא מיך וויא איינסט אויך יעצט מיט איהרער פריינדשאפט ווירדיגען, זא אונטערשטעהע איך מיך נאך אום איין פאַר זילבען פאן איהרער אייגענען האנד צו ביטטען דיא מיר אלס צייכען דינען ווערדען,

דאס זיא קיינען גראלל העגען געגען — ווען איך זאגען דערף — איהר וואהרען פריינד

עמינגער

## נומ׳ 3

[פון זאמאשץ צו אַן אומבּאַקענטען אַדרעסאַט].

ל ויט איהרעם פערלאַנגען פאם 1sten אקטאבער 1836 איבּערשיקע איך איהנען דורך איבּערבּרינגער דיזעס שרייבּענס 1tens מיין פאמי-ליענגעמעלדע סערקעלע, 2tens דאס 1te טהייל מיינער פאבּעלן, אונד 3tens מעהרערע געדיכטכען פערשידענער אַרט. — זיא קענען הימיט וואהל איינזעהען דאס איך איהנען איהרע אויגען ניכט אויס-קראַטצען ווערדע.—דיא אורזאַכע ווארום זיא ביז דאַטא דיזע שריפטען ניכט ערהילטען וואר טהיילס מאנגעל אן זיכערער געלעגענהייט, טהיילס אבּער איהר געדאכטעס שרייבּען, אים פערגלייך מיט מיינער 34 פאבּעל „דער פליגעלפיש“. — דען דער פערפאססער איינער יידישען שריפט שיינט דיזעס ניכט גאניץ אונעהגליך צו זיין. אונד אין איינער ווארטארמען שפּראַכע, פיר איינע נאציאן דער עס אן מיטהאלאגיע, וועלט- אונד נאטורגעשיכטע מאנגעלט עטוואס געניערייכעס צו שריי-בּען, איזט איינע שוויריגקייט, דיא פיללייכט ערשט / נאך מיינעם פלאנע / אין איינינען יאהרען געהאבען זיין ווירד. פיר יעצט אבּער, ליבּער פריינד, מיססען זיא זיך בּעגניגען מיט דעם וואס איך איהנען היר איבּערזענדע. איך מוס איהנען אבּער צוגלייך אייסערן, דאס איך זאוואהל „סערקעלי“, אלס דיא פאבּעלן, געדרוקט צו זעהען ווינשע אונד בּיטטע זיא אום איהרע קריטיק, איבּער דיזע. — איך פערלאססע מיך גאניץ אויף איהרער איינזיכט, אב זיא דיזעביידע ווערקכען דעם דרוקע צו איבּערגעבּען ווערטהשעטצען אדער ניכט. —

אים ערשטען פאללע קעננין זיא דיזע מאנוסקריפטע בייא זיך צוריק לאססען, אים 2ten פאללע אבער מיר זאלכע, אהנע זיא קאפירט צו האבען, דורך איבערברינגער דיזעס גיטיגסט רעטאר צו שיקען. דען נאך דעם פערשפרעכען דעס ה׳ טוגענדהאלד האפפע איך אין ווארשא דיא ערלויבנים דער צענזאר ערהאלטען צו קעננין, אונד דאן ווערע עס עטוואס פיר מיינע טאשע. — אללענפאלס אבער ביטטע איך מיר דורך איבערברינגער אללעס נעטהיגע צו שרייבען, וואפיר איהנען דאנק זאגען ווירד

איהר פריינד עטינגער

## נומ׳ 4

[פון זאמאשץ צו אן אומבאקענטן אדרעסאט; אנהייב פון די 40ער יארן]

[......] **א**בל דבריך „שלח ספרך וארבעים רובל לידי ויהיה ספרך נדפס" בל אבינה. כי להדפיס את ספרי עם התיקונים אשר תקנו בו אנשי כנסת הצענזור חנם בל אחפוץ. האם תדברנה בו שפתי עולה על ד׳, על משיחו, על מלכי ארץ, שריהם, שופטיהם או שוטריהם חלילה? האם תהגה לשוני סרה נגד דרכי המוסר, כי התוו האנשים האלה את מחברתי בתו שני, קו קו ומבוסה מהחל עד כלה, והודו הפכו למשחת, קיא תחת יופי? ועוד, הן ידעתי את האנשים, כי אנשי מדע, שוחרי תושיה וטובי לב המה, וגם שלמים הם אתי מתמול שלשם, ואשאל, מה ראו על ככה לעשות לי כדבר הרע הזה? נקי ספרי מכל דבר פשע, ואם המצא ימצא בו דבר חטא, יבינו לי מה שגיתי, ואנכי או אמחנו מספרי, או אתקן המעות, אפס תואנה אל יבקשו. — גם לא הודעתני, כמה יהיה מספר העקסעמפלארע מחיר הארבעים רובל, אשר כתבת לשלוח לך. — ומדוע שכחת לכתב אלי בדבר החלק מספרי שיללער אשר

בקשתי ממך זה כמה? — שיר הידוע, אדע בטח כי הוא תחת יד אדון אייזענבוים, או ל׳ קאמיאנער, או גיסי היקר, דרוש וחקור נא היטב אצלם ותמצאנו, כי הוא חסרון לא יוכל להמנות. —
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . .]

## נומ׳ 5

[פון כּאַרקאָוו, צום שוואָגער גאָלד קיין אַדעס, 1847]

...איך דאנקע איהנען איך פיר דיא איינגעשיקטע 50 ר״כ. — אוים פּ״ב איזט נאָך קיינע אנטווארט געקאמען. — נאך זאמושק אונד ווארשויא האבע איך נאך ניכט געשריבען, וויל איך ליידער פאן דארט קיינע אנטווארט צו ערהאלטען האפפע, א נר דארט פערלאנגט מאן נאר מיך אַלס < דאק > רעגראזירטן* צו זעהען, אונד זא לאנגע איך עס ניכט בין, זא ווערדע איך פאן מיינער פרויא נור אלס איינע נולל דיא צו איהרער לינקען שטעהעט בעטראכטעט, אונד זיינוויל זאגט, זיא האט רעכט — דיזע נולל איזט אוננעהטיג אונד מוס אוים געלאשען ווערדען... זיא וואללען וויססען וויא פיל איך מאנאטליך היר ברויכען ווערדע; זא האבע איך מיט ה׳ לובעלסקי דער היר גאנץ איין מוסטערהאַפטעס סאלידעס לעבען פיהרט בערעכנעט, דאס איך 24 ז״ר מאנאטהליך אוסר אנפערהאפטע שפעזען האבען מוס. אונד זאלטע עס איהנען פיללייכט צו פיל שיינען, זא בין איך בערייט איהנען איינע רעכנונג... צו שיקען, אונד זיא ווערדען זיך איבערצייגען דאס איך קיינע קאפּעקע...

* == ריגאראָזירטן.

## נומ׳ 6

[פון כאַרקאָוו, צו אַן אומבאַקענטן אַדרעסאַט, בערך 1847]

...איך בין אין חארקאף באלד 5 מאנאטהע אונד נאך איזט קיין... איך היר איינע אנטווארט אוים פ״ב* אבווארטע... [׳כפאלס] דיזע גינסטיג קאמען ווירד איך היר מיט גאטטעס הילפע דאס ריגאראזום מאכען ווערדע.

## נומ׳ 7

[פון כאַרקאָוו, צום שוואָגער גאָלד קיין אַדעס, 1847]

ליבער הערר שוואגער! דא הערר דאקטער ל״ש, דער טראין דען גראסען שוויריגקייטען היר דאס ריגראזאם צו מאכען דאך זאלכעס אין איינער אייסערסט קורצען צייט מיט רוהם פיר זיך אינד זיינער נאציאן איבערשטאנדען האט אונד יעצט צוריק נאך אדעססא זיך בעגיבט, זא ערגרייפע איך דיזע געלעגענהייט, איהנען איהר לעטצטעס שרייבען דורך איהן, דער מיט מיינען פערהעלטניססען זעהר גוט בעקאנט איזט, צו בעאנטווארטען. — דאס זיא מיר קיינע בריפע אן ה״ ה״ש** נאך פ״ב*** געשיקט האבען, זינד בעשטימט טריפטיגע אורזאכען דא, דיא דיזעס רעכטפערטיגען, אונד איך מוס מיך אהנע דיזען מיטטעל בעגעהען, נעמליך געראדעצו איינע ביטטע מיט ביי־פיגונג אללער צייגניססע אן דען מיניסטער זענדען. בעפאר אבער

* = פעטערבורג. ** = ה. הערצענשטיין. *** = פעטערבורג.

דיזעס געשעהען קאן, מוס איך איהנען נאך עטוואס ערצעהלען.
ה' פראפעסאר האַהן, דעקאן דער היזיגען מעדיציניטשען פאקולטעט, ערפוהר דורך זיינעם זאהנע, דעססען בעקאנטשאפט איך אים קליניקום מאכטע, דאס איך שאך שפילע. אונד דא ער איין ליידענשאַפטליכער שאכשפילער איזט, זא זוכטע איך דיזע געלעגענהייט צו בענוטצען אונד בעגאב מיך נאך איינמאהל צו איהם, איהן אום ראטה וועגען דער ביטטע צום מיניסטער צו פראגען. זיא ווערדען זיך וואהל אויס מיינעם ערשטען בריפע ערינגערן, דאס ה' דעקאן האהן מיר בייא מיינער ערשטען אנפראגע, אב איך היר רעגראזאם מאכען קאן, אנטווארטעטע: דא איהנען ציינגניססע אויס חעמיא אונד פיזיק פעהלען, זא קעננען זיא צום עגזאמין ניכט צו געלאססען ווערדען, זיא מיססען דיזע געגענשטענדע נאך איין מאהל הערען. — יעצט אבער זאגטע ער מיר: „זיא האבען יא דיזע געגענשטענדע אין לעמבערג געהערט, נאר דיא צייגניססע זינד איהנען אין זא לאנגער צייט פערלאהרען געגאַנגען. פאלגליך ראטהע איך, דאס זיא ערשט נאך איינמאהל איינע ביטטע אן דיא אוניווערזיטעט איינרייכען, דאס מאן זיא צים רעגראזאם צו לאססען זאלל. דיא אוניווערזיטעט ווירד איהנען, אויס אורזאכע דאס איהנען צייגניססע פעהלען, אבשלאגען. דאנן רייכען זיא אן דען מיניסטער איין: דא זיא איהרען שולקורס אין לעמבערג געענדיגעט אונד נאכהער אלס שטעללפערטרעטענדער ארצט אין דינ־סטען דער רעגירונג 10 יאהרע 2 האספיטעלע פערוואלטעט האבען, זא ביטטען זיא, דאס מאן קיינע ריקזיכט אויף דען פערלאהרענען צייגניססען נעהמע אונד זיא גערארדע צו צום עגזאמין צו לאססע. אונד דאס קאן איהנען דער מיניסטער בייא איהרען פערדינסטען אונ־מעגליך אבשלאגען. — וויר שפילטען דאן איניגע פארטיען, ביים וועג געהען זאגטע ער מיר, דאס איך איהן אפט בעזוכען מעכטע. — איך רייכטע זאגלייך מיינע ביטטע איין, האבע אבער ליידער נאך קיינע אנטווארט פאן דער אוניווערזיטעט, אום וויטער צום מיניסטער

איינרייכען צו קעננען. — זא באלד איך נור דיא אנטוואָרט בעקאָממע, שיקע איך אללע מיינע פאפירע צום מיניסטער (זיא וויססען, וויא פיל איך פאסטפארטא ווערדע צאהלען מיססען, נאָר וואס איזט צו מאכען). — ...האבע ערהאלטען. וואס אידרע קאררעספאנדענץ מיט ווארשא בעטריפט, ביטטע איך זיא נאָר דאס זיא דיזעם מיינעם שרייבען...

## נומ׳ 8

[פון כּאַרקאָוו, צו אַן אומבּאַקענטן אַדרעסאַט, 1847]

... Seit einem Jahre, selbst verzehrend und nun bereits ohne Nahrungszweig geblieben, ist er jetzt genöthiget den He. Minister mit seiner Bitte abermals zu belästigen.

Wenn es noch mitleidsvolle Seelen auf diesem Gotteserdboden giebt, so schmeichle ich mir leider, ihr herzlichstes Mitleid zu verdienen, und hoffe im Namen meiner unglücklichen Familie, dass mir jede mitfühlende, rechtschaffene Seele in dieser gerechten Sache, ihren milden Beistand mit Rath und That nicht versagen wird.

## נומ׳ 9

[פון כּאַרקאָוו, צו דער פרוי און די קינדער, 1847]

...מיהן. איך האב... וואס? מיז איך דיר זאגען, אז... און פין חארקאוו קיין פאלטאווא, פאסט געלד פון דיא... חארקאוו קיין פ״ב און בריף, סטעמפעל פאפיר פין פראשבעס און פאזוואלעניעס... האבען מיר אוועק געחאפט מעהר וויא 200 קערבלעך. איב דוא ווילסט דאס נישט גלייבען פרעג דיין ברידער, מיין גיטען שוואגער. ער ווייסט דאס גאנץ גיט, ווארען ער האט אלליין באצאהלט 10 קערבליך פאסטגעלד פאר דיא צייגניססע פון זאמושץ קיין ארעס,

און קיין חארקאוו האט ער מיר דאס געלד אויך נאר געשיקט בּיס־לעכוויים. רעכען איצינד דאס וואס איך האבּ געמיזט אין 11 חדשים, נישט אזוי ווי דיא זאגסט 7 חדשים, פארצעהרען, וועסטו זעהען, אז איך בּין גערעכט. מיינסטו אפשר אז היא איז אזוי וויא בּייא אינס? ניין, ניין, דאס יקרות איז קיין קאטאוועס! מען קען רעכנען, דאס עססען וואס קאסט בּא אינס איין גילדען וועסטו היא פאר צווייא גילדען נישט קריגען. עך האבּ געלעבּט אין צרות אין לייד אין האבּ געמוזט צאהלען 40 ריבּעל פּאַר א פּאסקידנע שטיבּעלע, פינסטער אין קאַלט, אן עך שטאט אין איין מאהל אים טאג עססען. אין וויא איז פּריאשטיק און וויעטשערע, לעכט, טיטין, וועש־געלד אין אנדערע קליינינקייטען? עך מיין, אז דיא בּא דאן שכל וועסט דיר נישט איינרעדען אזוי איין נארישקייט, אז איין אימ־גליקליכער פאטער פין זיבּען ארעמע קינדער וואס איז 200 מייל פין זייא אין אַ פרעמדע מדינה ענטפערנט זאלל זיין איין אויס־בּרענגער. — ניא זאג מיר, מיין ליבּ ווייבּ! וואס זאלל איך איצינד טיהן, זאלל איך דא ווארטען בּיז עס וועט תשובה קימען פון פּ״בּ? — וויא נעמט מען דערוואל עססען אין דירה? עך בּין געבּליבּען אן איין קאפּיקע. זאלל איך אלס אוועק ווארפען אין אזוי אהיים קימען — וויא נעמט מען אויף הוצאות 200 מייל צו פּאָהרן? מיין....

...דעך דיך גאר... ווערט דיין דיך ליבּענדער מאן ע ט ט י נ ג ע ר.

דישע לעבּין! זיסע טאכטער! דיין בּריפכען — ניין, דיין שעה־נער, ליבּפאללער בּריף האט מיך ענטציקט, ער ווער פיר מיך מידען וואנדערער אין דער וויסטע איין ערקוויקענדער לאבּע־טראנק. דוא האסט דען שטיין דער מיינע הערצענס קוועללע פרעסטע הערונ־טער געוועלצט, אונד וועללען פאן פריידענטרעהנען פלאססען וויא איין שמערצלינדערענדעס עהל איבּער מיינע וואנגען. איך דאנקע, איך דאנקע דיר, דאס דוא מיר דיזע פריידע פּעראורזאכט האסט, אונד דעם אללגיטיגען שעפּפער, דאס ער מיר זא איין ליבּעס טעכטערכען שענק־

טע. איך ערפיללע דיינען וואנש אונד שרייבע אויך באלד אנטווארט, נאר ביטטע דיינע ליבע מוטטער, דאס זיא מיר אויך באלד אנטווארטען מעכטע. דיר ווירד זיא דיזע געפעלליגקייט בעשטימט ערוויזען, דען זיא ליבט דיך געוויס מיט דער נעמליכען צערטליכקייט וויא דיין פאטער.

אודך מחמד נפשי! אודך מיכל בני על כי נתת שמחה בלבי, החייתני במכתבך. הן מאז אהבתיך בני, אכן עתה עוד יקרת בעיני, כי נתת ליעף כח נפת ורקח בעצמותיו, מי הגיד מלפנים, ממרחק אשמע אמריך הנעימים! לכן גם אתה קח נא אמרי קשרם על לוח לבך, ירא אלהיך, שמע הוריך, אהוב רעיך, כבד אמך

ואל תשכח את אביך

עטינגער

## נומ׳ 10

[פון בערדיטשעוו, צום שוואָגער גאָלד קיין אַדעס, אָנהייב־ נאָוועמבער 1847]

לשמור פקדיך צויתה הנני כותב אליך הדברים האלה. אחר שתי שבועות נסעתי מאדעססא, באתי ביום אתמול לבערדיטשוב. שבעה נפשי ברעות, וגם כספי ימעט מאוד, ומי יודע מה שיהיה. לכן כאשר החילות בנדבת פיך לעמוד לימיני, אבקשך. . . . .

## נומ׳ 11

[פון זאַמאָשץ, צום שוואָגער גאָלד קיין אַדעס, סוף 1847 אָדער סאַמע אָנהייב 1848]

נאך מיינער מיהעפאללען ביינאה פינפוועכענטליכען רייזע לאנגטע איך ענדליך אם 25/13 נאוועמבער אין מיינער היימאטה אן. זיא

זינד גאטטע אונד פאטער, אונד צוואר יעדעס אין העכסטער צערט־
ליכקייט. דאהער האלטע איך עס פיר העכסט איבערפליסיג, איהנען
מיינע פריידע בייא מיינער אַנקונפט צו שילדערן אונד זיא וועגען
מיינען ביסהעריגען שטיללשוויגען אום פערצייהונג צו ביטטען. גלויבען
זיא אבער יא ניכט, דאס איך פאן קרענקונג גענצליך פערשווינט
ווארדע; וויא געוועהנליך מעננטע זיך אויך דיזע אין מיינער וואנגע,
יעדאך האט זיא מיינע פארבערייטונג ניכט איבערטראָפפען. זיא וואר
איינענטליך פאן מיינער ווערטהען גאטטין. קוים ערפוהר זיא, דאס
איך אין דאס שטאדטטאהר אנגעלאנגט זייא, פערליס זיא זאגלייך
דאס הויז אונד בעגאב זיך צו גיסי זיינוול. דיזער לאז איהר איינען
טיכטיגען זערמאָן, פערוויגערטע איהר דען אויפענטהאַלט אונד בע־
פאהל איהר אויף דער שטעללע נאך הויזע צו געהען. זיא געהארכטע
אבער ניכט אונד קווארטירטע זיך בייא איינער איהרער פריינדיננע
איין. היר פערווילטע זיא 3 טאגע אונד קאם דאן אויף ווידערהאלטעם
בעפעהלע פאן דער גאנצען פאמיליע נאך הויזע צוריק. היר פאנד
זיא דען טייפעל ניכט זא גרעסליך, וויא זיא זיך איהן פארשטעלטע,
אונד אללעס איזט אונגעפעהר ווידער אין געהעריגער ארדנונג. —
בייא דער פאַמיליע, איבערהויפט בייא זיינוויל ערפרייטע איך מיך
איינעס זעהר גוטען עמפפאנגעס, צו וועלכעם איהר ווערטהעס שריי־
בען וועלכעס פריהער אלס איך היר אנלאנגטע געוויס פילעס בייא־
געטראגען האט. — איך פאנד דיא גאנצע פאמיליע גאטט זייא דאנק
געזונד אונד מונטער. נור מאכט מיין פילגעליבטעס טעכטערכען דישע
לעבין לייזער איינע אויסנאהמע; נאך איזט זיא ניכט פעלליג הער־
געשטעללט. מיין איזאק איזט נאך איממער דער בעריהמטע שעהנע
יונגע אונד פרעקווענטירט יעצט דאס גימנאזיום אין שטשעברזעשין,
וועלכעס מיר גראסע פריידע מאכט, דא ער נור 2 מיילען פאם הויזע
אונד מיינער אויפזיכט נעהער איזט [ . . . . . . . . . ]
וואס מיינע אומשטענדע בעטריפט, זא זינד דיזע ביס יעטצט נאך

ניכט פאן דען בעסטען, אבער אויך ניכט פאן דען שלעכטעסטען. דאס הויז פאן ק׳ האבען דיא קינדער אן מיינער פרויא געשענקט. דער ווערטה דעסזעלבען ווירד אויף 10 ביס 12 טויזענד גולדען געשעטצט. אויך האט דיא פאמיליע דאפיר געזארגט, דאס מיינע פרויא איין קליינעס קאפיטעלכען פאן אונגעפעהר 3 ביס 4 הונדערט טהאלער בעזיטצט. מיינע פראקסים האט בערייטס אנגעפאנגען. צוואר איזט זיא נאך זעהר קליין, עס איזט אבער צו האפפען, דאס זיא זיך פערגרעססערן ווירד, דא דער אפאטהעקער מיינע רעצעפטע עקספעדירט אונד מיט מיר אין גוטער פריינדשאפט לעבט. איך גלויבע דאס דיזעס איהנען פערגניגען מאכען ווירד. יעצט נאך איינע ביטטע אן זיא, ליבער ה׳ שוואגער! דיזע געשיהט אים נאהמען מיינער ווערטהען גאטטין. זיא מעכטען זא גוט זיין אונד מיר דורך 1ter פאסט דיא פרייזע פאלגענדער וואארען שרייבען, אלס פאן ראזינען, זאוואהל פאן דענען דיא מאן אויף פסח צום וויין ברויכט, אלס פאן אנדערען, אלס דען זאגענאנטען קיסמים. דאן פאן פייגען, גוטע אונד ארדינערע, באקסערן אדער יאהאניסבראד, דאטעלן, ראזענעהל, מאנדעלן, ניססע, מאקאראני, האזענבלאזע [?] גוטע א.ד.ג. צוגלייך אבער אויך, אב מאן דיזע וואארען טראנציטע הירהער פערזענדען קאנן, אונד ווען ניכט, וויא גראס דיא פאשלענע דערזעלבען אויף אדעססער מויטה איזט. אויך וויא פיל אונגעפעהר דיא פראכט ביז אסטיללע קאסטען קאן — אונד ווען וויר היר איינזעהען ווערדען, דאס עטוואס צו פערדינען זייא, זא, ווערדע איך איהנען געלד איינ־שיקען אונד זיא ווערדען זא גוט זיין, מיר דיזע וואארען איינקויפען אונד ביס אסטיללע איבערשיקען. דאן ביטטע איך זיא מיר צו שריי־בען, אב נייעס פאן היר איזט, דאס נאך דעם לעצטען בעפעהלע דעס קייזערס דיא רעקרוטירונג שטאט פאן 20 פאן 18 יאהרע אנפאנגען זאלל. דאן דאס דיא פאשלעניע דער אויסלענדישען וואארען פאן קינפטיגען יוני אן דיא נאך דער רוססישען טאריפע זיין זאלל,

אונד אים 49ten יאהרע דיא קאממער צווישען רוסלאנד אונד פאלען גענצליך אויפהערען זאלל.

## נומ׳ 12

[פון זאַמאָשץ, צו אַן אומבאַקאַנטן אַדרעסאַט, 1848—1850]

„Jeder an seinen Bruder binde,
schliesse sich an unzertrennlich". —
Hiob, Cap. 41 v. 9.

Und trug mich mein Stern
Ins Weite ganz fern,
Wir waren, wir sind nun wieder
Brüder.

Nein, nicht Zeit, nicht Ort,
Nein, kein Hier, kein Dort
Nicht Himmel, nicht Hölle scheide
uns beide.

So manche Veränderung ist seit unserer Trennung bei mir eingetreten; ob diese aber zu meinem Vortheile geschah, kann ich bis jetzt noch nicht entscheiden. Zwar hat meine Beschäftigung sich jetzt sehr vervielfältiget, ich bin Gatte, Vater, Arzt, Haus-und Landwirth; aber nur die Kränkungen derer sind mir zu Theil gefallen, denn im eigentlichen Sinne, wie ich es wünsche, bin ich dieses alles nicht. Glauben Sie aber ja nicht, dass ich mit meinem Wunsche gar zu hoch hinaus will; häsliche Zufriedenheit ist in Summa was ich wünsche, und diese hat leider das Schicksal mir verneinet. Nun, was ist zu machen, wenn es der alte Herr so haben will, muss man es so nehmen, wie er's hold giebt.—Den Vorwurf, dass ich Ihnen bis jetzt nicht geschrieben habe, verdiene ich wahrhaftig nicht. Denn wenn Ihnen mein Brief, welchen ich durch meine Frau schrieb, nicht zu Händen kam, ist wohl nicht meine, wie auch

nicht ihre Schuld; denn sie behauptet, den Brief Ihnen durch He. Schiffer überschickt zu haben. Ich schmeichle mir daher, Ihre Verzeihung bereits erhalten zu haben.—Beiliegend erhalten Sie einige meiner Dichtungen, zu Ihrer Beurtheilung. Ich habe bei meinem Aufenthalt in Odessa viele Fabeln, Epigramme und Gedichte verfasst. Das allerbeste Gedicht welches ich geschrieben habe, ist: „דאָס לעבען״; dieses Gedicht ist nach der Art von Schillers Glocke. Es bestehet aus 7. Abtheilungen, als: die Geburt, die Beschneidung, die Hochzeit, der Sabbath, der Versöhnungstag, der Tod u. die Jahrzeit, folglich das ganze Leben eines Juden. In Odessa hat es ausserordentlich Furore gemacht. Seit dieser Zeit aber habe ich mich von dem Apollo gänzlich losgesagt; denn ich will nicht mehr Musensohn ohne מזון sein. — Wie befinden Sie sich, lieber Sch. Sind Sie gesund, munter? Machen Sie gute Geshäfte? Es freute mich ungemein vernommen zu haben, dass Sie mit He. Tugendhold in guter Freundschaft leben. Ich wünschte, dass Sie es mit mir auch sein möchten und nächstens einen vielzeiligen Brief schreiben an Ihren ergebensten Sch.—

## נומ׳ 13

[פון זאַמאָשץ, צו אַ גוטן פריינד אין לובלין, וואָס דאַרף אויספירן דעם זון יצחקס שידוך, בערך 1850]

[יצחק] פערשטעהט זא פיל העברעיש וויא דיא מייסטען יונגע לייטע אין לובלין, איזט גאטטעספירכטיג אונד רעליגיעז, דען ער איזט מיין זאהן. ער פערשטעהט גוט פארטרעפליך דיא פאלנישע, דייטשע אונד רוסישע שפראכע, איזט געזונד אונד בעריהמט שעהן, אונד וואס ייחוס אנבעלאנגט קאן מאן נאכפראגען, אונד איך האפפע דאס נימאנד איהם אבלייגענען ווירד דאס ער איין גרויסער מיוחס איזט... נעבסט בייא איזט ער בעפרייט פאן מיליטער, איך בין קאלאניסט אונד אויסער דיזעם האט ער נאך איין וויבאר.

## נומ׳ 14

[דער איינציקער אויפגעהיטער בריוו עטינגערס, וואו ס׳איז אָנגעשריבן דער אַדרעסאַט און די דאַטע].

Zamość den 25ten 8ber 854.

Herrn J. Korngold
in Warschau.

Werthgeschätzter Freund!

Von ganzen Herzen bedauere ich es, dass wir uns sobald nach der ersten Bekanntschaft schon trennen musten! und desto mehr aber erfreuete mich Ihr werthes Schreiben vom 17ten d. M., aus welchem ich mir mit der angenehmen Hoffnung schmeichle, dass der Blumenstrauss von Freunden, den ich während meines Lebens zu wählen und sammeln mich bemühte, sich mit einer schönen blüthenvollen Knospe bereichert hat, und ergetze mich schon im voraus mit den reitzenden Plänen, welche meine schwärmerische Phanthasie jetzt entwürft, um sie einst, bei unserem Wiedersehen, zu bewerkstelligen. Zwar sind diese Entwürfe nur Kinder der Einbildungskraft, allein Sie, lieber Freund! werden doch nicht einem alten schwachen Manne, dass er seinen Durst bei einer sich bloss in Gedanken vorgestellten Quelle stille, missgönnen wollen.

Zu Ihrer Aufforderung wegen gegenseitiger Auswechslung der exegetischen Bemerkungen in der Biebel reiche ich Ihnen gerne die Hand, allein müssen Sie nicht hoffen, gar vieles von meiner Seite zu erhalten, denn meine ärztliche Beschäftigung und meine öftern Unpässlichkeiten hindern mich gar zu sehr, mich mit der heiligen Schrift zu beschäftigen. Indessen aber erhalten Sie von mir ... einstweilen folgende Bemerkung: dass in dem Psalme 76. vers 8. anstatt dem Worte מאז — meines Erachtens nach der möglichen Verwechslung der Kehlbuchstaben besser מעז zu lesen wäre, da doch dieser Ausdruck auch in Psalm 90. vers 11 vorkommet.

Recht oft etwas von Ihrem Wohlsein zu vernehmen ist der sehnlichste Wunsch Ihres aufrichtigen Freundes

Ettinger.

## נומ׳ 15

[פון זאמאשץ, צו דער שוועגערין חנה גאָלד אין אַדעס, בערך 1856]

**מהייערסטע** עהרענווערטהעסטע שוועגערין!

וויא זעהר מיך איהר ווערטהעס שרייבען פאם 1ten יענער ל. י. (וועלכעס איך ערשט דען 1ten פעבר צו לעזען בעקאם) איבער־ראשטע אונד ערפרייטע, פיהלע איך מיך וואהרהאפטיג זעהר ארם אן ווארטע אונד אויסדריקע, איהנען זאלכעס שילדערן צו קעננען, אונד ווען איך זיא פערזיכערע, דאס איך נאך ניא איינע דעראַרטיגע פריידע עמפפונדען צו האבען, מיך צו עראיננערן ווייס, זא האבע איך איהנען דאמיט נאך זעהר ווענינ געזאגט. דען ווייט מעהר אלס פריידע וואר עס, וואס מיין איננערעס וועהרענד דעם לעזען איהרעס בריפעס דורכשטרעמטע, עס וואר מיר איין לאַבזאַל, איינע ארצנייא אין מיינער יעטציגען שוין זייט 5 וואכען דויערענדען קראנקהייט, וואָ איך ערשט יעטצט אים שטאַנדע געזעטצט בין איהרע ווערטהע צושריפט צו בעאנטווארטען. — מיינע טהייערע נכטע, מיינע הערצענס־געליבטע פאניטשקע איזט למזל פערלאָבט, אונד גליקליך פערלאָבט. וועלכע וואָננע פיר מיין הערץ! — איך וויס דאס מיין יעטציגער צוּ־רעמאָניעללע וואָנש שאן גאר צו שפעט קאָמט, אלליין איזט דען נאך איין טאג, איינע שטונדע פערפלאָססען, וואָ איך אייך ניכט אללעס גוטע ווינשען זאָללטע? אונד וועססען וואָנש פערמאג אויפ־ריכטיגער אונד הערצליכער אלס דער מיינע צו זיין? זעלבסט דען איינציגען מיר נאָך צוריק געבליבענען וואָנש מוס איך אין איין אינני־ברינסטיגעס געבעטה פערוואַנדעלן; אויף דען קניען פלעהע איך נעמליך דען אַללמעכטיגען שעפפער אום ערפיללונג אַללער מיינער

ווינשע אַן, הויפּטזעכליך אַבער, דאס זיא פאָן איהרען ליבענסווערטהען גוטען קינדערכען נור אַנגענעהמליכקייטען אונד פריידע ערלעבען זאָללען. — אָמן. —

[. . . . . . . . . . . . . . . . . . .     . . . . .]

אויך מיינער זייטס האַבע איך איהנען איינע פריידיגע נאַכריכט מיטצוטהיילען, פאָן וועלכער זיא בעשטימט העכסט פערגניגט זיין ווערדען. מיין עלטעסטער זאָהן איזאַק נעמליך איזט בערייטס זייט צווייא מאָנאַטהע זעהר גליקליך פערהייראַטהעט. היר הייסט עס אַללגעמיין, דאַס ער איין אויססעראָרדענטליכעס גליק געמאַכט האַט. צוואַר האַבע איך דען ייחוס אויף דיא זייטע געלעגט, יעדאָך אַבער, וויא יעדער היר איינגעשטעהעט, איינע זעהר גוטע פּאַרטיע געמאַכט. מיינע שוויגערטאָכטער חיי' עטעלע עהרליך איזט דיא איינציגע וויזע איינעס פערשטאָרבענען ערצבראַפען סאָלידען עהרליכען <האַנדווערקערס אין פריהערען יאהרען געוועזענען האנדווערקערס, אין שפעטערן יאהרען אבער געוועזענען ראש הקהל'ס>מאננעס נאהמענס ר' שמחה אויס לובלין, פאָן דעססען מענשענפריינדליכקייט אונד וואָהלטהעטיגקייט נאך ביז צור יעטציגען צייט רוהמווירדיגעס ערצעהלט ווירד. זיא צעהלט יעטצט 21 יאַהרע, איזט זעהר טוגענדהאַפט, אייסערסט גוט אונד קלוג, אין יידישער, פּאָלנישער שפּראַכע, ווייבליכער האַנדאַרבייט, אונד אַם קערפערבויע זעהר גוט געבילדעט, אונד איזט ענדליך דיא איינציגע ערבין איינס נאך דעם טאָדע איהרעס פאטערס צוריקגעבליבענען פערמעגנס פאָן <16000> 17000, זאגע <זעכ> זיבצעהן טויזענד זילבער רובעל, אונד צוואַר 12000 ז״ר בייא היזיגען עדעללייטען מייסטענס אויף איהרע גיטער היפּאָטעקירט, 2000 ז״ר אין זילבער גערעטהע, איין הויז אין לובלין פיר מעהר אַלס 2000 ז״ר, שמוק פאָן 700 ז״ר אַן ווערטה, אונגערעכנעט איינע מענגע קליידער, וועשע, הויזגערעטהע אונד דערגלייכען. צו דיזער פאַרטיע גאַב דיא גאַנצע פאַמיליע איהרע איינווילליגונג, נור דיא איינציגע

יענטעלי וועלכע הויפּטזעכליך דען ייחוס פיר דיא איינציגע גוטע אייגענשאַפט העלט אונד מיט לייב אונד זעעלע בלאָס דיזען געטצען פרעהנט — איזט נאָך ביז יעטצט פאָן דיזעם שידוך ניכט צופרידען. מיך קיממערט אַבער איהרע אונצופרידענהייט גאַניץ אונד גאַר ניכט, דען מיין איזאַק איזט גאָטט זייא דאַנק גליקליכער אַלס איך מיר איינסט פאָרשטעללען קאָנטע, אונד מיינע ליבע שוויגערטאָכטער ווירד פאָן אונזערער פאמיליע זעהר געשעטצט אונד געליבט.

מיר געהט עס איידער ניכט אם בעסטען. ביז פערגאנגענעם יולי וואר מיינע הויפּטבעשעפטיגונג דער אקערבויא, אונד אבוואהל איך אין זאמושטץ איין אייגענעס שטיינהויז האַבע, זאס איך דאָך בעשטענדיג אויף דעם לאַנדע 4 וויערסטע פאָן זאמושטץ; זייט מאנאטה יולי אבער, דא אונזערע שטאַדט איידער פאָן דער מערדערישען חאָלעראַ היימגעזוכט ווארד, ווארד איך אויפגעפאָדערט, נאך דער שטאדט צוריק צו קאָממען, ווא איך אויך נאָך דעם אויפהערען דיזער קראַנקהייט נאָך ביז יעצט פערווייל‌ע, מיינע פרויא אונד קינדער אַבער זעלבסט דיא לאַנדווירטהשאַפט פערזעהען. — — —

## א) וועגן עטינגערס געבוירן־יאָר

אָט זיינען די דאַטעס וועגן ע׳ס געבוירן־יאָר. רייזען, לעק־סיקאָן 440: „דעצעמבער 1799“. — קאַפּעל, פּנקס I 37: „אינעם יאָר 1800“. — רייזען, פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע I 271: „די דאַטע פון שלמה עטינגערס געבורט קען גענוי ניט פעסטגעשטעלט ווערן. אַפילו זיין טאָכטער, פרוי דראָטעע שפּיראָ, וועלכע דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט אויפגעזוכט צו דערגיין ביי איר וועגן דעם לעבן פון איר גרויסן פאָטער, האָט ניט געוואוסט דאָס יאָר פון זיין געבוירן. עטינגער אַליין, אַ באַגייסטערטער פאַרערער פון היינריך היינע און אַ גרויסער ליבהאָבער פון וויצן, פלעגט זאָגן, אַז נאָך היינען איז ער דער ערשטער מענטש פון דעם 19 י״ה; דאָס זאָל הייסן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן (אין וואַרשע) דעם 1־טן יאַנואַר פון יאָר 1801“. — פרוי מאַריע גאָלדמאַן, ע׳ס אייניקע איבערגעבליבענע טאָכטער, האָט אויף מיין פראַגע, ווי אַלט איז איר פאָטער געווען, ווען ער איז געשטאָרבן, געענטפערט: „56 יאָר“, נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט צוריק: „53 יאָר“. אַזוי ווי דאָס יאָר פון טויט, 1856, איז באַוואוסט פון דער מצבה, וועט אויסקומען אַלס געבוירן־יאָר 1800 אָדער 1803. דערצו קען מען נאָך צוגעבן, אַז דאָס אייניקע בילד זיינס, געמאָלט 1829, ווייזט אים אין על־טער פון אַ 25—26 יאָר.

דאָס זיינען אָבער אַלץ נאָר השערות; אַ זיכערקייט וואָלטן אונז געקענט געבן בלויז דאָקומענטן. פאַראַן איין דאָקומענט וואָס איך

האָב געפונען צווישן די פאַפּירן פון ע׳ן. דאָס איז אַן אויסצוג פון די מעטריקן־ביכער פון זאַמאָשטשער דיסטריקט פון יאָר 1835, №. 45, און דאָרטן שטייט אַזוי:

"Działo się w Mieście Zamościu dnia szesnastego Kwietnia Tysiąc ośmset trzydziestego piątego roku... stawił się starozakonny Szloma Etyngier Lekarz tu w Zamościu zamieszkały, lat dwadzieścia pięc liczący ...i okazał nam dziecię płci żeńskiey, urodzone tu w Zamościu na dniu Jedynastym Kwietnia roku bieżącego... z małżonki jego Goldy Etingerowey, lat trzydzieści trzy liczącey, któremu nadane zostało imie Dysza Etynger".

פון די דאַטעס וואָלטן מיר באַדאַרפט דרינגען, אַז שלמה ע׳ איז געבוירן געוואָרן 1810, ד"ה אַז ער איז געשטאָרבן צו 46 יאָר, און אַז זיין ווייב גאָלדע איז געווען מיט אַכט יאָר עלטער פאַר אים.

צום באַדויערן קענען מיר אָבער אויף דעם דאָקומענט אויך ניט בויען. מיר מוזן אָננעמען, אַז דאָ האָט זיך צוליב עפּעס אַ סיבה געטראָפן אַ טעות, וואָרים די אָנווייזן פון דער מעטריקע געפינען זיך אין אַ סתירה מיט אונזער באַוואוסטע פאַקטן.

א) מיר ווייסן, אַז ע׳ האָט געענדיקט אין לעמבערג 1830. שטודירט האָט ער דאָרטן געוויס פיר יאָר (זע א. צעדערבוים אין "המליץ" 1889, №. 86 און 110), ווייל ער איז ניט געווען צוגעגרייט אין גימנאַזיאַלן קורס, הייסט עס, אַז קיין אָדעס איז ער אַוועקגעפאָרן בערך 1825. לויט אַ. צעדערבוימס באַשרייבונג קומט אויס (כאָטש ער זאָגט דאָס ניט בפירוש), אַז ווען ע׳ איז אַוועק קיין אָדעס איז שוין געווען ביי אים עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה; דאָס אייגענע ווייסן מיר אויך פון ע׳ס אַבריוו גופא (נומ׳ 1), אַז אַוועקפאָרנדיק האָט ער געלאָזן אַ פרוי מיט אַ קינד. קומען מיר בערך צום יאָר 1823 אַלס יאָר פון ע׳ס חתונה און זיין קומען קיין זאַמאָשטש.

ב) צעדערבוים גיט איבער (דאָרטן גופא), אַז בשעת ער איז געווען אַקינד איז עט' געווען אַן איינגייער ביי זיין פאָטער יוסף צעד' אין שטוב. א. צעדערבוים איז געבוירן געוואָרן אין 1816; מען דאַרף רעכענען, אַז ער האָט זיך געדענקט פון אַיאָר 6—7, ד"ה אַז זיינע זכרונות זיינען שייך צום אָנהייב פון די 20-ער יאָרן. ער גיט איבער, אַז שלמה ע' איז דאַן געווען אין שטאָט חשוב און באַליבט אַלס וויצלינג און ס'איז ניט געווען קיין שטוב, וואוהין מע זאָל אים ניט פאַרבעטן אויף אַשמחה. עס איז שווער זיך פאָרצו-שטעלן, אַז אַזאַ אָרט זאָל האָבן פאַרנומען אַיונגערמאַן וואָס איז—לויט דעם ציטירטן דאָקומענט—אַלט געווען דאַן אינגאַנצן 12—13 יאָר.

ג) ווייטער הערן מיר פון צעדערבוימען, אַז אין זאַמאָשצער בית-מדרש פלעגט עטינגער זיצן „עם חבריו, ר' יעקב אייכענבוים ואחרים". וועגן אייכענבוימען ווייסן מיר, אַז ער איז געבוירן גע-וואָרן אין 1796, און עס לייגט זיך ניט אויפן שכל, אַז אַמענטש פון אַיאָר 26—27 זאָל זיך חברן מיט אַיונגנמאַן פון 14 יאָר.

דאָס אַלץ מאַכט אונז ספקן אין דער אויטענטישקייט פון די דאַטעס וואָס זיינען אָנגעוויזן אין דער דערמאָנטער מעטריקע.

אויב ווייטער גיין אויפן וועג פון סברות, וואָלט מען אפשר געקענט נעמען אין אַכט א"ב גאָטלאָבערס אָנווייז אין דער יוד' פאָלקס-ביבל' I 253: ער דערציילט דאָ, אַז ווען עט' איז געפאָרן קיין אָדעס האָט ער דאָרטן געפראַוועט זיין 50 יאָריקן (דער בחור הזעצער האָט געמאַכט דערפון: „פונפצעה ניאָהריגען") געבורטסטאָג, ביי אייכענ-בוימען, און דערביי האָט עט' אָנגעשריבן אַקליינעם שיר:

„היינט בין איך געוואָרן פופציק יאָר,
איך האָב נאָך ניט איין גרויע האָר;
עס זאָל אייך ניט זיין קשה קיינעם, —
זיי וועדן פאַרשוואַרצט מיט מיר אינאיינעם".

ביי מיר איז רעכט, אַז אַב"ג האָט זיך דאָ צו פיל פּאַרלאָזט אויף זיין זכרון. ער האָט געדענקט אַן ערך ע'ס קאַטאָוועסל (זע אונזער אויסגאַבע ז' 279, „ביי מיין געבורטסטאָג"), נאָר עס האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז דאָרט איז געשטאַנען: „פופציק יאָר", און ממילא האָט ער אויסגעקאָמבינירט אַ פייערונג פון אַ 50 יאָריקן געבורטסטאָג. מעגלעך איז אָבער — און טאַקע גלויבווערדיק — אַז עפּעס אַ געבורטסטאָג איז יאָ געווען — אָבער דער 43-טער. בלייבט נאָר די פראַגע, אין וועלכן יאָר האָט ע' געמאַכט זיין רייזע קיין אָדעס. אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז דאָס איז געווען די נסיעה פון 1846, וועט דאָס געבוירן-יאָר עטינגערס זיין 1803, ד"ה מיר וועלן באַקומען אַ דאַטע וואָס שטימט מיט די אָנווייזן פון ע'ס טאָכטער פרוי גאָלדמאַן.

אָבער איך הייב ניט אָן צו מיינען, אַז דאָס איז אַן ענדגילטיקע פעסטשטעלונג. ס'איז נאָך איין קאָמבינאַציע צו אַלע פריערדיקע. אַבסאָלוט זיכערע באַווייזן וואָלטן מיר געקענט אַרויסנעמען בלויז פון נאָך דאָקומענטן. אָבער אין דעם אימאַטריקולירבוך פון לעמבערגער אוניווערסיטעט, אויף וועלכן איך האָב געהאָפט, איז ע' ניט פאַרשריבן (זע אין דער אָנמערקונג 9 צו דער ביאָגראַפיע); אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט איז ניטאָ דער אַרכיוו; פון דער זאַמאָשצער קהילה האָב איך אויף מיין אָנפרעג קיין תשובה ניט באַקומען.

אפשר וועט די איצטיקע אויסגאַבע געבן אַ שטופּ אויסצוזוכן אין די אַרכיוון אַזוינע דאָקומענטן וואָס וועלן באַזייטיקן יעטווידער ספק.

## ב) אייזענבוימס השתדלות פון יאָר 1843

אייזענבוימס בקשה איז אַריין אין די אַקטן פון קוראַטאָריום מיט דער סיגנאַטור 2443, באַנד 8, № 43/3761. זיין כאַראַקטעריסטיק פון „סערקעלע" גיט אַזוי אויסדריקלעך איבער דעם שניט פון דער

צייט, אַז מיר ברענגען דאָ דעם גאַנצן דאָקומענט וואָרט ביי וואָרט.
די בקשה איז געווענדט „צו זיין עקסעלענץ דעם גענעראַל־לייטענאַנט"
(אָקוניעוו), וואָס איז דאַן געווען קוראַטאָר פון וואַרשעווער לערן־
קרייז, און לייענט זיך אַזוי:

A. Eisenbaum uprasza o dozwolenie wydrukowania 2ch dzieł w dialekcie żydowsko-niemieckim.

Mam zaszczyt przy niniejszem przedstawić Jaś. Wiel. Generałowi Lejtenant dwa dziełka napisane przez Salomona Ettingera w dialekcie żydowsko-niemeckim: 1) Drama pod tytułem Serkele, czyli „Mylna rocznica śmierci brata". Dziełko to ma na celu wystawić z jednej strony śmieszność i niegodziwość osób ubiegających się za pieniędzmi w sposób nieuczciwy,—a z drugiej nagrodę cnoty i nadzieji w Bogu. Charaktery są wzięte ze zwyczajnego, domowego pożycia niektórych klass starozakonnych. Pycha z nabytego nikczemnym trafem majątku, pozór wyższego niby wychowania, przewrotna i potworcza mądrość łączą się przeciw rzadkiej prostocie, niewinności, pokornemu dążeniu do prawdziwej oświaty i niezachwianemu obstawaniu przy rzetelności. Ale wszechmocny taki nadaje okolicznościom kierunek, że nikczemność zostaje demaskowaną, zbrodnia odbiera zasłużona karę, a cnota wychodzi z tryumfem.

2) Bajki tak naśladowane z Krasickiego, Lafontain'a, Gellerta i t. p. jako też i oryginalne.

Gdy podobne pisma, będąc dostępne dla wszystkich klass izraelitów, wystawiając w żywych kolorach wady i śmieszności, malując dzielnie i śmiesznie wszystkie sposoby mówienia żargonizmu, mogą wywierać bardzo zbawienny wpływ na umysły, przeto ośmiela się podpisany upraszać, aby Jaśnie Wiel. Generał Lejtnant

raczyl łaskawie zewolić na wydrukowanie tych dwóch dzieł.

Łaskawego i rychłego oczekując skutku, ma zaszcyt zostać J. W. Generała Lejtnanta, z najgłębszem uszanowaniem uniżony sługa, [—] Ant. Eisenbaum.

דער ענטפער פונעם קוראַטאָר „Do Starozakonnego Ant. Eizen-bauma“ איז אַרויס דעם 10 אויגוסט (29 יולי) 1843 אונטערן נומער $\frac{3761}{4966}$. עס ווערט מיטגעטיילט, אַז אויפן סמך פון ראַפּאָרט פון צענזור-קאָמיטעט פאַר העברעאישע ביכער און שריפטן פון $\frac{28 \text{ יוני}}{10 \text{ יולי}}$ ה"י № 62 האָט דער קוראַטאָר באַפולמעכטיקט דעם צענזור-קאָמיטעט אַרויסצוגעבן אַן ערלויבעניש אויף צו דרוקן, „pod warunkiem wszakże uskutecznienia wszystkich poprawek powyżej przytoczonym raportem objętych...“ (אין אַרכיוו: סיגנאַטור 2443, באַנד 8, № 3761 און 1843/4966.

ג) די השתדלות פון מיכל און יעקב עטינגער פון יאָר 1862

פּראָטאָקאָל פון די זיצונגען פון וואַרשעווער צענזורקאָמיטעט, זיצונג 19 פון $^{6}/_{18}$ יוני 1862 (ביגעווען אויך דער „יונגערער צענזאָר“ טוגענדהאָלד):

... Cenzor Czerskier przedstawił prośbę Michała i Jakóba Etingerów, uczniów tutejszej szkoły Rabinów, którzy dowiedziawszy się, że dzieło ich zmarłego ojca napisane w żydowskim języku p. t. Serkele oder die Juhrcat nuch a brider drukowane zagranicą bez ich wiedzy, pod nieco zmienionym tytułem i następnie tutaj sprowadzone, ma być przez Chaima Jeszurin czy też kogo innego podane do tutejszej Cenzury, z żądaniem upoważnienia do druku, — proszą aby Komitet wstrzymał to dzieło ponieważ oni mają zamiar sądownie dochodzić tej swoej krzywdy.

Ponieważ obecnie złożone zostało w Komitecie to właśnie dzieło pod zmienionym tytułem: Komedia in fünf Akten von Serkole, oder die falsche juhrtsat, gescheen in Lemberg wydrukowane w Johannisbergu 1861 str. 110 in 8° z opuszczeniem nazwiska właściwego autora, Cenzor zatem zapytywał jak ma z tem dziełem postąpić?

Komitet postanowił aby stosownie do słusznego żądania prawych właścicieli tego dzieła.

:1862 ציטונג 24 פון 18/30 יולי

.. Cenzor Czerskier składał raport o rękopiśmie żydowsko-niemieckim pt. Serkele, oder die jurktsat nuch a brieder, str. 137, 4⁰.

Jest to sztuka teatralna w 5iu aktach, trafnie przedstawiająca charaktery światłych i fanatycznych izraelitów, która już raz była cenzurowana i dozwolona do druku z pewnemi modyfikacjami.

Takiż sam dramat przedrukowany zagranicą bez wiedzy prawych jego właścicieli przedstawiony był Komitetowi na posiedzeniu z dn. 6/18 Czerwca r. b., lecz Komitet postanowił wstrzymać się z upoważnieniem go do druku, do czasu sądowego załatwienia sporu między właścicielami a przedrukowyjącym. Obecnie prawi właściciele, t. j. synowiej zmarłego autora, przychodzą sami z prośbą o upoważnienie tego dramatu do druku i o zniesienie modyfikacyj poczynionych w nim po pierwszem ocenzurowaniu.

Komitet rozpoznał wszystkie przedstawione sobie przez Cenzora i wymienione w jego raporcie miejsca modyfikowane lub wykreślone w powyższem rękopiśmie i znalazł je zupełnie nieszkodliwemi i rękopism cały do druku upoważnić zezwolił.

:1862 ציטונג 24 פון 5/17 סעפטעמבער

Starszy Cenzor Czerskier złożył raport o żydowsko-niemieckim rękopiśmie, którego część 1a p. n. Meszułym eigene in nachgemachte str. 82 zawiera bajki oryginalne i naśladowane, a część druga p. n. Liedlech, kleine maselech in katawes str. 99 zawiera piosnki, małe powiastki, oraz żarciki oryginalne i naśladowane razem 181 str. in 4⁰.

W rękopiśmie tym Cenzor przedstawił do decyzyi Komitetu miejsca w których ironia i szyderstwo są za daleko posunięte, oraz ustępy drażliwe pod względem religijnym.

Komitet po wysłuchaniu raportu dozwolił drukować ten rękopism skoro w myśl § 66 Ustawy o Cenzurze wydawca zgodzi się na poczynienie zmian i wykreśleń wzmiankowanych raportem Cenzora pod Nmi 2, 3, 4, 5, 6, 10 i 11.

די פּראָטאָקאָל־ביכער פון וואַרשעווער צענזור־קאָמיטעט געפינען זיך אין דעם Archiwum akt dawnych אין וואַרשע.

3 דאָס ליכט) אַ פּאַריידישטע באַאַרבעטונג פון שיללערס „Die Glocke". היות דאָס ליד איז ניטאָ אין די כתב־ידן וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונזער רשות, האָבן מיר עס געדרוקט פון P. די פראַגמענטן וואָס זיינען געווען געדרוקט אין פּעטערבורגער „יודי־שעס פאָלקס־בלאַט" 1886 (ז' 717, 733, 749, 771, 787) ווייזן, אַז אויך דאָ איז אין דעם מחברס אָריגינאַל ניט געווען יענע טענ־דענץ צו „ליטעראַרישקייט" וואָס די אַרויסגעבער פון P האָבן אַריינ־געבראַכט אין זייער גאַנצן בוך. באַלד אין שורה 10 לייענען מיר אין פ"ב: „צו דער מלאכה וואָס מע מאַכמער אַצינד", ניט „וואָס מיר מאַכען", ווי עס שטייט אין P; ז' 10,4: דאָס וואָס מע וויל־מער דאָמאַכען", ניט „מיר ווילן", ווי אין P. אַזוינע פאַלן זיינען פאַראַן לרוב, און עס איז קיין שום ספק ניט, אַז עטינגער אַליין האָט געניצט די דיאַלעקטישע פאָרמען, ניט די ליטעראַרישע. ליידער האָב איך אָבער דאָס פ"ב פאַר 1886 באַקומען אַזוי שפּעט, אַז איך האָב שוין ניט געקענט אין טעקסט אַריינטראָגן די געהעריקע תיקונים. איך גיב דעריבער דאָ די וויכטיקסטע אָפּווייכונגען.

4,5. פ"ב: ווייסט עס... // 6,8 פ"ב: לעגט זיך'ס אַנידער... // 18,8 פ"ב: הייסט עס. // 26,8 פ"ב: זאָגט. // 4,10 פ"ב: ניטאָ דאָס וואָרט: „נעבעך". // 9,10 פ"ב: האָט'ס. // 4,13 פ"ב: ...שעה! דריי, דריי! // 22,14 פ"ב: אַטייך. // 1,15 פ"ב: יאָמערליך. // 25,15 פ"ב: דאָס. // 22,17 פ"ב: צום. // 9,19 פ"ב: באַלעגען. // 1,20 פ"ב: לאָזטס אייך נישט ערשט דערמאָנען! // 25,20 פ"ב: גאָר פלייסיג אָהן געשריי... // 27,22 פ"ב: פולמסיק. // 1,26 פ"ב: זעהטס. // 8,26 פ"ב: קעהר.

48 דער וואַלד) רוזיקע – מסתמא דאַרף מען לייענען: „זשיקע".

54 שמח בחלקו) אין 3M שטייט: „משמח בחלקו".

58 וואַלהייד) געדרוקט לויט P, אין די כתבֿ־ידן איז פֿאַראַן בלויז אַקליין שטיקל פֿון דער באַלאַדע (פֿאַקסימילע אין אַריינפֿיר).

עס איז בײַ מיר, פּונקט ווי בײַ אַלע ביזאיצטיקע לייענער פֿון עטינגערן, ניט געווען קיין שום ספק, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט ע'ס אַן אָריגינעל ווערק, ביז וואַנען איך האָב געפֿונען צווישן די כתבֿ־ידן אַ דייטשן טעקסט פֿון דער באַלאַדע, געשריבן מיט עטינגערס אייגענער האַנט. קיין מחבר איז ניט אונטערגעשריבן, ממילא וואָלט טעאָרעטיש געקענט געמאָלט זיין, אַז ע' אַליין האָט געשריבן די זאַך אויף יידיש און אויף דייטש. נאָר איך בין זיכער, אַז די השערה איז אַ פֿאַלשע און אַז ע' האָט די באַלאַדע איבערגעזעצט. ראיות: א) דער שטאָף איז אַבסאָלוט פֿרעמד דער יעמאָלטיקער יידישער סביבה; ב) דאָס לשון פֿון דייטשן טעקסט איז צו גוט אין פֿאַרגלייך מיט עט' אַנדערע דייטשע געשריפֿטסן; ג) דער יידישער טעקסט איז אינהאַלטיק בלאַסער פֿאַרן דייטשן, און דאָס לאָזט זיך ערקלערן נאָר דערמיט וואָס בײַם איבערזעצן איז שווער געווען אָפּצוהיטן די גאַנצע בילדערישקייט און גלאַטקייט פֿון אָריגינאַל. ווען מיר שטעלן אַ שטייגער איינס אַנטקעגן דאָס אַנדערע:

Das schlag dir nur frisch aus dem Sinne

און:

„דאָס מוזטו דיר אויס דעם קאָפּ שלאָגן"

אָדער:

Das fuhr Rudolf durch Mark und Bein

און

„רודאָלפֿס האַרץ האָט דאָס שטאַרק געטראָפֿן",

זעען מיר, אַז מיר האָבן צו טון מיט אַן אָריגינאַל און אַן איבערזעץ. דאָס אייגענע, ווען אַנטקעגן „d e r D ä n e" שטייט „ווילד פֿערד", אָדער ווען מיר האָבן אָנשטאָט דער דייטשער סטראָפֿע:

Da durchbebt's ihn auf einmal mit stiller Gewalt,
Er fühlt sich wie neu geboren,
Und Ahnungen werden zur lichten Gestalt,
Als wär' noch nicht alles verloren.
Bin ich doch frei
Und Wallhaide treu.
Gott hilft, sie aus Vaters Ketten
Zu retten

אַזאַ מין יידישן טעקסט, ווי אויף ז' 58, סטראָפע 2.

די גאַנצע קשיה וואָלט געוואָרן אוים קשיה, ווען מיר זאָלן געוועז קענען אָנווייזן דעם דייטשן מחבר וואָס האָט געשריבן „וואַלהייד". ליידער האָט זיך מיר דערווייל ניט איינגעגעבן אים צו געפינען. איך האָב דורכגעזוכט הונדערטער דרייבענדיקע זאַמלונג פון דייטשע באַלאַדעס, נאָר אומזיסט. איך האָב זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַזוינע קענערס פון דער דייטשער באַלאַדע, ווי ערנסט ליסויער און פראָפ' פערדינאַנד גרעגאָרי; אָבער זיי האָבן מיר אויך ניט געקענט געבן קיין תשובה. פראָפ' גרעגאָרי, וועמען איך האָב גע־שיקט אַן אויסצוג פון דעם דייטשן טעקסט, שרייבט מיר: „דער סטיל ווייזט אויף אַ דיכטער פון דער צווייטער מדרגה. אין יענער צייט פלעגט מען יעטווידער לעגענדע באַלד איבערטראָגן אין פערזן, און באַלד עטלעכע שרייבער מיטאַמאָל. כדי צונויפצושטעלן די סטראָ־פעס וואָס איר האָט ציטירט האָט מען בלויז געדאַרפט אַ געוויסע באַלייענטקייט און געשיקטקייט. נאָר מיר דוכט, אַז דאָס האָט פאַרט געשריבן אַ דייטש. ס'איז אַן ערך דער נוסח פון יאָהאַן גאַבריעל זיידל אָדער יאָהאַן נעפּאָמוק פאָגל". — די צוויי שרייבער וואָס פראָפ' גרעגאָרי רופט דאָ אָן זיינען ביידע עסטרייכער און ביידע פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן י"ה.

בכדי צו געבן די לייענער פון דעם בוך די מעגלעכקייט אויסצופּרוּוון זייער מזל ביים זוכן, ברענג איך דאָ די ערשטע צוויי און די לעצטע צוויי סטראָפעס פונעם דייטשן טעקסט (אויסלייג מאָדערניזירט).

Wo dort die alten Gemäuer steh'n
Und licht im Abendrot schimmern,
Erhob sich ein Schloss in waldichten Höh'n,
Nun liegt's versunken in Trümmern.
Nun pfeift der Sturm
In Saal und Turm,
Nachts wandeln durch Türen und Fenster
Gespenster!

Da hauste ein Graf vor langer Zeit,
Wohl Sieger in manchem Strausse,
Gar wild und furchtbar in manchem Streit,
Und streng unb ernst auch zuhause
Doch sein Töchterchen war
Wie Sonne so klar,
Und so mild und voll Lieb' und Freude
Wallhaide.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

«Husch, wie die kalte Morgenluft weht
Mit dem nächtlichen Sturm um die Wette;
Es graut der Tag, der Hahn hat gekräht,
Lieb Buhle, die Braut will zu Bette!
Komm herein, komm herein,
Bist mein, bin dein,
Nicht Himmel, nicht Hölle scheide
Uns beide!»

Und eiskalte Lippen drückten den Kuss
Auf seine zitternden Wangen,
Und Leichenduft uud Totengruss
Umweht ihn und halt ihn umfangen.
Da sinkt er zurück
Es bricht der Blick.—
Und die Braut hat den Liebsten gefunden
Dort unten.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות, ווען מען זאָל אַראָפּמאַכן
מיט דער האַנט ע' אויפטו צוליב דעם וואָס די באַלאַדע איז אַן

איבערזעצונג. דער גערדאַנק גופא איבערצוזעצן אויף יידיש אַ ריטערשע באַלאַדע איז ווערט גרויס באַוואונדערונג, שוין ניט צו רעדן וועגן דעם, וואָס די אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן בשלימות. דער (גענוג קאָמפּליצירטער) בוי פון דער סטראָפע איז אָפּגעהיט אויסגעצייכנט; די שפּראַך איז געוואָרן אַ ביסל אַבסטראַקטער, נאָר זי איז ריין יידיש — הלוואַי אויף אַ סך שפּעטערדיקע יידישע שרייבער געזאָגט געוואָרן. און דערביי איז עטינגער בייגעשטאַנען דעם נסיון — אַן אויסגעצייכנטער ביישפּיל פון זיין קינסטלערישן טאַקט — אין וואָס עס איז צו פאַר־יידישן דעם שטאָף. — אין מין נייס האָט ער יאָ אַריינגעטראָגן*: ער האָט געביטן אין טעקסט די שטעלן וואָס האָבן זיך אים אויסגעדוכט צו שאַרף, צו מגושמדיק. אָט זיינען זיי:

| | |
|---|---|
| Und er halt sie mit treuem Verlangen | האַלט ער זי מיט ביידע הענט אַרום |
| Umfangen. | אָבער פרום |
| Denn er scheidet, wenn Dämmerung niederwebt, | ער גייט אָבער אַוועק שטאַרק פאַר־ווײנט, |
| Wenn die letzten Strahlen vergluten | עס ווערט שוין שפּעט, עס איז ניט שיקלעך |
| Ein reicher Baron | איינער מיט אַ קרוין |
| Führt morgen schon | נעמט מיין טעכטערל שיין, |
| Die Braut, trotz Tränen und Jammer | איר מוז ער, כאָטש זי וועט ניט וועלן, |
| Zur Kammer. | געפעלן. |

65 דער ערב) אין 3M איז פאַראַן אַן אָנמערקונג ניט פון עטינגערס האַנט: „Nach der Bürgschaft von F. v. Schiller“. אויב ניט רעכענען דעם שינוי אין די נעמען פון די פּאַרשוינען (דיאָניס — שלמנאסר, דאַמאָן — יואב) און דעם אויסדרוק „גאָט“ אָנשטאָט שיללערס „צעאוס“, איז די איבערזעצונג אַ פּינקטלעכע. פאַראַן אָבער אַ חילוק אין דעם געביי פון דער סטראָפע.

* = דאָס איז די באַציאונג צו די אָריגינאַלן וואָס מיר געפינען אויך ביים רוסישן שרייבער זשוקאָווסקי.

איבּ מיר זאָלן באַצייכענען די שורות, וואָס זיי גראַמען זיך, מיט דעם אייגענעם אות, זיינען די זיבּן שורות פון שיללערס סטראָפע אויסגע־געשטעלט אַזוי: אבבאאגג; בּיי עטינגערן געפינען מיר אָנשטאָט דעם: אאבּבגגג. עס איז באַמערקווערדיק, מיט וואָס פאַר אַ אויסגעהאַלטנקייט ע' האָט דורכגעפירט אָט דעם שינוי פון אָנהייב ליד ביזן סוף; דאָס איז ווידעראַמאָל אַ סימן פון זיין שטאַרקן פאָרם־טאַלענט.

71 אשת חיל) פרייע איבּערזעצונג פון משלי, לא, י וכו'.

75 נאמנה־ווידוי) אין 3M אַן אָנמערקונג, ניט פון ע'ס האַנט: Nachgemacht A. Blumauers Glaubensbekennt- „nis". אַלאָאיס בּלומויער, באַקענט אַלס יעזואיט, צענזאָר, בּיכ־הענדלער און דיכטער, האָט געלעבּט פון 1755 בּיז 1798; דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבּן האָט ער פאַרבּראַכט אין ווין. — איך האָבּ ליידער ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זען בּלומויערס שיר; עטלעכע סטראָפעס זיינען געווים איבּערגעמאַכט (פאַריידישט) לויטן אינהאַלט.

99 רחל בּיי איר קינדס קבר) אין 3M איז תחילת אָנשטאָט דער צווייטער סטראָפע („אירע פאַרגלייסטע...") געשטאַנען אַזוי: „וויא פין אַ פעססיל וואַססער אָן אַ שפּינט / רינגען פין איהרע אויגען דיא טרעהרען / העטטען זייא אַזוי אַלס וואַטער גע־רינט / עס האָט געמיזט זעכער אַ מבּול ווערען —"; דערנאָך איז אָבער די דאָזיקע סטראָפע איינגערינגלט געוואָרן אין האַלבע לבנות, און אָנשטאָט איר האָט ע' צוגעשטעלט די סטראָפע וואָס איז געדרוקט אין טעקסט.

## משלים]

געגעבּן לויט 1M (די ערשטע 42) 2M (די שמאַטעס און 3M (די לעצטע 5); דאָס הייסט, אַז בּלויז „דער פוקס

מיט דעם אָדלער", „דער בעל־הלוואה", „דער גילדן", „פּילאַקס", „די חתונה", „די פרומע בערן", „די סטאַמבולקע", „דער וועווריק", „דער אינדיק" זיינען געגעבן לויט P. בכדי ניט צו פאַרנעמען צו פיל פּלאַץ, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פונעם געדאַנק אָנצווייזן אין יעדער איינציקן פאַל, מיט וואָס P שיידט זיך אונטער פון די כתב־ידן. צום גרויסן טייל זיינען דאָס צענזור־שינוים אָדער גלאַט גרייזן וואָס האָבן זיך גענומען פון ניט־אַכטעוודיקייט. בלויז אין גע־ציילטע ערטער, וואו ס'האַנדלט זיך וועגן גרעסערע רעדאַקציאָנעלע שינוים (אפשר ע'ס אַליין?) זיינען געבראַכט די וואַריאַנטן.

120 דער הונט מיט דעם פלייש) הייבט זיך אָן אין P אַזוי (אויסלייג געביטן): „מיט אַ גרויס שטיק פלייש צווישן די ציין / און דערנעבן נאָך אַ פעטן ביין, / לויפט אַמאָל נעפּטון איבער אַ בריק / און גיט אין וואַסער אַריין אַ קיק: / אַ שטיק פלייש זעט ער אַ הונט טראָגן / און זיך ווי ער אויף אַ בריק יאָגן". — הירך דעם דאָ־זיקן שינוי איז דער דאָזיקער משל ענגער פאַרקניפּט געוואָרן מיטן נאָכקומענדיקן. // אין 1M ע'ס אָנמערקונג: „נאָכגעמאַכט פעדראָ". דאָס איז אַ שרייב־פעלער; געמיינט איז פעדרוס, דער לאַטיינישער משלים־דיכטער פון קיסר אויגוסטוס'עס צייט.

122 דאָס פיקסל מיט דעם בער) 125, 14. P: „און פיף! און פאַף! אָט ליגט דער בער".

129 די שלאַנג מיט איר שאָטן) אין 1M ע'ס אָנ־מערקונג: „נאָכגעמאַכט ליכטווער". — מאַגנוס גאָטפריד ליכטווער (1719 — 1783) איז געווען אַ דייטשער משלים־דיכטער. // ע' שרייבט ניט „שאָטן", נאָר שטן. // די לעצטע שורה לייענט זיך אין 1M „פין דעם דיא רשע נעם דיר אַראיה"; דאָס וואָרט „רשע" איז אָבער צוגעשריבן מיט אַנדערע טינט, אַזוי אַז איך בין משער, אַז דאָס איז אַ נאָכדעמדיקער שינוי, אַריינגעטראָגן פונעם מחבר, ווען די צענזור האָט געפּסלט דאָס וואָרט „מסור".

133 די רעדער) 10,134 אין P: „קען איך אַזוי גוט ווי דו ניצן".

135 דאָס פּאַרזעעניש) אין 1M ע'ס אָנמערקונג: „נאָכ־געמאַכט געללערט". — קריסטיאַן פירכטעגאָטט געללערט (1715—1769), באַרימטער דייטשער משלים־דיכטער.

137 די קינדער) אין 1M ע'ס אָנמערקונג: „נאָכגעמאַכט קראַסיצקי". — איגנאַצי קראַסיצקי (1735 — 1801), באַוואוסטער פּוילישער דיכטער.

142 אַ פריינד אַ נאַר) 18,142 אין P: „און מיינט, אַז איצט איז שוין זיין עק".

144 די צווי צאַפּעס) אין 1M זיינען די ווערטער פּאַשאַ און לאָרד בפירוש אַריינגעשריבן שפּעטער מיט שוואַרצערע טינט, ממילא דאַרף מען משער זיין, אַז דאָ איז לויט דער פאָדערונג פון צענזאָר אויסגעמעקט געוואָרן „מלך" אָדער אַן ענלעך וואָרט; נאָר היות קיין אַבסאָלוטע זיכערקייט איז ניטאָ (P האָט אויך די איינענע ווערטער), האָב איך ניט געפונען פאַר מיגלעך לויט דער השערה איבערצומאַכן דעם טעקסט.

152 די קנאה) 22,153 און 23 אין P: „איך וועל נאָר אויף דער קעלנע זיצן,/ טאָמער וועל איך קענען ניצן".

156 די פליג) אין 1M ע'ס אָנמערקונג: „נאָכגעמאַכט קראַ־סיצקי". — 23,156 אין P: „גוטע ברידערלעך!"

157 די חלומות) 19,157 אין P: „דאָרט ביי יענעם גרויסן שטיין".

158 קיציקל די מאַלפּע) 5,159 אין P: „קורץ, מ'האָט..." // 9,160 אין P: „זיינע רייד". // 2—1,161 אין P: „און וועל מיר געבן צו דיר אַ שפּרונג / דיר צו ווייזן, דו וואוילער יונג".

161 צוויי גוטע פריינד) 18,163 אין P: „אַזוי שלעכט זיין".

163 דער לייב מיט די זין) P: „מיט די צוויי זין“.//
21,164 אין P: „גאָר סאַמע חן“.// 27,164 אין 1M איז דאָס וואָרט „„לייבס“ צוגעשריבן שפּעטער מיט שוואַרצערע טינט אויף אַן אויסגעמעקט אָרט. מסתּמא איז דער שינוי אַריינגעטראָגן געוואָרן לויטן אָנווייז פון צענזור אָנשטאָט: „אַ מלכּס“.

167 באַלוואַן) אין 1M ע'ס אָנמערקונג: „נאָכגעמאַכט האַגעדאָרן“. — פרידריך פאָן־האַגעדאָרן (1708 — 1754), דייטשער דיכטער.

169 דער הײשרעק) דער משל וואָס איז באַוואוסט אין עטלעכע שפּראַכן.

170 דאָס פערד מיט דעם האָז) 2,172 אין P: „זוכטס מיר אַלעמאָל דעם“...// 7,172 אין P: „אַוועק דו לײדאַק, דו עזות־פּנים!“// 23,172 אין P איז די שורה: „אַזוי גייט דאָס צו אין מיין לאַנד?“// 3,173—4 זיינען אין 1M אויסגעמעקט מיט אַ רויטן בלייער; קאָנטיק, דער צענזאָר האָט ניט געקענט פאַרליידן, מען זאָל דערמאָנען אומזיסט דאָס וואָרט „מלוכה“.

173 די בעלי־עצות) ע'ס אָנמערקונג אין 1M „נאָכגעמאַכט האַגעדאָרן“.// 16,15,12,174 אין P: „זאָמען“.

176 די מאַלפּע) ע'ס אָנמערקונג אין 1M: „נאָכגעמאַכט לעססינג“. גאָטהאָלד אפרים לעסינג (1729—1781) האָט געשריבן דעם משל אין פּראָזע; זיין מוסר־השכּל איז אַזאַ: „Schrift-steller meiner Nation! — Muss ich mich noch deutlicher erklären?“; עטינגער האָט דאָס פאַראַלגעמיינערט.

177 דער בער) 22,177 אין P: „זיך אָפּט גיכער“...//
2,178 אין P: „מיט דעם פּנים פון אים אַוועקגעקערט“.// 13,178 אין P: „...גיט דעם גרויסן מרוק“.

179 דעם לייבס משפּט) אין 1M ע'ס אָנמערקונג „נאָכגעמאַכט ליכטווער“.

180 דעם לייבס טויט) 20,181 אין P: „צווישן אַלע חיות אַ גאַנצן טאָג“.

185 די אסיפה) 3,185 אין P: „... חיות געוועזן אין“...//
4,187 איז אין 1M „צדיק“ אויסגעמעקט מיט אַ רויטן בלייער; איבער דעם וואָרט איז צוגעשריבן מיט אַ שוואַרצערער טינט פון ע׳ס האַנט: „טייערער“. דער צענזאָר האָט אַלזאָ פאַרבראַקירט דאָס וואָרט „צדיק“, כדי ניט צו פאַרטשעפּען די חסידים.// 20,187 אין P: „...אונזער לייבס זון“.

188 די דריי זין) 5,188 אין P: „מיט מי ערוואָרבענע...“//
21,188 אין P: „איך האָב עס אים אינגאַנצן...“// 19,189 אין P: „איך האָב אָבער אים געהאַלטן און אויפגעוועקט“.

## קליינע מעשהלעך און קאַטאָוועסלעך]

געגעבן לויט 1M: וויטעלע, די פאַרקערטע וועלט, דער בעל-צדקה, דער פרומער מאָגן, דער בעסטער מאַן, דער אימזיסטער שם-רע, דער פאַרענטפער, דער בעל-חוב, די חברים, דער פאַרטראָגענער מוח, דער געטרייער מאַן, דער טעות, דאָס חידוש, דער עזות-פנים, דער דאָקטער גרינד, מצבה, קורח, דאָס באָד, לוט, אַ נייע ער-פינדונג, מיין שכן חנה, דער בעל-רחמן, קורחס מצבה, די דאגה, דער פרומער, סגולה צום זכרון, נאָך אַ חידוש, דער פרומער מנשה, דער זיווג, מצבה אויף אַ פרעסער, די שרייבערס, די נקמה, אסותא, צו מיין ביכל.

לויט 3M: דער קאַרגער, גאָר קיין מורא, צאָרטל, שמעון חקרן, גאָר קיין וואונדער, תחית-המתים, גרשון ווערט פרום, ווייבערישע תפילה, דאגות נאָך דעם טויט, מיין ערגסטער פיינד, בלעמס אייזל, די טרערן, יהודא, שרהס מאַן, דאָס איינרעדעניש, אויף

אַ גנב, אין הייבל, דער קידוש־מאַכער, טאָג און נאַכט, פריינד און שונאים, פערלס מאַנען, אַ שטילער שונא, מיין אומגליק, די איינ־ברענגערין, בערלס פאָטער, לעדערנע מטבעות, דער צונגפעלער, חיים, מיינע פריינד, אַ טייערער ייד, מנשה שוטה, דער זכרון, נח אַ בעל־מלאָכה, דן מיט די פאות, אויף אַ מחבר, דער קריטיקער, די נאַראָנים, דער נוסקנאַקער, דער הולך־רכיל, דער מיוחס, דער שפּעטער, די דאגה, די שיכּורים, די לײדיקגייער, ביי מיין געבורטס־טאָג, די פאַשקעווילן, אסותא (סטראָפעס 7, 10, 20 פון אונזער אויסגאַבע), די פרומע צירל, די פויערן.

אַלצדינג איז פאַרגלייכט מיט P

238 וויטעלע) 12,11,246. דאָ איז געגעבן ע׳ס ערשטער נוסח. היות ווי דער צענזאָר האָט אויסגעמעקט (אין 1M „פאַר־ברען״, האָט ע׳ (אינעם זעלבן כ״י) געפּרוווט איבערמאַכן אויף „פער־אַכט בעסער...״; נאָר אויך דאָס איז ניט געפעלן – צי אים, צי דעם צענזאָר? – און ס׳איז צושטאַנדגעקומען דער נוסח פון P: „אויף מיין ביכעלע זאָל דיך גאָרנישט פאַרדריסן,׳ נאָר זע, וויטעלען זאָל־כטו אייביק פאַרמיאוסן״.

246 דער הולך רכיל) 26,249 אין 3M: „פאַרטשיילע״.

259 די פאַרקערטע וועלט) 7,259 אין 1M: „היינט אַלץ פאַרקערט״. // 14,259 אין 1M „אַנדערשט״.

259 דער בעל־צדקה) 17,259 אין 1M: „כ׳לעבן, פון...״

260 דער פרומער מאָגן) 4,260. אין 1M: „אַ פּיצל טאָרט״.

260 דער אומזיסטער שבר־ע) אין 1M אויסגעמעקט פון דער צענזור, אין P נישטאָ. – ע׳ שרייבט אַלעמאָל מזיסט אָדער מעזיסט.

262 דער פאַרטראָגענער מוח) אין P אָנהייבנדיק פון דער דריטער שורה אַזוי: „איך האָב היינט שוין נישט מער דער־

קענט,//ער ווייסט שוין נישט וואָס איז דיין און מיין//איבער דאָס שטעקט ער אַלץ זיינע הענט/גאָר אין פרעמדע קעשענעס אַריין".

262 דער געטרייער מאַן) אין 1M איז דער נאָמען פון מאַן: בערל.

263 דער דאָקטער גרינד) געדרוקט אין „קול מבשר" 1863, № 1 אין אַזאַ נוסח (אויסלייגונג געביטן):

רופא ולא לו

איטלעכער פרעגט די גרויסע קשיה,
פאַרוואָס דער דאָקטער מנשה
וויל סיי אַן אַלטן, סיי אַ קינד,
אַלע פון קראַנק מאַכן געזינט,
און אַז ער ווערט קראַנק אַליין,
הייסט ער נאָך אַן אַנדערן דאָקטער גיין.
פאַרוואָס וויל ער זיך ניט אַליין קורירן
און אויס דער קרענק אַרויספירן?
נאָר וואָס האָט ער געגעבן פאַר אַ ברירה?
מאבד עצמו לדעת איז אַן עבֵרה.

265 דער מיוחס) אין 1M אַזוי (אויסלייגונג געביטן):

מיין שכן חנה

אַז די לבנה איז מלא אין יאָר צוועלף מאָל,
פון דעם ווייסט דאָך שוין אַוודאי כל-הקהל.
דערקעגן איז מיין שכן חנה
אַ סך מער לייט ווי די לבנה,
וואָרן ער איז דאָך גאָר
מלא אַ גאַנץ יאָר.

267 דער פרומער מנשה) 14,267 אין 1M : „מיינע טאַטעס".

268 די נקמה) 6,269. אין 1M אויסגעמעקט „רב" און מיט ע'ס אייגענעם כּתב צוגעשריבן: „בּורר". אין P: „דער דיין". — די צענזור האָט אויסגעמעקט דאָס גאַנצע קאַטאָווועסל.

269 אַסותא) 5-6,270. אין P : „איך ווייס וואָס ער איז אַזוי חוקר ודורש/ער העט שוין געוואָרן זיין יו..."// 11,270. אין P : „אין אַ גרויסן פּיסק אָן ציין". // 13,270. אין P : „אַן אוצר גע..."// 3,271. פאַר „ערלעך" גייען נאָך אין 1M צוויי אַזוינע סטראָפעס: „עס איז דאָך אָבער פּאָרט זייער גלייך,/זי האָט רעכט געטון,/דער אַלטער איז דאָך זייער רייך/און האָט אַ פיינעם זון./ער טוט דעם פאָטער וואָס ער הייסט/און דער שטיפמוטער וואָס עטק... אַסותא!—זעטס נאָר אָבער דאָס גרויסע ווינדער/מיט אייערע אייגענע אויגן./מע זאָגט דער אַלטער קען צו קינדער/שוין נישט מער טויגן./אָט האָט זי אַ קינד געהאַט, עס הייסט פריידע./נאָר דער אַלטער קער עס אָן אַ... אַסותא!"// 4,271. די סטראָפע: „ערלעך" איז אין 1M ניטאָ, זי איז גענומען פון P; אפשר האָט ע' זי צוגעשטעלט נאָכדעם ווי די צענזור האָט אים פאַרבראַקירט די אָקאָרשט געבראַכטע צוויי סטראָפעס. // 26,271. די סטראָפע „זעסט" איז אין 1M ניטאָ. // 11,272. די סטראָפע „ער איז..." האָט דער צענזאָר אין 1M פאַרבראַקירט, אַפנים בכדי ניט צו לאָזן וואַרפן קיין שאָטן אויף די משכּילים. דערפאַר געפינען מיר אין P שוין אַ צווייטן נוסח, מיט וועלכן ע' האָט פאַרבעסערט די מערכה: „...גאַסן,/כאָטש ער האָט אין דער שקאָלע נישט באַגערט,/האָט נישט געמאַכט די קלאַסן". // 11,274. די דאָזיקע גאַנצע סטראָפע איז אין P אויסגעמעקט דורכן צענזאָר; אין P איז זי פאַראַן, נאָר די לעצטע שורה לייענט זיך: „עס פעלן דאָרט תּמיד עטלעכע קל..."//

13,274. „אַגרויסן—" די דאָזיקע גאַנצע סטראָפֿע איז אין 1M אויס־
געמעקט דורכן צענזאָר.

275 דן מיט די פּאות) פּגל' „דאָס חידוש" ז' 263.

277 בײַ מײַן געבורטסטאָג) דער נוסח וואָס גאָטלאָבער ברענגט
(ייד'פ"ב I 253):

היינט בין איך געוואָרן פופציק יאָר,
איך האָב נאָך ניט איין גרויע האָר;
עס זאָל אייך ניט זיין קשה קיינעם —
זיי ווערן פאַרשוואַרצט מיט מיר אינאיינעם".

גאָטל' האָט אָבער דאָס געשריבן ע"פּ זכרון און מיט 50 יאָר שפּעטער, און דעריבער איז זיין טעקסט ניט אויטענטיש.

286 צו מײַן ביכל) פאַראַן בלויז אין 1M.

## דראַמעס]

289 סערקעלע) 25,307. סאָבאַק—אין 2MS „דעם אַלטן הינט". // 6,311 שמעלקע ליטוואָק—אין 2MS: „ר' שמעלקע".

23,341 נו, וואָס איז—אין 2MS: „נו, וואָס איז דער מער? אַז ער האָט יאָ שוין אַשיין פּנים, זאָל ער זעך קענען באַפעלן צו מיר, איך זאָל מיר..." // 14,342 די לויכנדיקע צרה—אין 2MS „די שיינע צרה". // 20,347 שלעכטיקייט — אין 2MS „שלעכט־קייט".

23,364 זעהר—אין 2MS „זי איזט גאַנק..." // 24,364 האַט — 2MS „האַט די איינוויליגונג". // 10,365 גוטע — 2MS: „גוטע, קלוגע, ליבנסווירדיגע". // 22,365 ני איבער—2MS: „ניא איבער איהר בעקלאגט". // 15,379 וואָס איר — 2MS:

„וואָס איה איהר האָ אָט באַ עם געליגן". // 23, 382. טאָן – ביי ע'ן בפירוש געשריבן: „טאָהן".

7, 385 געוואָר ווערן – 2MS: „...ביי זיי אויספּאָרשטען". (מיט אַ שורה פּריער שרייבט 2MS אויך: „אויספאָרשען"). // 27, 385. אַרויס מיך וויין – 2MS: „אַרויסגיין" // 3, 386. ריידן – אין 3MS און 2MS אויך ריידען, ניט רעדען. // 16, 393 זיי זע־נען – 2MS: „זיי האָבען זיך גאָר אויסגעצויגן פון פּראָג?" // 14, 397 דאָס איז עפּעס – 2MS: „דאָס איז אַ קליינִיקייט, דאָס זאָגט מען אויף אַ באַבעס קבר. – ר' יוחנן (צו גבריאלן). ווי הייסט אַ קליינִיקייט? האָט מיר נישט..." // 17, 403. סיי אין 2MS, סיי אין 3MS שטייט בפירוש: „ניט". // 21, 409. אין 2MS ניטאָ: „מיט דעם פאָרמאָאַרל".

20, 420. אין 2MS „ווי אַ פּריץ (!)". – אויך אין ווייטערדיקן דיאַלאָג אָנשטאָט „שררות" כסדר פריצים. // 17, 420 אין 2 MS (מיט ע'ס אָריגינעלן אויסלייג): „...געניג געהאט, ווארין דיא פּריץ האָט זעך ניסט געסטוסען, אַז דער גיטער סמעלקא האט איהם אין דיא הסבון צווע מאָהל טאָפּעלט צו געסריבען. אָבער איצינדערט איז דעך טאַקי אַ גרוסע צרה, אין דיא מדינה, תבואה איז דאָ בעונותינו הרבים וויא מיסט, אין וואָס נאָך גאָר דיא ערגסטע צרה איז – דיא פּריץ קען זיך סון חלעבין חסבנין אויך". – מיר זעען, אַז 2MS גיט אַן עלטערן נוסח, וואָס עט' האָט דערנאָך אויסגעמעקט, מחמת ער האָט ניט געוואָלט געבן קיין פּתחון־פּה די יידנפיינד אָדער ווייל דער צענזאָר האָט געהייסן; צוליב דעם איז אָבער דעם פרעמדנס רעפּליקע געוואָרן ווינציקער פאַרשטענדלעך. // 22, 424 – אין 2MS: „פאָן דען אַנדערן נאַציאָנען". // 7, 428 אין 2MS: (ע'ס אויסלייג): יונגערהייט פאַרסטאָרבען. און איך האָב זיך געמיזט אַל־לען אַן עצה געבין". // 17, 433. ע' שרייבט: „ברעסלא". // 2, 435.

אין 2MS : „פון אַגרעפּין, וואָס זי האָט מיך היינט באַשטעלט" //
14,445 . אין 2MS „וואָס האָט נאָר עפּעס סֵכל [ ! ]". //26,447.
אין 2MS: „שוועסטער, ביזט קיינן מיר אַזוי שלעכט געוועזן". //
21,450. אַלטעלעס רעפּליקע איז אין 2MS אַסך קירצער; אַפּנים, דער מחבר האָט זיך אין דער שפּעטערדיקער באַאַרבעטונג פּאַרוואָלט נאָך מער צוזאַלצן אַלטעלעס מאכלדיק דייטש. // 11,454 . 2MS: „לסון". // 459. ע' שטעלט די שורה: „סוף פון דעם גאַנצן טע־אַטערשטיק" פאַרן „אַוואָרט דערנאָך".

460 דער פעטער אין אַמעריקע) פינעם ערשטן אויפצי זיינען פאַראַן אין די כ"י צוויי וואַריאַנטן; זיי גייען זיך אָבער ניט איבעריקס שטאַרק פונאַנדער, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פינעם גע־דאַנק צו פאַרצייכענען די אונטערשיידן. — דער נאָמען איז צוגעגעבן דורך אונז; ביי עט' האָט די דראַמע קיין קעפּל ניט. // 12,485 אין כ"י: „כליה".

507 די פריילעכע יונגעלייט). ביי עט' האָט ניט דער פראַגמענט קיין קעפּל; דער נאָמען צוגעגעבן דורך אונז.

## הוספות]

געגעבן לויט פאַרשיידענע שטיקלעך אין ברעקלעך פון עט' ליטעראַרישער ירושה. וואו די פאַפּירן זיינען געשריבן פון עט' אייגענער האַנט, איז קיין ספק ניטאָ בנוגע דער מחברשאַפט. אַנדערש איז ביי יענע זאַכן וואָס זיינען געשריבן מיטן כתב פון דישע עטינגער; זי האָט אַליין ליב געהאַט צו גראַמען, און כאָטש איר שטייגער שרייבן איז גאָר אַן אַנדערער ווי ביים פאָטער, האָט מען פונדעסטוועגן גענאַרפט זיין אָפּגעהיט. פון די זאַכן וואָס זיינען געשריבן מיט איר האַנט האָב איך אַהער אַריינגעשטעלט בלויז יענע וואו ס'איז

פאַראַן אַ צושריפט: „פאַן מיינעם גאטטזעעליגען פאַטער" אָדער אין דעם ערך.

דער גרעסטער טייל זאַכן וואָס גייען דאָ זיינען פראַגמענטן, האַלבע אַרבעטן; נאָר זיי זיינען פאָרט וויכטיק אויף צו פאַרקיילעכן דאָס בילד פון עט' פערזענלעכקייט און ליטעראַרישער טעטיקייט. די קעפּלעך וואָס שטייען אין קאַנטיקע קלאַמערן זיינען צוגעגעבן דורך אונז.

523 זייטס געזונט!) מסתמא צום שוואָגער קראַסנאָפּאָלסקין און זיין פרוי, נאָכדעם ווי ער האָט אַ לאַנגע צייט אָפּגעקרענקט אין וואַרשע אין 1833 אָדער 1834 (פגל' די ביאָגראַפיע אין ערשטן באַנד).

25, 535. אַזוי שטייט בפירוש: „An Meinem!"

23, 536 און 27 אַזוי שטייט בפירוש אין אָריגינאַל: "Ihn und Sei-nem Sohne", "Sohne" פאַרשטייט זיך, די גרייזן זיינען צוליב דעם גראַם, אָבער בײַ אַ דייטש וואָלט ניט געווען מעגלעך אַזאַ פאַרשוועכונג פון שפּראַך-געפיל.

דער ראש-הקהל) די זאַך איז פאַרענדיקט, און לויט איר שאַרפן סאַטירישן טאָן איז זי אַזוי וויכטיק, אַז זי וואָלט געווים גע-מוזט שטיין אין טעקסט, און ניט צווישן די הוספות — ווען ניט איין אומשטאַנד: עס איז ניט אינגאַנצן זיכער, אַז דאָס איז טאַקע ע'ס אַ ליד. ביידע וואַריאַנטן וואָס האָבן זיך אויפגעהיט זיינען גע-שריבן ניט מיט זיין האַנט. אמת, עס איז שטאַרק גלויבווערדיק, אַז ס'איז יאָ זיינס: איינער פון די וואַריאַנטן איז אַריינגעשריבן אין 5M, וואו עס געפינען זיך אויך ע'ס זאַכן; אָבער באַהויפּטן דאָס מיטן פולן מויל קען מען ניט.

דער אונטערשייד צווישן ביידע וואַריאַנטן (דער צווייטער איז אין אַ באַזונדער העפט, און דעם דאָזיקן טאַקע דרוקן מיר) איז

אַזאַ קלײנער, אַז מיר ברענגען דאָ ניט קײן פֿאַרצײכעניש פֿון די דיפֿערענצן. װיכטיק איז נאָר, אַז אין דעם טעקסט פֿון 5M לײענט זיך די שורה 29 (דאָרט איז דאָס 27) אַזױ: „בין איך מיר פֿאָרט אַ מאַזטשיצער רעגירער"; דורך דעם װערט נאָך דײטלעכער, אַז עס האַנדלט זיך װעגן אַ זאַמאָשצער לאָקאַל־סאַטירע, װײל מאַז־טשיק איז אַ באַשײמפּערלעכער אַנאַגראַם פֿון זאַמאָשץ.

## בריװן]

עס האַנדלט זיך דורכאױס װעגן שװאַרצשריפֿטן (ברוי־ליאָנען) פֿון בריװ, װאָס האָבן זיך אױפֿגעהיט צװישן עטינגערס כּתבֿים; צי זײנען נאָך ערגעץ װאו בײ די יורשים פֿון די אַדרעסאַטן פֿאַראַן די אמתע בריװ אױך? — מיר האָבן געדרוקט די דאָזיקע געשריפֿטן פּינקטלעך מיט דעם אױסלײג פֿון אָריגינאַל, בלױז די אָפּשטעל־צײכנס זײנען מאָדערניזירט, װײל ע׳ האָט אױף זײ, װעדליק װי אין אַ שװאַרצשריפֿט, נישט שטאַרק מקפּיד געװען און אַ פּינקט־לעכע איבערגאָב װאָלט סײ װי ניט אָפּגעשפּיגלט עטינגערס אמתע אינטערפּונקציע. — די ערטער װאָס מיר האָבן איבערגעהיפּערט, מחמת זײ האָבן צו ע׳ן גופֿא קײן שײכות ניט, זײנען באַצײכנט מיט [...]; װערטער װאָס מיר האָבן צוגעשטעלט צום בעסערן פֿאַרשטאַנד פֿון טעקסט, שטײען אױך אין [ ]; ערטער װאָס פֿעלן אין מאַנוסקריפּט זײנען באַצײכנט דורך...; ערטער װאָס ע׳ אַלײן האָט אָנגעשריבן און דערנאָך צוריק אױסגעמעקט, שטײען אין שפּיציקע קלאַ־מערן < >.

570 נומ׳ 7). 16,570. ה. הערצענשטײן — פֿאַראַן אין דער ירושה אַ בריװ פֿון אים, דאַטירט: «St. Pbrg. Januar 1847»,אַדרעסירט צו «Hern S. Ettinger, Dr. der Medicin, Wohlgeb., Poltava». קאָנטיק אַ דאָקטער, דעם אַדעסער גאָלדס אַ מחותּן.

# ווערטער-זוכצעטל *

## א.

אַבּיי — אהער.
אויסקרעקן — אַרויסשפּייען, אויסוואַרפן.
אויסריכטונג — אויסשטייער.
אויפזיך האָבן — אויסמאַכן, אַ ווערדע האָבן.
אויפרוימען זיך — נעמען דעם וועג.
אונטערגאַנג — מאַסן-קרענק, עפּידעמיע.
אונטערמאַכן — מישן ווייַן מיט וואַסער.
אונטערשטיין זיך — האָבן די העזה.
אוצר — אַ סך.
אַטיעס — אַדיע.
איינרוסן — איינשמירן אין רוס (סאַזשע).
איינרייכן — אָנגעבן, דערלאַנגען.
אינגער = אונגער, אונגאַרישער טאַנץ.
איסור-והתר — אַ ספר פון 15 י״ה; אויך דער מחבר פונעם ספר, ר׳ יונה אשכנזי.
אירע — פּערזאָנען.
אַכבּראָש — שווינדלער, דרייקאָפּ.
אָנגעבונדענער — דולער?
אָנדאָס — אָן דעם, סיי ווי.
אסותא — צו געזונט.
אָפּריכטן — באַרעדן, משפּטן.
אַף — מאַלפּע.

## ב

באָכען — שטורכען.
באַרוואַנדער — בראַבאַנדער.
באָרטן — ברעג.
ב״ח — „בית-חדש", אַ פּירוש אויף יורה דעה פון 17 י״ה; אויך דער מחבר פון דעם ספר, ר׳ יואל סירקש.
ביבעלע-פּאַפּיר — גראָבע פּאַפּיר.
בירטיק — געבוירן.
בעל-עקדה — דער מחבר פונעם ספר „עקדת יצחק"; געלעבט אין 15 י״ה.
בתולה — איינס פון די צוועלף מזלות.

## ג

גאות — גאווה.
גאַלגאַן — ליידיקגייער, גאַרנישט, שלעפּער.
גאָספּאָדע — איינפאַרהויז.

* דער זוכצעטל האָט בלויז דעם פּראַקטישן ציל צו פאַרגרינגערן דאָס לייענען; דעריבער איז דאָ ניט געגעבן קיין שום דערקלערונג וועגן דעם אָפּשטאַם און אַפילו ניט וועגן אַלע מעגלעכע באַטייטן פון די ווערטער; ס׳ווערט נאָר געגעבן זייער פשט ביי עטינגערן.

גערעכטס = געריכט.
גרובע = הרובע.
גרוים = געראם.

ד

דאָביוועץ זיך—אריינכאפן זיך.
דאָגאָדזען — צוטרעפן.
דאַנקען — מפקיר זיין, אַוועקוואַרפן.
דזובען, דזשובען—האקן מיטן שנאבל.
דין־ודבָרים—עסקים.
דלובען — דרייען, גראבן, קאלופען.
דערבלעכן — בלייך געווארן.
דערווישן — געפינען.
דערונטער. האלטן זיך ד'—האלטן זיך גרויס.
דראַב—חברה־מאן, זשוליק, ליידאק.
דרומען — דרעמלען.

ה

האַיען—פארהאלטן זיך.
הוט—הוטע, גלאזפאבריק.
הולך־רָכיל—רכילות־טרייבער.
הערש = הירש.
התָּרה—באפרייאונג פון חופה־וקדושין, גט.

ו

וויטראַוונע—לאנג געלעגן.
ווינד—אומגליק, צרה, שלאק.
וויִען = וואיען.

ז

זדאַטנע—פעאיק.

ח

חיתּוך—דאס אויפשניידן.
חָרוּץ—שארף אויפן שכל.

ט

טאַק – טאקט.
טינטאָרן = טינטער.
טיפּטיק—פעסט, קרעפטיק, פאסיק.
טרענען—צעטיילן, צעשניידן.
טרעסט — א גילדן אָדער זילבערן באנד צום באזוימען.
טשאַטשקעלע = צאצקעלע.

י

יאַרמע—יאך
יָגוֹן־וַאֲנָחָה—טרויער און זיפץ.
יוֹרה־דֵעה—איינער פון די פיר חלקים פון יוסף קארו'ס (16 י"ה) שולחן־ערוך.
ייִחוס־עַצמו—יחוס פון זיך אליין.
ים־שטעקן—באמבוס־שטעקן.

כ

כָּל־הַפַּסְלָנוּת—אלדאסבייז.
כפּורת—צודעק פונעם אָרון־קודש.

ל

לאַמפּערט — חברה־מאן, טויגענישט, שטיפער.
לויכנדיק—לייכטנדיק, שיין.
לומענירן=אילומינירן.
לייגן—זיך לייגן.

